ספר

# תפארת ישראל

מיוסד אויף דיא

## כתבי קדש

פינעם ענגלישן פריי איבערגעזעצט, אונד מיט א סך צוגאבן פארמעהרט,
האט ארויסגעגעבן אן אמת'ר

## חובב ציון

אין

ארעססא.



ТИФЕРЕТЪ ИЗРАЭЛЬ

т. е.

## КРАСА ИЗРАИЛЯ

1883

ארעססא

געדרוקט ביי ז. א. שולצע לאנשזעראנסקאיא אוליטצא דאם קארוזא,
נומר 36

# לזכרון

פון מיינע עלטערן עליהם השלום

## יהושע — ציפורה עטיל

ת׳ נ׳ צ׳ ב׳ ה׳

האב איך מקדיש געווען אט דעם ראזיגן

ספר זייערער

א

בן יחיד.

# תפארת ישראל

פין 22 ביז 37

## ערשטער בריוו

דער אלארם– אן עברישע מתנה – קבלת פנים– חדשות– אימציפרידנקייט.אונד האפנונג – באווינדערונג דיא עברים – איינלאדונג ציא לאגערן פאר יריחו – בעשרייבונג פון דער סצענע–פין דעם פאלק– איינלאדונג צום ראש העיר– בעשרייבונג דער פין – דער יונגער יואב– אויסציג פין רעמעזעם בריוו– ריק,עראינערונג דער עבּרישן געשיכטע– דיא עברים אין דער מדבר – יהושע – עגל – צערברעכונג פון דיא לוחות – דיא עשרת הדברות–דער אהל מועד– דער מן–דער וואנדערנדיקע ברינען – קליינע מלחמות–ענדע פין דער וואנדערונג – דער עמוד אש אונד עמוד ענן– כלב בן יפונה׳ס באשרייבונג , ציטריט – דער ערשטער אנבליק פינעם ארץ ההבטחה– משה ערקלארט דיא תורה– ער איז מודיע פין זיין באלדיגן טויט – באשטייגט דען פסגה – גיבט איבר יהושען דאס קאמאנדאה– משה׳ס טויט– אונד שלוסס באמערקונג .

פין 37 ביז 56

## צווייטער בריוו

שאול המלך׳ס עהרן עסקארט – ארבאצעם באגעגנט יהונתן – זיינע באמערקונג איבערן פרינצן– איינלאדונג גען חברון– פרינצליכע אונטערערדונג – א דעפוטאציאן פין יריחו צים פרינצן יונתן,באשרייבונג – ארבאצעם היים עראינערונגען– המשך עברישער געשיכטע – יהושע נעהמט איבער דאס הויפט קאמאנדע – מאן קימט צום ירדן – מאן שיקט מרגלים גען יריחו – דער ירדן – וואס דיא כנענים מיינען – עברישע געדאנקן נעבן זייער לאנד – גאט הייסט דעם ירדן אריבער געהן – דאס יודישע לאגער ריהרט זיך– יריחו׳ס היידן קאניג זיצט אונד לאכט – זיין שרעק פארן ארון – כלב׳ס באשרייבונג פינעם קריעת ירדן – יריחו׳ס קאניג ציטערט – יודן לאגערן בערבות יריחו – דעם מלך יריחו׳ס הארץ איז הארט – חג הפסח – דער מן האט אויף געהערט – עברים שניידן אפ דיא תבואות – אשר צבא ה׳ זאגט יהושען וואס ציא טהין – דיא עברים ריקן נאהנטער גען יריחו – וואס עס טהיט זיך אין יריחו – אונד וואס דיא עברים טיען – יריחו פאלט פאר דיא עברים – ערשטער נצחון אונד שלוסס באמערקונג –

פין 56 ביז 76

## דריטער בריוו

דער לאגער העבט זיך אויף – געזעגנען מיט דער שטאדט – יואב אונד פרינץ יהונתן– ארבאצעם שענקט יואבן א פערד – דיא יודן האבן נאר אינפאנטעריע–סצענעריע פינעם ירדן–ארבאצעם אינטערעסע אין עברישער געשיכטע–דער יודישער ארכיטעקט– דיא גבעונים–דער איבערגאנג פין שופטים ציא מלכים–איבערן מלך שאול–א רוצח אנטלויפט ציא דיא ערי מקלט–יהונתן ער קלערט עס–זיין הסכם ציא בעזיכן דען נביא שמואל–נאייע סצענעריע באשרייבונג–יואב איבער דען פרינצן יהונתן–איבער זיין נצחון איבער דיא פלישתים–ווידער סצענעריע באשרייבונג– ארבאצעם מיינונג איבער יודישע טאכטער ! – איבער רות דבורה , יפתח׳ס טאכטער אונד יעל אשת חבר הקיני– אדארא דיא שאנע טאכטער פון יריחוס עלצטן סענאטאר – א באגעגנעם מיט א קאראוואנע – חשד , באגריססונג אונד אפשיד– שלעכטע בשורה – יונתן איבער שאולס צישטאנד–אז שאול׳ס קרוין גערדארט אן אנדערן – באטראכטונגען – נאך סצענעריע–יונתן ערקלארט ווער זענען דיא פלישתים – זייא זענען גאטס קאנטשוק – ארבאצעם באווינדערט דען גאט פין ישראל–דיא אנקונפט גען רמה – אונד שלוסס . –

פין 76 ביז 99

## פערטער בריוו

אין רמה באגריסטט מאן יהונתן . – דיא אורחים ווערן איינגעלאדן צום נביא– אין דעם נביא׳ס וואהנונג–איבער זיינער פערזאן אונד אללס ארים איהן – דער נביא עמפפאנגט יהונתן – וואס ער זאגט איהם – עמפפאֶנגט ארבאצעסן – וואס ער זאגט איהם– איבער דיא בני הנביאים – יונתן איז מצדיק את הדין פֿאר ארבאצעסן – וויא אזוי דיא בני הנביאים לעבן – שמואל דאלט א־פֿארטראג – דוד שפיעלט אויף זיין הארפֿע– אונד זינגט א מזמור תהלים – דער נאך זינגען דיא בני הנביאים – וויא אזוי יהונתן דער פרינץ באגעגנט דודן דען פאסטיך – שמואל׳ס געשפראֶך מיט ארבאצעסן – נתן הנביא ווערט ארבאצעס פיהרער – נתן וויזט איהם אללע כתבים – שמשון הגבור׳ס קבר – דבורה הנביאה׳ס הויז – איבער יפתח׳ס טאכטער פהיגעניא – דער נדר – דער קרבן – איהר נזירות – יהושע׳ס קבר – יהונתן מאכט דודן באקאנט מיט ארבאצעסן– דער פזאלמיסט אָסָף – יהונתן אונד ארבאצעס אונטרהאלטן זיך – איבער יָעל – איבער יפתחן–שמואל בענשט ארבאצעסן – דיא פלישתים זענען ניט וויט – דיא פעסטונג פין שָלֵם – דער פליין פין ממרא – מערת המכפלה – דאס אססירישע לאגער אין דעם אילון ממרא – דיא קאראוואנע אונד שלום – ·

פין 99 ביז 120

## פינעפטער בריוו

חברונס אורשפרונג – דיא פלישתים – · שאול גרייט זיך אן צין אמלחמה– דיא עברים שלעכט באוואפנט – · דיא גרויססע מאכט פין דיא פלישתים– הינדערט ענקים אין זייער ארמעע – ארבאצעס איבערצייגט זיך , אז·ער מיז דאה ווארטן– ארבאצעס וויזט באיי שאול המלך–געפינט אלטע בעקענטע – דער ארכיטעקט – זיין באריהמן זיך – בית מקלט – · שאולס פאלאטץ – זיינע וואכע– דאס ווארט צימער– יריחו׳ס סענאטאר · – חדשות איבער אדארא – דער סענאטאר מאכט דעם פרינצן יהונתן אן עדעלן פארשלאג – · ארבאצעססן בעט ער ציא מיטאג – · דער איינגאנג אין שאול׳ס חדר – · וויא עס זעהט דארטן אוים – · דער מלך שאול – · וויא ער זעהט אויס – וואס ער טהיט – · דער רוח רעה האט זיך ציא שפילט – · דער מלך שאול אביסל ריהיגער · עמפפאֶנגט ארבאצעססן – · נאך א מאהל משוגע – · אורזאכע , ארויס פארדערונג פין גלית הפלישתי – וואס שאול האט געוואלט טהין אין זיין משוגעת – · ארבאצעס דער לאזט ניט– . שאול באריהיגט זיך– · האט אן אינטערעססאנטן שמיעס מיט ארבאצעססן – אין ארבאצעס געצעלט ; מעלדעט יהונתן שאולס ענטשלוסס ארויס ציא געהן אקעגן דיא פלשתים – · ארבאצעס אָפערירט זיינע אססירער – · ער באווינדערט דיא געשיכטע דער עברים–· יהונתן איבער דודן– · איבער שאולס יחוס–· חטא וועגן אגג– · ארבאצעס ענטווארפט א·גרויס ארטיג בילד פין אהרן הכהנ׳ס טויט– דוד׳ס געשיכטע ווערט אפגעלעגט אויפן זעכסטן בריוו· – ·

פין 120 ביז 142

## זעכסטר בריוו

דער זאמד שטורם – המשך איבער דודן – וויא יהונתן איז מיט דודן צי ערשט באקענט געווארן – דיא מערקווירדיגע גאזעללען יאגד – דוד׳ס מלחמה מיט א בער אונד א לֶאב , זיין נצחון – יונתן׳ס זאֶרג פאר דודן–ער געפינט איהן זינגענדיק א מזמור תודה – דיא באקענטשאפט – מיכל בת שאולס אימצופרידנקייט – דוד ברענגט איהר אן עופר־אילים–זיא איז פארלעגן – טהיט תשובה – יונתן וויזט דודן דעם אנקל אבנרס פאלאץ–זיי שוואֶרן זיך פריינדשאפט אונד ליעבע–אן איבערשָלאג אין דער דערצאֶהלונג– המשך · שאול ווערט קראנק– וואס שמואל האט געזאגט– דעם פרעמדנס דערצאֶהלונג– זיין עצה – ארבאצעס באמערקונג– יהונתן׳ס התנגדות–שאולס רוח רעה צישפילט זיך–

דער פארשלאג — ער ווערט אנגענאמען — שאול'ס בריוו צו ישי בית הלחמי — ענוות ישי גדלות בניו — יהונתן דערצעלט וויא דוד איז נמשח געווארן — זיינע ברידער האבן אמעות — א סצענע צווישן יהונתן אונד דודן — הנאהבים והנעימים! — שאול איז צופרידן מיט דודן — מאכט איהם צים נושא כליו — שאול איז אכך בעססער — דוד נעמט אורלויב אונד מיכל'ס הארץ — יונתן באגעגנט דודן באיים נביא אין רמה — דוד ווערט דארט פארבערייטעט צו דער עבודת המלוכה — באיי נאכט — ארבאצעס דאנק פאר דער דערצאהלונג — יונתן מיינט צוא שיקן נאך דודן ווען שאולס קרענק דאווערט נאך לאנגער — דריי בני ישי הן צוא דער מלחמה — אן אומקליג ווארט — שלום — ·

## זיבעטער בריוו

דיא פאסט-צושטאנד פון ארבאצעס לאגער — אורזאכע דער אדרעסס אנדערונג — אהילוק צווישן אן אססירישער אונד אן עברישער ארמעע — שאול נעבן ארבאצעס געצעלט — וויא א באריטענער אונד א בעוואפנטער שאול זעהט אויס — דער מארש — אדארא! — איהר יחוס — איזרילידס ביאגראפיע — יונתן באריטן אונד באוואפנט — יונתן זאגט זיך אפ פון ארבאצעס מתנה — פאר וואס? — דיא נאכט — מארגן ווייטער מארש — דיא צווייטע נאכט — אין דער פריה געהט שאול מיט ארבאצעסן באטראכטן דיא פלישתים'ס לאגער — וואס שאול זאגט — וואס מאן האט געזעהן — מארש אונד באפעסטיגונג — שאול ווארט אויף פארשטארקונג — א מערק ווירדיקע דאפפעל-יאגד — דיא סכנה — שאול קומט צוא הילף — זיין גבורה — דיא רעטונג — דער פארווארף — דיא פאזיציאנען — ווידער דער רוח רעה — שאולס שרעקליכער אנבליק — יהונתן איז קראנק — טראווריקער צושטאנד אין דעם לאגער — גלית הפלישתי — דיא ארויס פארדערונג — אבנר אים לאגער — ווידער גלית — שטארקע אויפרעגונג — שאולס קלאג — גלית'ס חירוף וגידוף — שאול איז אויססער זיך — יונתן אונד שאול — יונתן אונד ארבאצעס, טרויעריגע באטראכטונגען — אקריעגס ראטה — ארבאצעס עצה נאך דודן צו שיקן וועגן שאולס געזונדהייט — ברענגט אגיטע בשורה — שאול המלך, פראקלאמאציאנען! — ווען דיא נויט איז אים האכסטן, איז דיא הילף אים נעכסטן! —

## אכטער בריוו

ישי שיקט דודן צוא זיינע ברידער אין שאולס לאגער — וואס ער הערט זיך דארט אן — וואס יואב זאגט צו איהם — וואס דיא ברידער זאגן — דוד ווערט געבראכט פאר שאולן — א דערוואגנדיקעס אינטער נעהמען — פארשיעדענע אייססערונגען — דוד געהט — ארבאצעס — יהונתן איבערעשת — וואס ער וויל טהון אונד טהוט ניט — גלית אין כעס — דוד טהוט זיינס — קורץ איז דיא מלחמה זעהער גרויס איז דער נצחון — דער פיינד אנטלויפט — גלית דעם ריעזנס אנציג — דוד ווידער פאר שאולן — יונתן אונד דוד — דער שבר — פאר חברון נאך דער מלחמה — מיכל בת שאול אונד אדארא איזריליד קאהרע פיהרנדיק — דער געזאנג — דיא ווירקונג אויף שאולן — ער פאנטאזירט — ארבאצעס אונד שאול — וואס שאול האט אים זינען — דער שלעכט באדאכטער פלאן גליקט ניט — ארבאצעס קאראוואנע טהוט זיך אריהר פינעם ארט — מערת המכפלה — דיא קברי אבות — רעיונות איבער גאט פון ארבאצעסן — שלם אדער ירושלים — דוד'ס נבואה — וואס ארבאצעס דענקט דאריבער — דער וועג געגן מצרים פון וועמען באטרעטן אין אמאהליקע צייטן — מיט וועמען ארבאצעס וועט זיך געזעגענען · שלוסס פינעם אכטן בריוו, אונד דעם ערשטן חלק פון דעם תפארת ישראל! —

## שוועסטער אונד ברידער פון מיין פאלק ישראל !

איך לייג מיין ספר אנידער פאר אייך מיט עטליכע כונות, אונד אללע זעהר גיטע, אזוי וויא איהר וועט אלליין מודה זיין ; קודם כל, אזוי וויא א יהודי קען ניט זיין אן א גאט, וואס שאפט איהן, וואס איז כורת ברית מיט זיינע אבות, וואס שיקט איהן געגן מצרים, וואס ציעהט איהן פון דארט ארויס, שפאלט פאר איהם א ים, גיט איהן מן, שלו, וכו׳ · שענקט איהם א טהייער לאנד, וואהנט אין זיין טעמפל, צושטערט איהן אונד פערטרייבט זיי אין אללע עק-וועלטן. אונד אללעס דאס איז אנגישריבן אונד פאראויס גיזאגט אונד עס איז אקוראט מקוים גיווארן. דערמאהן איך אייך בני ישראל, אז אסך נביאות מוזן נאך מקוים ווערן ! ווארם דערזעלבע גאט וואס האט גיזאגט „והייתה למשל ולשנינה" האט אויך גיזאגט „ואף־גם־זאת בהיותם בארץ . . . לא מאסתים וכו׳;" זייט וויסן אז מיר האבן אלץ נאך אן אלהי העברים ! וואס לאזט אונז ניט אראפ פינעם אויג. פון אדם הראשון אן פיהרט ער אונז דורך דער מערקווירדיגסטן, עדעלסטן אונד הומאנסטן געשיכטע פון דער וועלט ! אין קיינער רעליגיאן געפינען זיך ריינערע פרינציפען, הייליקערע בעגריפפע, פון א גאט, נפש, רוח, נשמה, אונד אנשטערבליכקייט ! קיינע געשיכטע קען זיך פערגלייכן אין רייכקייט פון נסים ונפלאות, אין א בעזונדערן השגחה, אונד מיט אזעלכע עדעלע אונד ערהאבענע צוועקע וויא דיא עברישע געשיכטע ?– אצינד זענען מיר אבער אין גלות !– פיעלע פון אונזער פאלק האבן דורך לאנגע צרות פארגעססן כמעט זייער גרויסן יחוס, זייערע וועלטבעריהמטע אבות, זייער אלהי העברים ! מיינע ברידער האבן כמעט פערגעסן זייער אמאהליקע ראללע , וועלכע זייא האבן געשפילט אויפן וועלט טהעאטער, מיינע שוועסטער זענען כמעט מעהר מקנא, דיא נייעסטע מאדע פון א פאריז אלס דיא היילינע פרייהייט אין אן איינענעם לאנד ! וויל איך מיין פאלק דערמאהנען אז מיר זענען אמאהל גיווען א גאטס פאלק, מיר האבן אויך גיהאט א רעגירונג, מיר האבן אויך געהאט גבורי ישראל, מיר האבן אויך געהאט פאעטן , אונד נאהר מיר אלליין האבן געהאט א ריינעם גאטעס דיענסט אונד מיר אלליין האבן געהאט אונ האבן נאך אן אלהים אחד!– ליעבע שוועסטער אונד ברידער, דיא צייט פון אונזער גאולה פון דעם ביטערן גלות קימט נאהנטער אונד נאהנטער גרייט אייך צוא שוועסטער אונד ברידער, גרייט אייך צוא מיט מעשים, מיט מחשבות, מיט בילדער, מיט פאנטאזיען אונד מיט ריינער תשוקה צום לאנד פון אונזערע אבות, צוא דעם לאנד וואס קוב״ה האט גישווארן צו געבן צו די אבות אונד א ירושה צו זייערע קינדער, ולא איש אל ויכזב ! גאט האט אונז פארטריבן פינעם לאנד פאר אונזערע זינד, אבער ניט אויף עביג. גאט האט אונז גישטראפט, זיין צארן בלייבט אבער ניט אויף אימער. שוין לאנג שמאכטן מיר אין גלות, שוין לאנג ליידן מיר זיך אן דיא שרעקליכסטן צרות ! אונזער בליט שרייט צוא גאט פון אללע חלקים פון דער וועלט . רחמנות ! גיטער גאט ! ביז וויא לאנג נאך זאללן מיר אזוי פארשווארצט ווערן. דער שונא שלאפט ניט, דער פיינד ראסט ניט, ער רויבט, ער צערשטערט, אהן אויפהער אהן ריה, אונד אונזער בליט פארגיסט ער וויא וואססער, אז איין גאט זאל זיך איבער אונז דערבארעמען !– מיין פאלק! לייען מיין ספר מיט אויפמערקזאמקייט, עס וועט דיך בעגייסטערן, עס וועט אין דיר אויפוועקן דיין אנטשלאפענעם נאציאנאל געפיהל, דיא ערינערונגען אין דיא וואנדערליכע מעשים פון דיין גרויסן גאט, וועללן אויפהעבן דיינע ברוסט מיט מאנליכער קוראשז. א נייע האפנונג וועט איבערנייעם באלעבן דיין הארץ בליט, דיינע אברים וועללן ווערן פרישער, דיין הארץ וועט קלאפן לעבעדיקער אונד דיין מוח וועט ווערן קלאהרער . דענקסטמאהלט וועסטע זיין וויא אלאב וואס שטעהט אויף פי-

נעם שלאף אונד גיט אשטרעק אויס זיינע גליעדער אונד ציהט זיך אויס אונד טרעסלט אפ דעם שטויב פון זיינער מאהנע (גריווע). דיא פינצטערע נאכט פון דעם נאך פינצטערן גלות הייבט אן צוא פערשווינדן. אין מזרח הייבט עס שוין אן צוא טאגן. שטעה שוין אויף יהודא, לעב! והתנערי מעפר קומי! ווער קליגער, ווער געשייטער עמי, אונד זיי מקרב דיין גאולה! ווארף אוועק דען פאק פון נארעשקייטן, לאז איבער דיא קופה של שרצים וואס הייגט דיר אויפן ריקן, אונד שטעכט דיך אין דיא זייטן, אונד פאראימריינִיגט ישראליקס ריין קאפעלע! איז דיר דיין אב הרחמנס צוואה וועניג? וואס דיא אינטערעסאנטע עפיקורסן, אפיטרָפּוסן בעלי־טובה־ניקעס זאגן דיר, דאס איז באיי דיר רעכט? גאטס הייליק אונד אמתדיק ווארט האט באיי דיר קיין ווערטה ניט, אונד מצות אנשים, געזעצע פון שוואכע זינדיגע מענשן וויא דיא ביסט, שטעלסטע העכער פון דער תורת ה׳ תמימה?! מיין טהייערעס געליעבט פאלק! שוין צייט דיא זאללסט דיר אפענען דיינע אויגן, דערקענען דיא דערנער וואס שטעכן דיך! דערקען דיא זאלב וואס היילט דיינע ווינדן! שייד אפ דיא האנד וואס שלאגט, פון דער האנד וואס היילט, זעהסטע ניט דעם חילוק צווישן דעם פאלשן נביא אונד צווישן דעם אמתן? ביסטע אזוי פעראירט בת ציון אז צוא דערקענען דעם חילוק צווישן א מלאך המות אונד א מלאך הגואל ווערט דיר אויך שווער?–

איך לייג פאר אייך שוועסטער אונד ברידער דיא פאלגענדע באשרייבונג פון דער גלאנצענסטען פעריאדע אין אונזער געשיכטע, דער בנין איז צונאויפגישטעלט פון שטיינער, גיזאמלט פון דעם פעלד פון אונזערע כתבי קודש, אונד איך האב עס באפוצט מיט דער שענסטן באפוצונג פון דער געשיכטע, אונד פון דיא נייעסטן ענטדעקונגען אין דיא אוצרות, וויא קליגע אונד געלערנטע לייט האבן אויסגעגראבן אונד האבן געפינען אויפגעשריבן אין קייל־שריפט אויף ציעגל־שטיינער פון זעהער אלטן צייטן, אונד וואס באלייכט אונזערע געשיכטע פון דער צייט פון שמואל הנביא ביז צום עק פון שלמה המלך׳ס רעגירונג. – איך האב מיר מיה גיגעבן צוא באשרייבן אזעלכע זאכן, וואס פאר מיר האט זיך קיין יהודי ניט דערוועגט צוא באשרייבן, ווייל עס האט איהם גיפעהלט דיא ווארטער, איך האב בעשריבן סצענעריען אין פאלעסטינא, וואס דארף זיך ניט שעמען אקעגן דיא באשרייבונגען פון אנדער לעבעדיקן שפראך. האב באשריעבן פאלאטצע, חילות מיט זייער באוואפנונג, פאליטיק מלחמות אונד פיעל שיינעס אונד גיטעס. איך האב אריינגילייגט אין דער באשרייבונג הארץ צערריסנדיקע דראמא, אונד דען גייסט ערהעבענדיגע בריה־שאפט. איך פיהר אייך אריין אין דיא שענסטן ארטער פון דער וועלט, איך שטעל אייך פאר דיא גרעסטן מענשן וויא זיי האבן געלייבט אונד געלעבט. אונד ווינש אז דאס בילד פינעם שיינען אונד גיטן זאלל זיך טיעף אריינגראבן אין אייער הארץ! איך געליסט אויפצוועקן אין דיין הארץ, א מיין פאלק! אן אמתדיקע תשוקה צוא דעם לאנד פון אונזערע אבות! מיט דער ערהאינערונג אין אלטן גיטן צייטן פון אונזער געשיכטע האף איך צוריייצן דיינע לעבדיקע פאנטאזיע אונד אנצופיללן דיין יודיש הארץ מיט היילקער זעהנזוכט צו דעם וואס איז אמאהל געוועזן דיין אייגענטהום, אונד עס קען אונד עס ווערט אוודאי וויעדער זיין דיינס. נעהם עס דיר צוא הארצין, באמיה דיך, באשטרעב דיך ווערטה צוא ווערן אן אמתער זין אונד א טרייע טאכטער צי זיין פון דיא היילקע אמהות, אונד פון די גרויסן אבות!– שוין ריהרט זיך דיא יודישע וועלט, אונד קעהרט זיין בליק צוא דעם ארץ ההבטחה דער אמתער בן ישראל. – מי אלה כעב תעופינה? . . . . – כי לי איים יקוו . . . לְהָבִיא בָנַיִךְ מֵרָחוֹק . . . לְשֵׁם ה׳ אֱלֹהַיִךְ וְלִקְדוֹשׁ יִשְׂרָאֵל כִּי פֵאֲרָךְ . . . . . וְיָדַעַתְּ כִּי אֲנִי ה׳ מוֹשִׁיעֵךְ וְגֹאֲלֵךְ אֲבִיר יַעֲקֹב! (ישעי׳ ס).

---

Дозволено цензурою. С.-Петербургъ, Декабря 30-го дня 1882 года.

## הקדמה פון מעתיק (אִיבֶּערְזֶעצֶער).

דִיא כַּוָּונָה פִינֶעם מְחַבֵּר פִין אָט דֶעם סֵפֶר „תִּפְאֶרֶת יִשְׂרָאֵל„ אִיז גִיוֶוען צִיא בַּאשְׁרַייבְּן, דִיא גְרוֹיסְקֵייט אוּנְד דֶעם גְלַאנְץ פִין דֶער עִבְרִי׳שֶׁן גֶעשִׁיכְטֶע, וֶוען דָאס עַם ה׳ הָאט דֶערְגְרֵייכְט, וֶוערְנְד דִיא מְלוּכוֹת פִין דָוִד וּשְׁלֹמֹה, דִיא הֶאכְסְטֶע מַדְרֵגָה פִין זֵייעֶר גְדוּלָה וְכָבוֹד אַלְס אַ נַאצְיָאן · — דִיא הוֹיפְּט־פֶּערְזָאן פִינֶעם סֵפֶר אִיז דָוִד הַמֶּלֶךְ חַי וְקַיָּם · — עֶר וֶוערְט פָארְגֶעשְׁטֶעלְט אַלְס אַ פַּאסְטִיךְ אוּנְד אַ פָּאֶעט: עֶס וֶוערְט דְאָה דֶערְצֶאהְלְט פִין זֵיינֶער גְרוֹיסְסֶן פְרַיינְדְשַׁאפְט מִיט יְהוֹנָתָן בֶּן שָׁאוּל הַמֶּלֶךְ: פִין זַיינֶע זִיעגְן (נצחונות) אִיבֶּער דִיא פְּלִשְׁתִּים: פִין זַיינֶעם כָּבוֹד וּגְדוּלָה אַלְס אַ מֶלֶךְ דָוִד: פִין זַיינֶעם אַנְטְלוֹיפֶן פַאר זַיין אֵייגֶענֶעם זִין אוּנְד מוֹרֵד בִּמְלוּכָה, אַבְשָׁלוֹם׳ן: פִין אַלֶע אִיבְּרִיגֶע סְצֶענֶען אִין זַיין שְׁפֶּעטֶערְן לֶעבְּן · — דֶערְנָאךְ פִין אַבְשָׁלוֹמ׳ס מְרִידָה: פִין שְׁלֹמֹהן אִין זַיינֶער קֶאנִיגְלִיכֶן גְרוֹיסְקֵייט · — · דֶער מְחַבֵּר הָאט גֶעזִיכְט צִיא בַּאקְלֵיידֶן מִיט אַ פָּאפּוּלֶאר אִינְטֶערֶעסְס, אַ הֶאכְסט אִינְטֶערֶעסַאנְטֶע פֶּערְיָאדֶע פִין דֶער עִבְרִי׳שֶׁן גֶעשִׁיכְטֶע, יֶענֶעם צַייט־לוֹיף וָואס אִיז בַּארִיהְמְט גֶעוָוארְן דוּרְךְ דִיא דֶענְסְטְמָאהְלִיגֶע עֶקְזִיסְטֶענְץ פִין פִיעֶר זֶעהְר בַּארִיהְמְטֶע מֶענְשֶׁן; — **שמואל הנביא· שאול· דוד·** אוּנְד **שלמה** · דֶער קְלִיעגְסְטֶער פִין אַלֶע מֶענְשֶׁן · — דֶער מְחַבֵּר הָאט גֶעוָואלְט בַּאוַוייזֶן, וָואס פַאר אַ שֶׁאנְקֵייט רַייכְקֵייט, גְרוֹיסְקֵייט אוּנְד טִיעפְקֵייט עֶס לִיעגְט אִין דֶער אֵיינְפַאכֶן בַּארֶעדְזַאמְקֵייט פִין אוּנְזֶערֶע כִּתְבֵי קוֹדֶשׁ! · מִי יִתֵּן וְהָיָה? אַז דִיא לֶעזֶער זָאלְלֶן נִיט נָאר גְרוֹיס הֲנָאָה הָאבֶּן, זֵיי זָאלְלֶן זִיךְ אוֹיךְ דֶער פִין אַרוֹיס נֶעהמֶען אַמוּסָר הַשְּׂכֵל · וֶועהְרֶענְד עֶס וֶוערְט פַאר זֵיי פָארְגֶעשְׁטֶעלְט אִין אַנְצִיעהֶענְדִיקֶער וַוייזֶע יֶענֶע בַּארִיהְמְטֶע מַעֲשׂוֹת פִין גָאטְס פִיהְרַאכְטְס מִיט זַיין אוֹיסְגֶעוָואהְלְטֶעס פָאלְק, פִין גָאטְס בַּאפוֹיל, פִין זַיין גִיטְסְקֵייט, אוּנְד אוֹיךְ פִין זַיין שְׁטְרֶענְגֶען מִשְׁפָּט אוּנְד בַּאשְׁטְרָאף, וֶועלְלֶן זֵיי זִיךְ נָאךְ אַמָאהל דֶערְמָאהְנֶען אַז דֶער גָאט פִין זֵייעֶרֶע אָבוֹת, דֶער אוֹיסְצִיעֶר פִין מִצְרַיִם, דֶער שְׁפַּאלְטֶער פִינֶעם יַם, דֶער גֶעבֶּער פִינֶעם מַאן, דֶער בַּאשְׁטְרָאפֶער פִין דֶעם דוֹר הַמִּדְבָּר, אוּנְד דֶער אַרַיין בְּרֶענְגֶער גֶען אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אִיז נָאךְ אַלְץ יֶענֶער גָאט וָואס דָוִד הַמֶּלֶךְ לוֹיבְּט אִיהם פַאר אַ שׁוֹמֵעַ תְּפִלָּה! אוּנְד אִיז תָּמִיד נָאהְנְט צִין אַלֶע וָואס זִיכֶען אִיהם אוּנְד רִיפְן צִין אִיהם אוּנְד עֶר עֶנְפֶערְט זִיכֶער! —



# מ ב ו א

דִיא צְווִילִינְג-טְהאָלְן פִינֶעם עֶפְרַאטֶעס , (נְהַר-פְּרָת) אוּנְד דֶעם טִיגְרִיס , (נְהַר-חִדֶקֶל) הָאבֶּן תֵּיכֶף נָאכְן מַבּוּל אִין זִיךְ מְקַבֵּל גֶעוֶוען דִיא עֶרְשְׁטֶע פַאמִילְיֶען פִינֶעם מֶענְשְׁלִיכֶן דוֹר . — נִמְרוֹד , אַן אִיר-אֵיינִיקְל פִין נֹחַ'ן , אַן אִישׁ „גִבּוֹר צַיִד“ א מאֶכְטִיגֶער יֶאגֶער וֶוערְט גֶעהַאלְטֶן אַלְס דֶער עֶרְשְׁטֶער „קֶעגִיג פִין מֶענְשֶׁן“ גְרִינְדֶער פִין „בָּבֶל“ דִיא עֶלְצְטֶע מְלוּכָה פִין דֶער וֶועלְט . —

נִינוּס , אַ בָּבֶל'שֶׁער פְּרִינְץ , אַרַיין פַאלְנְדִיקֶן מִיט אַ חַיִל אִין דֶעם שֶׁאנֶעם טְהאָל פִינֶעם חִידֶקֶל , הָאט גֶעגְרִינְדֶעט , נִיט לַאנְג נָאךְ דֶער צֶערְשְׁפְּרֵייטוּנְג פִין בָּבֶל , אוֹיף דִיא בְּרֶעגְן פִינֶעם שְׁטְרוֹים , דִיא שְׁטָאדְט נִינְוֵה · דִיא צְווֵיי מָאנַארְכְיֶען זֶענֶען אַ לַאנְגֶע צַייט גֶעוֶוען נְלַייךְ בַּארִיהמְט אִין כֹּחַ וּגְדוּלָה · עֶנְדְלִיךְ הָאט נִינְוֵה בַּאקִימֶען דִיא אוֹיבֶּער-הַאנְדְט , אוּנְד אוּיס שְׁטְרֶעקֶנְדִיק אִיהר צֶעפְּטֶער (שֵׁבֶט מְלוּכָה) אִיבֶּער דִיא פְּלֵיינְס פִינֶעם פְּרָת , הָאט זִיא אַן אֵיינֶענֶעם פְּרִינְצְן אַרוֹיף גֶעזֶעצְט אוֹיף בָּבֶל'ס טְרָאן , אוּנְד בָּבֶל הָאט אִיהר גֶעמוּזְט צָאהלְן מַס · —

אִין דֶעם פַארְלוֹיף פִין עֶטְלַאכֶע הוּנְדֶערְט יָאהר הָאט בָּבֶל וִויעדֶער בַּאקִימֶען אִיהְרֶע אוּנְאַפְּהאֶנְגִיקֵייט, אוּנְד הָאט דֶערגְרֵייכְט אַזַא מַדְרֵגָה פִין רַייכֶקייט אוּנְד גְרוֹיסֶקֵייט , אַז מֶען הָאט זִיא גֶערִיפְן „דִי צְווֵייטֶע שְׁטָאדְט אוֹיף דֶער עֶרְד ·“ נִינְוֵה הָאט אָבֶּער פָארְט נָאךְ גֶעהַאט דִיא אוֹיבֶּער-מַאכְט , אַלְס דִיא בַּעל-הַבַּיִת'טֶע פִין דֶעם אָסְטֶן (מזרח ·) אִיהְרֶע מְלָכִים זֶענֶען גֶעוֶוען בַּארִיהמְטֶע אַנְשֵׁי חַיִל · אוּנְד הָאבֶּן גֶעהַאלְטֶן דִיא וַואפְן-ווִיסֶנְשַׁאפְט , פַאר דֶעם עֶדְלְסְטֶן לֶמֶד , אוּנְד מִלְחָמָה , פַאר דָאס הֶאכְסְטֶע גְלִיק . אִין צַייטְן פִין שָׁלוֹם , הָאבֶּן זֵיי פַארשֶׁאנֶערְט דִיא רֶזִידֶענְץ מִיט דִיא גְרוֹיסְאַרְטִיגְסטֶן פַּאלַאצְן , מִיט דִיא אוֹיסְגֶעצֵייכֶנְסְטֶן גָארְטֶנס, מִיט דִיא פַארפִיצְטֶעסְטֶן טֶערְרַאסֶן אוּנְד מִיט דִיא אַנְגֶענֶעהְמסְטֶן זֶעֶען (אַגְמֵי מַיִם) אִיהְרֶע מָאנוּמֶענְטֶן אָבֶּער זֶענֶען גֶעוֶוען פִין אִימְפֶּערְגְלַייכְלִיכֶער גְרוֹיסֶקֵייט .

דִיא גֶעשִׁיכְטֶע פִין דֶער גַאנְץ אַלְטֶן צַייט , אִיז זֶעהר טִינְקְל , אוּנְד אַ טוֹיזֶענְדט יָאהְר פִין יֶענֶער גְרוֹיסֶקֵייט , גְלַאנְץ אוּנְד הֶערְלִיכֶקייט , לִיגְן בַּאגְרָאבֶּן אוּנְטֶער דֶעם פִינְצְטֶערֶן שְׁלַייֶער פִין אִימֶעגְווִיסִיקֵייט , נָאר , דָאס נִיט גַאנְץ לִיכְטִיק פְלֶעמֶעלֶע , פִין טְרַאדִיצְיָאן (קַבָּלָה) , פְּרִיווְט זִיךְ יֶענֶעם צַייט פוּנְקְט צִיא בַּאלַייכְטֶן . זִיא דֶערְצֶאהלְט אוּנְז פִין אַ נִינוּס הַגָדוֹל , וָואס זַיינֶע מְלוּכָה הָאט גֶעגְרֵייכְט בִּיז עֶטְיאָפִּיֶען (כּוּשׁ) אוּנְד דֶעם יַם הַתִּיכוֹן . אוּנְד אוֹיךְ פִין אַ מַלְכָּה זֶעמִירַאמִיס , וָואס זָאלל גֶעוֶוען זַיין גָאר אַגְרוֹיסֶה

בְּרִיָה, אַן אֵשֶׁת חַיִל מִיט אַסַךְ מַעֲלוֹת טוֹבוֹת, אוּנְד זָאלְל הָאבְּן אִינְטֶערְגֶעיָאכְט דֶעם גַאנְצֶן אֶרֶץ־הַמִזְרָח · דֶער נָאךְ עֶרְשַׁיינְט אַ מָאנַארְךְ נִינִיָאס, וָואס הָאט גֶעלֶעבְּט אִין גְרוֹיס וָואהְלְטָאג, אוּנְד וָואס אִיהם זֶענֶען פַארְגְנִיגוּנְגֶען אַסַךְ לִיעבֶּער גֶעוֶוען וִויא דֶער כָּבוֹד אוּנְד בַּארִיהְמְטְקַייט פִין אַ מִלְחָמָה · דֶער נָאךְ קִימְט אַשׁוּרָה פִין מְלָכִים וָואס הָאבְּן לִיעבּ גֶעהַאט, מֶעהר אָדֶער וֶועניגֶער, דֶעם לוּקְסוּס אוּנְד תַּעֲנוּגִים, בִּיז נָאךְ עֶטְלִיכֶע הוּנְדֶערְט יָאהר שְׁפֶּעטֶער, וֶוען טֶעווְטָאמֶעס דֶער פֶערְטֶער הָאט אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּא רֶעגִירְן · אִין זַיְין צַייט הֶערֶן מִיר, וִויא בָּבֶל אוּנְד מָדַי זֶענֶען וִויעדֶער אַיינְגֶענִימֶען גֶעוָוארְן, אוּנְד אַ פַּרְעה זָאלְל הָאבְּן גֶעשִׁיקְט צוּם הוֹיף פִין נִינְוֵה אַ גֶעזַאנְדטשַׁאפְט · דָאס אִיז גֶעוֶוען דֶער קֶענִיג „מָאעֶרִיס“ דֶער נָאכְפָאלְגֶער (מְמַלֵא מְקוֹמוֹ) פִין יֶענֶעם פַּרְעה, וָואס הָאט אַזַא וִויסְטְן סוֹף גֶעהַאט פַאר דִיא יוּדִין אוּנְד אַ מִיתָה מְשׁוּנָה אַיינְגֶענֶעהמֶן מִיט זַיין גַאנְץ חַיִל אִינֶעם יַם סוּף · אַצוּנְד עֶרְשְׁט הוֹיבְּט עֶס אָן, אִין דֶער וֶועלְט גֶעשִׁיכְטֶע צוּא טָאגֶן · דָאס שְׁוַואכֶע שְׁטֶערְן־לִיכְט פִין דֶער קַבָּלָה פַארְשְׁווִינְדֶעט פַאר דֶעם גְרוֹיסֶן זִין־לִיכְט פִין פָּאזִיטִיוֶוער (בָּרוּר) גֶעשִׁיכְטֶע · מִצְרַיִם אוּנְד אַשׁוּר וֶוערְן פִין יֶענֶער צַייט אָן בַּאהַאנְדֶעלְט מִיט אַלֶזֶע כְּלָלִים וּפְרָטִים פִין אֶמֶת׳דִיקֶער גֶעשִׁיכְטֶע · דִיא נַייֶעסְטְן עֶנְטְדֶעקוּנְגֶען אוּנְד אוֹיסְגְרָאבּוּנְגֶען, אִין נִינְוֵה, פִין זֶעהר פִיעל קִיְיל־שְׁרִיפְטֶן, פִיהְרֶן צוּרִיק אַשׁוּר׳ס גֶעשִׁיכְטֶע בִּיז נָאךְ פַאר אַבְרָהָם׳ס צַייטֶן · חָאטְשׁ דָאס לַאנְד אַשׁוּר קִימְט עֶרְשְׁט פָאר אִין דִיא כִּתְבֵי קוֹדֶשׁ אַפָּאר הִינְדֶערְט יָאהר נָאךְ כִּבִישַׁת הָאָרֶץ, פִין דֶעסְט וֶועגְן אִיז עֶס שׁוֹין אִינְטֶער דִיא עִבְרִים פְרִיעהֶער בַּאקַאנְט גֶעוֶוען. דָאס בְּשְׁכֵנוּת׳דִיקֶע לַאנְד פִין צוֹר הָאט מְקַבֵּל גֶעוֶוען אַמְבַּאסַאדָארְן פִין נִינְוֵה נָאךְ אַסַךְ פְרִיעהֶער פִין שָׁאוּל׳ס מְלוּכָה, אוּנְד דִיא עִבְרִים זֶענֶען דָאךְ גֶעוֶוען פְרַיינְד מִיט דִיא פֶהאנִיצְיֶער · נָאר בִּיז שָׁאוּל׳ס צַייטְן הָאט נָאךְ נִיט עֶקְזִיסְטִירְט אַבְּרִית־שָׁלוֹם צְווִישְׁן דִיא בְּנֵי־אַשׁוּר אוּנְד דִיא בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל, זַיי זֶענֶען נָאךְ נִיט גֶעוֶוען פַארְבִּינְדְן אֵיינֶע מִיט דֶער אַנְדֶערְן נִיט פָּאלִיטִישׁ אוּנְד נִיט סָאצִיאַלִישׁ. —

שמואל הַנָבִיא אִיז דֶערְנְסטמאָהלְט גֶעוֶוען דֶער רֹאשׁ פִינֶעם יוּדִישְׁן פָאלְק, זַייֶער הֶעכְסְטֶער שׁוֹפֵט · זַיינֶע הֶערְשַׁאפְט אִיבֶּער דִיא צְוועלְף שִׁבְטֵי־יָהּ אִיז גֶעוֶוען אַבְּזָאלוּט · עֶר הָאט רֶעגִירְט אָן אָפָּאזִיצְיָאן · אוּנְטֶער זַיינֶער פַאר שְׁטֶענְדִיגְן אַדְמִינִיסְטְרַאצִיאָן אִיז דָאס אַחְדוּת פִין אַלֶע שְׁבָטִים גֶעוֶוען שְׁטַארְק אוּנְד קְרֶעפְטִיג · זַיינֶע קוּרַאשְׁזֶע אוּנְד זַיין מוּטְה, בַּאגְרִינְדֶעט אוֹיף דֶעם בִּטָחוֹן פִין אִימְבַּאגְרֶענְצְטֶער אֱמוּנָה, הָאט זִיךְ גֶענִיג בַּאוִויזְן אִין זַייֶערֶע מִלְחָמוֹת מִיט דִיא פְּלִשְׁתִּים דְרוּמְאוֹיךְ הָאט מֶען אִיהם גֶעהָארְכְט אוּנְד בַּאפָאלְגְט וִויא אַ קֶאנִיג · אַ מֶענְשׁ פִין דֶער שָׁאֶנְסְטֶן קֶארְפֶּער־גֶעשְׁטַאלְט, פִין דֶעם עֶדְלְסְטֶן אוֹיסְזֶעהן, עֶרְנְסְט פִין פִיעל חָכְמָה, אוּנְד אַלְס אַ בְּכָבוֹד׳עֶר זָקֵן, אִיז עֶר פַארְעהְרְט גֶעוָוארְן אֲפִילוּ פִין דִיא פַיינְד פִין זַיינֶער נַאצִיָאן · אוּנְד זַיין שֵׁם אַלְס דֶער גְרוֹיסֶער זֶעהֶער, „שְׁמוּאֵל הרואה“ הָאט זִיךְ פַארְבְּרֵייט אוּנְד פַארְשְׁפְּרֵייט, וַוייט אוּנְד בְּרֵייט בִּיז אִין דִיא מְלוּכוֹת פִין דִיא הַיידְן אַרִים אוּנְד אַרִים ·

צוּא שְׁמוּאֵל הַנָבִיא׳ס צַייטְן הָאט נִינְוֵה דֶערְגְרֵייכְט דֶעם הֶעכְסְטְן פוּנְקְט פִין אִיהר

גְרוֹיסְקֵייט אונד פְּרַאכְט , בֶּעלְלוּס , הָאט גֶעהֵייסֶן דֶער מָאנַארְךְ וָואס הָאט אִין אִיהְר רֶעגִירְט אִיבֶּער דֶעם גַאנְצֶן מִזְרָח־לַאנְד , בָּבֶל אויךְ בִּכְלַל , נִינְוֵה׳ס בַּאפֶעלְקֶערוּנְג אִיז מֶעהר גֶעוֶועזֶן פִין אַהַאלְבֶּער מִילְלִיאָן . דִיא בַּארִיהְמְטֶע מָאוֶוער אַרִים דֶער שְׁטָאדט הָאט גֶעהַאט אַ לֶאנְג פִין פִיער טָאג רַייזֶע . יֶעדֶעם הויז אִיז גֶעוֶוען אַיינְגֶעשְׁלָאסְן פִין פְּרַאכְטְפָאלְלֶע גָארטֶנֶעם אוּנְד אויף דֶער גְרֶאבּ פִין דֶער שְׁטָאדְט־מָאוֶוער זֶענֶען נָאךְ גֶעוֶוען אַחוּץ וַואךְ־טְהִירְמֶער אָן אַצָאהְל , אַסַךְ בֵּייְטְן (עֲרוּגוֹת) אוֹיס גֶעפִיצְט מִיט דֶעם שֶׁאנְסְטָן בְּלוּמֶען־שְׁמוּק , אוּנְד בַּאיְ דִיא זַייטֶן בַּאפְלַאנְצְט מִיט דִיא זֶעלְטֶנְסְטֶן בּוֹימֶעלַאךְ מִיט אַלְלֶערְלֵיי מִינֵי בְשָׂמִים , וָואס הָאבֶן פַארְשְׁמֶעקְט דִיא רֵיינֶע אָרִיֶענְטַאלִישֶׁע לוּפְט מִיט דֶעם אַנְגֶענֶעהמְסְטֶן דוּפְט . אִיהְרֶע פַּאלַאטְצֶן אָבֶּער אוּנְד טֶעמְפְּלֶן , אִיהְרֶע מָאנוּמֶענְטֶן אוּנְד שְׁטַאטוּעֶן זֶענֶען גָאר נִיט גֶעוֶוען צִים אִיבֶּערְצֶאהלֶן .

אִין דֶער הויךְ אויף זַיין טְרָאן , אִין זַיְין גְרוֹיסְאַרְטִיגֶן פַּאלַאץ , אִין מִיטְן פִין זַיינֶער מֶעטְרָאפָאלִים (עִיר וָאֵם) , אִיז גֶעזֶעסְן בֶּעלְלוּס , נָאךְ גָאהְר אַיוּנְגֶערְמַאנְטשִׁיקֶל , נָאךְ נִיט קֵיינֶע פִינֶעף אוּנְד צְוַאנְצִיג יָאהְר אַלְט . עֶר הָאט עֶרְשְׁט בַּאקִימֶען דֶעם שֵׁבֶט מַלְכוּת פִין אַשּׁוּר אַלְס אַ יְרוּשָׁה פִין זַיינֶער מִיטֶער דִיא מַלְכָּה אַרְפַּכְשָׁה . אוּנְד הָאט אִיהְם טַאקִי גֶעהַאלְטֶן וִויא עֶס שְׁטֶעהְט אָן אַגְרוֹיסְן מֶלֶךְ . נִיט גֶערָאטְהֶן אִין זַיינֶע פָארגֶאנְגֶער וָואס הָאבֶּן מְבַלֶּה גֶעוֶוען זַייעֶרֶע גִילְדֶנֶע צַייט אִין נִידֶערִיגֶע תַּעֲנוּגִים , הָאט בֶּעלְלוּס רֶעגִירְט מִיט שֵׂכֶל אוּנד פֶערְשְׁטַאנְד , מִיט צֶדֶק אוּנד מִיט יוֹשֶׁר , וִויא אַן אַלְטֶער בַּאטָאגְטֶער אוּנְד שְׁטַארְק עֶרפַארֶענֶער מֶלֶךְ , זַיינֶע מַעֲשִׂים זֶענֶען גֶעוֶוען אִיבֶּער זַיינֶע יָאהְרֶן . עֶר הָאט זִיךְ בַּאמִיהְט זַיינֶע מְלוּכָה צִיא פַארְגְרֶאסֶערֶן אויף אַלְלֶע זַייטֶן . עֶר הָאט גֶעזִיכְט כּוֹרֵת־בְּרִית צִיא זַיין מִיט אַנְדֶערֶע מֶאכְטִיגֶע נַאצִיאָנֶען . עֶר הָאט אָפְּגֶעשְׁלָאסֶן אַלְלִיאַנְצִין (בְּרִית אַחֲוָה וְשָׁלוֹם) פִין פְרַיינְדְשַׁאפְט אוּנד קָאמֶערְץ (מִסְחוֹר) מִיט וִויכְטִיגֶע מְלוּכוֹת , וִויא לְמָשָׁל פְהֶאנִיצִיֶען (צוֹר) אוּנד עֶגִיפְּטֶן (מִצְרַיִם .) —

דִיא מִיטֶער זַיינֶע אִיז גֶעוֶוען אַן עֶגִיפְּטִישֶׁע פְּרִינְצֶעסְן , דִיא טָאכְטֶער פִין אַ קָאנִיגְלִיכֶן גֶעזַאנדְטֶן פִין דִיא הֶאפְן „ טֶהעבֶּעס (קָרוֹב לְפַתְרוֹס) אוּנד „ מֶעמְפִּיס „ (אֶרֶץ מוֹף וָנוֹף) . בַּא דֶעם הויף פִין נִינְוֵה . אוּנד אַ טָאג פַאר אִיהר טוֹיט , הָאט זִיא אִיהְר זִין צִיא זִיךְ גֶערִיפְן אוּנד הָאט צִין אִיהם אַזוֹי גֶעזָאגְט ; —

„ מַיין זִין ! מַיין לֶעבֶּן עֶקְט זִיךְ , אוּנד אִיךְ בִּין גְרֵייט דִיא וֶועלְט צִיא פַארְלָאזְן , אוּנד אַלְלֶעמֶען וָואס לֶעבְּט אַ זַיְי גֶעזִינְדט צִיא זָאגְן . דִיר מַיְין קִינְד לָאז אִיךְ אִיבֶּער דִיא יְרוּשָׁה פִין מַיין מְלוּכָה , אוּנד אִין דַיינֶע הֶאנדט פַארְטְרָאוֶוע אִיךְ דֶען שֵׁבֶט מַלְכוּת פִין אַשּׁוּר . אִיךְ וֵויְיסס אַז דִיא וֶועסְט הֶערְשְׁן מִיט חֶסֶד וְרַחֲמִים , וָוארִים צִיא דֶעם תַּכְלִית הָאבּ אִיךְ דִיךְ אוֹיפְגֶעצוֹיגְן מִיט דֶער הִילְף פִין דִיא בֶּעסְטֶן לֶעהְרֶער . נָאר אֵיין בַּקָשָׁה הָאבּ אִיךְ צִיא דִיר , אִיךְ בַּאגֶעהְר פִין דִיר אַז דִיא זָאלְלְסְט עֶס מִיר נָאךְ פַאר מַיין טוֹיט צִיא זָאגֶן ! „ —

„ עֶס אִיז שׁוֹין צִיא גֶעזָאגְט , מַיְינֶע קֶאנִיגְלִיכֶע מִיטֶער , אוּנד נָאךְ עֶהדֶער דַיְינֶע מִיר הֵיילִיקֶע , ווֶארטֶער הָאבֶּן פַארְלָאזְט דַיינֶע זִיסְסֶע לִיפְּן שְׁווֶארְט דִיר דַיְין זִין אוֹיס־

צִיפִּיהִרן וָואס דִיא, גֶעלִיעבְּטֶע מִיטֶער וֶועסְט מִיר בַּאפוּילֶן , אַזוֹי הָאט דֶער יוּנְגֶר פְּרִינְץ בֶּעלְלוּס גֶעעֶנְטפֶערְט מִיט גְרוֹיס כִּיבּוּד־אֵם דֶער מַלְכָּה זַיינֶער מִיטְטֶער . —

„ אִיךְ וִוינְשׁ אַז דִיא זָאלְלסט בַּאפֶעסְטִיגֶן דַיינֶע מְלוּכָה מִיט אַן אַלְלִיאַנְץ , וָואס אִיז שְׁטַארְקֶר פִּין אַ טְרַאקְטַאט , מִיט מַיין גֶעבּוּרְטְס–לַאנְד . שִׁיק אַ גֶעזַאנְדטשַׁאפְט צִיא דֶעם יֶעצְטִיגֶן פַּרְעֹה אִיהְם צִיא גְרַאטוּלִירֶען צִיא זַיינֶער בַּאשְׁטַייגוּנְג פִּין דֶעם רָאפְלטָן טְרָאן פִּין טְהֶעבֶּעס אוּנד מֶעמְפִיס אוּנְד צוּגְלַייךְ וֶועסְטֶע לָאזְן פִּין אִיהְם בֶּעטְן זַיינֶע טָאכְטֶער דִיר פַאר אַ וַוייבּ אוּנד קֶאנִיגְן . אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אַז זִיא אִיז שֶׁאהְן אוּנד גִיט , אוּנד עֶר וֶועט אַוַאדַאי אוֹיךְ מוּסְכָּם וֶוערֶן , אוּנד אוֹיף דֶעם אוֹפָן וֶועלְלֶן דִיא צְוֵויי מֶאכְטִיגְסְטֶן נַאצִיאָנֶען לֶעבְּן אִין שָׁלוֹם וְאַחֲוָה מִיט אֵיין אַנְדֶער אוּנְד אָן אַזַא מְחוּתָּנֶע־שַׁאפְט מוּזֶן זִיךְ אַ זָאלְכֶע צְוֵוייא גְרוֹיסְסֶע נַאצִיאָנֶען אַריין לָאזְן אִין זֶעהְר גְרוֹיסְסֶע אוּנְד פִּיעל־גָאלְד־קָאסְטֶענְדִיקֶע מִלְחָמוֹת , וָוארוּם יֶעדֶע וֶועט וֶועלְלֶן דִיא אוֹיבֶּער הַאנְד הָאבֶּן אוּנְד בַּאהֶערְשֶׁן דִיא אַנְדֶערֶע מְלוּכָה „

” אִיךְ וֶועל בֶּעסְסֶער מְנַצֵחַ זַיין דִיא עֶגִיפְּטֶער , אוּנְד דֶעם שְׁטָאלְצִין פַּרְעֹה מַכְנִיעַ זַיין אוּנְטֶער מַיין צֶעפְּטֶער , עֶהְדֶער אִיךְ זָאלְל מִיךְ שַׁדְכֶנֶען צִיא זַיין טָאכְטֶער , אוּנְד וֶוען זִיא וָואלְט אֲפִילוּ שֶׁאנֶער גֶעוֶוען , מִיטֶער טַייעֶרֶע , פִּין דֶעם הֶעלְל־גְלַאנְצֶענְדִיקֶן אָבֶּנְט־שְׁטֶערֶן . ” הָאט בֶּעלְלוּס גֶעעֶנְטפֶערְט מִיט מַאיֶעסְטַאטִישֶׁן שְׁטָאלְץ .

” נִיט אַזוֹי , מַיין לִיעבֶּער זִין , לָאז בֶּעסְסֶער שָׁלוֹם זַיין , בֶּעסְסֶער אַסַךְ אִיז אֲפִילוּ אַ מָאגֶערֶער שָׁלוֹם פִּין אַ פֶעטְן קְרִיעג , פַארְזִיכֶערֶע דִיר דַיין קְרוֹין מִיט אָט דֶער אַלְלִיאַנְץ , זַיי מִיר מַבְטִיחַ אַז דִיא וֶועסְט מְקַיֵם זַיין מַיין צְוָאָה , אוּנְד אַזוֹי וֶועט זַיין אַחְדוּת צְווִישֶׁן דִיר אוּנְד דֶעם מֶאכְטִיגְן פַּרְעֹה . ” —

” אִיךְ וֶועלְל פָאלְגְן טַייעֶרֶע מִיטֶער ! ”

” זָאלְל אַשְׁרוּךְ , דֶער קְלִיעגְסְטֶער אוּנְד שְׁטַארְקְסְטֶער גָאט פִּין דַיין דוֹר דִיךְ בֶּענְשְׁן ” הָאט דִיא מַלְכָּה מִיט צִיפְרִידְנְקַייט גֶעעֶנְטְפֶערְט · —

אַ יָאהְר נָאכְן טוֹיט פִּין דֶער קֶאנִיגְן , אוּנְד נָאךְ דֶעם אַז דֶער יוּנְגֶער קֶאנִיג הָאט שׁוֹין אַלְלֶע גֶעשֶׁעפְטֶן פִּין דֶער מְלוּכָה אוֹיף אַ זִיכֶערֶן יְסוֹד גֶעשְׁטֶעלְט הָאט עֶר זִיךְ דֶער מָאהְנְט אִין דֶעם , וָואס עֶר הָאט צִיא גֶעזָאגְט זַיין מִיטֶער פַאר אִיהר טוֹיט , הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט רִיפֶן צִיא זִיךְ אַן עֶדֶעל־מַאן פִּין זַיין הוֹיף אוּנְד הָאט צִיא אִיהְם אַזוֹי גֶעזָאגְט : —

” אָ אַרְבַּאצֶעס , חָבֵר פִּין מַיין קִינְדְהֵייט , פְרַיינְד פִּין מַיינֶער יוּגֶענְד , טְרַייא אוּנְד אֶמְתְדִיק אִין אַלְלֶע זַאכֶן , אִיךְ הָאבּ נָאךְ דִיר גֶעשִׁיקְט , אִין דַיינֶע הֶאנְדְט אִיבֶּער צִיגֶעבֶּן אַשְׁלִיחוּת וָואס מַיינֶע מִיטֶער עָלֶיהָ הַשָּׁלוֹם , הָאט מִיר אַלְס קֶאנִיגְן פַארְן טוֹיט בַּאפוּילֶן . — דִיא וֵוייסְט אַז מַיינֶע מִיטֶער אִיז גֶעוֶוען אַ פְּרִינְצֶעסִין פִּין מַאצַאר (מִצְרַיִם) אַ פְלִימֶענִיצֶע פִּין פַּרְעֹה , דִיא טָאכְטֶער פִּין זַיין בְּרִידֶער טָאטָאמִיס , וָואס אִיז גֶעקִימֶען צִיא מַיין פַאטֶערְס הוֹיף אִין אַשְׁלִיחוּת פִּין פְרַיינְדְשַׁאפְט , אוּנְד אִיהְם צִיא בֶּעטֶן זִיךְ מִיט אִיהְם צִיא פַארְאֵיינִיגְן אִין אַמִלְחָמָה צִיא גֶעהְן אַקֶעגֶן דִיא צְוֶואלְף רֶעפּוּבְּלִיקֶן פִּין אַנְשֵׁי חַיִל , וָואס רִיעפְן זִיךְ אָן כַּאלְדֶאִישֶׁע אִיזְרַאעֶלִיטְן , אִיהְם צִיא הֶעלְפֶן זַיי מַכְנִיעַ צִיא זַיין

אוּנְד דֶער נָאךְ זִיךְ צִיא טְהֵיילֶן מִיט ־זַייעֶר לַאנְד , אַזוֹי אַז דֶער גְרוֹיסֶסְטֶער ־יַם זָאלְלאוֹים־
קִימֶען לִיעגֶנְדִיק צְווִישֶׁן מִצְרַיִם אוּנְד אַשּׁוּר ! מַיין קֶענִיגְלִיכֶער ־זֵיידֶע הָאט זִיךְ דֶער פִּין
אָפְּגֶעזָאגְט נַאבּוּפִּילַאסַר אִיז גֶעוֶועזֶען אַגִיטֶער פָּאלִיטִיקֶער הָאט ־עֶר מִיט ־זַיין חָכְמָה בּוֹחֵר
גֶעוֶועזֶען נִיט אָנְצִירִירֶהרֶן דִיא צְווֶעלְף שְׁבָטִים , ווָארִים ווֶען ־זֵיי בְּלַייבֶּן אוֹיף ־זַייעֶר אָרְט
זֶענֶען ־זֵיי טַאקִי גִיטֶע שׁוֹמְרִים אוֹיף דֶעם ווֶעג פִּין דִיא מִצְרַיִם , ווֶען ־עֶס זָאלְל זִיךְ ־זֵיי
אַמָאהְל פַּאר גְלִיסְטְן צִיא דֶעם לַאנְד פִּין אַשּׁוּר . ־עֶר הָאט ־קַיין חֵשֶׁק נִיט גֶעהַאט צִיא
הָאבֶּן פַּאר אַ גַאהְנְטְן שָׁכֵן דֶעם מֶאכְטִיגֶען מָאנַארְךְ פִּין דֶעם ־נִילוּס . ־עֶר הָאט אָבֶּער
דֶעם ־עֶגִיפְּטֶער אוֹיךְ נִיט גֶעוָואלְט דֶער רַגְזֶנֶ'ן אָפְּזָאגֶנְדִיק ־זַיין בַּקָשָׁה , הָאט דֶער ־זֵיידֶע
פָּארְגֶעשְׁלָאגֶן אַפְּלַאן : אַז מִפְּנֵי דַרְכֵי שָׁלוֹם זָאלל אַ שִׁדוּךְ אָפְּגֶעשְׁלָאסְסֶן ווֶערֶן , צְווִישֶׁן
זַיין זִין , מַיין קֶענִיגְלִיכֶער פַאטֶער אוּנְד צְווִישֶׁן דֶעם קֶענִיגְלִיכֶן אַמְבַּאסַאדָארְס שְׁאֶנֶער
טָאכְטֶער , וָואס אִיז דֶענְסְטמָאהְל גְרָאד מִיט אִיהְר פַאטֶער גֶעוֶועזֶען אִין נִינְוֵה . בַּאלְד
אִיז טַאקִי גֶעוֶועזֶען דִיא חֲתוּנָה . אוּנְד דֶער שָׁלוֹם אִיז גֶעוֶועזֶען גֶעזִיכֶערְט . — מַיינֶע מִיטֶער
הָאט אִיבֶּערְגֶענִימֶען דִיא מְלוּכָה נָאכְן פָאטֶערְס טוֹיט אוּנְד וִויא גִיט זִיא הָאט רֶעגִירְט אִיז
דָאךְ בַּאקַאנְט . פַאר אִיהְר טוֹיט הָאבּ אִיךְ אִיהְר גֶעמוּזְט צִיא זָאגֶן אִיךְ זָאלל גֶען מִצְרַיִם
שִׁיקֶן נָאךְ אַ ווַייבּ . אוּנְד אִיךְ ווִילְל מַיין ווָארְט הַאלְטֶן . אִיךְ הָאבּ צִיא דִיר מַיין
גְרֶעסְטֶעס פַאר טְרָאוֶוען , אָ טַייעֶרֶער אַרְבַּאצֶעס ! אִיךְ פַארְלָאז מִיךְ אִין גַאנְצֶן אוֹיף
דַיין אוּרְטֵייל (מִשְׁפָּט), דַיין חָכְמָה , דַיין אִיבֶּערְלֶעגוּנְג אוּנְד גְרוֹיס זֶענֶען דָאךְ דַיינֶע
פֶעהִיגְקֵייטֶן ! אִיךְ הָאבּ דִיךְ נָאר אוֹיס גֶעקְלוֹיבֶּן , חָאטְשׁ אַזוֹי יוּנְג וִויא דִיא בִּיסְט צִיא
דֶעם דֶעלִיקַאטֶן שְׁלִיחוּת . אִיךְ ווִינְשׁ אַז אִין אַחוֹדֶשׁ זָאלְלְסְטֶע פַארְטִיג ווֶערֶן צִיא דֶער
ווַייטֶן רַייזֶע . עֶס אִיז אַ לַאנְגֶער ווֶעג אוּנְד מַאן מוּז פִּיעֶלֶעס צִיא גְרֵייטֶן , דִיא ווֶעסְט
זִיךְ מִיט גֶעהְמֶען אַ פַּאסְסֶנְדִיקֶע בַּאלֵייטוּנְג , נִיט צִיא גְרוֹיס , כְּדֵי נִיט צִיא דֶער שְׁרֶעקֶן
דִיא פִיצְלַאךְ מְלוּכָה׳ס , וָואס דִיא ווֶעסְט מוּזֶן פַּאסִירֶן זַייעֶר לַאנְד , אוּנְד נִיט צִיא קְלֵיין
פַאר אַשִׁיטְץ אֶקֶענֶען אַן אַנְגְרִיף פִּין רוֹיבֶּערְס , אוּנְד ווִידֶער אוֹיךְ לְכָבוֹד , ווֶען דִיא ווֶעסְט
אָן קִימֶען אִין מִצְרַיִם מִיט דֶעם שְׁלִיחוּת . — דִיא ווֶעסְט דִיר מִיט גֶעהְמֶן אַ פָאלְשְׁטֶאנְדִיגֶע
קֶענִיגְלִיכֶע אוֹיס שְׁטַאפִירוּנְג , מִיט אַגִיטֶער צָאהל אָפִיצִירֶן , מְשָׁרְתִים אוּנְד אַלֶס־דִינְג
וִויא עֶס פַּאסְסְט זִיךְ פַאר אַ רֶעפְּרֶעזֶענְטַאנְטְן פִּין אַ מֶאכְטִיגֶן אַסִירִישְׁן מָאנַארְכְן , אוּנְד־
אוֹיךְ דַיין אֵייגֶענֶעם הוֹיכֶן שְׁטַאנְד אַלְס אַפְּרִינְץ פִּין קֶענִיגְלִיכֶער (גֶעבּוּרְט) תּוֹלְדָה . זֶענֶען
מִיר דֶען נִיט ־קַיינֶע גְלִיעד־גֶעשְׁווֶעסְטֶער־קִינְדֶער ? — דִיא ווֶעסְט אוֹיךְ מִיט גֶעהְמֶען דֶעם
גִילְדֶענֶעם גֶעצֶעלְט וָואס הָאט גֶעקֶעהְרְט מַיינֶער מִיטֶער , עָלֶיהָ הַשָׁלוֹם , פַאר דֶער
עֶגִיפְּטִישֶׁער כַּלָה , ווֶען זִיא וָואלְט חָאטְשׁ הַאלְבּ אַזוֹי שָׁאן זַיין וִויא מַיינֶע מִיטֶער עָלֶיהָ
הַשָׁלוֹם , ווֶעל אִיךְ שׁוֹין , מַיין פְרֵיינְד , זֶעהְר גְלִיקְלִיךְ זַיין , נָאר ווֶען זִיא ווֶעט אַפִילוּ
אַזוֹי אֵיינְפַאךְ אוּנְד אַזוֹי שְׁווַארְץ זַיין וִויא אַן ־עֶטְהִיָאפִּישֶׁעס מוֹידְל (כּוּשִׁיָה) ווֶעל אִיךְ
אוֹיךְ צִיפְרִיעדֶן זַיין , ווָארוּם מַיינֶע מִיטֶער הָאט זִיא פַאר מִיר אוֹיסְגֶעקְלוֹיבֶּן ! —

דְרַייסְסִיג טָאג זֶענֶען אַוֶועק גֶעלוֹיפְן אוּנְד אַלֶע אָן גְרֵייטַאכְצִין זֶענֶען פַארְטִיג
גֶעוֶועזֶען . דִיא מִילִיטֶערִישֶׁע בַּאלֵייטוּנְג אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען פוּן אַכְט הִינְדֶערְט רַייטֶער אִין

פאליטער באוואפנונג מיט גילדנע העלמס , אונד צוויא הינדערט רייט וואגן , דיא אללע האבן זיך פארגעשטעלט פאר דעם הויכן טויער פין דעם גרויס-ארטיגן „ פאלטץ פין נמרוד'ן „ דער ערבליכער פאליי פין דיא מלכי נינוה . אין דעם פארצירטן מרובע[1] אין פראנט , בוואכט פין צוויי ריעזנארטיגע לאבן , איז געשטאנען דאס שטאנד-בילד פינעם „ גבור ציד „ א קאלאסאלער מאנאליט (מאבן אחד) זיך אויפהעבנדיק זיבציק פיסס אין דער לופט , האלטנדיק איבערן קאפ א מאכטיג גרויסן שפיעז , וואס זיין גילדנער שפיץ האט אויף געכאפט אויף זיך דיא פלאמענדיקע שטראלן פין דער מארגן-זינן פריעהער פין גאנץ נינוה .

אללעס האט זיך אצונד אויסגעשטעלט פארן פאלאטץ . אין א פריוואט אודיענץ-צימער האט דער יונגער קעניג פאר אפגעשיידט דעם יונגען געזאנדטן ארבאצעס : פאר געזינדט מיין קאזען ! דער גאט פין אונזער לאנד זאלל זיין מיט דיר . זוים זיך ניט לאנג . איך ער ווארט דיין צוריק קימען אין פיער חדשים ארים ' דיא עדעל-שטיינער , וואס איך האב אין דיין האנד פארטראוועט זאלסטע דער כלה אליין אפ געבן אונד מיט זיי מיינע טיעפסטע עהרבאצייגונג פין מיין הארץ . - דיינע מארש-רוטע האב איך באפוילן זאלל געהן דורך דאס יודישע לאנד , כדי דיא זאלסט קאנען האבן אודיענץ מיט זייער מאכטיגן „ זעהער „ דעם פריינד פין דיא געטער „ איזאמעל „ זיי מיט איהם כורת ברית פין שלום אונד פריינדשאפט כדי דיא עגיפטער זאללן איהם ניט פריעהער געווינען פאר זיך (אויב דער שידוך וועט ניט גליקן) . ווארם א פאלק , חאטש עס האט אפילו ניט קיין קעניג , וואס קאן אבער אשטעל טין ציין מאהל הינדערט טויזנד בעלי מלחמה אין קריעג , וויא דיא עלצטע פין קאראוואנען (שירות) דערצאהלן קאן ניט געריננ געשאצט ווערן אי ניט פאר קיין פריינד אי ניט פאר קיין פיינד . לכן וועסטע דעם נביא בעזוכן , וואס זיין שם איז אזוי וויט געהערט אונד שליסס מיט איהם אפ אן אלליאנץ . דיא זאלסט דארט אויך געוואהר ווערן עפעס מעהר פין זייער פאליטיק , פין דעם אופן פין זייער רעגירן אונד זאלסט מיך אויף קלארן , וויא זיי קאנען האבן דהך ארץ פאר דיא געזעצע אן דער אוטאריטעט פין א מאנארך ?

„ איך וועל ניט פארפעהלן , מיין עדעלער קעניג „ , האט ארבאצעס געענטפערט ציא באריכטן אלס דינג , וואס איך וועל זעהן אונד הארן , אלס דינג וואס עס וועט האבן אן אינטערעססע וועל איך דיר ענטוועדער שיקן פין צייט ציא צייט אין אבריוו , אדער איך וועל עס אין מיינע לוחות אויפצייכנען , אונד וועל אויף דעם אופן מיינע גאנצע רייזע בעשרייבונג מיט מיר אהיים ברענגן אונד דיר איבערגעבן „ .

„ אט דעם קאסטבארן יאוועל זאלסטע דעם יודישן נביא איבער געבן אמתנה פין מיר . אונד בעט איהם ער זאלל זיך אן פרעגן בא דיא געטער אויב מיינע מלוכה וועט לאנג דאווערן אונד אויב זיא וועט גליקליך זיין . אונד צוגלייכער צייט זאלסטע

[1] איז אפיערעקגער פלאץ מיט , אדער אן בלומן אמאהל מיט א פאנטענע . אונד מאן ריעפט עם נאכן ענגלישן א סקווער '

טַאקִי גֶעוָואהְר װֶערֶן , װִיא אַזוֹי פִיהְלֶן דִיא עִבְרִים אַקֶעגֶן עֶגִיפְּטֶן ,״ .

״ בִּלְתִּי שׁוּם סָפֵק זֶענֶען זַייעֶרֶע גֶעפִיהְלֶע נָאךְ אִימְמֶער פֵיינְדלִיךְ װִיא אַמָאהְל אַקֶעגֶן מִצְרַיִם , וָוארְם אַ פָאלְק וָואס אִיז אַמָאהְל אַזוֹי שְׁרֶעקְלִיךְ פוּן זֵיי בַּאהַאנְדֶעלְט גֶעוָוארֶן , קָאן אַקֶעגֶן זֵיי קֵיין מָאהְל נִיט פְרֵיינְדלִיךְ זַיין , אַן אִימְגֶערֶעכְטֶע קְנֶעכְטְשַׁאפְט שְׁרַייט אַרוֹיס פוּן אַ נַאצִיאָנַאלֶן הַארְץ פִיעלֶע יָאהְר הִינְדֶערְטֶער שׁוֹין נָאךְ דֶער בַּאפְרַייוּנְג ״ , הָאט אַרְבַּאצֶעס גֶעעֶנְטפֶערְט . —

״ אֶמֶת ! אַן אֶמֶת׳ע לִיעבְשַׁאפְט צִין אַ פְרִיהֶערִיגֶן בַּאדרֶענְגֶער קָאן טַאקִי נִיט עֶקְזִיסְטִירֶן , פוּן אֵיינֶעם פוּן זַייעֶרֶע הֵיילִיגֶע בִּיכֶער , וָואס לִיעגְט אִים טֶעמְפֶּל פוּן אַסְסַארַאק (אַשְׁרוּךְ) הָאב אִיךְ מִיר אַמָאהל גֶעלָאזְט אִיבֶּערְזֶעצֶין פוּן אֵיינֶם פוּן דִיא כֹּהֲנִים , וָואס אִיז דֶענְסְטמָאהלְט גֶעוֶוען מַיין עֶרְצִיעהֶער אוּנְד לֶעהְרֶער , יֶענֶע װוּנְדֶערְלִיכֶע גֶעשִׁיכְטֶע פוּן זַייעֶר דֶערלֶאזוּנְג , דוּרךְ אַמַאכְטִיגֶן הֶעלְדֶן ! װִיא אַזוֹי עֶר הָאט גֶאשְׁפָּאלְטֶן דֶעם יַם מִיט דֶעם שְׁוֶוערְדְט פוּן זַיין גָאט , אוּנְד װִיא עֶר הָאט אַקֶעהר גִיטִיהְן דִיא פַייעֶר-בְּלִיטְצְנדִיקֶע-קְלִינְג אַקֶעגֶן מִצְרַיִם , דָאט עֶר מִיט אֵיין קְלַאפּ צֶערְשְׁטֶערְט אַלֶע חֵילוֹת פוּן דֶעם נָאכְיָאגֶנְדִיקֶן קֶענִיג . אִיךְ הָאב תָּמִיד גֶעפִיהְלְט אַ פַארְלַאנְגֶען עֶפֶּעס מֶעהר צוּא װִיסְסֶן פוּן זַייעֶרֶע גֶעשִׁיכְטֶע פִילל מִיט װוּנְדֶערְלִיכֶע זַאכֶן . וֶוען דִיא וֶועסְט זַיין אִין זַייעֶר לַאנְד , אוּנְד וֶועסְט גֶעפִינֶען אַ זָאלְכֶע בִּיכֶער , וָואס עֶנְטְהַאלְטֶן נָאךְ מֶעהר פוּן זַייעֶר גֶעשִׁיכְטֶע זָאלְסְטֶע נִיט שְׁפָּארֶן קֵיין גָאלְד , קוֹיף עֶס אוּנְד בְּרֶענְג עֶס אַהֶער . רֶעמְעזֶעס (רַעְמְסֵס) דֶער פְרִינְץ פוּן דַאמַאסְקוּס (דַמֶּשֶׂק) , וָואס זַיינֶע בְּרִיװ צוּא דֶעם פֶהאֶנִיצִישֶׁן קֶענִיג הָאט מֶען אִיבֶּער גֶעגֶעבֶּן , פַאר פִיער הִינְדֶערְט יָאהר , אֵיינֶעם פוּן אוּנְזֶער מִשְׁפָּחָה , הָאט גֶעשְׁרִיעבְּן אַז צוּא זַיינֶער צַייט , הָאבֶּן דִיא עִבְרִים פַארלָאזְט דֶעם מִדְבָּר , אוּנְד הָאבְּן זִיךְ גֶעלָאזְט גֶעהְן אַיינְגֶעהמֶען אַלַאנְד , וָואס זַייעֶרֶע גֶאטֶער הָאבֶּן זֵיי בַּאפוֹילֶן זִיךְ דָארְט צוּא בַּאזֶעצֶן . — וֶוען דִיא וֶועסְט הֶערֶן פוּן אַזָאלְכֶע שְׁרִיפְטֶן , וָואס בֶּעשְׁרַייבֶּן דֶעם פָּארטְשְׁרִיט , דִיא מִלְחָמוֹת , אוּנְד דֶעם נִצָּחוֹן פוּן דֶעם לַאנְד , װִיא זֵיי וָואהְנֶען שׁוֹין אַ פִיעֶר הִינְדֶערְט יָאהר אָהן אַקֶענִיג , זָאלְסְטֶע דִיר מִיה גֶעבְּן אַ קָאפִּיֶע פוּן דִיא סְפָרִים צוּא בַּאקִימֶען , אוּנְד וָואס דִיא וֶועסְט הֶארֶן אוּנְד זֶעהְן אוֹיף דַיינֶער רַייזֶע זָאלְלְסְטֶע מִיר כְּסֵדֶר אוֹיפְשְׁרַייבֶּן (װִיא רֶעמֶעזֶעס הָאט אַ מָאהל גֶעשְׁרִיעבְּן צוּא זַיין קֶענִיגְלִיכֶן פַאטֶער ¹) . אוּנְד וֶוען דִיא וֶועסְט צוּרִיק קִימֶען , וֶועל אִיךְ עֶס אַלֶּעס לָאזֶן אוֹיף פַּארְמֶעט אוֹיפְשְׁרַייבֶּן אוּנְד אַיינְבִּינְדֶן אִין גָאלְד אוּנְד וֶועל עֶס הֵייסְסֶן אַנִידֶער שְׁטֶעלְלֶן נֶעבֶּן אַלֶע קֶענִיגְלִיכֶע בִּכֶער אִין דִיא אַרְחִיוֶוען (בִּיכֶערְזַאמְלוּנְג) פוּן נִינוּם פַּאלַאץ .״

״ דָאס וֶועט אַצִיגְרוֹיסְסֶער כָּבוֹד פַאר מִיר זַיין , גִיטִיקְסְטֶער קֶענִיג ״ ; הָאט אַרְבַּאצֶעס גֶעעֶנְטְפֶערְט מִיט גְרוֹיס עֲנִיווּת . — דֶער פְרִינְץ אַרְבַּאצֶעס הָאט זִיךְ אַצִינְד גֶעלָאזְט אַרוֹיס פִיהְרֶן , פוּן אַגְרוֹיסְסֶן קַאמֶערְדִינֶער : — גֶעטְרָאגֶן הָאט דֶער פְרִינְץ

---

1) יענע בריװ באשריבן דיא יודישע געשיכטע פון אברהם אבינו ביז אין דעם מדבר , אונד װעט אויך פון מיר געדריק װערן , װען דאס װערק װעט חן געפינען בייא מיינע ברידער

אַ מַאנְטִיל פוּן פּוּרְפּוּר, אוֹיסגֶעשְׁטִיקְט מִיט גִילְדֶענֶע שְׁטֶערן אוּנְד זִילְבֶּערְנֶע בְּלוּמֶען. אוֹיפְן קָאפּ אַהוֹיכְן סְפָּאדְרָאק פוּן טַייֶערְן זַאמֶעט, מִיט אַ בְּרִילְלִיַאנְטֶענֶעם קְנָאפּ, פָאְרשְׁטֶעלֶנְדִיק אַ קָאפּ פוּן אַ בְּרֶענֶענְדִיקֶער שְׁלַאנְג, בַּאדֶעקְט מִיט אַ נֶעץ פוּן גֶעוֶועבְּטֶע גִילְדֶנֶע פָאדֶם. אַזוֹי הָאט עֶר פַּאסְסִירְט אַ גְרוֹיס אַרְטִיגֶע הַאלְלֶע, וָואס אִיז גֶעוֶוען אָהן אַדַאךְ, אָפְּן פוּן אוֹיבְן אַקֶעגֶן דֶעם קְלָארֶן אַזוּר–בְּלָאוֶוען*) הִימֶל, אוּנְד אִיז גֶעוֶוען אוֹיסְגֶעפִּיצְט מִיט דִיא עֶלֶעגַאנְטֶעסְטֶן פִיגוּרֶן גֶעמָאהלְט מִיט דִי לֶעבְּהַאפְטֶעסְטֶן פַארְבְּן אוֹיף צֶעדֶער–הָאלְץ–טָאבְלֶען. אוֹיף דֶעם אַיינְגַאנְג פוּן דֶער פְּרֶעכְטִיגְן הַאלְלֶע אִיז גֶעוֶוען אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט דֶער עֶמְבְּלֶעמַאטִישֶער (זִינְבִּילְדְלִיכֶער) בַּאפְלִיגְלְטֶער צִירְקֶל פִינֶעם אַסְסִירִישְׁן גָאט „אַשְׁרוֹךְ“ בְּלִיטְצֶנְדִיק מִיט דֶעם פַייֶערְדִיקְן גְלַאנְץ פוּן דִיא טְהַייֶערְסְטֶן עֶדֶעלשְׁטֵיינֶער. פַארְלָאזֶנְדִיק דִיא הַאלְלֶע אִיז עֶר דוּרְךְ גֶעגַאנְגֶען אַלַאנְגְן קָארִידָאר, וָואס זַיינֶע זַיילֶן זֶענֶען גֶעוֶוען זֶעהר רַייךְ פַארְגִילְט אוּנְד דִיא קַארְנִיסְסֶן (רָאשֵׁי הָעַמּוּדִים) זֶענֶען גֶעוֶוען זֶעהר קוּנְסְט–רַייךְ אוֹיסגֶעשְׁנִיצְט אוּנְד בַּאדֶעקְט מִיט פְּלַאטִירְטֶן גָאלְד. וֶוערֶנְד דֶער אַרְכִיטְרַאב (הוֹיפְּט בַּאלְקֶן) אִיז גֶעוֶוען צוּזַאמֶען גֶעזֶעצְט פִין דִיא פַארְשִׁיעדֶענְסְטֶע אוּנְד זֶעלְטֶענֶע הָאלְץ־אַרְטֶן אוּנְד אוֹיסגֶעאַרְבֶּעט מִיט אִימְאִיבֶּערְטְרֶעפְלִיכֶער קוּנְסט אוּנְד גֶעשִׁיקְלִיכְקֵייט. אִין אַן אַנְדֶער זַאאַל, וָואס עֶר הָאט פַּאסְסִירְט, אִיז גֶעוֶוען אוֹיסגֶעשְׁטֶעלְט כְּשׁוּרָה סְקוּלְפְּטָאר–פִיגוּרֶן (חֲצוּבֵי–אֶבֶן) אִין אַנְשְׁטֶאנְדִיגֶער שְׁטֶעלְלוּנְג; קֶאנִיגֶע, אַנְשֵׁי חַיִל, כֹּהֲנִים אִין אַ פְּרָאצֶעסְיָאן (הַקָּפוֹת) דוּרְךְ אַ הֵיילִיגֶען וַואלְד. דִיא רִצְפָּה אִיז גֶעוֶוען אוֹיסגֶעלֵייגְט מִיט אַלַאבַּאסְטֶער (שַׁיִשׁ טָהוֹר)–טָאבְלֶען, וָואס הָאבֶּן גֶעמֶעלְדֶעט אִין גִילְדֶנֶע אוֹתִיּוֹת דִיא גְבוּרוֹת פִינֶעם מָאנַארְךְ וָואס הָאט אוֹיפְגֶעבָּאוֶועט יֶענֶעם חֵלֶק פִינֶעם פַּאלַאטְץ. אַצִינְד אִיז עֶר דוּרְךְ גֶעגַאנְגֶען דֶעם בְּרִינֶען–הוֹיף אוּנְד אִיז אָנְגֶעקִימֶען צִין אַ גְרוֹיסְמֶאכְטִיגְן טוֹיעֶר, וָואס צִיא זַיינֶע בֵּיידֶע זַייטֶן הָאבְּן גֶעוַואכְט רִיעזֶנְהַאפְטֶע לֶאבְּן מִיט פְלִיעגֶל אוּנְד מִיט פָּנִימֶער פִּין גִיטֶע אוּנְד קֶאנִיגְלִיךְ בְּכָבוֹדִיקֶע מֶענְשֶׁן.–

יֶעצְט אִיז עֶר אָנְגֶעקִימֶען צִים וֶועסְטִיבּוּל (פָארְהוֹיף) פִינֶעם גְרוֹיסַארְטִיגֶן פַּאלַאטְץ, וָואס אַ הִינְדֶערְט מָאנַארְכֶן הָאבְּן זִיךְ בֶּאמִיעהט צִיא פַארְגְרֶעסֶרְן, אוּנְד פַארְבֶּעסֶערְן בִּיז דִיא בִּנְיָנִים הָאבְּן בַּאדֶעקְט אַגְרוֹיסְסֶן אוּנְד אַ לַאנְגְן פְּלַאטְץ.– אָט דֶער פָארְהוֹיף אִיז גֶעוֶוען בַּאמָאהלְט אוּנְד בַּאפִּיצְט מִיט בְּלָאוו אוּנ גָאלְד, מִיט עֶלְפֶנְבֵּיין אוּנְד צֶעדֶער–הָאלְץ. אוֹיף דִיא זַייטְן זֶענֶען גֶעוֶוען פָארְגֶעשְׁטֶעלְט גֶעפְלִיעגְלְטֶע כֹּהֲנִים, קְרוֹינֶענְדִיק מְלָכִים. פְּרָאצֶעסְסְיָאנֶען פִּין רֶכֶב וּפָרָשִׁים אוּנְד רֶעלִיגִיאָזֶע צֶערֶעמָאנִיעֶן, אַלְלֶעס אִין סְקוּלְפְּטוּר פִּין רֵיינְסְטֶן אַלַאבַּאסְטֶער אוּנְד בַּאמָאהלְט מִיט דִיא בְּרִילְלִיַאנְטֶעסְטֶן פַארְבְּן פִינֶעם גְרֶאסְטֶן קִינְסְטְלֶערְס בֶּערְשְׁטֶל. אִיבֶּערְן טוֹיעֶר אִיז גֶעוֶוען גֶעמָאהלְט אַ קָאלָאסַאלֶע פִיגוּר פִּין דֶעם עֶרְשְׁטֶן „זַארְדָאנַאפָּאלוּס“ וִויא עֶר שְׁטֶעהט אוּנְד אִיז מִתְפַּלֵּל פַאר דֶעם אוֹיסגֶעשְׁטֶערְנְטֶן הִימְמֶל, אִין דִיא הֶאנְט הַאלְטֶנְדִיק אַ גִילְדֶענֶם כּוֹס אָן גֶעפִילְט מִיט אַ קָרְבָּן פַאר אַ מִנְחָה.–

אָט דֶער גְרוֹיסמֶאכְטִיגֶער טוֹיעֶר הָאט גֶעפִיהְרְט צִיא דֶעם אוֹיסְגַאנְג פִינֶעם פַּאלַאטְץ,

---

*) אזור איז א פארב, אונד הייסט אויך הימל בלאוו. הויך בלאוו.

אוּנְד אַרְבַּאצֶעם דוּרְךְ גֶעהֶנְדִיק דוּרְךְ דִיא שׁוּרוֹת פוּן דֶער גַארְדֶע (שׁוֹמְרִים) אִין בְּרָאנְזֶענֶע וַואפְן, אִיז עֶר עֶנְדְלִיךְ אָנְגֶעקִימֶען וִויא זַיין רַייט-פֶערְד אִיז גֶעשְׁטַאנֶען, גֶעהַאלְטֶן פִין צְוַייא אִינְדִישֶׁע שְׁקְלַאוֶוען, מִיט אֵיין שְׁפְּרִינְג אִיז עֶר שׁוֹין גֶעזֶעסֶן אִין זָאטְל, אוּנְד מִיט אַ קְלֵיינֶעם גַאלָאפּ אִיז עֶר בַּאלְד גֶעוֶוען בַּאיי זַיינֶער לֶעגִיאָן אַצִינְד זִיךְ שְׁטֶעלְנְדִיק גְלַייךְ מִיט זַיינֶע אָפִיצִירֶע, אַלְלֶע בְּלִישְׁטשֶׁענְדִיק פִין גָאלְד אוּנְד פָּאלִירְטֶן שְׁטָאהל הָאבְּן זֵיי זִיךְ בַּאלְד גִילָאזְט פָארְוֶוערְטְס דוּרְךְ דֶער פַיינְסְטֶן אַלֶעע, וָואס הָאט גֶעפִיהְרְט פִינֶעם פְּרָאנְט פִין דֶעם „אַרְמוֹן הַמְלָכִים“ בִּיז צִים שְׁטָאדְט טוֹיעֶר אוֹיף דֶער מֶעֲרִיב זַייט. בְּרֵייט אִיז דִיא אַלֶלֶעע גֶעוֶוען פַאר צְוַויי הִינְדֶערְט רַייט-וָואגְן אִין דֶער בְּרֵייט גֶעהֶנְדִיק׳ אוֹיף בֵּיידֶן זַייטֶן זֶענֶען גֶעוֶוען פַּאלַאטְצֶן׳ אוּנְד פַאר דִיא זַיילֶן פִין זֵייעֶרֶע טוֹיעֶרְן הָאבְּן גֶעהָאוֶוערְט גֶעפְלִיעגֶלְטֶע אָקְסֶן, אָדֶער אַלַאבַּאסְטֶערְנֶע לֶאבְּן פִין קָאלָאסַאלֶער גְרוֹיס־קַייט, מִיט מֶענְשְׁלִיכֶע פָּנִימֶער, אָדֶער זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען שְׁטַאטוּעֶן פִין גֶעפְלִיגֶלְטֶע חַיוֹת וָואס זֶענֶען אֲפִילוּ גָאר נִיט בִּנְמְצָא, נָאר מִיט זֶעהר עֶלֶעגַאנְטֶע פָארְמֶען, שְׁטַאטוּעֶן פִין שְׁטֵיין פִין קָאלָאסַאלֶע שְׁלַאנְגֶען וָואס דְרֶעהֶענְדִיק אִין מֶאכְטִיגֶע רִינְגֶע זֶענֶען זֵיי גֶעלֶעגְן נֶעבְּן דִיא טִירֶען פִין טֶעמְפְּלֶען, גָארְטְנְס, קְלֵיינֶע זֶעעֶן, טֶערְרַאסְסֶן, אוּנְד פָאנְטַאנֶען הָאבְּן גֶעצִיעֶרְט דִיא פְּרָאנְטֶן פִין דִיא פַּאלֶעצֶע וָואס הָאבְּן זִיךְ גֶעצוֹיגְן אִין אוּנאוּנְטֶערְבְּרָאכֶענֶעם גְלַאנְץ אוּנְד שׁאֶנְקַייט אַן עֶרֶךְ פִין זִיעֶבְּן וֶוערְשְׁט לַאנְג בִּיז אַלֶלֶעם הָאט זִיךְ גֶעעֶקְט אִין אַ גְרוֹיסאַרְטִיגֶן פִיעֶר-עֶקִיגֶן קַאסְטֶעלל (חוֹמָה בְּצוּרָה) וָואס הָאט פַארְטֵיידִיגְט דֶעם רִיעזְן-טוֹיעֶר פִין דֶער שְׁטָאדְט. פַּאסִירְנְדִיק דוּרְךְ אָט דֶעם טוֹיעֶר בַּאלֵייט פִין זַיין בְּרִילְלִיַאנְטֶענֶעם עֶסְקָארְט (לְוָיָה) אוּנְד אַרִיבֶּערְגֶעהֶענְדִיק דֶעם חִדֶקֶל (טִיגְרִיס), וָואס אִיז קִינְסְטְלִיךְ אַרִים גֶעפִיהְרְט אַרִים דֶער שְׁטָאדְט פַאר אַ פַארְטֵיידוּנְג, אִיבֶּער אַ בְּרִיק, וָואס אִיז גֶעשְׁטִיצְט אוֹיף הוּנְדֶערְט זַיילְן, אַ יֶעדֶע זַיילֶע אַ קָאלָאס, אִיז עֶר עֶנְדְלִיךְ אָנְגֶעקִימֶען צִיא דֶער קֶאנִיגְלִיכֶן קַארַאוַואנֶע, וָואס הָאט אָט אָ דָאה, אַ וֶוערְשְׁט צְוַויי פִין דֶעם שְׁטָאדְט-טוֹיעֶר אוֹיף אִיהם גֶעוַוארְט בַּאיי דֶער קְוֶועלְלֶע פִין נִינְוֵה. דִיא קַארַאוַואנֶע אִיז בַּאשְׁטַאנֶען פִין צְוַויי הִינְדֶערְט קֶעמְלֶען, וָואס זֶענֶען גֶעוֶוען בַּאלַאסְטֶעט מִיט דִיא גֶעצֶעלְטֶע אוּנְד אַלֶלֶע סָארְטֶן פִין פְּרָאוִויזְיָאנֶען, דַאנְן דְרַיי הוּנְדֶערְט פֶערְד אוֹיף זַאפַּאסְ, פִיעֶר הִינְדֶערְט מוֹיל-עֶזֶעל אוּנְד אַ זֶעכְצִיג וֶועגְן. אוֹיף אַ גִיגֶעבְּנֶם זִיגְנַאל הָאט זִיךְ דִיא קַארַאוַואנֶע אָנְגֶעהוֹיבְּן צִיא בַּאוֶועגְן, אוּנְד אַזוֹי וִויא יֶעדֶע אָפְּטֵיילוּנְג הָאט זִיךְ גִיהַאט אִיהר עֶלְצְטֶן אוּנְד אִיבֶּער אַלְלֶם אִיז עֶרְשְׁט גֶעוֶוען אַ קֶאנִיגְלִיכֶער אִיבֶּערְזֶעהר, וָואס עֶר אִיז אַלֵיין גֶעוֶוען פַארֶענְטְפֶערְלִיךְ, פַאר דֶער אוֹיפִיהְרוּנְג פִין דֶער גַאנְצֶן חֶבְרָה, הָאט דֶער יוּנְגֶער אַמְבַּאסַאדָאר נִיט מֶעהר גֶעהַאט צִיא טְהִין, אַלְס צִיא רַייטְן בְּרֹאשׁ פִין זַיינֶער לֶעגִיאָן אוּנְד בַּאמֶאהְלִיכֶן פַארְפָאלְגֶן זַיינֶע רַייזֶע גֶען מֶעֲרִיב זַייט.

נָאכְן דְרִיטְן טָאג רַייזֶע הָאבְּן זֵיי פַארְלָאזְט דֶעם שׁאֶנֶען טִיגְרִיס-טְהָאל מִיט זַיינֶע אַנְגֶענֶעהמֶע אוּנְד בַּאקֶענְטֶע סְצֶענֶען, אוּנְד הָאבְּן אַצִינְד אַיינְגֶעשְׁלָאגְן אַוֶועג מֶעהר גֶען זִיד-וֶועסְטְן (דָרוֹם׳ מַעֲרָב׳), אוּנְד אוֹיפְן זִיבֶּעטֶן טָאג הָאט אַרַאבַּאצֶעם, רַייטְנְדִיק פָארְאוֹיס, דֶער זֶעהן דֶעם עֶפְרַאטֶעס (נְהַר פְּרָת) זִיךְ שְׁלֶאנְגֶעלְנְדִיק דוּרְךְ זַיין בַּאצוֹיבֶּערְנְדִיקֶן טְהָאל נָאךְ

פין דער ווייטן, אונד באיי אינטערגעהנדיקער זין, האט דער טייך אפנים געהאט וויא אקרימע שלאנג מיט שופפן פין פאלירטן גאלד ליעגענדיק אויף דעם וועללן-ארטיגן האריזאנט, אויף דעם ברעג האט געבלישטשעט דער בראנזענער דאך פין א טעמפעל, אונד טאקי ניט ווייט האבן געשיינט דיא פאלאטצן פין זיינע כהנים: ווארים דאס איז געוועזן א היילינער ארט פין דער אלטן בבלשן מלוכה. א הינדערט פיפציק ווערשט ניעדעריקער איז טאקי געשטאנען בבל אין איהר גלאנץ אונד פראכט, נאהר א מדרגה וועניגער פין נינוה אליין, רעגירט פין א פרינץ וועלכער איז געוועזן באשטימט פאר איהר פין דעם אססירישן מאנארך; ווארים דיא צוויי מלוכות זענען אצינד געוועזן פאראייניגט אונטער איינעם צעפטער.

" איך וואלט מיך זעהר געפרייט "דאט ארבאצעס אזאג געטיהן צים אלטן גענעראל, וואס האט געריטן נעבן איהם." אונזערן וועג אנעם ציא טין אביסל מעהר געגן דרום ציא, אונד אזוי פאססירן חאטש נעבן בבל, ווען ניט דורך איהר, נאר דאס וועל איך שוין טהין ווען איך וועלל צוריק קעהרן פון מצרים, ווארם איך גאהר זעהר ציא זעהן אונזערע זידליכע הויפטשטאדט פין אונזערער פאראייניגטן מלוכה !—"

„עס וואלט בעססער געוועזן, מיין העררר פרינץ", האט דער גראוו-קאפיגער גענעראל אזאג גיטהין מיט אינטערטהאניגקייט", דיא שאנע פרינצעססן, אדער אפילו איך אלליין, ניט ציא פארטראוען, מיט אזא קליינעם עסקארט אין דיא האנדט פין בעלעזים פין בבל, מאן מימעלט שטארק אויף איהן, אז ער האט שטארק חשק ציא ווערן א מלך בבל, אונאפהאנגיג פין נינוה ! ער באמיהט זיך שטארק דאס בבלשע חיל אויף זיין צד ציא געווינען, דיינע געגענווארט וואלט נאך דער מרידה ציא געהאלפן, ווארם ער וואלט ניט גיקאנט באשטעהן דעם גרויססן נסיון, דיך מיט דער פרינצעססין ניט ציא חאפן אונד איך געפאנגן ציא נעהמען אלס א משכון, ביז ער וועט אויספיהרן זיין פלאן. מיט אזעלכע משכנות אין זיינע האנדט, וועט ער זיך ערצווינגען פין בעללוסן, פאר איירע אויסלאזונג, דיא קרוין פון בבל !— ניין, מיין פרינץ, לאמיר אונז ניט פארטראוען אין דיא האנדט פינעם ניעדערטראכטיגן רעגירער אין בבל, מיר זענען שוין אצינד איהם ציא נאהנט." אונד מיט א וויכטיגער מיענע אין זיין פנים האט ער ווייטער אזאג געטהין וויא בסוד, „זיינע מאיעסטאט, אונזער הערשער פין נינוה, האלט דעם וויצע-קאניג אין חשד, ווען דאס אללעס וועט ארויס קימען אלס אן אמת, וועט אין יענעם טאג געשעהן, אז דיא זין, וואס וועט אויף געהן אונד באשאיינען בעלעזים וויצע-קאניגליכע קרוין, וועט זיא באיי איהר אינטערגעהן איהם געפינען אן א קרוין אונד אן א קאפ אויך !"—

אויסריהענדיק דיא נאכט אויף דעם ברייטן, פין בלומען עמאלירטן, פליין. פינעם פראכטפאללן פרת, זענען מיר איהן אויף מארגן אריבער געגאנגען נעבן דעם טעמפל באקטרים, איבער א בריק אויסגעפיצט מיט בילדער אונד היילינע פיגורן, וועהרענד אם אנדערן עק פין דער בריק אין א וואלדעלע פארן טעמפל איז געשטאנען, וויא אשומר, א זימבאלישע שטאטוע, וואס איז געוועזן צינאויף געשטעלט אונ צוזאממענגעזעצט פין

פִיעֶר פַּרְצוּפִים (פָּנִים) אַמֶענְשְׁנס, אַלֶאבְּס אַן אָקְסְנס אוּנְד אַן אָדְלֶערְס.— אַבִּיסֶל וַויִיטֶער פֵּין דֶער שְׁטַאטוּעֶ אִיז גֶעוֶוען „דֶער הֵיילִיגֶער וֶועג“ אוֹיף וֶועלְכֶען, הָאבְּן גֶעמָאגְט נָאר דִיא כֹּהֲנִים אַלְלֵיין גֶעהְן אִין דֶעם טֶעמְפֶּל אַרַיין.—

דִיא קַארַאוַואנֶע הָאט גֶעמוּזְט דֶעם אָרְט בַּאמֶאהְלִיכְן אַרִים גֶעהְן, וָוארִם דָאס ווָאלְדִיל אִיז גֶעוֶוען אַ הֵיילִיק אָרְט, וֶועהְרֶענְד אַרְבַּאצֶעס אִיז צוּגֶעטְרֶעטְן צוּם מִזְבֵּחַ, נֶעבְּן וֶועלְכֶן זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען זִיעבְּן כֹּהֲנִים, זֵייעֶר כֹּהֵן־גָדוֹל הָאט גֶעהַאט אַמִין מַלְבּוּשׁ מִיט פְּלֵיעגֶל אוֹיף דֶעם רִיקְן, זֵיי זֶענֶען גֶעוֶוען צוּזַאמְמֶען גֶעזֶעצְט פִּין דִיא טְהַייֶערְסְטְן אוּנְד שֶׁאֶנְסְטְן פֶעדֶערְן פִּין אָרִיעֶנְטַאלִישֶׁע פֶאגֶל. דָאס אִיז גֶעוֶוען אַמִין בֶּגֶד כְּהוּנָה. דִי פְּלִיֶעגֶל הָאבְּן גֶעגְרֵייכְט פִּין דִיא פְּלֵייצֶעס בִּיז צִיא דִיא קְנָאכְל פִּין דִיא פִּיסס, וֶועהְרֶענְד זַיין שְׁנֶעֶע־וַויִיסֶער בָּארְד הָאט גֶעגְרֵייכְט בִּיז אִינֶעם גַארְטֶל.— דֶער אַסְסִירִישֶׁער אַמְבַּאסַא־דָאר הָאט דֶעם כֹּהֵן־גָדוֹל גֶעגְרִיסְט מִיטְן גְרֶאסְטְן כָּבוֹד, אִיהְן בֶּעטֶענְדִיק פַאר זַיין תְּפִלָּה אוּנְד בְּרָכָה אוֹיפְן וֶועג. דֶער כֹּהֵן־גָדוֹל הָאט נָאר וָואס גֶעוָואלְט אָפְּרִיכְטְן זַיין תְּפִלַּת־שַׁחֲרִית הָאט עֶר פָּארְט מִיט גֶעדוּלְד אוּנְד גוּטְסַקַייט אוֹיסְגֶעהָארְכְט אַרְבַּאצֶעס שְׁלִיחוּת, אוּנְד הָאט צִין אִיהְם אָט אַזוֹי גֶעזָאגְט :

„ אוֹיבּ דִיא גֶעהְסְט דוּרְךְ דָאס לַאנְד וָואהְ עס וָואהְנְט דֶער מֶאכְטִיג עבְרִישֶׁער נָבִיא אִיזַאמֶעל , בְּרֶענְג אִיהְם דֶען אוּנְטֶער טְהֶאנִיגְסְטֶן גֶערִיסְ פִּין דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל פוּן בַּאקכוּס דֶעדָאנאה [1] וָוארִים מִיר הָאבֶּן גִיהֶאָרְט פִּין זַיינֶער ווִינְדֶער פָאלְלֶן קְרַאפְט , אוּנְד אַז עֶר הָאט גֶעפִינֶען גְרוֹיסְן חֵן אִין דִיא אוֹיגֶן פִּין דִיא גֶאטֶער פִּין זַיין לַאנְד · עֶר רִיפְט אַרָאפּ דֶעם בְּלִיטְץ פִּינֶעם הִימֶעל מִיט אַ מַאךְ פִּין זַיין שְׁטֶעקֶן! מִיר עֶהְרֶן דִיא נְבִיאִים פִּין אַלֶּע לֶאנְדֶער וָוארִים מִיר גְלוֹיבֶּן , חָאטְשׁ דִיא גֶאטֶר זֶענֶען אַזוֹי פִּיעל וִויא דִיא שְׁטֶערֶן , בַּאצִיעֶהֶען זֵייא אַלְלֶע דָאךְ זֵייעֶר כֹּחַ נָאר פִּין אֵיינֶעם , דֶעם הֶעכְסְטֶן גַייסְט פִּינֶעם וֶועלְט ־ אַלְ ! דָאס אִיז דֶער סוֹד פִּין אִינְזֶערֶער רֶעלִיגְיָאן , אָ פְּרִינְץ ! אוּנְד מִיר זֶענֶען עס מְגַלֶּה נָאר דֶעם ווִירְדִיגֶן , נָאר אַזוֹי וִויא דִיא בִּיסְט דֶער קָאזֶען פִּינֶעם גְרוֹיסְן קֶענִיג בֶּעלְלוּם הָאט מֶען דִיךְ אַוַודַאי גֶעלֶערִינְט צִיא אוּנְטֶער שֵׁייְדֶן דָאס , וָואס אִיז ווִירְקְלִיךְ גְרוֹיס אוּנְד דָאס וָואס אִיז בֶּאֱמֶת גִיט פִּין דֶעם וָואס וַוייזְט זִיךְ נָאר אוֹיס אַזוֹי דֶער אִיגְנָארַאנְט (בְּלִי־דַעַת) נָאר שְׁטֶעלְט זִיךְ פָּאר דֶען הֶאכְסְטֶן אִין מִירְמְל שְׁטֵיין אוּנְד אִין זִימְבָּאלְן , מִיר אָבֶער בַּאגְרַייפְן אִיהְן מִיט אוּנְזֶערֶן גַייסְט , אוּנְד מִיט אוּנְזֶערֶע גֶעדַאנְקֶען , מִיר פִּיהְלֶן אוּנְד ווִיסְן אַז אַן אֵייבֶּערְשְׁטֶער גַייסְט עֶקְזִיסְטִירְט ! “

נָאךְ דֶער קִירְצֶן אִינְטֶערְהַאלְטוּנג הָאט דֶער כֹּהֵן גָדוֹל בַּאפוֹילְן מַאן זָאלל אָן הוֹיבֶּן דָאס מָארְגֶן־ גֶעבֶּעט· וָוארִים גְרָאד אִין דֶעם אוֹיגֶן־ בְּלִיק הָאט זִיךְ בַּאוִויזֶן דֶער גְלַאנְצֶענְדִיקֶער בְּרֶעג פִּין דֶער מָארְגֶן־זִין אוֹיף דֶעם הָארִיזָאנְט · דִיא זֶעקְס פְּרִיֶעסְטֶער הָאבֶּן זִיךְ אַ נֶעהְם גִיטְהִין צִיא זֵייעֶרֶע צִימְבֶּלֶען אוּנְד צִיא דֶעם שְׁפִּיעֶל הָאבֶּן זֵיי מִיט זֵייעֶרֶע קְרֶאפְטִיגֶע קוֹלוֹת צִיא גֶעזִינְגֶען , וֶועהְרֶנד דֶער בְּכָבוֹדִיקֶער כֹּהֵן־גָדוֹל הָאט גֶענֶעהְמֶען הֵיילִיקְן פַייֶער פִּין אַ

1) דדונה

פייער־פאן , אונד האט דער מיט אן געצינדען אשטעקעלע פין א פייגעם ריח אונד האט עס אנידערגעלעגט אויף דעם מזבח ׳ דאס האט זאפארט אנגעהויבן שטארק ציא פלאמען, איז אן אכטער פריעסטער אצינד ציא געקימען אונד האט ארויף געלעגט אויף דעם אלטאר א בראנזענע שלאנג , אונד א יונגל האט מקטיר געוועזן פאר איהר קטורת ׳ דיא פריסטער האבן אונטערדעססן געשפיעלט אויף דיא צימבלען אונד האבן געזינגען ;

ווילקאמען חכמה אונד ליכט ! איהר כוחות פינעם אניווערז ! וואס שאפט אלסדינג " עס איז נישטאה גראססערעס אלס ליכט ! קיין אייבערשטערעס אלס חכמה " ׳ האט דער כהן גדול געענטפערט האלטענדיק דיא בראנזענע שלאנג אקעגן דער מארגן־ זין , וואס איז אצינד ארויס איבערן האריזאנט אין איהר פאללסטן גלאנץ ׳ ־ " דאס וועזן פין אללע זאכן איז ליכט ! " האט דאס יונגל אזינג געטהין מיט זיין דינטשיק קול׳בען , אונד דער נאך האבן אקלאפ געטהין אללע אין איינעם !

ליכט איז פאר בארגן אונטער אלל דינג וואס עס שיינט !
שלעכטס אונד ליכט קאנען קיין מאהל ניט וואהנן אין איינעם !
דער גייסט פין פינצטערקייט אנטלויפט פאר דעם ליכט !
זין, לבנה, שטערן, בליץ פייער, דיא אללע רעגירן דען אניווערז !
אללע דיא דאזיגע זענען דאס וועזן פינעם האכסטן גאט ! —

וועהרנד דער עבודה איז ארבאצעס געשטאנען מיט זיינע אפיצירע אין אשטעללונג פין בכבודקייט אונד שטילל שווייגן ׳ נאך דער עבודה האט זיי דער כה״ג געבענשט ׳ האבן זיך געזעגנט , אונד אין אפאר מינוט האבן זייא דער יאגט זייער קאראוואנע ׳ — צוויא טאג האבן זיי מארשירט געגן דרום , דער נאך האבן זיי זיך אשנית געטהין דירעקט געגן מעריב פיער טאג כסדר , אויף דעם פערצענטן טאג פין זייער נסיעה פין נינוה , איז זיי ציא דיא אויגן געקימען א שורה פין הויכע טינקעלע בערג , אונד דער פיהרער פין דער קאראוואנע , האט דאה דעם פרינצן גע מעלדעט אז פין זייער שפיץ קען מען שוין אויסזעהן דעם טהאל פינעם ירדן ׳ דער פרינץ איז איבער־פראהליך געוועזן איבער דעם אנבליק פין דער ריעזן־ארטיגער בארג־וואנד , וואראם דער הויכער אונד גלייכער ריקן איהרער , לויפט אין איין מאסס פיעלע ווערשט אינאינטערבראכן , אזוי אז עס האט טאקי נאר אפנים פין אוואנד׳ ובפרט אז דיא טראדיציאן וויל האבן אז דיא ריעזן (נפילים) וואס האבן געלעבט קודם המבול האבן אויפגעווארפין אט א דיא גרויססע אונד לאנגע וואנד , כדי דער מבול זאלל ניט קאנען ציטרעטן ציא זייערע וואהנונגען ׳ — וויא באלד ארבאצעס האט דאס דער הערט האט ער מיט זיך מיט גענעהמען א הינדערט גארדיסטן אלס שומרים , ווארים שוין זייט א פאר טאג דרעהן זיך עפעס ארים פין דער וייטן טאקי אמין ווילדע רייטערס באוואפנט מיט לאנגע לאנצן, אונד אין דריי שטונדן האט ער דער גרייכט דען בארג! וואס פאר א שאנע אויסזיכט האט זיך איהם דאה פליצם אן אפן גיטהין פאר זיינע אויגן? פינעם וועסטליכן פיסס פינעם בארג האט זיך אויסגעשטרעקט א שאנער גרינער טהאל , אן געפיללט מיט דארפער, קליינע ארים געצוימטע שטאדטעלאך אונד

קאסטעללע ! פעלדער מיט גילדנער תבואה , רייכע וויינגארטענער , גרינע , איינזאמע , טהאלן פיל מיט הערדען פון רינדער אונד שאף ·

„ דאס איז א לאנד , וואס איז פילל מיט רייכקייטען אזוי גוט וויא ליעבליך אן ציא קוקן , עס איז אמת , אז עס פליעסט פון מילך אונד האניג , דאס מוז זיין דאס לאנד פון דיא עברים – דאס איז דאס רייכע אונד בארימטעס לאנד , וואס זייער העלד מוזים (משה ·) האט זיי ציא געזאגט שוין פאר פיער הינדערט יאהר · אזוי וויא עס שטעהט געשריעבן אין דער מגלה פון רעמעזעס פון דאמאסקוס ! " אזוי האט דער פרינץ אויס געריפן מיט א הייסן ענטהוזיאסמוס , אונד מיט דער פראהליכסטן צופריעדנקייט ·

„ מאן רעדט דער פון מיין הערר פרינץ , " האט זיך אן געריעפן נינוס , זיין וואפענטראגער , א שלאנקער יונג , פון ניעדעריגער תולדה , מיט א שאן פנים אונד מיט אן אימערשרעקטן בליק , וויא א מדבר-לאב " , אז זיי האבן א גאט פאר זייער קאניג , װעלכער וואהנט אין א געצעלט פון גאלד אונד זיידענע פירהאנגע , ער האט דיא געשטאלט פון א שטערן פון ריינעם פייער , אויף װעלכן קיין מענש קאן ניט קוקן אונד זאלל נאך לעבעדיק בלייבן , אחוץ דעם גראסטן מאגיקער (אמגושי) זייערן , אידם איז עס נאר ערלויבט איין מאהל אים יאהר זיך פאר זיין גאט ציא ווייזן , ווען איין שטראהל , איין בלישטש פינעם שטערן געניגט דעם מאגיקער זיך אן ציא טרינקען מיט חכמה אונד נבואות אויף א גאנץ יאהר ! " –

„ וויא האסטע דאס געהערט נינוס ? " האט זיך דער פרינץ מיט פערוואונדערונג אן געריפן · " מיין הערר , מיין מאמעס ברידער איז געוועזן א סוחר פון פיעל אונד טהייערע פארבן , אונד איין מאהל אים יאהר פלעגט ער , מיט נאך אנדערע , א רייזע מאכן גען דאמאסקוס , וואס איז בארימט דורך דיא שאנקייט פון איהר לאגע אונד דורך דיא אונ-ענדליכקייט פון איהר עשירות · איין מאהל האט זיך זיינע רייזע אויס געצויגן אפשר ביז מצרים , האט ער אויך געמיזט פאססירן דאס לאנד פון דיא עברים · פלעגט ער ציא דער צאהלן , וואס פאר א בראוו פאלק דאס איז , וויא זיי באשעפטיגן זיך מיט ערד בא ארבעטן אונד פיהצוכט , וויא זייא האבן ניט קיין קאניג איבער זיך וויא אנדערע נאציאנען , ווייל זיי זאגן אז זייער גאט איז אויך זייער קאניג , אונד פון דער ווייטן האבן זיי מיינעם אנקל געוויזן דאס גרויסארטיגע געצעלט , וואס זייא ריעפן עס אן מיסקאן (משכן) אונד וויא עס וואהנט זייער גרויססער גאט-קאניג · זייא האבן אויך עלצטע אונד שופטים · דיא קאנען זיין אי מאנער אי פרויען , וואס ווערן שטארק בכבוד געהאלטן · נאהר עס זיי דער גראסטער אפילו צוויישן זיי , קאן ער ניט אונד דארף אויך ניט טהין דאס מינדסטע אונד געריגסטע אן דער אוטאריטעט פון זייערן גאט-קאניג ! "

„ דאס איז א מערקווירדיגע רעגירונג " האט דער פרינץ געענטפערט " אונד עס פרייט מיך זעהר , וואס דיא געדענקסט אזוי קלאר אונד גוט , וואס דיין אנקל דער סוחר פלעגט דיר דערצאהלן , נאר אט א באלד װעלין מיר האבן דיא בעסטע געלעגענהייט מיט איינגענע אויגן ציא זעהן , װעלין מיר קאנען אורטהיילן , וויא פיעל דאר פון וועט זיין אמת · –

„ וויא פְּרֶאכְטִיג ? וויא שאֶן ? איז דאס לַאנְד , וויא זיך שְׁלֶאנְגֶלְט דער מֶאכְטִיגֶער שְׁטְרוֹים דָארְט, וָואס לִיגְט צְווישֶׁן אוּנְז אוּנְד־יֶענֶעם בֶּערְג־לַאנְד , וויא אַ זִילְבֶּערְן שְׁנִירְל אִין אַ גְרִין־זַיידֶענֶעם מַאנְטְל צִירְט עֶר זִיךְ דוּרְךְ דֶעם זַאמַאַראגְד־גְרִינֶעם טְהָאל !"

וויא זייא הָאבֶּן זִיךְ אַזוֹי גֶערִיטְן אַפִין בֶּערְג־רִיקֶן , הָאבֶּן זֵיי דֶער זֶעהְן, גָאר פְּלִיצְם גֶעמָאוועֶרְטֶע שְׁטֶאדְט , וָואס זֶענֶען פְרִיעהֶער גָאר גֶעוֶוען פַאר בָּארְגֶן פַאר זֵייעֶרֶע אוֹיגֶן, אַצִינְדֶערְט עֶרְשְׁט שַׁיינֶען זֵיי וויא זייא קִימֶען גְרָאד אַרוֹים פִין אַ טְבִילָה אִינֶעם יַרְדֵן, בַּאלְד הָאבֶּן זֵיי דֶער זֶעהְן פִיעלל קַאסְטֶעלְלֶן , װֶעלְכֶע שְׁטֶעהְן אוֹיף שְׁפִּיצִיגֶע פֶעלְזְן, וויא פוֹיגֶל־נֶעסְטֶער אִין דֶער הוֹיךְ, װֶעהְרֶנְד אִין אַלְלֶע טְהָאלְן הָאט עֶס פָּשׁוּט גֶעוִוימְלְט פִין מֶענְשְׁן · אַ בַּאלְד הָאבֶּן זֵיי דֶער זֶעהְן אוֹיךְ אַ קְלָארְן זֶעע , עֶפֶּעס מֶעהְר גֶען זִידְן , אוּנְד עֶס הָאט אַ פָּנִים גֶעהַאט , וויא דֶער יַם גֶעהְמְט אִין זִיךְ אַרַיין דֶעם מֶאכְטִיגְן שְׁטְרוֹים , חָאטְשׁ מֶען הָאט נִיט גִיקָאנְט דֶער קֶענֶען דֶעם אָרְט וויא עֶר פַאלְט אִינֶעם יַם אַרַיין ·

דֶער וַוייל אִיז דִיא קַאראוואַנֶע אוֹיךְ בַּאמֶעהְלִיכְן אָן גֶעקִימֶען אוּנְד דוּרְךְ אַ לַייכְטְן פַּאסְס אִין דֶעם בַּארְג , װֶעלְכְן מֶאן הָאט נִיט גִיקָאנְט זֶעהְן פִין דֶער וַוייטֶן זֶענֶען זֵיי זִיךְ בַּאקְוֶועם דוּרְךְ גִינַאנְגֶען אִין טְהָאל אַרַיין , אוּנְד דֶער וַוייל הָאט זִיךְ שׁוֹין טַאקִי פְּלִיצְם אָן גֶערִיקְט דִיא נַאכְט·— דִיא אַסְסִירֶער הָאבֶּן דָאה אוֹיף גֶעשְׁלָאגֶן זֵייעֶרֶע גֶעצֶעלְטֶן אוּנְד הָאבֶּן זִיךְ גֶעלָאגֶערְט פַאר אַן אֲפֵרִיה אִין דֶער נַאכְט · װֶעהְרֶנְד דִיא שַׁאפְּפֶער אוּנְד דִיא דָארְפְס־לַייט הָאבֶּן זִיךְ אַפָּנִים דֶער שְׁרָאקֶן פַאר דֶעם פְּלִיצִימְדִיקְן עֶרְשַׁיינֶען , אִין זֵייעֶר פְרֶיעֶדְלִיכְן טְהָאל פִין אַזַא מַחֲנֶה פִין פְרֶעמְדֶע קְרִיעגֶער , כִּמְעַט אַגַאנְצֶע אַרְמֶעע, זֶענֶען זֵיי זִיךְ צִיא לָאפְן אִין זֵייעֶרֶע שְׁטֶאדְט אוּנְד אִין זֵייעֶרֶע פֶעסְטוּנְגֶען· — בַּאלְד הָאבֶּן זֵיי דֶער לַאנְגְט דֶעם אַלַארְם מִיט שׁוֹפְרוֹת פִין בַּארְג צִיא בַּארְג , אוּנְד דֶער קוֹל שׁוֹפָר הָאט זִיךְ אִיבֶּער גֶעחַזְר'ט אִין אַ טוֹיזְנְד עֶכָאס (ווידֶערקוֹלוֹת) צְווִישְׁן דִיא שְׁמָאלֶע טְהָאלֶן · —

פְּרִינְץ אַרְבַּאצֶעס הָאט זִיךְ גֶעדַאכְט , אַז סְאִיז בֶּעסְסֶער זִיךְ גַאנְץ רוּהִיג צִיא פַארהַאלְטְן אִין זַיין גֶעצֶעלְט בִּיז אוֹיף מָארְגֶן, אוּנְד דֶענְסְטְמָאהְלְט עֶרְשְׁט אַרַייט צִיא טְהִין צִין אַ טוֹיעֶר פִין אַ נָאהֶנְטֶער צִיטַאדֶעללע , אוּנְד דָארְט עֶרְקְלֶארְן דִיא אוּרְזַאכֶע פִין זַיין אַרַיין קִימֶען אִין דֶעם לַאנְד · װֶעהְרֶנְד אִין דֶעם לָאגֶער פִינֶעם גֶעזַאנְדְטֶן אִיז אַלְלְסְדִינְג גֶעוֶוען גַאנְץ שְׁטִילל , אַחוּץ דֶעם דוּמְפְּן טָאן פִין דִיא שְׁוֶועֶרֶע טְרִיט פִין דִיא בַּאוַואפְנְטֶע זָאלְדַאטֶן, וָואס הָאבֶּן גֶעהַאלְטֶן וַואכֶע אִיבֶּער דִיא מִיעדֶן רַייזֶנְדֶן, וָואס זֶענֶען גֶעוֶועֶן שְׁטַארְק פַארזִינְקֶען אִין אַ דֶערְפְּרִישְׁנְדִיקְן שְׁלָאף , הָאט זִיךְ פִין דֶער וַוייטֶן גֶעלָאזְט הֶערְן, אַרִיבֶּער קִימֶענְדִיק אוֹיף דִיא פְלִיעגֶל פִינֶעם נַאכְט־ווינְטְל , דִיא קוֹלוֹת פִין שְׁמִידְן , קְלָאפְּן , הָאמֶערְן , אוֹיף אַייזֶן , קִיפֶּער , בְּרָאנְדְז , דָאס זֶענֶען גֶעוֶוען קוֹלוֹת פִין וַואפְן פַארִיכְטְן, שִׁילְדְן, פַּאנְצֶערס , שְׁוֶוערְטֶער , שְׁפִּיזְן , הָאט מֶען בַּאדַארְפְט דָאה אוּנְד דָארְט אוֹיסְבֶּעסְסֶערְן , וָוארְם דָאס דֶערְשְׁרָאקֶענֶע פָאלְק הָאט גֶעוָואלְט מִיט אוֹיסְגֶעבֶּעסְסֶערְטְן וַואפְן חָאטְשׁ , אָפּ צִי וַוארְטְן דִיא בַּאגֶעבְּנְהֵייטֶן פִין דֶעם קִימֶענְדִיקְן טָאג · —

אַזוֹי וויא אִיךְ הָאבּ דָאה אַנִיעדֶער גֶעלֶעגְט בַּאֲרִיכוּת דֶעם יְסוֹד פִין דֶעם גֶעגֶענְווָאר־טִיגְן סֵפֶר , ווִיל אִיךְ עֶס אַט אָ דָאה טַאקִי אָפְּשְׁלִיסְסֶן, אוּנְד פִין דַאנֶען אָן אוּנְד וַוייטֶער ,

וֶועלל אִיךְ עֶס אִיבֶּער לָאזֶן דֶער פֶּען פִינֶעם יוּנְגֶן אַסְסִירִישֶׁן גֶעזַאנְדְטֶן צִיא בַּארִיכְטֶן אַלֶלֶע טְרֶעפַאכְצִין, צִיא בַּאמָאהְלֶן אַלְלֶע סְצֶענֶען, אוּנְד צִיא בַּאשְׁרַייבֶּן אַ יֶעדְן פָארְמְשְׁרִיט וָואס עֶס וֶועט אִיהם פָּארְקִימֶען אוֹיף זַיינֶער לַאנְגֶן אוּנְד זֶעהר אִינְטֶערֶעסַאנְטֶן רַייזֶע · אוּנְד אִיךְ הָאפְּפֶע אַז מַיינֶע לִיעבֶּע לֶעזֶערִינֶען אוּנְד לֶעזֶער וֶועלְלֶן בַּאזָאנְדֶערְס צוּפְרִיעדְן זַיין מִיט דֶעם גַייסְט פִין דֶער בֶּעשְׁרַייבוּנְג אוּנְד מִיט דֶער לִיעבֶּע וָואס דֶער שְׁרַייבֶּער פִיהְלְט פַאר דֶעם פָאלְק, וָואס אִיז שְׁטָאלְץ אוֹיף זַיינֶער גֶעשִׁיכְטֶע, מִיט אִיהְרֶער גְרוֹיסְסֶן פַארְגַאנְגֶענְהֵייט · מִיט אִיהר קָאמְפְּפֶנְדִיקֶן גֶעגֶענְוַוארְט אוּנְד מִיט אַ צוּקוּנְפְט וָואס לִיעגְט אִין דִיא הָאנְדְט פִין אִיהר גְרוֹיסְסֶן אוּנְד בְּרַחֲמָנוּתְדִיקֶן גָאט פִין דִיא הֵיילִיקֶע אָבוֹת · —

## ערשטעד בריוו

אַרְבַּאצֶעס דֶער גֶעזַאנְדְטֶער צוּא בֶּעלְלוּסֶן דֶעם קֶענִיג פִין אַשּׁוּר!

יְרִיחוֹ עִיר הַתְּמָרִים, נָאהְנְט פִינֶעם יַרְדֵן.

ס י ר — פָאלְגֶענְדִיק דֶען בַּאפוֹיל פִין אַייעֶרֶער מַאיֶעסְטֶעט, בַּאנִיטְץ אִיךְ מַיינֶע עֶרְשְׁטֶע פְרַייֶע שְׁטוּנְדֶן אוֹיף צִיא צֵייכְנֶען אוֹיף מַיינֶע מָאבְלֶען דִיא סְצֶענֶען אוּנְד אַלְלֶעם דִינְג, וָואס אִיז פָארְגֶעפַאלְלֶן, אוּנְד וָואס עֶס הָאט מִיר גֶעשַׁיינְט גֶענִיג וִויכְטִיג אוּנְד אִינְטֶערֶעסַאנְט צִיא בַּאטְרַאכְטֶן אוּנְד צִיא בַּאשְׁרַייבֶן, זַייט מַיינֶער אָפְּרַייזֶע פִינֶעם בְּרֶעג, פִין דֶעם טִיגְרִיס בִּין צִיא דֶעם יַרְדֵן. אִיךְ וֶועלל דָאה נִיט בַּאשְׁרַייבֶן דִיא דְרָכִים, מִנְהָגִים אוּנְד דָאס לֶעבֶן פִין דִיא אִינְטֶערֶעסַאנְטֶע לֶאנְדֶער אוּנְד פֶאלְקֶער וָואס אִיךְ הָאבּ אוֹיף מַיין וֶועג פַּאססִירְט, דֶער פִין הָאבּ אִיךְ גֶעמַאכְט אַבַּאזִינְדֶערְן סֵפֶר פַאר אַייעֶרֶע מַאיֶעסְטֶעט, וֶוען אִיךְ וֶועל בְּשָׁלוֹם צוּרִיק אַהֵיים קִימֶען וֶועלל אִיךְ עֶס אִין אַייעֶרֶער מַאיֶעסְטֶעטס הָאנְדְט אַנִידֶערְלֶעגֶן.

נָאךְ אַ 15 טֶאגִיגֶער רַייזֶע הָאבּ אִיךְ גֶעגְרֵייכְט דֶעם טְהָאל פִינֶעם יַרְדֵן, אוּנְד אוֹיף מָארְגֶן, אַרִיבֶּער גֶעהֶנְדִיק דֶען שְׁטְרוֹים הָאבּ אִיךְ אוֹיף גֶעשְׁלָאגֶן מַיין גֶעצֶעלְט פַאר דִיא טוֹיעֶרְן מִחוּץ לָעִיר. דָאה הָאבֶּן מִיר זִיךְ אָפְּגֶערִיהְט עֶטְלִיכֶע טֶאג, כְּדֵי אוּנְזֶערֶע כּוֹחוֹת צִיא דֶער פְרִישֶׁן, דִיא מַאטֶן אוּנְד מִיעֶדְן צִיא דֶער קְוִויקֶן אוּנְד אִיבֶּערְהוֹיפְּט אַבִּיסֶל אוֹיס צִיא רִיהֶן, נָאךְ אַזַא לַאנְגֶער אוּנְד מִיהְפָאלְלֶן רַייזֶע, וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען עַל פִּי רוֹב אִיבֶּער טְרִיקֶענֶע אוּנְד הֵייסֶע פְלֵיינְס. — צוּעֶרְשְׁט, הָאט אוּנְזֶער פְלִיצִימְדִיקֶעס עֶרְשַׁיינֶען אִינֶעם לֶעבְּלִיכֶן טְהָאל פַאר אוּרְזַאכְט בֵּיידֶעם; אִי אִיבֶּערְרַעשׁוּנְג אִי שְׁרֶעק, אוּנְד דִיא אַיינְוָואהְנֶער הָאבֶּן זִיךְ אַחַאפּ גִיטִיהֶן צִיא דִיא וַואפֶן, אַפָּנִים אוּנְז אַן צִיא גְרַייפֶן אוּנְד אַוֶועק צִיא טְרַייבֶּן קִירִיק צִיא יֶענֶע שְׁוַוארְצֶע בֶּארְג, פִין וַואנֶען מִיר זֶענֶען גִיקִימֶען. נִיט וֶועניגֶער פִין זִיעבֶּן טוֹיזֶענְד מַאן הָאבֶּן זִיךְ אִין אֵיין נַאכְט צוּזַאמֶען גֶעזַאמְלְט צִיא אָטְ דֶעם צְוֶועק. אוּנְד פַארְטָאג הָאבֶּן מִיר זֵיי שׁוֹין עֶנְטְדֶעקְט פַארְטִיג אוֹיסגֶעשְׁטֶעלְט צִין אַ מִלְחָמָה מִיט אוּנְז. — נִיט ווִילְלֶנְדִיק צִיא עֶרְשַׁיינֶען אַלְס אַ פַיינְד, דָארְט וִויא אִיךְ וִוינְשׁ אַ פְרַיינְד צִיא זַיין, הָאבּ אִיךְ תֵּיכֶף בַּאפוֹילְן, אַז פִין מַיינֶע לַייט זָאלל זִיךְ קֵיינֶער נִיט רִיהְרֶן פִין זַיין אָרְט, נָאר אִיךְ אַלֵיין מִיט מַיין וַואפֶן-טְרֶאגֶער נִינוּס בִּין אַפִּיר גֶעקִימֶען, בַּאלַייט פִין

מיין אלטן גענעראל נחריב, אונד בין גלייך ציא געגאנגען צין איינעם וואס האט אפּגים געהאט אזוי וויא זייער פיהרער.—

ווערענד איך בין נאהנטער געקימען, האב איך ניט גיקאנט בעמערקן ריכטיגע וואפן בא זיי א חוץ נאר בא ווייניגע. פין קיין שטאהלנע כלי זיין איז שוין גאהר קיין רעדע ניט, נאר דאה אונד דארט האט זיך באוויזן אן אלטער העלם, אשטיקל שילד, אונד על פי רוב זענען זיי געווען באוואפנט מיט קרימע שאפער-שטעקנס, יאבט-מעס-סערס, סערפן, וואלף-שפּיעזן אונד ארבייטס אינסטרומענטע, אונד דאך זענען זייא זיך געשטאנען מוטהיג אונד פעסט, ארראנשזירט אין קאמפּאניען אונד אין באטאלליאנען מיט דער ארדנונג אונד גענויער פינקטליכקייט, וויא א גיט איין געאיבטע ארמעע. אויך איניגע. פאנען האבן געפלאטערט איבער זייערע קאפ באגלאנצט אין דער מארגן-זין.—

דיא עדעלע האלטונג פין זייערן פיהרער האט מיך שטארק פראפירט, חאטש ער שיינט נאך זעהר יונג ציא זיין, איז ער דאך מיט א קאפ העכער פין זיין גאנץ חיל. ער האט געהאט א העלם א קיראסס אונד האט געהאלטן א שווערד אין זיין האנד. אזוי וויא ער האט מיך געזעהן קימענדיק אויף א פריעדליכן אופן, פריעהר געהענדיק פאר מיינע צוויי באלייטער, איז ער אויך באלד אפיר געקימען אונד מיך באגריסנדיק מיט א האפליכער באוועגונג מיט זיין שווערד, האט ער זיך ציא מיר אן געריפן, אין א כאלדעאישן דיאלעקט, כמעט אהנליך אונזערן לשון, אז איך האב איהם גיקאנט גוט פאר-שטיין, בזה הלשון;—

„ווער ביסטע מיין העררר? אונד פין וואנען קימסטע מיט אזא באוואפנטער לע-גיאן אונד מיט אזא גרויסער באלייטונג? באטייט דיין שליחות שלום אדער מלחמה?“

„שלום! מיין העררר קאפּיטאן!“ האב איך געענטפערט“. איך דיען דעם מלך אשור אונד איך געה אין זיין שליחות געגן מצרים, אויף דעם וועג האב איך אבער אוים-ציאפיהרן א שליחות ציא דעם גרויסן אונד וועלט באריהמטן זעהער אונד ריכטער פינעם לאנד, איזאמעל, דער פריינד פין דיא געטער. אט דיא באוואפנטע לעגיאן וואס זענען געבטן אריין געקימען אין דעם טהאל זענען נאר מיינע שומרים, וואס מיין העררר קאניג פין נינוה האט מיט מיר מיט געשיקט מיך ציא באהיטן פין רויבער, וואס טרייבן זיך ארים אין דער מדבר, אבער וויא דוא זעהסט ניט פיעל געניג מלחמות ציא האלטן. אויב דיין קול איז געהערט אין דעם לאנד בעט איך דיך מיר ציא געבן דעם רשות אריבער ציא פאהרן איבערן ירדן אונד גלייך ציא געהן צין איירן מושל דעם זעהער איזאמעל.“—

אז איך האב אויפגעהערט ציא רעדן איז דער יונגער בן חיל נאך נאהנטער ציא מיר ציא געקימען, אונד מיך נאך אמאהל באגריסנדיק האט ער ציא מיר אזוי געזאגט;

„מיר באווילקאמענען דיך, אן אסטירער, אין אונזער לאנד. דער אלטער נביא שמואל, וואס דיא ריפסט אן איזאמעל, איז בא זיך אין דער היים אין „רמה“, ווייניגסטן צוויי טאג רייזע פאר דיין קאראוואנע, געגן מעריב. ער איז א גאטליכער מענש, טוגענד-

הַאפּט אַלְס אַ שׁוֹפֵט, אוּמְערשְׁרָאקֶן אִין זַיין פְּפְלִיכְט, זַאנְפְט אִים הֶערְצֶן אוּנְד מִיט דֶער קְוַראשְׁזֶע פִין אַ לֶאֶב אַקֶעגֶן דָאס שְׁלֶעכְטֶס. דוּא הָאסְט אָבֶער מַיין הֶערר אַ טָעוּת, מֵיי-גֶענְדִיק אַז עֶר אִיז נָאךְ אַצִינְד שׁוֹפֵט אִין אוּנְזֶער לַאנְד, יִשְׂרָאֵל הָאט אַצִינְד אַ קֶאנִיג גְלַייךְ מִיט אַללֶע נַאצְיָאנֶען וָואס וָואהנֶען אַרִים אוּנְז."—

„דִיא נַייעֶקַייט הָאבֶּן מִיר אִין אַשׁוּר נָאךְ נִיט גֶעהֶערְט" הָאבּ אִיךְ גֶעעֶנְטפֶערְט, אִיז דֶער נָבִיא שְׁמוּאֵל מֶעהר נִישְׁטָדָאה? „דֶער זֶעהֶער פִין גָאטֶס פָאלְק" הָאט זִיךְ אָן גֶערִיפֶן אַן אַלְטֶער אוּנְד זֶעהר עֶרְנְסְטֶער מֶענְשׁ מִיט אַפָּנִים בַּאזַייט מִיט נַארְבֶּן פִין מִלְחָמוֹת, וָואס אִיז אַצִינְד מִיט נָאךְ עֶטְלִיכֶע זְקֵנִים נֶאהֶנְטֶער גֶעטְרֶעטֶן, „לֶעבְּט נָאךְ, מַיין הֶערר פִין אַשׁוּר, אַצִינְד אַקוּרַאט וִויא פְּרִיעֶהר אִיז עֶר פִין אוּנְז אַלֶע גֶעלִיעֶבְּט גֶעעֶהרְט, פַאר זַיין גְרָאוֶועס אֶלְטֶער, פַאר זַיין גְרוֹיסֶער חָכְמָה אוּנְד פַאר זַיין הֵיילִיגֶער צְדָקוֹת. אָבֶּער עֶר אִיז שׁוֹין צִיא אַלְט צִיא רֶעגִירֶן, אוּנְד מִיר זֶענֶען גֶעוֶועזֶן בַּא אוּמְרוּהִיגְט פִין אוּנְזֶערֶע שׂוֹנְאִים דִיא פְּלִשְׁתִּים, פִין וֶועלְכֶע עֶר הָאט אוּנְז אַזוֹי פִיעֶל מָאהל מַצִיל גֶעוֶועזֶן דוּרְךְ זַיין גֶאטְלִיכֶן מוֹטְה, הָאט עֶר עֶנְדְלִיךְ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּן זַיינֶע אַווְטָארִיטֶעט צוּא זַיינֶע צְווייא קִינְדֶער. זַיי הָאבֶּן אָבֶער נִיט גֶעיַרְשֶׁנְט פִין זַייעֶרן טְהַייעֶרן פָאטֶער דֶעם כֹּחַ אוּנְד דִיא חָכְמָה, אוֹיךְ נִיט גָאטֶס פְּרַיינְדְלִיכְקַייט, אִיז דָאס פָאלְק שְׁטַארְק אוּמְצוּפְרִידֶן גֶעוָוארֶן מִיט זַייעֶר שְׁוַואכְקַייט אוּנְד הָאבֶּן פִינֶעם נָבִיא פַארְלַאנְגְט, אַז עֶר זָאלל פַאר זַיי אוֹיס-קְלוֹיבֶּן אוּנְד זַאלְבֶּן אַ מֶלֶךְ אִין שְׁטָאט פִין זַיינֶע אוּנְפֶעהִיגֶע קִינְדֶער. דֶער נָבִיא הָאט זֶעךְ שְׁטַארְק בַּאמִיהט אוּנְז אָפּ צוּ רֶעדֶן פִין אַ קֶאנִיג, זָאגֶנְדִיק: עֶר וֶועט בַּאיי אוּנְז אַלְס-דִינְג אַוֶועק נֶעהמֶען, וָואס עֶס וֶועט זִיךְ אִיהם נָאר פַארְגְלִיסְטֶן, אוּנְזֶער גְרֶאסְטֶן כָּבוֹד, אוּנְד אוּנְזֶערֶע בְּרַאוֶוע בָּחוּרִים, וֶועט עֶר זִיךְ גֶעהמֶען פַאר מְשָׁרְתִים, אוּנְד אוּנְזֶער שֶׁאנְסְטֶן צִיעֶרִינְג, אוּנְד אוּנְזֶערֶע שֶׁאנֶע טָאכְטֶער וֶועט עֶר מִיט קֶאנִיגְס-רֶעכְט צוּא זִיךְ נֶעהמֶען, אִיהם צוּא דִיעֶנֶען אִין אַללֶע זַיינֶע פֶערְלַאנְגוּנְגֶען. מִיר וֶועלֶן תָּמִיד אִיהן מוּזֶן פָאלְגֶן, אוּנְד מִיר וֶועלֶן שׁוֹין נִיט מֶעהר הָאבֶּן קֵיין פְּרַייעֶן ווִיללֶן, מִיר וֶועללֶן וֶועגֶן דֶער בְּחִירָה שְׁפֶּעטֶער שְׁטַארְק חֲרָטָה הָאבֶּן, אוּנְד מִיר וֶועללֶן ווִיעֶדֶער זִיךְ זֶעהנֶען נָאךְ אַ שׁוֹפֵט וִויא אַמָאהל, וֶוען עֶס וֶועט שׁוֹין צוּא שְׁפֶּעט זַיין", אָבֶּער מַיין הֶערר פִין אַשׁוּר. דֶער עוֹלָם הָאט גִיט גֶעאַכְטֶעט אוֹיף דֶעם זֶעהֶערְס רֵייד אוּנְד הָאבֶּן גֶערַעשְׁט גֶעשְׁרִיעֶן פַאר אַ קֶאנִיג אַז דֶער נָבִיא הָאט זַיי גֶעמִיזְט צִיא לִיעֶב טְהִין אוּנְד הָאט גֶעזַאלְבְּט אַיי-גֶעם, אַ יוּנְגֶן מַאן פִינֶעם שֵׁבֶט בִּנְיָמִין, שָׁאוּל דֶער זִין פוּן קִישׁ. אַ מֶאכְטִיגֶער מַאן, קְרֶאפְטִיג פִין אָרִים אוּנְד מוּטְהִיג פִין הֶערְץ, וֶועלְכֶן גָאט הָאט דֶעם נָבִיא אָן גֶעוִויזֶן."

„אִיז אַצִינְדֶערְט שָׁאוּל אַייעֶר קֶאנִיג?" הָאבּ אִיךְ דֶען אַלְטֶן רֵיידְנֶער אַפְּרֶעג גֶעטְהִין.

„עֶר אִיז, עֶרְדֶעלֶער הֶערר, אוּנְד אִיז עֶס גֶעוֶועזֶן שׁוֹין זַייט אֵיינִיגֶער צַייט, עֶר אִיז אַ בַּארִיהמְטֶער הֶעלְד אוּנְד הָאט שׁוֹין פַאר אוּנְז פִיעֶלֶע מִלְחָמוֹת גֶעווִינֶען, אוּנְד בְּרֹאשׁ אוּנְ-זֶערֶע תְּחִלּוֹת הָאט עֶר דִיא פְּלִשְׁתִּים תָּמִיד מְנַצֵּחַ גֶעוֶועזֶן. אַלְס אַ זָאלְדַאט הָאט עֶר נָאר נִיט זַיין גְלַייכֶן; נָאר זֶעהר אָפְט אִיז עֶר עֶפֶּעס טְרָאוֶוערִיג, בַּאטְרִיבְּט אוּנְד מֶעלַאנְכָאלִישׁ

אונד זייט דער לעצטן צייט איז ער עפּעס גאר אַראָפּ פינעם וועג, כּמעט צומישט, אונד דאס גאנצע לאנד זיפצט נאך זיינעם מילדן אונד קראַפטיגן הערשאַפט פון דעם שופט פון דעם קליינגן אונד גוטן נביא."

"דוא רעדסט זעהר מוטהיג פון דיין קאָניג" האב איך מיך אַן געריפן, מיך ווינדערנדיק איבער זיינע צוא פרייע שפּראַכע, אַיעדעס וואָרט זיינס האט דאך גיקאַנט אָפּגעטראָגן ווערן צום קאָניג, אונד זיינע אומפאָרזיכטיגקייט וואָלט דאך איהן גיקאָנט קאָסטן זיין אַלטן קאָפּ!"

"אַזוי רעדן אַללע, מיין הערר, וואס האבן אַן אַנשפּרוך אַפין נאָמען פון מענער! האט ער געענטפערט פייעריג אונד מיט אַנשטאַנד", גאט האט אונז געגעבן אַ קאָניג אין זיין צארן, מיר פיהלן דאס אַצינד, וואָרום אַפילו דער גרויסער נביא האט איהן מיט אומפאָרגעניגן פאַרלאָזט, וועגן זיינער אומפרימקייט אונד אַכזריות, ניין, נאָך מעהר, אַפילו גאָט אַליין, האט אַפּנים איהן אויך שוין פאַרלאָזט."—

"גליקליך וועט זיין יענער טאָג" האט דער יונגער פיהרער דאָה אַזאָג געטהין", ווען דעם קאָניגס בראַווער אונד קליגער זינן, דער פּרינץ יונתן וועט קאָניג ווערין אויף דעם פּאַטערס אָרט!"—

איך האב מיך שטאַרק פאַרווינדערט, אַייערע מאַיעסטאַט איבער דער קיהנהייט (עזות) אונד מוטהיגקייט פון אַט דער יודישער שפּראַכע! דאס איז עפּעס אַ מין אומדערשראָקענע ראַסע, טינקל פון פאַרבע, מיט ברילליאַנטענע שוואַרצע אויגן, ראַבןשוואַרצעס האאר אונד מיט פּנימער פילל מיט אינטעלליגעניץ [1] אונד שעניע [2] איך האב זיי זייער ליעב באַקימען. איך בין פון זיי געוואָהר געוואָרן, פאר וואס זיי זענען ניט בעססער באַוואָפנט; עס האט אַפּנים אַז דיא פּלישתּים זענען זיי אַמאָהל פּליצם איבער געפאַללן, אונד האבן דאס גאַנצע לאנד ענטוואָפנט, איין שטאָדט נאָך דער אַנדערן, נאָר צוריקלאָזנדיק יענע כלים וואס מען באַדאַרף האָבן דיא ערד ציא באַ אַרבייטן. מיטן קאָניג האבן זיי געהאָפט, זיך גיט אָפּ ציא רעכענען מיט דיא פּלישתּים, ביז אַצינד איז עס זיי נאך ניט אין גאנצן געגליקט. דיא פּלישתּים האלטן נאך פעסט אַ חלק פינעם לאנד אונד באַ אומריהגן זיי זעהר אָפּט.

נאך אונזערן שמיעס, האבן זיך, וויא עס האט אַפּנים געדאַט, דיא עלצטע איבערגעצייגט פון אונזערן פרייעדליכן כאַראַקטער, האבן זיי זיך צוריק געצויגן אונד האבן דיא זאך ראַפּאָרטירט דעם קענאָט אָדער דער אַסיפת זקנים פון דער הויפּט שטאָדט פינעם טהאָל, וואס איז געלעגן נאר אַ ווערשט אַכט ווייטער. שוין נאך צוויי שטונדן איז אַ שליח מיוחד פון דער שטאָדט אָן געקימען ציא מיר מיט אַן איינלאַדונג אַהין ציא קימען אונד אַ רשות פאר דער כאַראַוואַנע זיך ציא לאַגערן פאר דיא טויערן אין אַ באַקוועמען וואַלד געבן אַ געוויסער קוועללע. מיט פאַרגניגן האב איך מקבל געווען דיא האָפּ-

---

[1] דעת ותבונה. [2] חכמה ושכל.

ליבע איינלאדונג פינעם יודישן פאלק. אויפנעהמענדיק אונזער מארש, געפיהרט פינעם יונגן עלצטן, זענען מיר אויף איין ארט דעם ירדן לייכט אריבער געבראדעט מיט דער גאנצן קאראוואנע, די רייטערס האבן אפילו ניט באנעצט זייערע פיס. א שטונדע שפעטער האבן מיר דערגרייכט א זעהר אנגענעהם פעלד באשאטנט פון א וועלדל, אונד דאס איז געוועזן אונזער ארט פאר א לאגער. וויא זאלל איך אייך, אייערע מאיעסטעט באשרייבן די שאנקייט פון דער סצענעריע! פון אללע זייטן פארשטעללנדיק א געמישאכטץ פון די ווילדעסטן פעלזן אונד פון די ליעבליכסטן טהאלן? – פעלדער פון תבואות, שיינען אזוי וויא א שנעע פון גילדענע פעדערן איז אויף זיי אויס געשיט. באצויבערנדיקע טהאלן, אנגענעהמע וויעזן (נאות-דשא) פרוכט גארטנער, וויין גארטנער, ווילדאס, קאסטעללן אונד באפעסטיגטע פעלזן, מיט דעם שאנעם אונד אימער גרגענווארטיגן שטרוים, מיט די טינקעלע בערג פון יענער זייט, מיט דעם ליכטיג-בלאוען הימל פון אויבן, אללעם דאס אין איינעם באשענקען דעם גליסטנדיקן אויג פון דעם באטראכטנדיקן מענשן מיט דער פריידיגסטן אונד אנגענעהמסטן אונטערהאלטונג!– אויך די באפאלקערונג פינעם לאנד איז ווינדערפילל צוא באטראכטן; דאס פאלק איז פילל אין די פעלדער, אויף די וועגן, אין די אללעען, מאן טרעפט זיי אן רייזנדיק צווישן, אונד אויף די בערג, אן געזאמלט אין די טויערן פון די שטאדט, שפאצירנדיק ציא די קוועללן, ציא דעם טייך; ארבייטנדיק אין די פרוכט- אונד וויין-גארטנער, זיצינדיק אין די קלייטן, אין די באזארס, אונד אין די אפנטליכע מארקן. איבעראלל זעהט מאן זיי לעבן, שוועבן, טהאטיג אונד באשעפטיגט! אין אססיריען איז די שטאדט דער איינציגער צענטרום פינעם פאלק, אפין גאנצן לאנד געפינען זיך נאר איינינגע פאסטיכער, אונד עטליכע ערד ארבייטערס. דאה אבער, איז אויף דעם לאנד אקוראט אזא מין לעבן וויא אין א שטאדט, עס ווימלט פון טהון אונד טרייבן, קיינער זיצט ניט ליידיג, קיינער שטעהט ניט אומזיסט אונד יעדער גאנג ברענגט א ניצן אונד האט זיין ווערטה. די מענשן זענען קיינע באווערן ניט, קיינע שקלאוון אוודאי ניט, זאנדרן אינטעלליגענטע אונד ארבייטנדיקע מאנער, פריי פון יענע פעהלער, וואס מאכן דעם לאנדסמאן לאכערליך, ווען ער קימט אין א שטאט אריין. אפילו דער אקער מאן באזיצט א בענעהמען פון א גרויסשטאטיגן, ציא ער געהט ציא ער שטעהט איז ער א פרייער אונד אן אנאפהענגיגער מענש. די מיינסטן קאנען לייענען זייערע היילינקע ספרים (וואס זענען די מערקווירדיגסטן אין דער גאנצן וועלט, ווארם א מאכטיגער גאט האט זיי דיקטירט) אונד פיעלע קאנען זיי אויך אפ שרייבן. אזוי וויא אללע שטאמן אפ פון דיזעלבע אבות, פון אברהמען דעם באלדער, צוואלף שבטים פון צוואלף ברידער האבן זיי אללע א גלייכן ראנג (יחוס) אונד איינער איז גלייך עדל וויא דער אנדערער. דרומאויך זענען אללע זעהר אהנליך איינער צום אנדערן אונד האבן איינע שפראכע, אין זייער לשון אזוי גוט וויא אין זייער בליט געהערן זיי זיך אן קרובים מיט אונז, נאך פון אברהמן. חאטש איך בין דאה ערשט ניין טאג האב איך דאך שוין געלערנט אסך פון זייערע מאנירן, מנהגים, פון זייער רעלי-

גיָאן אוּנְד פָּאלִיטִיק! דִיא זְקֵנִים בַּאטָאגְטֶע אוּנְד בְּכָבוֹדִיקֶע מֶאנֶער אויסגֶעקְלִיבֶּן אִין יֶעדֶער שְׁטָאט, פַאר זֵייעֶר חָכְמָה אוּנְד עֶרפַאהְרֶנְהַייט זֶענֶען אַקֶעגֶן מִיר זֶעהְר הֶאפְלִיךְ, אִיבֶּער אַלֶּע בַּאשְׁרֵייבּוּנְגֶען פְרֵיינְדְלִיךְ. שׁוֹין אַם עֶרְשְׁטֶן טָאג פִין מַיין אָנְקִימֶען, אִיךְ הָאבּ נָאר וָואס אוֹיף גֶעשְׁלָאגֶן מַיין גֶעצֶעלְט אוּנְד הָאבּ גֶעוָואלְט מִיטָאגֶן, אִיז שׁוֹין אָנְגֶעקִימֶען אַ נַייֶע דֶעפּוּטַאצְיָאן פוּן יְרִיחוֹ, דִיא הוֹיפְּטְשְׁטָאדְט פִינֶעם טְהָאל. זֵייא הָאבֶּן גֶעשַׁיינְט שְׁטַארְק הֲנָאָה צִיא הָאבֶּן פִין דֶער אַיינְרִיכְטוּנְג פִין מַיין גֶעצֶעלְט, וָוארם זֵיי הָאבֶּן שְׁטַארק בַּא־וִוינְדֶערְט דִיא שֶׁאנְקֵייט פִין דִיא זַיידֶענֶע פִירְהֶאנְגֶע, דִיא טְהַייֶערְקֵייט פִין דִיא כֵּלִים אוּנְד דִיא קִינְסְטְלִיכֶע אַרְבֵּייט פִין מַיין מַאֲכָל. אִיךְ הָאבּ בַּא זֵיי אַ פָּנִים גֶעהַאט וִויא אַ מַאֲכְטִי־גֶער מֶלֶךְ, וֶועגֶן דֶער קָאסְטְבַּארְקֵייט פִין מַיינֶע זַאכֶן, זֵיי הָאבֶּן מִיךְ אֶפְשֶׁר נָאר אַבִּיסֶל וֶוענִיגֶער הֶאפְלִיךְ בַּאהַאנְדֶלְט, וִויא זֵיי וָואלְטֶן עֶס גֶעטְהִין אַיינֶער מַאיֶעסְטֶעט אַלֵיין; אִיךְ הָאבּ זֵיי אַיינְגֶעלַאדֶן צִיא מִיטָאג, הָאבֶּן זֵיי זִיךְ עֶנְטְשׁוּלְדִיגְט דֶער מִיט, זָאגְנְדִיק, אַז זֵיי זֶענִין גֶעקִימֶען מִיךְ אַיין צוּא לַאדֶן, דֶעם גַאסְט אוּנְד אַזוֹי, אַ כָּבוֹד צִיא בֶּעוַוייזֶן דֶעם מָאנַארְכֶן, וֶועמֶעס מְשׁוּלָּח אִיךְ בִּין!— בַּאלֵייט פִין נִינוּס אוּנְד מַיין אַלְטֶן גֶענֶעְרַאל נַהֲרִיב בִּין אִיךְ מִיט זֵיי גֶעגַאנְגֶען בִּיז צִיא דִיא טוֹיֶערֶן פִין דֶער שְׁטָאט. אוֹיף דֶעם וֶועג הָאבּ אִיךְ בַּאמֶערְקְט אַז דִיא גַאנְצֶע מַחֲנֶה, וָואס אִיז אַזוֹי גִיךְ צִין אוֹיף גֶעקִימֶען מִיט מִיר מִלְחָמָה צִיא הַאלְטֶן, אִיז אַקוּרַאט אַזוֹי גֶעךְ פַארְשְׁווִינְדֶן גֶעוָוארֶן, אוּנְד הָאבֶּן זִיךְ וַוייטֶער גֶענִימֶען אֵיעדֶער צִיא זַיין אַרְבֵּייט, דֶענְקֶענְדִיק, אַז סְאִיז שָׁלוֹם דַארְף מֶען אַרְבֵּייטֶן. אַפָּנִים, אַז זֵיי הָאבֶּן קֵיינֶע שְׁטֶעהְנְדִיקֶע אַרְמֶעע נִיט, וָואס וָואלְט בַּארוֹיבְּט דֶעם לַאנְד פִין אַזוֹי פִיעל אַרְבֵּייטְסְקְרַאפְט, דֶער קֶענִיג שָׁאוּל זָאלל נָאר בַּאזִיצֶן אַ לַייבּ גַארְדֶע פִין צְוֵויי טוֹיזֶענְד מַאן גַארְדִיסְטֶן פַארֶן זִין דֶען פְּרִינְצֶן יוֹנָתָן. פִין דֶעסְטוֶועגֶן זֶענֶען אַלֶע יוּדִישֶׁע מַאֶ־נֶער גֶעאִיבְּטֶע זָאלְדַאטֶן, אַחוּץ אֵיין שֵׁבֶט לֵוִי. אוּנְד אַלֶּע זֶענֶען זֵיי גְרֵייט, אִין דֶער קִירְ־צֶעסְטֶן צַייט זִיךְ צִין אוֹיף צוּא לוֹיפֶן, דֶער הֶערְנְדִיק דֶעם קוֹל פִינֶעם רֶיעפְנְדִיקֶן שׁוֹפָר זֶענֶען זֵיי שׁוֹין אִין אַ פָּאר שָׁעָה פַארְטִיג צוּם קְלָאפֶן, דָאס אִיז אַ חֶבְרָה.!—

דוּרְךְ גֶעהֶנְדִיק דוּרְכֶן טוֹיֶער הָאבֶּן מִיךְ בַּאווִילְקָאמְט אוּנְד בַּאגְרִיסְסט עֶטְלִיכֶע גְרָאוּו־קֶאפִּיגֶע אוּנְד וַוייסְסבֶּארְדִיגֶע עֶדְלֶע זְקֵנִים, וֶועהְרֶנְד אַסַךְ מֶענְשֶׁן זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אֲרִים אוּנְד אֲרִים, אוּנְד הָאבֶּן מִיךְ בַּאטְרַאכְט מִיט נַייגִיעֶר. אֵיינֶער פִין דִיא זִקְנֵי הָעִיר, וָוא הָאט מִיךְ אַזוֹי הֶערְצְלִיךְ בַּא שָׁלוֹם־עֲלֵיכֶם׳ט, הָאט גֶעבֶּעטְן דִיא אִיבֶּערִיגֶן אַז זֵיי זָאלְלֶן מִיר בַּאוַוייזֶן יֶעדֶע פְרֵיינְדְלִיכְקֵייט, וֶועהְרֶנְד מַיין קִירְצֶן אוֹיפֶענְטְהַאלְט צְווִישֶׁן זֵיי. אִיךְ הָאבּ זֵיי נַאטִירְלִיךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט מִיט פַּאסֶסְנְדִיקֶע ווערְטֶער, וָואס הָאט אוֹיס גֶעדְרִיקְט מַיין פַארְגְנִיגֶן אוּנְד מַיין פְרֵייד מִיט אַזַא בְּרַאוּו פָאלְק בַּאקַאנְט צִיא וֶוערֶן; דָאס הָאט אִין גַאנְצֶן פַּאסִירְט אִין אַ גְרוֹיסְסֶער הַאלְלֶע בַּאיים טוֹיֶער, וִויא אִיךְ בַּאמֶערְק אִיז דָאס דֶער אָרְט, וִויא אַלֶע וִויכְטִיגֶע גֶעשֶׁעפְטֶן וֶוערֶן אָפְּגֶעשְׁלָאסְסֶן, דָאה וֶוערֶן אַלְלֶע אֶפֶנְטְלִיכֶע זַאכֶן פַאר־הַאנְדֶלְט, דָאה הַאלְטֶן זֵיי אָפּ זֵייעֶרֶע אֲסִיפוֹת, דָאה וֶוערְט דֶער מִשְׁפָּט נִגְזַר, אוּנְד דָאה וֶוערֶן דִיא טְרָאוֶוערִיקֶן וִויא דִיא פְרֵיהְלִיכֶן זַאכֶן בַּאקַאנְט גֶעמַאכְט. אִין דֶעם עֶרֶךְ פִין אַ שָׁעָה זֶענֶען מִיר דָאה גֶעזֶעסְסֶן, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהַאט דָאס פַארְגְנִיגֶן זֵיי צִיא עֶנְטְפֶערֶן

אויף אַללע זייערע שאלות איבער אַססיריען אונד איבער אייערער מאַיעסטעט , אונד ציא הערן זייערע קלוגע אונד פאַרשטאַנדיגע באַמערקונגען דער נאך איז אַריין געקימען איינער פון דיא באַדינטע אונד האט געמעלדעט אַז דער באַנקעט (סעודה) איז גרייט · דער ראש פון דיא זקנים האט געפיהרט דעם וועג אונד איך מיט איינינע זקנים אונד עטליכע בירגער מיט איינינע אָפיצירע , וועלכע זענען אויך געוועזן איין געלאַדן זענען נאך געגאַנגען · איין אָפפיציר,נאך אפילו גאר איונגער מאַנטשיק, נאר גרויס בריהשקייט דריקט זיך אויס אין זיין גאַנץ באַנעהמן , אונד איז מיר פאַרגעשטעלט געוואָרן מיטן נאָמען " יואב " איז אויך דער ביי געוועזן · פון דער סעודה האב איך ניט פיעל אונ-טערעסאַנטעס ציא מעלדן נאר דאס , וואס זיא האט זיך אויסגעצייכנט אין איינפאַכקייט אונד מאַססיגקייט ! — עהדער דער צווייטער טאָג איז שלאָפן געגאַנגען בין איך שוין באַקאַנט געוואָרן מיט פיעלל פון דעם מערקווירדיגן פאָלק · פיעלע פון זייערע געלעהרטע האבן זיך זעהר פריינדליך באַוויזן אַקעגן מיר , מיר ווייזנדיק זייערע היילינע ספרים אונד מיר אַללעס דער צאָהלן פון זייערער געשיכטע , וואס איך האב נאר געגליסט ציא פרעגן · אַצינד בין איך אים שטאַנד , אייערער מאַיעסטאַט , ציא געבן אַ זעהר אינטערעסאַנטן באַריכט פון זייער געשיכטע , גראַד פון דעם פונקט,וויא רעמעזעס דער דאַמאַססענער פרינץ האט אָפּ געשלאָססן זיינע בריוו צים קעניג " סעזאָסטריס " ביז ציא דער קראָנונג פון זייער ערשטן קעניג דען העלדן שאול בן קיש , וואס קעניגט אַצינדערט ·

אַזוי וויא , אייערע מאַיעסטאַט , בעזיצן אַן אָפּשריפט אויף פאַרמעט פון די בריוו פון דעם פרינצן רעמעזעס (אַצינד שוין כמעט פינעף הינדערט יאָהר זייט ער האט געשריבן) , וועט איהר אייך מן הסתם דער מאַהנען, אַז ער האט פאַר לאָזט זייער פיהרער מאָזים , אָדער וויא דיא יודן ריפן איהן " משה " אין דעם מדבר פון אַראַביען · צוויא חדשים נאך יציאת מצרים ; — דער פרינץ פון דאַמאַסקוס האט אפילו בכוונה געדאַט דיא יודן ציא באַלייטן דורך דען מדבר ציא דעם לאַנד , וואס זייער גאָט האט זיא ציא געזאָגט אַז ער וועט עס זייא געבן פאַר אַ באַזיץ ! נאר אַזוי וויא זייא האבן געזינדיגט אַקעגן זייער גאָט , דינענדיק צים עגל , אָדער " אַפּיס " אַ גאָט פון דיא מצרים , האט זיי דער פאַר זייער גאָט פאַר משפט , אַז פערציג יאָהר זאָללן זיי זיך אַרים בלאָנקען אין דער וויסטע אונד נאך ניט אַזוי גיך באַקימען דאס געלויבטע לאַנד · דער פרינץ רעמעזעס מעלדעט אין יענער אַלטן מגלה פון דעם דענקסטמאַלעדיקן מעמד פון דיא יוצאי מצרים בזה הלשון : —

" מוזים האט מיר נאר וואס געזאָגט,מיין טהייערער פאַטער,אַז גאָט האט באַשלאָססן, פאַר דעם חטא בעגל ציא לאָזן זיין פאָלק אַרים וואַנדערן פערציג יאָהר אין דער מדבר עהדער ער וועט זייא ברענגען ציא דעם ארץ הבטחה — דערווייל וועט ער אָן רייצן אויף זיי פיינד פון אַרים אונד אַרים וואס וועלן זיי שטאַרק דער קוטשן · איינינע קליינע מלחמות האבן זיי שוין געהאַט ציא באַשטעהן,אונד אין זיי האט זיך שטאַרק אויסגעצייכנט

א יונגער מענש וואס הייסט "יהושע" דאס וועט אמאהל ווערן א מאכטיגער העלד, ער איז קליעג וויא א נביא, שאן וויא דער אבענד-שטערן אונד שטארק וויא אצעדערבוים · משה האט איהן זעהר שטארק ליעב כמעט נאך מעהר וויא אן אייגען קינד · אונד ער האט מיר איין מאהל אליין געזאגט "רעמעזעס, מיין זין, יהושועלע וועט זיין דער קינפטיגער פיהרער פין גאנץ שבטים, ניט איינער פין מיינע קינדער, אדער מיין ברידער'ס קינדער זענען פעהיגער ציא דעם דיענסט אלס אט דער יונגער מענש, אונד אין זיינע האנד וועל איך איבער געבען גאנץ פאלק!" – "דרומאויף", זאגט דער פרינץ ווייטער אין דער מגלה, "וועגען דעם באשטימטען לאנגן אויפענטהאלט פין דיא עברים אין דער מדבר · וועלל איך שוין מארגן צי שטעהן צין א קאראוואנע וואס געהט פין מצרים געגן אשור' עס וועט מיר זעהר לייד טהין מיך ציא געזעגענען מיט משה'ן מיט אהר'ן אונד מיט זייער בכבודיקן אלטען שוועסטער מרים'ען אונד אללע איבריגע גיטע פריינד וואס איך האב געפינען אין דעם מערקווירדיגן פאלק · דיא וועלט, וואס האט זיך אן געהערט פין דיא מערקווירדיגן ווינדער, וואס זענען געשעהן אין מצרים פין דיא יודנס וועגן, וועט אוודאי נייגעריג באוואכן פין דער ווייטען דעם פארטשריט פינעם פאלק, וואס האט אזא מערקווירדיגן גאט?"

אט אזוי ענדט דער פרינץ זיינע בריוו צום קאניג סעזאסטריס זיין פאטער · אצינד נאך פינף הינדערט יאהר כמעט האבען מיר אין אשור גאר ניט מעהר געלערנט פין זייערער מערקווירדיגן געשיכטע, אחוץ דעם, וואס זיי באוואהנען, אין אט דעם אויגען בליק, דאס שאנע לאנד·צוואלף מאכטיגע נאציאנען, פאראייניגט אונטער איין קאניג, א מלוכה פין אנשי חיל, כהנים אונד חכמים, אין זייערע דרכים איינפאך אונד מאסיג, אין זייערע מנהגים פאטריארכליש אונד שטארק געליעבט פין דיא געטער – אזוי וויא אלס-דינג, וואס באטרעפט אזא פאלק, וואס געטטער רעגירן עס, מוז דאך זעהר אינטערעסאנט זיין, אונד צוגלייך פאלגענדיק אייערער מאיעסטעטס באפויל ציא באריכטן איבער זייער פאליטיק, מנהגים, רעליגיאן אונד רעגירונג, וועלל איך מיך קורץ באניצן מיט יענער באשרייבונג, וואס איך האב געפינען אין זייערע היילקע ספרים, איך וועל מיך אויך צווייליען בעדינען מיט פריוואט כתבים וואס קליעגע מענשן האבען אויף געצייכנט וועהרנד זיי זענען דער ביי עדות געוועזן! – אין דיא לעצטען אכט טאג, וואס דיא קראנקייט פין איינגע פין מיינע מענשן האט מיך געצווינגן דאה מיך ציא פארזוימען, האב איך ניט גאר זעהר פיעל געלערנט פין דיא חכמי הדור, איך האב מיר אויך געלאזט פיעלעס אפ שרייבען · – דיא עטליכע הונדערט יאהר, וואס זענען פארלויפן זייט פרינץ רעמעזעס האט זיינע מכתבים אפ געשלאססן, זענען פיל, פין דיא אינטערעסאנטעסטן באגעבנהייטן, אונד אזוי קירץ וויא מעגליך, דאך עבען אזוי גאנץ אונד אזוי קלאהר, וויל איך פאר אייערער מאיעסטעט, אניעדער לעגן דיא מעשה פין דער אויסערארדענטליכן קאריערע פין אט דער גאט-געליעבטן נאציאן, אונד זיין אייגן אויסדערוואהלטעס פאלק!" –

וֶוען דֶער גִבּוֹר הַחַיִל אוּנְד נָבִיא משֶׁה אִיז אַרָאפּ פִינֶעם בַּארְג סִינַי מִיט דִיא לוּחוֹת פִין רֵיינֶעם אַלַאבַּאסְטֶער , אוֹיף וֶועלְכֶע גָאט הָאט גֶעשְׁרִיעבֶּן מִיט זֵיינֶעם פִינְגֶער יֶעגֶע גֶעזֶעצֶע , וָואס עֶר הָאט גֶעוָואלְט אַז דִיא עִבְרִים זָאלְלֶן זֵיי אָפְּהִיטֶּן , הָאט עֶר דֶער זֶעהְן אַז אִין זֵיינֶער אַבְּוֶועזֶנְהֵייט הָאבֶּן זֵייא זִיךְ גָאר גֶענִימֶען צוּ דִיעֶנֶען דֶעם עֶגִיפְּטִישֶׁן גָאט אַפִּיס , הָאט עֶר פַאר צָרוֹת אוּנְד אוּנאוֹיסְשְׁפְּרֶעכְלִיכֶע שְׁמַארְצִין אַוָוארְף גֶעטְהִין דִיא לוּחוֹת אוֹיף דֶער עֶרְד אוּנְד זֵיי זֶענֶען צִיבְּרָאכֶן גֶעוָוארֶן אוֹיף פִּיץ פִיצְלַאךְ, אוּנְד אַלְס אַ בַּאשְׁטְרָאפִינְג פַארְן חֵטְא הָאט גָאט עֶרְשְׁט דְרַייא טוֹזִינְט אַפִּיס-דִיעֶנֶער דֶער הַרְגְ'ת אוּנְד דֶעם גַאנְצִין דוֹר הָאט עֶר אַרִים גֶעפִיהְרְט אִינֶעם גְרוֹיסְסֶן מִדְבָּר , נִיט צוּ לָאזֶענְדִיק אַז זֵיי זָאלֶּלְן קֶענֶען גֶעפִינֶען אַ וֶועג צוּ דֶעם פַארְשְׁפְּרָאכֶענֶעם לַאנְד , גַאנְצֶע פֶערְצִיג יָאהר , בִּיז אַללֶע , וֶועלְכֶע זֶענֶען שׁוֹין אַלְט גֶעוֶועזְן צְוַואנְצִיג יָאהר בַּאיים אַרוֹיסְגֶעהְן פִין מִצְרַיִם, זֶענֶען אִין דֶער וִויסְטֶע אִים-גֶעקִימֶען , נָאר דִיא צְוֵויי הֵיילִיגֶע מֶענֶער יְהוֹשֻׁעַ אוּנְד כָּלֵב זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּן פִינֶעם אַלְטֶן דוֹר · —

נָאךְ דֶעם וִויא משֶׁה הָאט דֶער לַאנְגְט פִין גָאט אַ כַּפָּרָה, פַאר דִיא דִיעֶנֶער פִין אַן עֲבוֹדָה זָרָה דוּרךְ דָאס בְּלוּט פִין דִיא גֶעפַאלֶּענֶע טוֹיזֶנְדֶער , אִיז עֶר וִוידֶער אַרוֹיף אוֹיף דֶעם זֶעלְבֶּן בַּארְג אוּנְד הָאט פִין גָאט עֶרְהַאלְטֶן נַייעֶ לוּחוֹת גְרָאד וִויא דִיא עֶרְשְׁטֶן· — דִיזֶע גֶעזֶעצֶע וֶוערֶן פִין זֵיי בִּיז אוֹיף הַיינְטִיגֶן טָאג עֶרְנְסְטלִיךְ גֶעהַאלְטֶן, אוּנְד אִין זֵייעֶרֶע טֶעמְפְּלֶן וֶוערֶן זֵיי מִיט גִילְדֶענֶע בּוּכְשְׁטַאבֶּן אִין דִיא וואֶנְדְט אַרַיין גֶעגְרָאבֶּן , אֵיין מָאהל אִין זִיעבֶּן טָאג וֶוערֶן זֵיי אוֹיף אַ קוֹל אוֹיס-גֶעֶרִיפֶן אוֹיף דִיא אָפֶנְטְלִיכֶע אֶרְטֶער פַאר דִיא טוֹיעֶרֶן פִין דִיא שְׁטֶאדְט · עֶס זֶענֶען צֶעהְן גֶעזֶעצֶע , וָואס עֶנְטְהַאלְטֶן דִיא חוֹבוֹת פִינֶעם מֶענְשֶׁן אַקֶעגֶן גָאט , אוּנְד אַקֶעגֶן דֶעם מִיט-מֶענְשֶׁן , דִיא עִבְרִים רִיפֶן זֵיי „ דִיא עֲשֶׂרֶת הַדִבְּרוֹת „ עֶס זֶענֶען צֶעהְן קִירְצֶע אָבֶּער זֶעהר וִויכְטִיגֶע זֶאצֶע ; זֵיי בַּאפוֹילֶן צוּ דִיעֶנֶען נָאר אֵיין גָאט ; פַאר בִּיטֶן דִיא אַנְבֶּעטוּנְג פִין מַאטֶערִיֶעללֶע גֶאצִין (עֲבוֹדָה זָרָה ·) דִיא פְּרָאפַאנַאצִיאָן (חִילוּל) פִין הֵיילִיגֶע נָאמֶען , זֵיי הֵייסְסֶן הֵיילִיג הַאלְטֶן אֶ יֶעדֶן שַׁבָּת , דֶען זִיבֶּעטֶן טָאג פִין יֶעדֶער וָואךְ · צוּ גֶעהָארְכֶן אוּנְד בְּכָבוֹד צוּ הַאלְטֶן דִיא עֶלְטֶערֶן · פַארְבִּיטֶן רְצִיחָה · נִיאוּף · גְנֵבָה · פַאלְשׁ עֵדוּת זָאגֶן , אוּנְד מְקַנֵא צוּ זֵיין · אַזָאלְכֶע פַאנְדֶערְקְטֶן (אֲסִיפַת חוּקִים) מֵיין אִיךְ זֶענֶען וֶוערְטָה אוֹיפְגֶענִימֶען צוּ וֶוערֶן פִין אַללֶע פֶעלְקֶער אוּנְד נַאצִיָאנֶען פִין דֶער וֶועלְט · —

גָאט הָאט זֵיי בַּאפוֹילֶן אוֹיף צוּ שְׁלָאגֶן אַ בַּאוֶועגְלִיכֶן טֶעמְפֶּל , אַגְרוֹיס קֶענִיגְלִיךְ גֶעצֶעלְט צוּם אוֹיפְבֶּעוָואהְרֶן פִין דִיא הֵיילִיגֶע כֵּלִים אוּנְד צוּם אָפְּרִיכְטֶּן פִין דֶער הֵיילִיגֶער עֲבוֹדָה · זֵייעֶר הֵיילִיגֶע סְפָרִים בַּאשְׁרַייבֶּן יֶעדֶעס פִּיצֶעלֶע פִין דֶער גְרוֹיס אַרְטִיגְסְטֶן אוּנְד רֵייכְסְטֶן אַיינְרִיכְטוּנְג פִינֶעם מִשְׁכָּן · אִין נִינְוֵה אִיז מִיר קֵיין גֶעצֶעלְט נִיט בַּאקַאנְט, וָואס זָאלְל אִים מִינְדֶעסְטֶן פָארְשְׁטֶעללֶן דֶעם גְלַאנְץ אוּנְד דִיא פְּרַאכְט פִינֶעם אֹהֶל-מוֹעֵד · עֶר אִיז גֶעוֶועזְן אַיינְגֶעטְהֵיילְט אִין הוֹיפֶן אוּנְד אִין קַאמֶערֶן , פִין דִיא אוֹיס-וֶוענִיגְסְטֶע בִּיז דִיא אִינְוֶוענִיגְסְטֶע,אוּנְד גָאר דָאס הֵיילִיגְסְטֶע , מִיט מִזְבְּחוֹת פַאר קָרְבָּנוֹת אוּנְד פַאר קְטוֹרֶת , אִינֶעם קָדְשֵׁי קָדָשִׁים אִיז גֶעוֶועזְן דֶער פַארְבָּארְגֶענֶער זִיטְץ אוּנְד טְהְרָאן פִין זֵייעֶר גָאט

וָואס זַיין זִימְבָּאל אִיז גֶעוֶועזֶן וִויא אַבְּרֶענֶענְדִיק אויג , שְׁרֶעקְלִיךְ אָן צִיא קִיקֶן , אוּנְד וֶוען
אַשְׁטֶערְבְּלִיכֶער זָאלל עֶס זֶעהֶן , וָואלְט עֶר אוֹיף תָּמִיד בְּלִינְד גֶעוָוארֶן · דֶער אֹהֶל מוֹעֵד
עֶקְזִיסְטִירְט נָאךְ אִים לַאנְד , אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהן צִיא בַּאזִיכְן דֶער נָאךְ וֶועל אִיךְ עֶרְשְׁט
אִים שְׁטַאנְד זַיין , אַייעֶרֶער מַאיֶעסְטֶּעט פִין אִיהם אַ פָאלְשְׁטֶענְדִיגֶע בַּאשְׁרַייבּוּנְג צִיא
גֶעבֶּן – פֶערְצִיג יָאהר דָאט זִיךְ דִיא עִבְרִישֶׁע נַאצִיָאן אַרִים גֶעבְּלָאנְקִיט אִין דֶער מִדְבָּרִ׳
זַייעֶרֶע סְפָרִים בַּארִיכְטֶן צְוֵויי אוּנְד פֶערְצִיג אָפְּרִיה-אָרְטֶער אָדֶער אֵיין אָפְּרִיה הָאט גֶע-
דָאוֶוערְט אַ יָאהר · אַמָאהל נָאר עֶטְלַאכֶע וָואכֶן אוּנְד אַ מָאהל פִיעל חֳדָשִׁים · וֶועהר אָפְט
הָאבֶּן זַיי אִיבֶּער גְחַזֶרְתְּ דֶעם זֶעלְבֶּן מַארְשׁ , וֶועלְכֶן זַיי זֶענֶען שׁוֹין אַמָאהל גֶעגַאנְגֶען · –
אָט הָאבֶּן זַיי דַאלַאנְגְט אַ גֶעה גֶען צָפוֹן, אוּנְד אָט הָאבֶּן זַיי אַקֶעהר גִימְהִין זַייעֶר צָרוֹתדִיקֶן
גַאנְג גָאר גֶען מַעֲרִיב , אוּנְד בַּאלְד גֶען מִזְרַח אוּנְד עֶרְשְׁט נָאךְ פִיעלֶע מִיעדֶע טֶאג
פְּלִיצִם גָאהר גֶען דָרוֹם ! אַקוּרַאט וִויא אַבְּלִינְדֶער , וָואס זִיכְט טַאפְּנְדִיק דֶעם וֶועג אִין
פִינְצְטֶערְקַייט , אַזוֹי הָאט זִיךְ אַרִים גֶעשְׁלֶעפְּט אַגְרוֹיסְסֶע נַאצִיָאן פִין דְרַיי מִילְלִיָאנֶען
מֶענְשֶׁן , פִין וֶועלְכֶע זֶעקְס הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד זֶענֶען גֶעוֶועזֶן בַּעֲלֵי מִלְחָמָה, אִין דִיא מֶאכְטִיגֶע
מִדְבָּרוֹת פִין אַפְרִיקָא , טְרָאוֶוערְנְדִיק , וֵויינֶענְדִיק אוּנְד אוּמְזִיסְט זִיכֶנְדִיק , דֶאס פַאר-
שְׁפְּרָאכֶענֶע אוּנְד דָאס גֶעלִיעבְּטֶע לַאנְד , וֶועלְכֶעס אַיינְצִינֶעהמֶען הָאט זַיי זַייעֶר גָאט
אַרוֹים גֶעצוֹיגֶען פִין מִצְרַיִם · וִויא שְׁרֶעקְלִיךְ אִיז דֶער מִשְׁפָּט פִין זַייעֶר גָאט ? ! – וִויא
אַהִין זַיי הָאבֶּן גֶעוַואנְדֶערְט הָאבֶּן זַיי מִיט זִיךְ אַרִים גֶעפִיהְרְט דֶעם אֹהֶל מוֹעֵד , מִיט
דֶעם אָרוֹן-קוֹדֶשׁ . אוֹיף וֶועלְכֶן הָאט גֶערִיהט דָאס גֶאטְלִיכֶע לִיכְט בַּאוַויינְדִיק זַיינֶע
גְלָארְרַייכֶע גֶעגֶענְוַוארְט · אַלְלֶע מָארְגֶן אוּנְד אַללֶע אוֹיף דֶער נַאכְט הָאבֶּן קָרְבָּנוֹת
גֶעבְּרֶענְט אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ אוּנְד דִיא כֹּהֲנִים לְוִיִּם אוּנְד יִשְׂרְאֵלִים הָאבֶּן קֵיין מָאהל נִיט
אוֹיף גֶעהֶערְט גָאט אִיבֶּער צִיא בֶּעטֶן אַז עֶר זָאלל אָפּ וֶוענְדְן פִין זַיי זַיין כַּעַס · נָאר זַייעֶר
גָאט בַּייט נִיט זַיין וָוארְט, וִויא אַמֶענְשׁ, דִיא שְׁטְרָאף הָאט גֶעהֵייסְן פֶערְצִיג יָאהר אוּנְד
עֶס הָאט גֶעמוּזְט אַזוֹי זַיין ׳ – אַזוֹי וִויא דִיא מֶאכְטִיגֶע נַאצִיָאן קוּמְט אַרוֹיס פִין אֵיין
פַאטֶער אַבְרָהָם „ הָאבֶּן זַיי אַלְלֶע אֵיין יִחוּס ! חָאטְשׁ זַיי זֶענֶען צְוֶועלְף נַאצִיאָנֶען, אַיעדֶער
שֵׁבֶט אַ נַאצִיָאן, פִינְדֶעסְט וֶועגֶן זֶענֶען זַיי אַלְלֶע פַאר אֵיינִיגְט אוּנְטֶער אֵיין גֶעזֶעץ, זֶענֶען
גֶעפִיהְרְט פִין אֵיין פִיהְרֶער , אוּנְד אַלְלֶע דִיענֶען אֵיין גָאט · פִין אַללֶע שְׁבָטִים אִיז אָבֶּער
אֵיין שֵׁבֶט „ לֵוִי „ בַּאזָאנְדֶערס אָפְּגֶעטְהֵיילְט צִיא דֶעם דִיעְנְסְט פִין זַייעֶר גָאט · דְרוּמְאוֹיךְ
הָאבֶּן זַיי נִיט גֶעמָאגְט טְרָאגֶן קֵיין כְּלֵי זַיין וִויא אַללֶע זַייעֶרֶע בְּרִידֶער · אוֹיף זַייעֶרֶע
וַואנְדֶערוּנְגֶן זֶענֶען זַיי גֶעוֶועזֶן גֶעטְהֵיילְט אִין צְוֶועלְף אַרְמֶעעֶן , יֶעדֶע אִינְטֶער אִיהר פָאן
אוּנְד עֶלְצְטֶן · זִיעבֶּעצִיג זְקֵנִים הָאבֶּן אַסִיסְטִירְט משֶׁהן אִין זַיינֶע בַּארָאטְהוּנְגֶען · – אוֹיף
זַייעֶר פֶערְצִיג יָאהְרִיגֶן רַייזֶע זֶענֶען זַייא אוֹיף אַ מֶערְקְווירְדִיגֶער וַוייזֶע גֶעשְׁפַּייזְט גֶעוָוארֶן
מִיט אַ מִין בְּרוֹיט פִינֶעם הִיממעל . וָואס בַּאי נַאכְט הָאבֶּן עֶס מַלְאָכִים גֶעבְּרַאכְט אוֹיף
דֶער עֶרְד אוּנְד גַאנְץ פְּרִיה מָארְגֶנְס הָאט עֶס דָאס פָאלְק שׁוֹין גֶעפִינֶען לִיעגֶנְדִיק · וגֶע-
לֶעהְרְנְטֶע עִבְרִים דֶערְצֵאהלֶן מִיר אַז דָאס בְּרוֹיט וָואס הָאט אֵייגֶענְטְלִיךְ גֶעהֵייסְן „ מָן „
זָאלל אִין זִיךְ הָאבֶּן גֶעהַאט אַ מִין אֵייגֶענְשַׁאפְט אַז וֶועהְרְנְד אַן עֶסְסְעֶר הָאט עֶס גֶעהַאלְטְן

אִין מויל אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעדַאכְט וָואס פַאר אַ מִין מַאֲכָל אִין דֶער וֶועלְט, זָאלל עֶר תֵּיכֶף וּמִיַד הָאבֶּן גֶעפִּיהְלט דֶעם טַעַם דֶער פִין, אוּנְד נָאךְ אַסַךְ אַנְגֶעקְדָאטן אוּנְד לֶעגֶענְדְן, אֲפִילוּ זֶעהר אִינְטֶערֶעססַאנְטֶע הָאט מֶען מִיר דֶערְצֵיאהְלט, נָאהר אִיךְ וֶועלל מִיךְ בַּאגְנִיגְן מִיט דֶעם בַּארִיכְט, וָואס אִיךְ גֶעפִין אִין דִיא כְּתְבֵי קוֹדֶשׁ זֵייעֶרֶע ׳) אוֹיךְ גַאנְצֶע הוֹיפְן פִין פֶאגֶל פְלֶעגְן זֵיי נָאךְ פְלִיעהְן אִיבֶּערַאלל, אוּנְד וָואס אִיז נָאךְ פִין גְרֶאסֶערן וֶוערְטֶה אִין אַזַא בְּרֶענֶענְדִיק קְלִימַא מִיט אַ קְלַאךְ-אוֹיבְּנְדִיקֶער הִיטְץ פִין שַׂרְפֶנְדִיקֶן זַאמְד, וַואססֶער! יָאה עֶס הָאט זֵיי קֵיין מָאהל נִיט פַאר לָאזְט קְלָארֶעם קַאלְטֶעם וַואססֶער, אַמִין ווִינְדֶערְלִיכֶער בְּרִינֶגען, אַגָאטְלִיכֶע קְוֶועלֶּלע, וֶואס דֶער פְרִישְׁט, אוּנְד בַּאלֶעבְּט, הָאט זֵייא בַּאלֵייט אִיבֶּערַאלל וֶועהֶרֶנד דִיא פֶערְצִיק יָאהר וָואס זֵיי הָאבֶּן גֶעבְּלָאנְדֶעט אִין דֶער מִדְבָּר׳ — וִויא מֶערְקווִירְדִיק אִיז דָאךְ דֶער עִבְרִישֶׁער גָאט? אַז אֲפִילוּ וֶוען עֶר אִיז אוֹיף זֵייא בְּרוֹגֶז, וֶועגְן זֵייעֶרֶע זִינְד אַקֶעגֶן אִיהם, שְׁטְרָאפְט עֶר זֵייא פָארְט מִיט רַחֲמָנוּת, וִויא אַ לִיעבֶּער פָאטֶער זַיין גֶעלִיעבְּט קִינְד! — דָאס פְרִישֶׁע וַואססֶער הָאט משֶׁה אַפִיר גֶעבְּרַאכְט פוּן אַ הַארְטְן פֶעלְזְן; דְרַיי חֳדָשִׁים נָאךְ יְצִיאַת מִצְרַיִם, הָאבֶּן זִיךְ דִיא נַאיְיבַּאפְרַייטֶע אָן גֶעהוֹיבֶּן צוּא בַּאקְלָאגְן אַז עֶר הָאט זֵיי גֶעבְּרַאכְט אִין דֶער מִדְבָּר צוּא שְׁטַארְבְּן פַאר דָארְשְׁט, הָאט גָאט גֶעהֵייסְסְן משֶׁה׳ן אַז עֶר זָאלל מִיטְן הֵיילִיקְן צֶעפְּטֶער בַּארִיהְרְן אַ גֶעווִיסְן פֶעלְזְן וֶועללְן זֵיי הָאבְּן וַואססֶער. דֶער יוּדִישֶׁער גָאט הֵייסְסט נִיט גְרָאבְּן אִין דֶער עֶרְד, וִויא גֶעוֶואהְנְ-לִיךְ קְוֶועללְן זֶענֶען, פִין אַ הַארְטְן פֶעלְזְן זָאלל מַאן אַרוֹיס שְׁלָאגְן — וַואססֶער כְּדֵי מֶען זָאלל זֶעהְן אַז עֶס קִימְט טַאקִי נָאר פִין אַ גָאטְס הַאנְד! דֶער וָואס קָאן וַואסֶער שַׁאפְן, קָאן עֶס אוֹיךְ הֵייסְן עֶרְשַׁיינֶען וִויא עֶר ווִילל! — (אָט דֶער מֶערְקְווִירְדִיגֶער קְוֶועלל, וָואס הָאט זִיךְ דֶערְלַאנְגְט אַגָאס פִינֶעם הַארְטְן פֶעלְזְן אַרוֹיס אוּנְד הָאט זֵייא בַּאלֵייט אִין דֶער מִדְבָּר וֶועהְרֶנד זֵייעֶר וַואנְדֶערוּנְג, זָאלל גֶעהֵייסְסְן הָאבְּן „מִרְיָם׳ס בְּרִינֶען“ אוּנְד עֶס עֶקְ-זִיסְטִירְן מַאנְכֶע זֶעהר אִינְטֶערֶעססַאנְטֶע לֶעגֶענְדְן אוּנְד אַנֶעקְדָאטְן אִיבֶּער אִיהְן, וֶועלְכֶע אִיךְ הָאף צוּא זַאמְלֶען, אוּנְד אַבַּזוּנְדְרְן סֵפֶר פַאר אַיְיעֶרֶער מַאיֶעסְטֶעט צִי שְׁרַייבְּן.) אוֹיךְ ווִינְדֶערְלִיךְ אִיז דָאס, וָואס דִיא קְלֵיידֶער וֶועלְכֶע זֵיי הָאבְּן אוֹיף זִיךְ גִיהַאט וֶועהְרֶנְד יְצִיאַת מִצְרַיִם, זֶענֶען גֶעבְּלִיבְּן גַאנְץ אַללֶע פֶערְצִיק יָאהר, דִיא סַאנְדַאל׳ן הָאבְּן נָאךְ פֶערְצִיק יָאהר אוֹיסְגֶעזֶעהְן, אַזוֹי ווִיא נַאיי, אַזוֹי זָאגְן דִיא הֵיילִיקֶע סְפָרִים זֵייעֶרֶע, אוּנְד וָואס אִיז דָאה נִיט צוּא גְלוֹיבְּן אוֹיף אַזַא מֶערְקווִירְדִיגְן גָאט, ווִיא דֶער ווִינְדֶערְלִיכֶער אוּנְד מֶאכְטִיגֶער אֱלֹהֵי הָעִבְרִים? — ווִיא אוֹיסֶער אָרְדְנְטְלִיךְ זֶענֶען זַיינֶע מַעֲשִׂים! ווִיא שְׁטְרֶענְג אִיז זַיין צָארְן! אוּנְד ווִיא גְרוֹיס אִיז זַיין רַחֲמָנוּת! — פַאר אַשְׁטְרָאף טְרַייבְּט עֶר אַרוֹם אַן אוֹיסְגֶע-וואהְלְטֶע נַאצְיָאן ווִיא קְרִימִינַאלְנִיקֶעם פֶערְצִיג. יָאהר אִין ווִיסְטֶענֶעסְן. אוּנְד מִיט דֶער פִיהלֶנְדִיקֶער זָארְג פוּן אַ לִיעבְּן פָאטֶער פַארְזָארְגְט עֶר זֵיי מִיט דֶעם זֶעלְטֶנְסְטְן בְּרוֹיט, מִיט דֶעם שֶׁאנְסְטְן פְלֵייש, מִיט דֶעם גֶעשְׁמַאקְסְטְן וַואססֶער אוּנְד מִיט גַאנְצֶער קְלֵיידוּנְג. ווִיא מֶערְקווִירְדִיג מוּזְן זַיין דִיא גֶעפִיהֶלֶע פוּן אַ מֶענְשְׁן וָואס זַיין גָאטְס אוֹיג וַואכְט אִיבֶּער אִיהְן אַזוֹי גְרוֹיסְאַרְטִיג? וֶוער וָואלְט נִיט אַוֶועק גֶעגֶעבְּן אַ פוּרְפֶערְנֶעם מַאנְטֶל פַאר אַזַא אֵיינְפַאכְן פִין גָאט עֶרְהַאלְטְנֶעם קְלֵייד? נֵיין, אַיְיעֶרֶע מַאיֶעסְטֶעט. אָט דֶער עִבְרִים׳ס

גאט, געפאללט מיר זעהר שטארק, ער איז ניט נאר א פערדערבער א צערשטערער, וויא אונזערע כהנים שטעללן אונז פאר אונזערע גאטער; אשרוך, נינוס אונד אופק. דער עברישער גאט באזיצט ניט נאהר אונענדליכע קראפט, ער באווייזט אויך אומבאגרענצטע גיטסקייט, דיא וויגדערליכסטע געדולד (ארך-אף) דאס שיינט מיר אסך גאטליכער צוא זיין וויא נקמה אלליין. היילקער אונד גאטליכער איז יענע ליעבע וואס היילט מיט דער רעכטן האנד וועהרנד דיא לינקע דאט פארווינדעט. דיא מענשליכקייט אין דער גאטהייט, באריהרט מעהר דאס מענשליכע הארץ !—

אייערע מאיעסטעט, וועללן זיך לייכט פארשטעללן, אז אזא מאכטיגע נאציאן האט אריין געיאגט אשרעק צווישן דיא קליינע אומות ארים דער מדבר. עפעס האט עס זיך געלאזט הערן אז דיא עברים זיכן א גיט לאנד איינצינעהמען אונד זיך דארט צוא באזעצן. אונד דיא קליינע מלוכה'לאך האבן געציטערט וויא דארע בלעטעלאך אין א הערבסט ווינד פאר זייערע לאנדעלאך. מען האט געהערט אז דיא עברים האבן אגרויס מאכטיגן גאט, האבן דיא אומות געפלאטערט פאר זייערע גאטעלאך, דיא מיינסטן האבן אבער געדאכט אכפרה דאס לאנדל, חאטש דער רוח דאס גאטל, מיר זענען אבער גאר ניט זיכער מיטן לעבן ! אסך פין זיי האבן זיך צין אויף גענימען מיט דיא עברים מלחמה ציא האלטן. אין איניגע מלחמות האבן דיא עברים גובר געוועזן אונד אין איניגע האבן זיי שטארק געליטן אונד מען האט זיי צוריק געטריבן אין דער מדבר אריין, וועהרנד פאר זייערע אויגן האט שוין געבלישטשעט פין דער וייטן, שאנע שטאדט, גרינע גארטנער מיט אללע באקוועמליכקייטן פין א יושב. זיי האבן שיער פארצווייפעלט פין דעם אייביג זיך ארים שלעפן, אונד פין דיא גערייצטע שונאים פין אימעטום. דיא שקלאווערייא אין מצרים האט זיי געשיינט כמעט וויא אן אפריה אקעגן דיא יעצטיגע צרות ! אזוי ציא ליידן נאך אזעלכע ווינדערליכע מעשים פין גאט פאר זייערטוועגן. דאס דער מאהנט מיך אין א טראדיציאן פין אונזער אייגענעם לאנד; — שפאכשד, אייגער פין אשור'ס קליינערע געטער, האט זיך געוואלט ארויף קלעטערן אויף דעם אייבערשטן הימעל, ארויף קריכענדיק אויף דעם ברעג פין דער זין. דאס האט דעם גרויסן גאט אשרוך שטארק פאר דראסן. האט ער באפוילן דער זין, כדי דעם קליינעם גאטל ציא באשטראפן, זיא זאלל זיך אן הויבן מיטן גאטל ציא דרעהן, דיא זין דרעהט זיך, אונד שפאכשד האלט זיך רק אין איין קלעטערן אויף דעם ראנד פינעם ליכט-באללן אונד מאכט דאך קיין פארטשריט ניט. אזוי וואנדערן אונד וואנדערן דיא יודן אין דער אפריקאנישן וויסטע, אונד קימען ניט פארווארטס ! —

ענדליך האבן דיא עבריסשע גאטער (אדער ריכטיגער ציא זאגן, דער גאט, ווארום דיא עברים באקענען אונד גלויבן נאר אין איינעם גאט) רחמנות געהאט אויף דיא וואנדערנדיקע קינדער, אונד דיא באשטימטע פערציג יאהר האבן זיך אויס געלאזט. אונד אויפהעבנדיק זיין פאן, וואס שטעלט פאר זיין כח. דעם עמוד ענן, האט ער זיי געהייסם ציעהן ציא דעם געווינשטען אונד אזוי לאנג מיט יעהנזיבט דערזארטען לאנד. — וואס

פאר אונדערליכער זייל (עמוד) האט דאס געמוזט זיין ? ביי נאכט זאלל ער האבן גע-שיינט נאר וויא א טויזנד לבנות באלייכטנדיק דאס גאנצע לאגער, גראד אין דער לופט שוועבנדיק איבערן אוהל מועד. ער פלעגט תמיד פאר אויס געהן, אונד אן ווייזן דעם ארט וויא זייא זאללן לאגערן. ווען ער פלעגט זיך באוועגן פלעגט זיך דיא מחנה אויך באוועגן אונד וויא ער פלעגט זיך אנידער שטעללן איז דיא מחנה אויך געבליבן שטעהן. וויא אלייכטער וואלקן האט ער זיך געהאלטן אין דער הויך, ניט מעהר וויא א פאר הינדערט פיס פון דער ערד, אונד ניט באריהרט פינעם ווינד. — כלב בן יפונה האט איבער געלאזט א מערקווירדיגע באשרייבונג פון זיינער ערפאהרונג, וואס איז אויף בעוואהרט אין דער ביבליאטהעק פון דיא היזיגע לוים. זייערע פריינדליכקייט האב איך עס ציא פאר דאנקען, עס אצינד פאר מיר ציא האבן, דארט זאגט כלב איבערן עמוד ענן, "העהרנד דיא זאמד שטורמע פון דער מדבר איז דער עמוד ענן ניט געווען גע-ריהרט פינעם ארט אונד איז פעסט געשטאנען וויא א לופטיגע אלאבאסטער זיילע, אונד ווען דיא לופט איז שטילל געווען האט עס זיך אליין באוועגט אזוי וויא דער גייסט פינעם אייביגן גאט איז דרינען געווען."—

וויא האט עס זיך געמוזט פרייען דאס ליידנדיקע הערץ פון דיא מידע וואנדע-רערס, ווען אויף איין מאהל פליצם האט דער אלטער פיהרער משה דאלאנגט אשטרעק אוים זיין גאטליכן שטעקן אונד אגישריי געטהין מיט זיין לאבן שטימע ! "שמע ישראל! טייטנדיק מיטן שטעקן אויף א הויכן בארג-ריקן גען צפון,— זעהט אט פון דער שפיטץ פון יענע בארג, קאן מען ארויס זעהן דאס לאנד פון כנען, דאס לאנד וואס רינט מיט מילך אונד האניק, דאס לאנד וואס גאט האט ציא געשוואורן צין אייערע עלטערן אברהם יצחק ויעקב, דאס לאנד וואס געהערט אייך אלס א ירושה, אונד דאס לאנד וואס גאט גיט עס אייך אצינר פאר א נחלה ! פארווערטס ! ישראל ! דער עמוד ענן ווייזט דעם וועג פארווארטס מארש !"—

וויא האבן דיא באגייסטערטע ווערטער פון גאטס קנעכט געמוזט קלינגען אין דיא הערצער פון דיא מידען וואנדערער ? (איך נעהם דאס ארויס פון דעם היליקן כלב'ס באריכט.) עס זענען נאך אלץ געווען איבער דרייא מילליאנען זעלן, אבער ניט יענע מאנער, וואס זענען ארויס פון מצרים, עס זענען נאך אלץ געווען זעקסמאהל הינדערט טויזענד בני חיל, נאר ניט יענע, וואס זענען געווען באיים קריעת ים סוף, ניט יענע, וואס האבן געקאמפפט דיא ערשטן מלחמות געגן דעם בארג סיני ! דיא נייע העלדן, וואס באוועגן זיך אצינדערט איין צו נעהמען דאס געדאפטע לאנד, זענען אללע אונטער פערציג יאהר אלט, קיין איינציגער פון זיי האט ניט געזעהן דיא עגיפטישע רעזידענץ. קיינער ניט פון זיי איז געבוירן געווארן אלס שקלאוו פון א פרעה, ניין, דאס זענען פרייע לייט, געבוירן אינעם פרייען מדבר ! דיא ביינער פון זייערע פארזינדיגטע פאטער ליגן באגראבן אונטער דעם הייסן זאמד פינעם אפריקאנישען מדבר, אונד דיא קינדער געהן יעצט איינציגעהמען דיא טהייערע ירושה מיט ריינע האנד אונד מיט א ריינעם גע-

וויססן. דיא זקנים פינעם יעצטיגן דור זענען נאך קיינע זעכציג יאהר ניט אלט, זייא האבן נאך קיין בארד ניט געהאט ארויסציהענדיג פון מצרים (א חוץ יהושע וכלב) א נייער דור שטעהט יעצט באיי דעם וואססער פינעם ירדן ! — אפילו משה דער אלטער פיהרער אונד נביא, ווען ער איז געקימען ניט ווייט פינעם בארג פסגה, (איך האב היינט געזעהן זיין שפיץ פין יענער זייט ירדן, פינעם האכסטן טהורם דאה אין יריחו.) האט ער דעם ליעב פאלק געמעלדעט, אז גאט ערלויבט איהם ניט ציא באטרעטן דיא ערד פינעם שאנעם לאנד, וואס זיין הארץ האט אזוי לאנג געגאהרט דער נאך (אלס א שטראף פין גאט,) וויל ער האט ניט געהאט גענוג געדולד ציא פאר טראגן דאס מירמעלן פין גאטס פאלק אונד אין פערצווייפלונג האט ער תערומית געהאט אקעגן גאט. — וואס פאר א מוסר האט זיך דאס פאלק געמוזט אפלערנען פין דער שטרענגן גירעכטיגקייט פון זייער גאט ! וויא האבן זיי זיך געמוזט היטן ניט איבער צו טרעטן, זאנדרן פעסט האלטן זיינע געזעצע ! א גאט וואס קאן באגראבן א גאנצע נאציאן אין דער מדבר, וואס קאן אזוי שווער באשטראפן א טרייען קנעכט, אן אלטן בכבודיקן אונד דעמוטהיגן פיה־רער, נאר פאר א פאר אומגעדולדיקע מעשים, וויא האבן זייא פאר איהם געדארפט ציטערן ? —

ווען דער גרויססער אונד ווייזער משה האט זיין פאלק אויסגעלערנט דעם קארעקס (ספר התורה) פין מאראלישע געזעצע, פילל פין חכמה אונד אמת, וויא אזוי זיך ציא רע־גירן אלס א נאציאן, וויא אזוי זיי זאללן זיך פאליטיש איינריכטן אין דעם פארשפראכענעם לאנד, אונד ווען ער האט זיי געגעבן א פלאן, וויא אזוי ציא ציטהיילן דאס איינגענימענע לאנד, אונד ווען ער האט זיי באוויזן מיט גרויס בארעדזאמקייט, דעם שכר, וואס זייא וועלן האבן, ווען זיי וועללן גיטס טהין אונד דעם עונש, ווען זייא וועללן אראפ פינעם גיטן וועג, ווען ער האט דאס אללעם געטהין, האט ער צין אויף גערופן דיא זקנים אונד דיא ראשים אונד האט זיי געמעלדעט אז גאט האט איהם נאר ערלויבט צוא זעהען דאס טהייערע לאנד פין דעם שפיץ פון א בארג אקעגן איבער דער שטאדט יריחו, טאקי נאר זעהן, אונד ניט מעהר, ווארם באלד נאכן זעהן האט גאט געזאגט „אויף דעם בארג טאקי זאללסטע שטארבן, אונד געהן דעם וועג פין דיינע עלטערן.“ —

וויא שמערצליך ? וויא הערץ צעררייססנדיג האבן משה'ס ווארטער געמוזט קלינ־גען, מעלדענדיג זיין אייגענעם טויט, אין דיא הארצער פין זיין פאלק ? ! האבן איהן דאך דיא מיינסטן גיקענט אלס א פאטער פין זייערער קינדהייט אן, ער האט אוודאי גיקענט א יעדנס פנים, אונד איז געווען געעהרט, געשעצט אונד אהנע צווייפל געליעבט פין אללעמען, אונד אצינד ענדליך דערלאנגענדיג דעם תכלית פין זיינער פיעל־יאהריגן מיה, מוז ער זיך פין זיי שיידן, נאך עהדער זיין ווינש ווערט דערפילט ! — נאר זעהן דארף ער עס ! אבער ניט אריין געהן בראש זיין פאלק ! ניט באטרעטן זאלל ער דיא ערזעהנטע ערד ! א שרעקליכער געדאנק : נאר גאט הייסט אזוי !.

הונדערט אונד צוואנציג יאהר אלט, האט זיך דער בכבודיקער גרייז אונטער גע־

וָוארְפֶן דֶעם גֶעבָּאט פִין דֶעם אַללמַאֶכְטִיגֶן אוּנְד אַללגִיטִיגֶן גָאט וִויא אַ קְלֵיינְטשִׁיק קִינְד גֶעהָארְכט דֶען לִיעֶבֶּן פָאטֶער. — אָפּשֶׁיעֶד נֶעהמֶענדִיק, אִינְטֶן בַּאיים פִּיס פִינֶעם בַּארְג, פִין זַיינֶע פְרַיינְד, בַּאלֵייט נָאהר פִין אַ פָּאר זְקֵנִים, וָואס זֶענֶען פִין אִיהם נָאךְ מְקַבֵּל גֶעטלִיכֶע טְהַייֶערֶע ווָארְטֶער, בַּאיי דֶעם בַּאמאֶהלִיכֶן אַרוֹיף גֶעהֶן, ווָארְטֶער פוּן הָאפנוּנְג אוּנד טְרֵייסט ווָארְטֶער פִין שְׁטַארקוּנְג אִין דֶער אֶמֶתְן אֱמוּנָה אוּנְד אִין גָאט פַארטְרָאוֶוען, אוּנְד ווָארטֶער פוּן בַּאהַאלְטֶנֶער צוּקוּנְפְט פִין דֶעם וָואס עֶס וֶועט גֶעשֶׁעהֶן בְּאַחֲרִית הַיָּמִים. בִּיז זֵיי זָענֶען אָהן גֶעקִימֶען נִיט ווַייט פִינֶעם שְׁפִּיץ. — וֶוער טְהָאט אִיהן נִיט גֶעזֶעהן דָארט אַזוֹי גְרוֹיסאַרְטִיג שְׁטֶעהֶן, דֶען גאֶטְלִיכֶן מֶענְשֶׁן! וִויא זַיינֶע לַאנְגֶע אוּנְד גֶעדִיכטֶע ווַייסֶע לָאקֶן זֶענֶען אַזוֹי לִיעֶבְלַאךְ אַרָאפּ גֶעפַאללֶן אוֹיף דִיא הֶערָאאִישֶׁע אַקְסלֶען, וִויא זַיין לַאנְגֶער ווַייסֶער בָּארְד, רֵיין וִויא אַגָאלד, ווַייסס וִויא אַשְׁנֶעע, הָאט זִיךְ מַאיֶעסטאֶטִישׁ אַרָאפּ גֶעלָאזט בִּיז צוּם בְּרֵייטֶן גַארְטל. דָאס אוֹיג זַיינְס וָואס הָאט גֶעזֶעהן דֶעם אֵייבִּיקֶן גָאט פָּנִים אֶל פָּנִים הָאט גֶעגְלַאנְצְט מִיט הֵיילִיקֶן פַייֶער; דָאס פָּנִים הָאט גֶעשַׁיינְט מִיט אַ הִימְמִילִשׁ לִיכְט. קֵיינֶע מַאטִיגְקֵייט הָאט זִיךְ נִיט גֶעצַייגְט אִין דֶעם הֵיילִיקֶן מַאנְס גְלִידֶער, קֵיינֶע שְׁוַואכְקֵייט הָאט זִיךְ נִיט בַּאוִויזֶן טְרָאטְץ דֶעם הוֹיכֶן אַלְטֶער. מִיט דֶער צָארְטלִיכְסטֶן לִיעֶבֶּע אוּמְאַרְמט עֶר זַיינֶע פְרַיינְדֶע. בֶּענְשְׁט נָאךְ בַּאזִינְדֶערס זַיינֶען עֶדֶעלֶן מְמַלֵּא מְקוֹמוֹ, יְהוֹשֻׁעַ, אִיהם כְּסֵדֶר אִיבֶּערגֶעבֶּנדִיק, שְׁטֶעללֶע, אַוְוטָארִיטֶעט, קְרַאפְט אוּנְד אֶפְשָׁר אוֹיךְ אַ חֵלֶק פוּן זַיין רוּחַ נְבוּאָה, וֶועהרֶנד דֶער אַלְטֶער כָּלֵב אִיז גֶעפַאללֶן אוֹיפֶן פָּנִים צִיא מֹשֶׁה'ס פִיסס אוּנְד בַּאגִיסט זֵיי מִיט הֶעלְדֶן טְרֶערֶן! — פְּלִיצְס דִינֶערְט גָאטְס שְׁטִימֶע, אַוֶועקְרִיפְנְדִיק מֹשֶׁה'ן פוּן דֶער אוּמְאַרְמוּנְג פִין זַיינֶע פְרַיינְד. מֹשֶׁה דֶער קֶענְט דֶעם בַּאקֶענְטֶן קוֹל וָואס רִיעֶפְט פִין דֶער שְׁפִּיץ פִינֶעם בַּארְג, נָאךְ אוֹיף אַן אוֹיגֶן בְּלִיק פַארבְּלַייבְּט עֶר, אוּנְד אוּים שְׁפְּרֵייטֶנְדִיק זַיינֶע הֶענְד אִיבֶּער דִיא מִילְלִיָאנֶען וָואס לִיעֶגֶן דָארט אִינְטֶען אוֹיף זַייעֶרֶע פָּנִים'ער אוּנְד אַ לֶעצְטֶע בְּרָכָה גִיט עֶר זֵיי, אוּנְד אַ לֶעצְטֶע תְּפִלָּה אָטְהְמֶט זַיין לִיעֶבְּנְדִיק הַארְץ פַאר זַיין פָאלְק, אוּנְד מִיט טְרֶעהרֶען־אָנְגֶעפִּיללטֶע אוֹיגֶן קֶעהרְט עֶר זִיךְ וּן זֵיי אַוֶועק, אוּנְד בַּאלְד זֶעהט מַאן אִיהן אוֹיף דֶעם הֶעכְסטֶן שְׁפִּיץ פִינֶעם בַּארְג שְׁטֶעהֶן.

כָּלֵב'ס בַּארִיכְט זָאגְט דַארִיבֶּער ווַייטֶער: „זַיינֶע מַאיֶעסְטאֶטִישֶׁע גֶעשְׁטַאלט, הָאט פָּנִים גֶעהַאט וִויא זִיא וֶוערְט לַאנְגֶער אוּנד הֶעכֶער, אוּנְד זַיין פָּנִים הָאט גֶעגְלַאנְצְט מִיט ן אִיבֶּערנַאטִירלִיכֶן בְּלִישְׁטְשׁ, וֶוען זַיינֶע גְרוֹיסֶע ווַייטזֶעהֶענְדִיקֶע אוֹיגֶן הָאבֶּן זִיךְ דַאלַאנְגְט ; יָאג פִין יֶענֶער הוֹיךְ אַהִין אַרִיבֶּער דֶעם יַרְדֵּנ'ס שֶׁאנֶעם טְהָאל, בַּאלְד הָאט דֶער שְׁנֶעלער קִיק זַיינֶער דֶערגְרֵייכְט דָאס בְּרֵייטֶע פְרוּכטלַאנְד, וָואס אִיז גֶעלֶעגֶן פַאר אִיהם אוֹיסשְׁפְּרֵייט וִויא אַ גַן עֵדֶן צְווֵיי צְווִישֶׁן בְּלִישְׁטְשֶׁענְדִיקֶע יַמִים, דָאס לַאנד וָואס גֶעהֶערְט ין פָאלְק. נָאךְ דֶעם וִויא עֶר הָאט עֶס שׁוֹין גוּט בַּאטְרַאכְט, הָאט זִיךְ אַרָאפגֶעלָאזְט אַ כְטִיגֶער עָנָן (ווָאלְקֶן) אִיבֶּער אִיהם, אוּנְד מִיר הָאבֶּן אִיהן נָאךְ אַלְץ גֶעזֶעהן. מִיר הָאבֶּן עֶרהָארט אַ גאֶטְלִיכֶע שְׁטִימֶע אוֹיסְרִיעֶפְנְדִיק „דָאס אִיז דָאס לַאנְד. וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעוָוארֶן צוּא דִיא אָבוֹת אַבְרָהָם יִצְחָק וְיַעֲקֹב, אַז צוּא זֵייעֶרֶע קִינְדֶער זָאל אִיךְ עֶס גֶעבֶּן אַר אַ יְרוּשָּׁה וְנַחֲלָה, זְעה! אָט אָ דָאס לַאנד פוּן כְּנַעַן גֶעבּ אִיךְ צוּא דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל.

אַצוּנדֶערְט הָאסְטְּעַ עֶס אַלֵיין גֶעזֶעהן מִיט דַיינֶע אויגֶן, אָבֶּער אַרִיבֶּער דַארְפְסְטֶע נִיט גֶעהן." –

װֶען דֶער קוֹל הָאט אוֹיף גֶעהאֶרְט צוּא רֶעדֶן, זָאגְט כָּלֵב װַייטֶער, אִיז מֹשֶה'ס פָּנִים לִיכְטִיג גֶעװָארֶן װִיא אַזִין, זַיינֶע גַאנְצֶע גֶעשְׁטַאלְט, אֲפִילוּ זַיינֶע קְלֵיידֶער הָאבֶּן גֶעגְלַאנְצְט מִיט אַשְׁטַארק לִיכְט, אוּנְד װִיא דֶער עָנָן הָאט זִיךְ בַּאמֶאהְלִיכֶן אוֹיף גֶעהוֹיבֶּן אִיז מֹשֶה אוֹיךְ מִיט אִיהם אַװֶעק גֶעטְרָאגֶן גֶעװָארֶן, אַזוֹי װִיא גִישְׁטִיצְט פִין אוּמְגֶעזֶעהֶנֶע כּוֹחוֹת אוּנְד אִיז אוֹיף תָּמִיד פַארשְׁװִינְדֶן גֶעװָארֶן. – אִין אוּמְאוֹיסשְׁפְּרֶעכְלִיכֶער אַנְגְסְט דָאבֶּן מִיר נָאךְ גֶעװַארְט אַקְלֵיינֶע צַייט, עֶנְדְלִיךְ הָאבֶּן מִיר אוּנְז גֶעמַאכְט קוּראַשְׁעֶ אוּנְד מִיר זֶענֶען צִיגֶע־גֶעגַאנְגֶען צִיא דֶעם הֵיילִיקֶן פְּלַאץ װִיא מֹשֶה אִיז גֶעשְׁטַאנֶען, דֶער אָרְט אִיז גֶעװֶען לֵיידִיג אוּנְד אֵיינְזַאם, נָאר דִיא גְלַייכֶע בֶּארג־װַאנְדְט הָאבֶּן מִיר גֶעזֶעהן זִיךְ אַרָאפְּלָאזֶנְדִיק אִין דֶעם טִינְקְלֶן אַפְּגְרִינְד. – שְׁטִילְלַקֵייט, װִיא דִיא אֵייבִּיקֶע שְׁטִילְלַקֵייט פִינֶעם הוֹיכֶן הִימְמֶל אִיבֶּער אוּנְז, הָאט אִיבֶּערַאלְל גֶעהאֶרְשְׁט. – „גָאט הָאט אִיהן פוּן אוּנְז אַװֶעק גִינִימֶען, אוּנְד הָאט אִיהן בַּאהַאלְטֶן אִין אַ הֵיילִיקֶן פַארבָּארְגֶענֶעם, פַארהאֶהְלֶן פִין מֶענְשְׁלִיכֶע אוֹיגֶן. – קֵיין מֶענְשׁ װֵייסס נִיט װִיא עֶר הָאט זִיךְ אַהִין גֶעטְהִין, מִיר גְלוֹיבֶּן אַז גָאט הָאט אִיהן צוּא זִיךְ גֶענִימֶען, אַזוֹי װִיא עֶר הָאט אַ מָאהל גֶעטְהִין מִיט חֲנוֹךְ'ן, אִין אַ לִיכְטִיגֶן עָנָן אַרוֹיף אוֹיפֶן הִימֶמל." – אַ מֶענְשׁ, װָאס הָאט גֶערֶעדְט מִיט גָאט פָּנִים אֶל פָּנִים, אַ מֶענְשׁ װָאס אִיהם זֶענֶען עֶנְטְדֶעקְט גֶעװָארֶן אַזוֹי פִיעֶל סוֹדוֹת פִין דֶער גָאטְהַייט, הָאט זִיךְ מֶעהר נִיט אָן גֶעקֶעהרְט צוּא דֶער נִידְרִיגֶן אוּנְד אוּמְרֵיינֶען עֶרְד. דָאס פַארדֶערְבֶּענֶעם, דֶער אַלֶס־דִינְג צֶערְשְׁטאֶרְנְדִיקֶער אוּנְד פַארְפוֹילֶנְדִיקֶער טוֹיט, הָאט אַזַא גָאטְלִיכֶן מַאן נִיט בַּאדַארְפְט אוּנְד נִיט גִיקָאנְט בַּארִיהרֶן, זַיין גוּף אִיז הֵיילִיק דֶער גָאטְהַייט, אוּנְד זַיין נְשָׁמָה אִיז בַּאיי גָאט אוּנְד מִיט גָאט." – עַד כַּאן הָאבּ אִיךְ קָאפִּירְט דִיא װאֶרְטֶער פִינֶעם גֶעגֶענְװאֶרְטִיגֶן עֵדוּת כָּלֵב בֶּן יְפוּנֶה. –

זַייט גֶעזוּנְד מַיין גֶעלִיעבְּטֶער קָאזֶען אוּנְד קֶענִיג. אִיךְ הָאף אִין אַקִירְצֶער צַייט װִיעֶדֶער אוֹיף צוּא הֵייבֶּן מַיין פֶּען אוּנְד אַייעֶרֶע מַאיֶעסְטֶאט אַ צְוֵייטֶן בְּרִיװ צִיא שְׁרַייבֶּן.

אַייעֶר טְרַייעֶר אוּנְד גֶעהָארְכְזַאמְסְטֶער אַרְבַּאצֶעס. –

---

## צװייטער בריװ

פִין אַרְבַּאצֶעס צוּם קֶענִיג. גֶעזַאנְדְטֶנס־לַאגֶער פַאר יְרִיחוֹ. –

מַיין טְהַייעֶרֶער קָאזֶען אוּנְד קֶענִיג!

נָאךְ לִיעגֶן מִיר דָאה אִין אוּנְזֶער לַאגֶער, נִיט אֶפְשָׁר פַאר פַארְגְנִיגֶן, נָאר פַאר נוֹיט, װָארִם מַיינֶע חוֹלִים זֶענֶען נָאר װָאס אוּם שְׁטַאנְד זִיךְ װַייטֶער בַּאװֶעגֶן צִיא קֶענֶען. הַיינְט װֶערט עֶס אַקוּרַאט שׁוֹין צְװֶעלְף טֶאג זַייט מִיר זֶענֶען דָאהּ. אִיךְ װָאלְט שׁוֹין אֲפִילוּ גֶעכְטֶן מַיין לַאגֶער אוֹיפְגֶעבְּרָאכֶן אוּנְד װַייטֶער גֶעצוֹיגֶן, נָאר פָאלְגְנְדִיק דִיא עֵצָה פוּן דִיא רָאשֵׁי הָעִיר הָאבּ אִיךְ גֶעשִׁיקְט אַ מְשׁוּלָח צוּם קֶענִיג בֶּעטְנְדִיק פִין אִיהם רְשׁוּת אִיךְ זָאלל מֶאגֶן פַּאסִירֶן זַיין לַאנְד, אוּנְד עֶרְשְׁט הַיינְט אִיז עֶר אָן גֶעקִימֶען מִיט דֶער עֶרְלוֹיבֶּענֶעם. אוּנְד

ווייל ער האט ניט געפינען זיינע מאיעסטאט ניט אין גבעה אונד ניט אין גילגל, וויא ער האלט זיך געוועהנליך אויף זאנדערן גאר אין חברון, נאך ווייטער געגן דרום, וויא ער באַ-וועט א פאלאץ, דרומאויך האט זיך מיין שליח אויך לאנגער געזאמט —

דער קאניג האט מיט דעם חסד, אונד מיט דער האפליכקייט, וואס קאראקטעריזירט אזוי שטארק דאס עדעלע פאלק, מיר ניט נאר ערלויבט זיינע לאנדער דורך צוא רייזן, ער האט מיר אפילו צוא געשיקט אהער זיין זין דען עלכטן פרינץ פון זיין קאניגליך הויז מיט אן עהרן-עסקארט פון צוויא הונדערט פון זיינע לייב-גארדיסטן מיך צוא באלייטן געגן חברון. —

פאר דעם פראנט פון מיין געצעלט האב איך מיר אזוי ארום געשפאצירט, איינזוי-גענדיק מיט פארגניגן דיא מחיה'דיקע לופט פון דעם אנגענעהמען קלימא, אונד באטראכטנ-דיק דיא גרופפן פון דיא שווארץ-אויגיקן אונד שווארץ-חנ'עוודיקן מיידלאך, וואס האבן זעך פארזאמעלט מיט זייערע וואססער-קריגלאך אויף דיא קאפ נעבן דעם קוועלל אט א באיי, וואס גיסט ארויס זיין קאלטעס ערקוויקנדיקעס וואססער, אין א וועלדל פון אלטן אונד הויכן טייטל בוימער, וואס געפינען זיך איבערהויפט גאר א סך אין דער שכנות פון יריחו; דער האר איך פליצים דעם קלארן אונד הילכיקן שאלל פון א טראמפעט, ארויס קימענדיק פון א שמאלן טהאל צווישן דיא וויין-באדעקטע בערג, וואס העבן זיך אויף, אויף דעם וועסטן פון יריחו. איך גיעב א קיק, דער זעה איך אן קימענדיק פינעם פאכס דריי צו פיער באריטענע מאן אין וואפן איינער פון זיי רייך אויסשטאפירט אונד האט א פנים געהאט וויא זייערער אן עלצטער, באלייט פון פיס זאלדאטן, וואס פון זייערע שיי-נענדיקע שפאל-קאפקעס האט דיא זין שטארק געבלישטשעט. אט א דיא לייט האבן זיך פרעהליך געבלאזן דיא טראמפעטן אריין געהענדיק אינעם טאהל. מיין קאמאנדאנט נחריב האט אין דער גיך באפעסטיגט זיין העלם, אונד האפנדיק זיין שווערד האט ער א קא-מאנדע גיטהין מיין לייב-גארדע זיך אויס צושטעללן אין א סדר מלחמה. חושד זייענדיק אן איבער פאלל אין דעם אויגן בליק אבער האבן דיא שומרי העיר אפגיענטפערט מיט זייערע שופרות, דאראויף וויעדער דיא אורחים אבער ניט נאר מיט טראמפעטן אליין ניין, אבער מיט אגאנצער מוזיק קאפעללע, וואס צווישן דיא אינסטרומענטן האב איך גיט געקאנט הערן, פויקן צימבלן אונד קארנעטן. — „דאס איז ניט קיין ארויספאדערן צין א מלחמה, מיין עדעלער קאפיטאן" האב איך אזאג געטהין, הערנדיק דיא רייצנדיקע מוזיק, זאנדרן כאיז אן עהרן געריסס דער שטאדט." —

„אמת, מיין הער פרינץ „ האט דער פארזיכטיגער קריעגער געענטפערט, " נאר מיר מוזן תמיד חושד זיין באוואפנטע מענשן אלס פיינד, ביז מיר איבערצייגן זיך אז זיי זענען פריינד ." —

אין דעם אויגן בליק האב איך פליצים באמערקט מיין שליח, נינוס, מיין נושא-כלים, וועלכן איך האב אוועק געשיקט נאך א רשות צים קאניג, זיך אפטהיילנדיק פין דער קליינער מחנה אונד שטראקס קווער איבער דעם טהאל גאללאפפירנדיק צוא מיר ·

אין אַ פָּאר מִינוּט אִיז עֶר שׁוֹין גֶעוֶועֶן נֶעבֶּן מִיר, אַרָאפּ שְׁפְּרִינְגֶענְדִיק פִינֶעם פֶערְד אוּנְד מִיךְ בַּאגְרִיסֶנְדִיק הָאט עֶר אַזוֹי גֶעזָאגְט ׳ — „ שָׁלוֹם מַיין הֶערר פְּרִינְץ, אָט דִיא קְלֵיינֶע מַחֲנֶה וָואס אִיהר זֶעהט אִיז דִיא לֵייבּ-גַארְדֶע פִינֶעם פְּרִינְצֶען יְהוֹנָתָן , גֶעשִׁיקְט פִינֶעם קֶענִיג שָׁאוּל אַייעֶרֶע הָאֲהַייט צִין אִיהם צוּא בַּאלֵייטֶען ׳ דֶער מַאנַארְךְ , וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ גֶעזִיכְט אִין דְרַיי שְׁטֶעדְט אוּנְד הָאבּ עֶנְדלִיךְ גֶעפִינֶען אִין חֶבְרוֹן , הָאט אַייעֶר שְׁלִיחוּת מִיט פְרֵייד דֶערְהַאלְטֶען , אוּנְד הָאט פַארְלַאנְגט פֶערזֶענְלִיךְ צוּא זֶעהן דֶען שְׁלִיחַ פִינֶעם גְרוֹיסֶען קֶענִיג פִינֶעם אָסְמָן , אַסְמָן , עֶר הָאט מִיךְ אוּנְטֶערְהַאלְטֶען מִיט גְרֶאסְטֶען כָּבוֹד אוּנְד הָאפְלִיכְקֵייט אוּנְד שִׁיקְט זַיין זִין דֶעם קֶענִיגְלִיכֶען פְּרִינְצֶען אַייךְ צִין אִיהם צוּא פִיהְרֶען׳ — דָאס דֶערְהֶערְנְדִיק הָאבּ אִיךְ מִיךְ אִין דֶער גִיךְ אַרוֹיף גֶעהַאפְּט אוֹיף מַיין פֶערְד בַּאלֵייט פִין הִינְדֶערְט פִין מַיינֶער גַארְדֶע,וֶועלְכֶע זֶענֶען גֶעוֶועֶן אָם גְלַאנְצֶעכְטֶען אוֹיסְגֶעשְׁטַאפִּירְט , אוּנְד הָאבּ גֶעריטֶען צוּא בַּאגֶעגֶנֶען דֶעם עִבְרִישֶׁען פְּרִינְצֶען ׳ וִויא אִיךְ בִּין גֶעקִימֶען פִין אִיהם אַזוֹי נָאהֶנְט וִויא אַבּוֹיגֶן-שִׁיסֶס (כִּמְטַחֲוֵי קֶשֶׁת), בִּין אִיךְ אַרָאפּ גֶעשְׁפְּרִינְגֶען פִינֶעם פֶערְד , אוּנְד בִּין צִיפִיסֶס אִיהם אַנְטְקֶעגֶען גֶעגַאנְגֶען ׳ דֶער אִיזְרַאֶעלִיטִישֶׁער פְּרִינְץ הָאט דִיא אֵיינֶענֶע הָאפְלִיכְקֵייט בַּאוִויזֶען אוּנְד אוֹיף דֶעם מִיטֶן-וֶועג זֶענֶען מִיר זִיךְ צִין אוֹיף גֶעקִימֶען, בַּאגְרִיסֶנְדִיק אֵיינֶער דֶען אַנְדֶערֶן מִיט מִילִיטֶערִישֶׁער הָאפְלִיכְקֵייט — זַיי נֶע פֶערזֶענְלִיכְקֵייט הָאט אוֹיף מִיר זָאפָארְט אַ זֶעהר אַנְגֶענֶעהְמֶען אֵיינְדְרִיק גֶעמַאכְט ׳ עֶר אִיז נָאךְ גָאר אַ-יוּנְגֶער מַאנְטְשִׁיקֶל ׳ דִיא אוֹיבֶּער-לִיפּ זַיינֶע אִיז נָאר וָואס בַּאעָאמְנְט מִיט אַרוֹיס שְׁפְּרָאצֶנְדִיקֶע הָארֶעלַאךְ , אִין הוֹיךְ אִיז עֶר נִיט אִיבֶּער דֶער גֶעוואהְנְלִיכֶען שְׁמַאטוּר פִין יוּנְגֶע לַייט , אָבֶּער פִין זַיינֶע קְלָארֶן אָפֶענֶע אוֹיגֶן , הָאט אַרוֹיס גֶעשַׁיינְט אַן עֶדֶעלֶע אוֹיפְרִיכְטִיגְקֵייט , אַ הֵיילִיקֶער אֱמֶת,אִימְגֶעהַנְפְּטֶע טְרַייקֵייט , אוּנְד אַרוֹיס גֶעקִיקְט הָאט פִין זַיי אַ לִיעבְּלִיכֶע , אַגֵייסְטְרַייכֶע , אוּנְד אַ רֵיינֶע נְשָׁמָה ׳ —

דִיא בְּרָאוּנֶע הָאר זַיינֶע , זֶענֶען אַרָאפּ גֶעפַאלֶן אִין גֶעקְרַייזֶעלְטֶע לָאקֶן , בִּיז אוֹיף דִיא אַקְסֶל , אוּנְד אוֹיף דֶעם מִיט-קָאפּ גֶעטְהֵיילְט ׳ אוֹיף זַיינֶעם לִיכְטִיגֶן , וַוייסֶן אוּנְד בְּרֵייטֶן שְׁטֶערן הָאט זִיךְ אָפְּגֶעמָאלְט דֶער טְהְרָאן פִינֶעם „ אֱמֶת “ ׳ וִויא לִיעבְּלִיךְ הָאט מִיר גֶעשַׁיינְט זַיין זִיסֶעס לֶאכְלֶן , פִּילל פִין גִיט-הַארְצִיגְקֵייט אוּנְד אוּמְבַּאגְרֶענְצְטֶער טְרַייקֵייט , וֶוען גִיךְ צִיגֶעהֶנְדִיק צוּא מִיר הָאט עֶר מִיר דֶער לַאנְגְט אַ הַארְצֶעדִיקֶן שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם ! — פִּין דֶעם אוֹיגֶנְבְּלִיק אָן זֶענֶען מִיר גֶעוָוארֶן פְּרַיינְד ׳ אוּנְד פְרַיינְד וֶועלְלֶן מִיר בְּלַייבֶּן אוֹיף תָּמִיד — אַייעֶרֶע מַאיֶעסְטֶעט וֶועלְלֶן אַזוֹי גִיט זַיין מִיךְ נִיט צוּא הַאלְטֶן פַאר אַן עֶנְטְהוּזִיאַסְטֶן ! עֶס זֶענֶען וֶוענִיגֶע מֶענְשֶׁן אוֹיף דֶער וֶועלְט , וָואס אִיךְ וָואלְט זַיי אַזוֹי גִיךְ גֶעשֶׁענְקְט מַיין הַארְץ נָאר וֶוען דֶער לִיעבֶּנְס ווירְדִיגֶער יוֹנָתָן דָאט אָן גֶעהוֹיבֶּן צוּא רֶעדֶן , הָאט זַיין זִיסֶער בְּמַעַט מוֹידְלִישֶׁער , קוֹל אַזוֹי אַנְגֶענֶעהם מוּזִיקַאלִישׁ גֶעקְלִינְגֶען אִין מַיינֶע אוֹיעֶרֶן , מִיט אַזַא ווייכְקֵייט פִין אַ פָאללְשְׁטֶענְדִיגֶער הִינְגֶעבּוּנְג מִיט אַזַאן אִים-עֶנְדְלִיכֶערפַאר טְרָאוּלִיכְקֵייט , אַז עֶהֶדֶער עֶר הָאט אַ צֶעהן ווארְטֶער אוֹיסְגֶערֶעדְט , הָאט עֶר שׁוֹין גֶעווּנֶען מַיין הַארְץ לַייכְטֶער אוּנְד פָאלְשְׁטֶענְדִיקֶער הָאט עֶר מַיין נְשָׁמָה גֶעפַאנְגֶ

גֶענֶעהְמֶען אִין דִיא ,קִייטֶן פִין לִיעבֶּע , אַלס דָאס שֶׁאנְסטֶע פְּרוֹיעֶן-צִימְמֶער וָואלְט עֶס גֶעקֶאנְט טְהִין · –

,, מַיין עֶדֶעלֶער הֶערר פִין נִינְוֵה ' ,, הָאט עֶר לִיעבְּלִיךְ אַזָאג גֶעטהִין , דֶער קֶאנִיג מַיין פַאטֶער בַּאוֶועלְקָאמְט אַייךְ · דוּרְךְ מִיךְ, צִיא דֶעם לַאנְד פִינֶעם עִבְרִישֶׁן פָאלְק' אִיהם אִיז דֶער כָּבוֹד וּגְדוּלָה פִין אַשׁוּר נִיט אִימְבֶּעקַאנְט, עֶר וִוינְשְׁט אַז אִיהר וָואלְט אָנֶעהְמֶען מִיט פְרַיינְדלִיכְקֵייט דֶען עֶהְרֶען-עֶסְקָארְט וָואס עֶר שִׁיקְט מִיט פַארְגְנִיגֶן, אַייךְ צִיא בַּאלֵייטֶען גֶען חֶבְרוֹן , וִויא עֶר עֶרְוַוארְטֶעט אַייֶערֶע אַנְקוּנְפְט מִיט אִימְגֶעדוּלְד · ,,

,, מִיט גְרוֹיס פַארְגְנִיגֶן נֶעהם אִיךְ עֶס אָן,עֶדֶעלֶער פְרִינְץ ,, ' הָאבּ אִיךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט· דִיא אַיינְלַאדוּנְג פִין אַייֶערֶן קֶאנִיגְלִיכֶן פַאטֶר טְהִיט מִיר אָן גְרוֹיס כָּבוֹד , נָאר קָאן אִיךְ אִין זַיין הוֹיף נָאר אַ זֶעהר ,קִירְצֶע צַייט בְּלַייבֶּן , וָוארְם מַיינֶע מִיסְסִיאָן (שְׁלִיחוּת) אִיז גֶען מִצְרַיִם , אַהִין אִיז עֶס וַוייט , אוּנד דִיא צַייט שְׁטֶעהְט נִיט , אוּנד דִיא זַאךְ דַארְף אַיְילֶענֶעשׁ · ,, –

,, אַזוֹי הָאט אוּנְז אַייֶער שְׁלִיחַ גֶעמֶעלְדֶעט ,, ' הָאט דֶער פְּרִינְץ גֶעעֶנְטְפֶערְט – נָאךְ דֶעם הָאבּ אִיךְ דֶען לִיעבֶּן פְּרִינְצֶן אַיינְגֶעלַאדֶען צִיא מִיר אִים גֶעצֶעלְט , מִיר בֵּיידֶע זֶענֶען זִיךְ גֶעגַאנְגֶען אֵיינֶער נֶעבֶּן דֶעם אַנְדֶערֶען , וֶועהֶרֶנְד אִיךְ הָאבּ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּן מַיין נַחְרִיבְ'ן צִיא זָארְגֶן פַאר דֶעם פְּרִינְצֶנס גַארְדֶע'-דִיא טִינְקֶל גֶעקְלֵיידְטֶע יוּדִישֶׁע טְרוּפְּפֶּע , בַּאלֵייט פִין מַיינֶע הִינְדֶערְט בְּרִיללְיַאנְט אוֹיסְגֶעפּוּצְטֶער גַארְדֶע זֶענֶען בַּאלְד גֶעקִימֶען אִים לָאגֶער , אוּנד הָאבֶּן זִיךְ בַּאלְד בַּאפְרַיינְד אֵיינֶע מִיט דִיא אַנְדֶערֶן , בְּנֵי יִשְׂרָאֵל אוּנד בְּנֵי אַשּׁוּר הָאבֶּן זִיךְ בַּאלְד אוֹיסְגֶעמִישְׁט נַייגִיעֶרִיג בַּאטְרַאכְטֶנְדִיק אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶנְס כְּלֵי זַיין , אוֹיסְשְׁטַאפִירוּנְג , אֵיינְרִיכְטוּנְג , אוּנד פְּלוֹידֶערְנְדִיק צוּזַאמֶען פִּינְקְט וִויא אַלְטֶע קָאמַארַאדֶן אוּנד מֶענְשֶׁן וָואס זֶענֶען ,קְרוֹבִים מִיט אַן אַנְדֶער · אוּנד זֶענֶען דִיא ,עִבְרִים נִיט פוּן דֶער זֶעלְבֶּן ,רַאסְסֶע וִויא דִיא כַּאלְדֶעאִישֶׁע אַסְסִירֶער ? – ,זֵייעֶר לָשׁוֹן אִיז אוֹיךְ זֵייעֶר אֶהְנְלִיךְ צִין אוּנְזֶערֶן אַז מִיר קָאנֶען זֶעהר לַייכְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶן פֶערְשְׁטֵיין. וֶועהְרֶנד מַיינֶע גֶאסְט הָאבֶּן שְׁטַארְק בַּאוִוינְדֶערְט מַיינֶע גְלֶאנְצֶנְדִיקֶע בַּאלֵייטוּנְג, מִיט זֵייעֶרֶע פְּרֶאכְטִיגֶע הֶעלְמֶס, דִיא פַיינֶען קָארְזֶלֶעטֶס (מָגִינֵי לֵב, בְּרוּסְט שִׁילְדֶערְ') אוּנד דִיא שׁוּפְּפֶּן-פַאנְצֶער פִין מַיינֶע אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּענֶע הִינְדֶערְט נִינְוֵהיַאנֶער יוּנְגֶע עֶדֶל-לַייט · דִיא שֶׁאנְקֵייט פִין דִיא גֶעשְׁלִיפֶפֶענֶע שְׁוֶוערְטֶער , דִיא גִילְדֶענֶע הֶעלְמֶס , דִיא קִירְצֶע אוּנד קְרִימֶע זֶאבְּל , דִיא רַייכְקֵייט פִין דִיא מִיט גָאלְד אוֹיסְגֶעשְׁטִיקְטֶן זָאטְלֶען מִיט דֶעם גַאנְצֶן גַ לְלָא נֶעשִׁירְר פִין דִיא פֶערְד , אוּנד טַאכִּי דִיא עֶלֶעגַאנְץ פִין דִיא פֶערְד אוֹיךְ , וָוארְם דִיא עִבְרִים הָאבְּן זֶעהר וֶועניג רַייטֶער. וֶועהֶרְנְד יֶענֶע הָאבֶּן זִיךְ אַבִּיסֶל אַרִימְגֶעקִיקְט בִּין אִיךְ גֶעזֶעסֶן מִיטֶן יוּדִישֶׁן פְּרִינְצֶן אִין מַיין גֶעצֶעלְט אוּנד הָאבּ אִיהם מְכַבֵּד גֶעוֶוען מִיט דֶעם טְהַייעֶרְכְטֶן אַיינְגֶעמַאכְטֶס פִין דִיא זֶעלְטֶנְסְטֶן פְּרִיכְטֶן פִין בֵּיידֶע אִינְדִיֶענְס (מִזְרַח וּמַעֲרָב הוֹדוּ) אוּנד מִיט דֶעם אַנגֶענֶעהְמְסְטֶן וַויין פִין מֶעדִיֶען ·

" אִיהר לֶעבְּט מִיט גְרוֹיס גְלַאנְץ אוּנד לוּקְסוּס אִין דֶעם אָרְיֶענְט מַיין הֶערר פְּרִינְץ,, הָאט עֶר גֶעזָאגְט אַן אוֹיג וַוארְפֶנְדִיק אוֹיף דִיא זַיידֶענֶע פִירְהֶאנְגֶע פִין מַיינֶעם רַייזֶע

פאווילליאן (געצעלט) אונד אללע איבריגע טהייערע כלים פין זילבער גאלד אונד עדעל־שטיינער וואס האבן זיך דאה פאר געפינען , אונד איבער הויפט אויף דער באקוועמען איינריכטונג אין אלסדינג" —

" אונזער קעניג איז דער רייכסטע פין אללע פרינצן אויף דער ערד · „ האב איך איהם געענטפערט , " נינוה איז אשטאדט פין פאלאטצין אונד פין גרויסן לוקסוס־דיא מלוכה פין אשור איז אימבאגרענצט פין מזרח אונד דרום זייט , אונד איז אין זיך כולל אסך קליינערע מלוכות,לאך פראווינצן אונד גובערנים · אונד אפילו דאס אמאהל זעהר מאכטיג געוועזענע בבל בייגט אויך איהר קאפ אונטער דעם געוועלטיגן צעפטער פינעם מלך אשור · „

אז ער האט באוויזן אשטארק אינטערעס אין אונזערער רעגירונג אונד האט אסך שאלות געפרעגט וועגן אייערער מאיעסטאט , האב איך איהם געגעבן אקירצע געשיכטע , פינעם כח , גרויסקייט אונד גלאנץ פין אייערער הערשאפט , האב איהם אנידער געלעגט אחשבון פין אייערער גרויסן ארמעע , פין דיא אונאויסשעפפליכן אוצרות , דער רייכקייט אין אייערע שאטץ־קאמערן , פין דער גרויסן פראכט פין אייערן קאניגליכן הויף,אונד מעהר פין אללסדינג האב איך איהם געטרייליך באשריבן, א קאניג דיא פערזאנליכקייט פין אייערער מאיעסטאט , דיא חכמה אונד פערשטאנד פין אייערער רעגירונג אונד וויא אללע אייערע אונטערטהאנער שאטצין אונד עהרן איך אונד וואס איז נאך מעהר , זיי ליעבן אייך !

וועו איך האב אויף געהערט ציא רעדן, האט דער עדעלער יודישער פרינץ דארויף באמערקט מיט גרויססער בעשיידנהייט„ דיא גרויסקייט פין א מלוכה מיין הערר , ליעגט ניט אין דער מענגע פין זילבער , אדער אין דעם הויפן פין גאלד , איהר גראססטער כח שטעקט ניט אין אן עשירות וואס איז גיט פארשלאססן אין אסך קאסטנס · אויך ניט אין דער גרויס ארטיגקייט פין איהרע בנינים , פאלאצין אפילו ניט אין פעסטונגען , ניט אין דעם גלאנץ אונד פראכט פין איהר הויף,—דער גראסטער כח פין א מלוכה ליעגט אין דער צדקות , (טוגענד ·) אין דער חכמה, אונד אין דער גערעכטיגקייט פינעם הערשער, דיא מלוכה וואס באזיצט אט א דיא מעלות,זענען איהר אפן אללע קעשיניעס פין איהר פאלק , אבעסערן אונד אגראססערן קאססע קאסטן דארף קיינע מלוכה ניט ! — דיא גופים פין אללע איהרע אונטערטהאנער זענען איהרע שטארקסטע פעסטונג אונד איהר גראססטער כבוד , גלאנץ, אונד פראכט, אונד שטאלץ, אונד פאלקאמענע זיכערע פרייד ליעגט אין דער אויף ריכטיגער ליעבע ציא איהר אין דעם גרויסן אונד לעבעדיקן הארצין פין א צופריעדן פאלק ! " —

אייערע מאיעסטאט קאנען שוין ארויס זעהן פין דעם טיעפן געדאנקען , פין דער הויכקייט, אונד אויסגעצייכנקייט פין זיין גייסט,וואס פאר א מין בריאה אט דער יודישער פרינץ איז׳ נאר גראססער איז נאך דאס פארגניגן,דאס פין זיין מויל ציא הערן, וועהרנד עדעלער כבוד האוועט איבער זיין ליכטיג פנים , מיט א מאיעסטאטישן שיין , אונד

יֶעדֶעס וָוארְט אָטְהמְט מִיט טִיעפֶן גֶעפִיהל , דָאס אִיז אַ תַּעֲנוּג , וָואס אִיךְ קָאן מִיךְ אִיהן גָאר נִיט זַאט אָן הֶערְן , עֶס פַאר גֶעסְט זִיךְ נִיט אַזוֹי גִיךְ , מַאן קָאן זִיךְ פָּשׁוּט אִין אִיהם פַאר לִיעבְּן ! —

וֶוען אִיךְ הָאבּ אִיהם שׁוֹין אַלְלֶרדִינְג גֶעעֶנְטפֶערְט אִיבֶּער אַסְסִירִיעְן , וָואס עֶר וִוינְשְׁט זֶעהר אַמָאהל בַּאזִיכְן צִיא קָאנֶען , הָאבּ אִיךְ וִויעדֶער אִיהם אַסַךְ שַׁאֲלוֹת אַפִּיר גֶעלֶעגְט וֶועגֶן זַיין פָאלְק אוּנד זַיין לַאנְד ׳ אַז עֶר הָאט אָבֶּער בַּאמֶערְקְט פִין מַיין שְׁמִיעס, אַז אִיךְ בִּין נִיט אִימְבֶּעקַאנְט מִיט זַייעֶר גֶעשִׁיכְטֶע בִּיז דֶעם טוֹיט פִין מֹשֶׁה׳ן , הָאט עֶס אִיהם זֶעהר שְׁטַארְק הֲנָאָה גֶעטְהִין , אוּנד הָאט מִיר גֶעזָאגְט אַז עֶס וֶועט אִיהם דִיא גְרֶאסְטֶע פְרֵייד מַאכְן מִיךְ צִיא אִינְפָארְמִירְן אִין דֶעם וַוייטֶערְן פַארלוֹיף פִין זַייעֶר גֶעשִׁיכְטֶע בִּיז אוֹיף דֶעם הַיינְטִיגְן טָאג , דָאס פַארגְנִיגְן וֶועלל אִיךְ הָאבְּן וֶוען מִיר וֶועללֶען צוּזַאמְן רַייזֶען הֶבְרוֹן ׳ אִין אָט דֶעם אוֹיגֶן בְּלִיק הָאט מֶען אוּנְזֶער שְׁמִיעס מַפְסִיק גֶעוֶוען , אַ דֶעלֶעגַאצְיָאן (מְשׁוּלָחִים) אִיז אָן גֶעקִימֶען פִין יְרִיחוֹ בִּיז צוּם עֶרְשְׁטֶן שׁוֹמֵר פִין אוּנְזֶער לָאגֶער בֶּעטֶענְדִיק מֶען זָאלל זֵיי דוּרְךְ לָאזְן , זֵיי ווִילְלֶן מְקַבֵּל פָּנִים זַיין זַייעֶר גֶעלִיבְּטֶן פְּרִינְצֶן מִיט בֶּעשֵׁיידֶענֶער עֶדֶעלְקַייט הָאט עֶר זִיךְ אַצִינְד אוֹיף גֶעהֹעבְּן, וֶועהְרֶנְד זַיינֶע יוּנגִיטְשְׁקֶע פְּרִינְצְלִיכֶע בָּאקֶעלַאךְ הָאבְּן זִיךְ פַאר פַארְבְּט , זִיךְ בַּאיי מִיר עֶנְטשׁוּלְדִיגֶנְדִיק , אַז עֶר וָואלְט בֶּעסֶסֶער צִיא זֵיי גֶעהְן , עֶהדֶער יֶענֶע זָאללֶן אַהֶער קִימֶען , אִיךְ בִּין נַאטִירְלִיךְ אוֹיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אִיהן בַּאלֵייטֶנְדִיק צִיא זֵיי , אוּנד עֶס הָאט מִיר פִּיעל פַארגְנִיגְן גֶעמַאכְט צִיא זֶעהְן מִיט וָואס פַאר אַ לִיעבֶּע אוּנד מִיט וָואס פַאר אַ כָּבוֹד עֶר אִיז אוֹיף גֶענֶעהְמֶען גֶעוָואהְרְן צְווִישְׁן דִיא גְרָאוּ־הֶארִיגְן אוּנד וַוייכְס־בֶּארְדִיקְן זְקֵנִים , אוּנד וִויעדֶער , דִיא אִימְגֶעקִינְצֶעלְטֶע אוּנד אֵיינְפַאכְסְטֶע פְרַיינְדלִיכְקֵייט , פִין זַיין קוֹל , פִין זַיין מַאנִיעֶר , אוּנד פִין זַיין שְׁמִיעס אִיז וֶוערטה גֶעוֶוען אָן צִיא קִיקְן ! — אָ קֶענִיג ! גְלִיקְלִיךְ וֶועט אַ דָאס פָאלְק זַיין דֶענְסְטְמָאהלְט , וֶוען אָט דֶער גַייכְט־רַייכֶער פְּרִינְץ וֶועט רֶעגִירְן אִיבֶּער זֵיי ! חָכְמָה אוּנד חֶסֶד , צֶדֶק אוּנד אֱמֶת וֶועללֶן גֶעוִויסס זַיין דִיא צִיעְרוּנְגֶען פִין זַיין טְהרָאן ! —

מָארְגְן הוֹיבְּן מִיר אָן וַוייטֶער צִיא רַייזְן , מַיינֶע לַייטֶע זֶענֶען אַלֶּע שׁוֹין וִויעדֶער פְּרִישׁ פִינֶעם לַאנְגְן אָפְּרִיה אִינֶעם לִיעבְּלִיכְן טְהָאל פִינֶעם יַרְדֵן — וֶועהְרֶנְד דֶער פְּרַייעֶן צַייט פִין אוּנְזֶערְן לַאנְגֶן אוֹיפֶענְטהַאלְט הָאבּ אִיךְ מִיךְ בַּאשֶׁעפְטִיגְט מִיט דֶעם שְׁטוּדִיר פִין דִיא עִבְרִישֶׁע כִּתְבֵי קוֹדֶשׁ , וָואס גֶעפִינֶען זִיךְ אִין יְרִיחוֹ אִין דֶער „עֶזְרַת ־ מְגִילוֹת„ בַּאזוּנְדֶער גָאר הָאבּ אִיךְ מִיךְ שְׁטַארְק פַארטִיעפְט אִין דֶעם בַּארִיכְט פִין כָּלֵב׳ן פִיעֶר שְׁרַייבֶּער הָאבְּן מִיר עֶס אִין גַאנְצִין אָפּ גֶעשְׁרִיעבְּן ׳ — אַצִינְד שְׁרַייבּ אִיךְ אִין מַיין גֶעצֶעלְט בַּאיי דֶעם לִיכְט פִין אַ הֶאנְג־לָאמְפּ, פִין גֶעטְרִיעבֶּענֶעם גָאלְד , אַ יְרוּשָּׁה פִין מַיינֶער מִיטֶער עָלֶיהָ הַשָּׁלוֹם , וָואס פְלֶעגְט הֶאנְגֶען אִין מַיין שְׁטוּדִיר־צִימֶער אִין מַיין פַּאלַאץ אִין נִינְוֵה ׳ דָאס וֶועקְט אוֹיף אִין מִיר בֶּענְקֶענְדִיקֶע גֶעפִיהֶלֶע אַ הֵיים , אִיךְ קָאן הָאבּ מִיר גָאר קוֹים פָארְשְׁטֶעללֶן אַז אִיךְ בִּין אַזוֹי פִיעל הִינְדֶערְטֶער פִין מַיילֶן אַוֶועק אוּנד וַוייט פִין דֶער גֶעלִיעבְּטֶן הֵיים ! — אִיךְ הָאבּ מוֹרָא אַז אָט אָ דָאס בֶּענְקֶענְדִיקֶע גֶעפִיהל אִיז אַ מִין קְרֶענְק

(הַיִים-וֶועה ׳) וָואס פִיעֶלע רַייזֶענְדע הָאבֶּן מִיר שׁוֹין דֶער פֿוּן דֶערְצֵאהְלְט ! אַז עֶס הַאפְּט אָן אֵיינֶעם אַ מִין בֶּענְקֶעגֶעסס , אַ מִין צִיעהֶענֶעס אוּנד דָאס הַארְץ גֶעהט אָקְארְשְׁט נִיט אוֹיס אוּנד עֶס גַאהְרְט אוּנד עֶס הַאלֶ'עשְׁט , אַ הֵיים ! אַ הֵיים ! —

נָאר אִיךְ ווִילל מִיךְ נִיט אוּנְטֶער גֶעבֶּן, סֶוועט אוּנד עֶס מוּזאַוואַדי פַאר אִיבֶּערְגֶעהְן ! אִיךְ וֶועל וַוייטֶער שְׁרַייבֶּן , דֶער פְּרִינְץ אִיז הַיינְט אַ גַאסְט אִין יְרִיחוֹ , מַיינֶע זָאלְדַאטֶן אַמִיזִירֶן זִיךְ אֵיינִיגֶע מִיט גֶעזַאנְג אוּנד מִיט מוּזִיקַאלִישֶׁע אִינְסְטְרוּמֶענְטֶן, אַנְדֶערע טַאנְצֶן בַּאיי דֶעם שַׁיין פֿוּן דֶער לְבָנָה! נָאךְ אַנְדֶערֶע הֶערֶן אֵיינֶעם דֶערְצֵאהְלֶן פְלָאוּהְדִיקֶע מַעֲשֶׂה'לַאךְ , רָאמַאנְטִישֶׁע לֶעגֶענְדֶן , עֶס אִיז אַן עַרְבִי וָואס רַייזְט אַרוּם נָאר מַעֲשׂוֹת צוּא דֶער צֵאהְלֶן פֿוּן דֶער וַוייטֶן גֶעטְרָאגֶן פֿוּן אַ זַאנְפְט ווִינְטֶעל , הֶער אִיךְ דִיא טְרָאמְפֶּעטֶן פֿוּן דִיא שׁוֹמְרֵי הָעִיר פֿוּן יְרִיחוֹ , וִויא זֵיי גֶעבֶּן דִיא סִיגְנַאלֶן אָפְּצִי בַּאוַויזֶען דִיא וַואךְ , אוּנד מוֹדִיעַ צוּא זַיין וִויא שְׁפֶּעט עֶס אִיז אִין דֶער נַאכְט׳ — אַצִינְד וֶועלל אִיךְ וַוייטֶער דֶערְצֵאהְלֶן פֿוּן דִיא ווִינְדֶערְלִיכֶע זַאכֶן , וָואס הָאבֶּן זִיךְ פַארְלָאפֶן נָאךְ דֶעם טוֹיט פֿוּנֶעם גְרוֹיסְסֶן יוּדִישֶׁן פִיהְרֶער מֹשֶׁה , אוֹיף דֶעם בַּארְג פִּסְגָה , פַאר דִיא טוֹיעֶרֶן פֿוּן יֶענֶעם לַאנְד , וִויא אַהִין עֶר הָאט זַיין פָאלְק גֶעבְּרַאכְט נָאךְ אַ פֶערְצִיק יָאהְרִיגֶן שְׁמֶערְצְפָאלְלֶן וַואנְדֶערוּנְג׳ —

נָאךְ פַאר זַיין טוֹיט הָאט מֹשֶׁה אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּן זַיינֶע אַווטָארִיטֶעט אוּנד דָאס קָאמַאנְדָא אִיבֶּערֶן פָאלְק יִשְׂרָאֵל, זַיינֶעם עֶרְשְׁטֶן גֶענֶערַאל, אַ מַאן פֿוּן בַּארִיהְמְטֶער גְבוּרָה אוּנד חָכְמָה. דֶער נָאמֶען פֿוּן דֶעם בֶּן חַיִל אִיז גֶעוֶוען, נָאכְן בַּארִיכְט פֿוּן כָּלֵב, יְהוֹשֻׁעַ, וָואס בַּאטַייט, „גָאט וֶועט הֶעלְפֶן" מֹשֶׁה הָאט אוֹיף אִיהם אַנִידֶערְגֶעלֶעגְט זַיינֶע הֶענְדְט אוּנד הָאט אִיהם, בֶּענְשֶׁנְדִיק, אָפְּגֶעטְהֵיילְט פֿוּן זַיין גַייסְט אוּנד זַיינֶער גֶאטְלִיכֶן קְרַאפְט, כְּדֵי דָאס פָאלְק זָאלל אִיהם פָאלְגֶן אָהְן טַעֲנוֹת וּמַעֲנוֹת. שׁוֹין אִין פְרִיהֶערֶן מִלְחָמוֹת הָאט עֶר בַּאוִויזֶן גְרוֹיסס בֶּרְיָהשַׁאפְט אוּנד חָכְמָה, הָאט מֶען פַאר אִיהם שׁוֹין גְלַאט אַזוֹי דֶרֶךְ אֶרֶץ גֶעהַאט, זַיין פְרִימַקְייט אָבֶּער אִיז נָאךְ גְרֶעסְּסֶער גֶעוֶוען וִויא זַיין גְבוּרָה, דְרוּמְאוֹיךְ הָאט דָאס פָאלְק אִיהְן זַייעֶר גֶעעֶהְרְט, אוּנד וַוייל דֶער גְרוֹיסֶע מֹשֶׁה הָאט אִיהְן לִיעֶב גִיהַאט, אוּנד אִיז מִיט אִיהם בְּמַעַט תָּמִיד גֶעוֶוען, הָאט דָאס פָאלְק אִין אִיהם גִיזֶעהְן אַ צְוֵוייטֶן מֹשֶׁה, וָואס וֶועט זֵייא אַרַיין בְּרֵיינְגֶען אִינֶעם פַארְשְׁפְּרָאכֶענֶעם לַאנד, זֵיי הָאבֶּן גִיט גִיווִיסט אַז גָאט אִיז אַ כֹּל יָכוֹל, אוּנד קָאן זֵיי שֶׁענְקֶען דָאס לַאנְד אֲפִילוּ אָן אַ מִלְחָמָה, אָן אַ טְרָאפֶּן בְּלוּט צוּא פַארְלִירֶן, פֿוּן דֶעסְט וֶועגֶן הָאבֶּן זֵייא אוֹיךְ פַארְשְׁטַאנֶען, אַז זֵייא מוּזֶן אוֹיךְ אַבִּיסֶל צוּא אַרְבֵּייטֶן, — גֶעבְּרָאטֶענֶע טוֹיבֶּן פְלִיעֶהְן נִיט אִין מוֹיל אַרַיין — נִיט גֶעאַרְבֵּייט, נִיט קֵיין שָׂכָר . יָגַעְתָּ, מָצָאתָ. — אַזוֹי הָאט יְהוֹשֻׁעַ גֶעפִיהְרְט זַיין פָאלְק בִּיז זֵיי זֶענֶען אָן גֶעקִימֶען צוּא דֶעם יַרְדֵן פֿוּן דֶער דָרוֹם זַייט פֿוּנֶעם מִדְבָּר. דָאה הָאט יְהוֹשֻׁעַ גֶעהֵייסְסֶן לָאגֶערְן אוּנד מְרַגְּלִים הָאט עֶר אָפּ גִישִׁיקְט אִיבֶּערְן יַרְדֵן. אוֹיס צוּא שְׁפֶּעהֶען אוּנד צוּא בַּארִיכְטֶן אִיבֶּערְן לַאנְד אוּנד אִיבֶּער דֶען כַארַאקְטֶער פֿוּן אִיהְרֶע אַיינְוָואהְנֶערְט. דִיא הֵייסֶע מֶעלְדוּנְג, פֿוּן דִיא צוּרִיקְגֶעקִימֶענֶע מְרַגְּלִים, פֿוּן דֶעם עֲשִׁירוּת פֿוּנֶעם לַאנְד אוּנד אִיהר גְרוֹיס שֶׁאנְקַייט הָאט אָן גֶעפִילְלְט דִיא עִבְרִימְשֶׁע הֶערְצֶער מִיט גְרוֹיסֶער פְרֵייד זֵיי הָאבֶּן שׁוֹין גִיבְּרֶענְט פַאר אוּמְגֶעדוּלְד, גֶעפִיהְרְט צוּא וֶוערְן מֵעֵבֶר לְיַרְדֵּן אַיינְצוּנֶעהְמֶען

דָאס לַאנְד, עֶס אִיז אָבֶּער גְרָאד גֶעוֶוען דִיא. שְׁנִיט צַייט אִינֶעם לַאנְד, (אִין מִיטֶן אַפְּרִיל וֶוען דֶער ־יַרְדֵן אִיז צִיגָאססֶן אִיבֶּער אַלֶּע זַיינֶע בְּרֶעגֶן אוּנד אִיז דֶענְסטְמָאהל אִי בְּרֵייט אִי טִיעף, זִיךְ אוֹיסשְׁפְּרֵייטְנְדִיק טוֹיזְנְטֶער פוּן עֶעלֶן, וַוייט, וַוייט אִיבֶּערן פְּלַיין. זַיין שְׁטְרוֹים, אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ שְׁנֶעלל אוּנד אוֹיססֶערְאָרְדֶנְטְלִיךְ שְׁטַארק, אַז קַיין שׁוּם זַאךְ קָאן אִיהְן נִיט פַּאסְסִירֶן. שִׁיפְלַאךְ וָואס פְּרִיוֶון זִיךְ אַרִיבֶּער צוּא שִׁיפֶן, וֶוערן פַאר טְרָאגֶן מִיט אַן אוּמְוִויעֶדֶערְשְׁטֶעהְלִיכֶער גֶעשְׁווִינְדִיקַייט אַרָאפּ וואַססֶער אוּנד מִיט גְרוֹיססֶער נוֹיט אוּנד שְׁוֶוערַקַייט גְרֵייכֶן זֵיי וַוייט אַרָאפּ אוּנְטֶן דֶעם אַנְדֶערֶן בְּרֶעג. וֶוען קַאראַוַאנֶען קִימֶען אָן צִין אַזַא צַייט, מוּזֶן זֵיי אוֹיס וַוארְטֶן בִּיז דָאס וַואססֶער פַאלְט שְׁטַארְק אָפּ, אוּנד דֶער נָאךְ זֶענֶען דָאהּ גֶעוִויססֶע שְׁטֶעללֶן וָואס מֶען קָאן גָאר לַייכְט אַרִיבֶּער גֶעהְן (מַעְבְּרוֹת הַיַּרְדֵן). אַקוּרַאט פַאר צְוֵויי וָואכֶן אִיז דָאס גֶעוֶוען דֶער פַאלל מִיט מִיר, וֶוען יוֹאָב הָאט מִיךְ אַרִיבֶּער גֶעפִיהְרְט מִיט מַיין גַאנְצֶער בַּאלֵייטוּנְג׳ — דִיא אַלְטֶן כְּנַעֲנִים פוּן דֶער זַייט יַרְדֵן (אַרבַּאצֶעם שְׁרַייבְּט עֶס פוּן יֶענֶעם זַייט יַרְדֵן, וָואס יְרִיחוֹ אִיז גֶעשְׁטַאנֶען דָארְט) הָאבֶּן גִיט גֶעווִיסְסְט אַז אַגרוֹיסְסֶע מַחֲנֶה פוּן עִבְרִים, וֶועלְכֶע זֶענֶען אָן גֶעקִימֶען פוּן דֶער מִדְבָּר רִיהֶען דָארְטֶן אַ פָּאר וֶוערְשְׁט ווייטֶער פוּן דֶער אַנְדֶערֶן זַייט יַרְדֵן, וָוארֶם מֶען אִיז דָאס גֶעוָואהר גֶעוָוארֶן פִין מְרַגְלִים אִין יְרִיחוֹ, וֶועלְכֶע דֶער קֶאנִיג הָאט פַארְפָאלְגְט בִּיז אִינֶעם יַרְדֵן, הָאט זֵיי אָבֶּער נִיט גֶעחַאפְּט. דֶער מֶלֶךְ יְרִיחוֹ הָאט גֶעגְלוֹיבְּט אַז דִיא יוּ־דִישֶׁע חַיָּלוֹת שְׁלָאגֶן זִיךְ צוּא גֶעגֶן כַּשְׂדִים, דָאס לַאנְד פוּן זֵייעֶרֶע אָבוֹת, אוּנד הָאט זֵיי גָאר נִיט הוֹשֵׁד גֶעוֶוען אַז זֵייא מֵיינֶען זַיין לַאנְד־ צִיא בַּאטְרֶעטֶן, ווִיא זֵיי הָאבֶּן נִיט זַאטְשֶׁעפֶּעט יֶענֶע קְלֵיינֶע מְלוּכָה׳לַאךְ וָואס בַּאגְרֶענֶעצְן דֶען מִדְבָּר, אוּנד גֶעבְּן וֶועלְכֶע דִיא עִבְרִים הָאבֶּן אַזוֹי נָאדְנְט פַּאסְסִירְט. — פוּן דֶער שְׁפִּיץ פוּן אַהוֹיכֶן טְהוּרְם אִין יְרִיחוֹ הָאט דֶער קֶאנִיג זֵיי אַזוֹי בַּאטְרַאכְט, אוּנד הָאט זִיךְ גֶעדַאכְט זִיכֶער צוּא זַיין פוּן זֵיי, וּבִפְרַט אַז דֶער אוֹיסְגֶעגָאססֶענֶער ־יַרְדֵן אִיז אַצוּנד אִיבֶּער אָנְדֶערְטְהַאלְבּ וֶוערְשְׁט בְּרֵייט, אוּנד זַיין לוֹיף אִיז ווִיא דֶער פְּלִיעֶה פוּן אַ פַייל, דַארְף מֶען נָאךְ אַבֶּעססֶערֶע מְחִיצָה ?— וֶוען פַאר אַיינְאֵיינ־צִיגֶען מֶענְשֶׁן אִיז דֶער אִיבֶּערגַאנג אַזוֹי שְׁוֶוער, ווִיא זָאלל עֶס גְרִינגֶער זַיין פַאר מִילְלְיָא־נֶען ?— נָאכֶן בַּאזוּךְ פוּן דִיא מְרַגְלִים הָאט דֶער קֶאנִיג גִילָאזְט בְּרֵיינְגֶען אַלֶּע שִׁיפְלַאךְ אוֹיף דֶער מַעֲרִיב זַייט פִינֶעם יַרְדֵן אוּנד דָארְט זֵייא פֶעסְט אָן צוּא בִּינְדֶן, אוּנד יֶעדֶע דָאגָה, אוּנד יֶעדֶע פוּרְכְט הָאט עֶר פוּן זַיינֶעם הֶערְצֶן מְשַׁלֵּחַ גֶעוֶוען, דָאס הֵיידְנִישֶׁע הֶערְץ פִינֶעם מֶלֶךְ יְרִיחוֹ הָאט נִיט גִיקֶענְט דֶעם אֱלֹהֵי הָעִבְרִים. !—

וָואס פַאר אַ וֶוערְטְה הָאט אִיבֶּערהוֹיפְּט דֶער פְּלַאן פוּן אַ מֶענְשֶׁן, אוּנד וֶוען דֶער מֶענְשׁ אִיז אוֹיךְ דֶער גְרֶעסְטֶער קֶאנִיג אִין דֶער וֶועלְט, אַקֶעגֶן דֶעם כֹּחַ פִינֶעם אֵייבִּיגֶן גָאט ?— דָאס מַזָּל פוּן זַיינֶער מְלוּכָה אִיז גִיפַאלְלֶן! אוּנד זַיין גְזַר דִין אִיז גֶעוֶוען גֶעחַתְמֶ׳ט! פֶערְצִיג יָאהר הָאבֶּן דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל גֶעוַוארְט אוֹיף זַיין מְלוּכָה אוּנד אוֹיף דִיא מְלוּכוֹת פוּן זַיינֶע שְׁכֵנִים, אוּנד ווִיא הִינגֶערִיגֶע אָדְלֶערְס, וָואס הָאבֶּן עֶנְטְדֶעקְט אַ פֶּגֶר, וֶועלְכֶן זֵייא הָאבֶּן שׁוֹין לַאנְג דֶער שְׁמֶעקְט, לָאזֶן זִיךְ נִיט אַזוֹי לַייכְט אָפְּהַאלְטֶן דֶער פוּן !— נֵיין! דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, וַוארְפְט נִיט אַוֶועק אַ פְּלַאן, וֶואס עֶר הָאט אֵיין מָאהל בַּאשְׁלָאסְסֶן,

ר הָאט גֶעזָאגְט, וֶועט עֶר עֶס אַוַדְאַי טְהוּן ! אוּנד וֶועה אִיז דֶעם מִתְנַגֵד אַקֶעגְן זַיין
צוּן ! אָט אָ דָאס לַאנְד אִיז גֶעוֶועזְן דֶער שְׁמִיעֶס פִינֶעם דוֹר הַמִדְבָּר טָאג אוּנד נַאכְט, אִי
עֶם גֶעצֶעלְט, אוּנד אוֹיף דֶעם מַארְש, דוּרְךְ דֶעם הֵייסְן אוּנד בְּרֶענֶענְדִיקְן זַאמְד, אִין
יעֶר אוּמְרִיהִיגְן שְׁלָאף, אוּנְטֶער דִיא שְׁטֶערְן פוּן דֶער מִדְבָּר הָאבְּן זֵיי פוּן אָט דֶעם לַאנד
ךְ גֶחָלוֹמְת, זִיךְ פָארְשְׁטֶעלְלֶנְדִיק, אַז זֵיי בַּאנֶעצְן דִיא פַארְשַׁר׳פֶּעטֶע לִיפְּן מִיט דֶעם קִיהְלְן
פְּט פוּן אַן אֶשְׁכּוֹל עֲנָבִים, אוּנד בָּאדְן זֵייעֶר הֵייסְן אוּנד מִיעֶדְן קָאפ אִין דִיא פְרִישֶׁע,
אלְטֶע. אוּנד קְרִיסְטָאלְנֶע וַואסְסֶערְן פוּן דִיא שְׁפְּרוּדֶעלְנְדִיקֶע קְוֶועלְן. זָאלל זֵייא אַצִינְד
פְּעֶם צוּרִיק הַאלְטְן ? זָאלל דֶער רַייסְסְנְדִיקֶער יַרְדֵן זֵיי אָפּ שְׁרֶעקְן ? אָ נֵיין ! נִיט אֲפִילוּ
לֶע וַואסְסֶערְן פוּן דֶעם גְרוֹיסְסְן מִיטְלֶמֶער וָואלְט אִים שְׁטַאנד זַיין אַיין צוּהַאלְטְן זֵייעֶרְן
ארְטְשְׁרִיט, זֵייעֶר גָאט, וָואס הָאט דִיא מֶאכְטִיגֶע וַואסְסֶערְן פִינֶעם יַם סוּף גֶעשְׁפָּאלְטְן פַאר
עֶרֶע אָבוֹת, קָאן אוֹיךְ אָפֶּענֶען אַ וֶועג פַאר זַיין פָאלְק אוֹיךְ אִיבֶּערְן יַרְדֵן, פַאר דֶעם
ט וָואס אַ יַם אַנְטְלוֹיפְט, מוּז אַ יַרְדֵן פַאר שְׁרֶעק פַארְשְׁטֵיינֶערְט וֶוערְן !– זִיךְ זִיכֶער,
ראכְטֶנְדִיק זִיצְט יְרִיחוֹ׳ס קֶענִיג אוּנד שִׁיכֶּר׳ט מִיט זַיינֶע הָאפְסַלַייט, זִיךְ וַואלְגֶערְנְדִיק אִין
עֲנוּגִים ! וָואס ? רֶעדְט זִיךְ אַיין פַארְכּוֹסֶ׳עט אָט אָ דֶער מֶלֶךְ, דֶער מֶאכְטִיגֶער יַרְדֵן, אִיז
נִיט גֶעניג שׁוּטְץ פַאר אוּנְז ? – אוּנד אִיבֶּערְנַאיִים אָנְפִילְלֶנְדִיק זַיין כּוֹס הָאט עֶר,
שְׁפֶּעט בַּאלַאכְט אוּנד פַארַאכְט דִיא עִבְרִישֶׁע אַרְמֶעע אוּנד אוֹיפְהֶעבֶּנְדִיק דֶעם פִילְלְן
כֶער מִיט גְרוֹיס חוּצְפָּה הָאט עֶר מְחָרֵף וּמְגַדֵף גִיוֶועזְן דֶעם אֱלֹהֵי הָעִבְרִים. – אַצִינְד
שְׁט אִיז דָאס מָאסְס פִיל גִיוָוארְן ! – גָאט הָאט אַצוּנְד בַּאפוֹילְן יְהוֹשׁוּעַן דִיא אַרְמֶעע אָן
א גְרֵייטְן אוֹיף דֶעם זֶעלְבְּן אוֹפְן וִויא זֵיי פְלֶעגְן מַארְשִׁירְן צוּא משֶׁה׳ס צַייטְן. אוּנד הָאט
אִיהם אַזוֹי גִיזָאגְט : „וִויא אִיךְ בִּין גֶעוֶועזְן מִיט משֶׁה׳ן מַיין קְנֶעכְט, אַזוֹי וֶועלל אִיךְ
ךְ זַיין מִיט דִיר, אוּנד נָאךְ הַיינְט וֶועלל אִיךְ דִיךְ גְרוֹיס מַאכְן אִין דִיא אוֹיגְן פִינֶעם
לְק, כְּדֵי זֵיי זָאלְלְן פַארְשְׁטֶעהְן, אַז זֵיי מוּזְן דִיךְ פָאלְגְן וִויא משֶׁה׳ן. – פַאר דִיר לִיֶעגְט
ם לַאנְד וָואס אִיךְ הָאבּ צוּגֶעזָאגְט צוּא דִיא אָבוֹת, גֶעה הַיינְט אַרַיין אוּנד נֶעהם עֶס
ן אַז אַ נַחֲלָה פַאר דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל.״ – יְהוֹשֻׁעַ הָאט אָבֶּער גִיעֶנְטְפֶערְט : אַזוֹי זָאגְט
ב׳ם בַּארִיכְט, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם ! וִויא אַזוֹי זָאלל אִיךְ עֶס טְהוּן ? אִיךְ הָאבּ בַּאטְרַאכְט
שְׁעוּרִים וָואס לִיעֶגְט דֶערְצְוִוישְׁן, עֶר אִיז אוֹיסגֶעגָאסְסְן אִיבֶּער אַללֶע זַיינֶע בְּרֶעגְן,
ד קֵיין מֶענְשׁ אִיז נִיט אוּמשְׁטַאנְד אַרִיבֶּער צוּא גֶעהְן, וָוארְם זַיין שְׁנֶעלל וַואסְסֶער אִיז
יט אוּנד טִיעֶף.״ – דַאראוֹיף הָאט גָאט אִיהם גֶעזָאגְט. „הָאבּ קֵיין מוֹרָא נִיט יְהוֹשֻׁעַ,
עֶר גָאר נִיט אוּנד פַאלְל בַּאיי דִיר נִיט אַרָאפּ, דָאס וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהִין צוּם יַם
מִצְרַיִם, דָאס וֶועסְטֶע זֶעהְן מִיטְן יַרְדֵן גֶעשֶׁעהְן, בַּאפוֹל דִיא כֹּהֲנִים לְוִיִם זָאלְלְן צוּא
אגְן דֶעם אֲרוֹן הַבְּרִית צוּם יַרְדֵן אוּנד אַללֶע בְּנֵי יִשְׂרָאֵל זָאלְלְן נָאךְ גֶעהְן. אוּנד פַאר-
וֹם נִיט אַ לֶעדִיגְן פְלַאץ אִיבֶּער צוּא לָאזְן צְוִוישְׁן דֶעם אָרוֹן אוּנד צְוִוישְׁן דֶעם פָאלְק
י טוֹיזְנְד אֵיילְן.״ וֶוען דֶער גָאט פוּן דִיא עִבְרִים הָאט יְהוֹשׁוּעַן נָאךְ אַנְדֶערֶע בַּאפוֹילֶע
עבְן, הָאט עֶר מִסְתָּמָא אַללֶעם פִינְקְטְלִיךְ אוֹיסגֶעפִיהְרְט. אוּנד וִויא אַבְּלִיטְץ אִיז דִיא
ה דוּרְךְ גֶעלָאפְן דוּרְךְ דֶער גַאנְצֶער מַחֲנֶה אַז הַיינְט וֶועט אַגְרוֹיססֶערְנֶס גֶעשֶׁעהְן ·

אֶפְשֶׁר הָאבְּן זִיךְ דִיא יוּנְגֶערֶע גְלִיעֶדֶער אוּנד דִיא פְּרוֹיעֶן פִינֶעם פָאלְק אַבִּיסֶל דֶערְשְׁרָאקְן אָנְקוּקֶנְדִיק דֶעם מֶאכְטִיגְן שְׁטְרוֹים, אוּנד הָאבְּן אֶפְשֶׁר נִיט פַארְשְׁטַאנֶען אָדֶער אֶפְשֶׁר גָאר גֶעצְוֵויפֶלט דַארִינֶען אוֹיבּ סְאִיז מֶעגְלִיךְ אִיהְן אַרִיבֶּער צוּאגֶעהְן, אַוַודַאי הָאבְּן גֶעמָאגְט זִיךְ וִוינְדֶערְן, אַלֶע דִיא יֶענִיגֶע, וָואס הָאבְּן נִיט גֶעזֶעהְן קְרִיעַת יַם סוּף, הֶערְנְדִיק אַז הַיינְט נָאךְ וֶועט דֶער מֶאכְטִיגֶער יַרְדֵן פוּן זַייעֶרְטְוֶועגְן גֶעשְׁפָּאלְטְן וֶוערְן. !—

לַאנְגְזַאם הָאבְּן זִיךְ דִיא כֹּהֲנִים בַּאוֶועגְט פָארְוֶוערְטְס מִיט דֶעם אֲרוֹן הַבְּרִית. בִּיז זַיי זֶענֶען אָן גֶעקוּמֶען צוּם בְּרֶעג פִינֶעם יַרְדֵן, וֶוען יְהוֹשֻׁעַ'ס קוֹל הָאט אַ בַּאפוֹיל גִיטָאן שְׁטִיל צוּא שְׁטֶעהְן—צְוַויי טוֹיזְנְד אֵיילְן צְפָּגֶעטְרֶעטְן אִיז אוֹיךְ דִיא גַאנְצֶע מַחֲנֶה גֶעבְּלִיבְּן שְׁטֶעהְן, אַגְרוֹיסֶע מַאסֶע מֶענְשְׁן, אַז דִיא לֶעצְטְן אוּנד דִיא הִינְטֶערְשְׁטְן הָאט מֶען שׁוֹין נִיט מֶעהר דֶערְקֶענְט צָלָם מֶענְשְׁן, עֶס הָאט זֶעךְ נָאר עֶפֶּעס אוֹיסְגֶעוויזְן וִויא אַ וָואלְקְן שְׁלֶעפְּט זִיךְ נָאךְ דֶער מַחֲנֵה יִשְׂרָאֵל. — דֶער מֶלֶךְ יְרִיחוֹ, זַיינֶע גִבּוֹרֵי חַיִל, דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאדְט, זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף דִיא מָאוֶוערְן קוּקֶענְדִיק אוֹיךְ פוּן דִיא אַנְדֶערֶע שְׁטֶאדְט נִיט וַוייט הָאבְּן בַּאטְרַאכְט דִיא יוּדִישֶׁע מַחֲנֶה מִיט אַ מִין פַּחַד אוּנד צוּגְלֵייךְ מִיט שְׁפָּאט. — אַם הֶעכְסְטְן הָאט גֶעשְׁפֶּעט דֶער מֶלֶךְ יְרִיחוֹ, אַם שְׁטַארְקְסְטְן הָאט גֶעלַאכְט דֶער שִׁכּוֹר, וֶועהְרְנְד אַן אַלְטֶער הוֹיפְּטְמַאן זַיינֶער הָאט אִיהם אִיבֶּער גֶעשְׁלָאגְן דָאס לַאכְן, אִיבֶּער דָאס יוּדִישֶׁע מְשׁוּגַעַת זִיךְ צוּא פְּרִיוְון אִיבֶּערְן יַרְדֵן צוּא גֶעהְן, אוּנד הָאט אִיהם אַשֶׁעפְּטְשֶׁע גֶעטְן אִין זַיין אוֹיעֶר: „גֶעהמט אַייךְ אִין אַכְט קֶענִיג! זַייעֶר גָאט הָאט שׁוֹין פַאר פֶערְצִיג יָאהרְן גֶעאֶפְנְט אַוֶועג, אָט פַאר דֶעם עוֹלָם, וָואס אִיהר שְׁפֶּעט אַזוֹי פוּן זַיי, דוּרְךְ אַ גְרוֹיס מֶאכְטִיגְן יַם אוּנד זַייא זֶענֶען גַאנְץ טְרִיקְן אַרִיבֶּער גֶעגַאנְגֶען. זֶעהְט אִיהר נִיט וִויא זַייא קָאנְצֶענְטְרִירְן זִיךְ אַלֶע נֶעבְּן דֶעם יַרְדֵן, עֶפֶּעס מִיט אַזַא זִיכֶערְקַייט אוּנד מִיט אַזַא פַאר־טְרָאוֶוען? — אָ קֶענִיג אִיךְ הָאבּ מוֹרָא אַז אַזַא מִין קְרִיעַת יַם סוּף זָאלל זִיךְ דָאה נִישְׁט אִיבֶּער חַזֶרְן בַּאיים יַרְדֵן, אִיךְ צִיטֶערֶע אוּנד עֶס שְׁרֶעקְט זִיךְ אִין מִיר מַיין הַארְץ פַאר דֶעם כֹּחַ פוּן זַייעֶר גָאט, אָ קֶענִיג! מִיר הָאבְּן אַזוֹי פִיעֶלל גְרוֹיסֶעס אוּנד מֶאכְטִיגֶעס פוּן אִיהם גִיהֶערְט דֶערְצֶעהלְן, אַז אַ פַּחַד בַּאפַאלְט אוּנז תָּמִיד וֶוען מִיר שְׁמוּעֶסְן גָאר דֶער פוּן, אִיהר זֶעהְט, וִויא זַיי רִיקְן אַלֶע נֶאהֶנְטֶער אוּנד גֶאהֶנְטֶער, מִסְתָמָא הָאט זַייא דָאךְ זַייעֶר גָאט אַזוֹי בַּאפוֹילְן."—

„אִיז יֶענְס נִיט דֶער אָרוֹן פוּן זַייעֶר גָאט, וָואס יֶענֶע צְוֶועלף וַוייס־בַּאמַאנְטֶלְטֶע מֶאנֶער טְרָאגְן?" הָאט דֶער קֶענִיג אַפְרֶעג גֶעטְהִין, אַפָּנִים זִיךְ עֶפֶּעס גָאר נִיט אַזוֹי גוּט פִיהלֶנְדִיק אוֹיפְן הַארְצְן, וָוארם עֶר הָאט טַאקִי מִינֵיהּ וּבֵיהּ דֶערְלַאנְגְט אַשְׁטַארְקְן זִיפְצ פִינֶעם בֶּעכֶער וַויין, אַבִּיסֶל צוּא דֶערְמִינְטֶערְן זִיךְ. אַלְס עֶנְטְפֶער אוֹיף דֶעם קֶענִיגְס שַׁאֲלָה, הָאט זִיךְ פְּלִיצְם גֶעלָאזְט הֶערְן אַשְׁרֶעקְלִיךְ גֶעשְׁרֵיי פוּן דִיא פִיעֶלֶע מֶענְשְׁן וָואס זֶענֶען גֶע־שְׁטַאנֶען אוֹיף יְרִיחוֹ'ס מָאוֶוערְן, אַז דִיא לוּפְט הָאט גֶעצִיטֶערְט אוּנד דֶער גְרוֹיסֶער כּוֹס אִיז אַרוֹיס גֶעפַאלְן פוּן דֶער צִיטֶערְנְדִיקֶער שִׁכּוֹרִישֶׁער הַאנְד פוּן דֶעם בְּלִייךְ גֶעוָוארְנֶעם קֶענִיג, וֶוען מֶען הָאט אַ קִיק גֶעטְהִין, וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ בַּאיים יַרְדֵן. — אִיךְ וֶועל מִיךְ נָאר בַּאדִינֶען מִיט דֶעם בַּארִיכְט פוּן כָּלֵבְן דֶעם גִיטְן, וָואס אִיךְ הָאבּ מִיר גֶעלָאזְט אָפּ־

שרייבן א קאפיע פון זיין כתב יד, רעדנדיק פינעם יודישן איבערגאנג איבערן ירדן, באפוילנט פון זיינעם פריינד יהושע, זאגט ער אזוי:

„ווען די כהנים האבן גערייכט דעם ראנד פינעם שטראם, זענען זיי געבליבן שטעהן ביז די גרויסטע מתנה האט זיך דערפלאירט¹) אין דעם פליין אקעגן יריחו. פינף שטונדן האט זיך געקויקלט די מאסטע מענטשן, אײנע װעללע נאך דער אנדערן, איי וואלקן נאך אנדערן, באטאליאן אויף באטאליאן, שאר אויף שאר, יעדער פאלק מיט זיין דגל אונד אפצייכן ביז יער פראנט האט זיך אויסגעשטרעקט ווערכטווינדאיילן ענטלאנג דעם ירדן, במעט צוויי אונד אהאלבע ווערשט לאנג אונד ניין ווערשט טיעף ציא דרומית מזרחית ציאשן איינגעריכנט דעם ליידיקן פלאץ צווישן די שבטים, פאר דער באגאשע, בהמות, לאגער גרייט, קאך אונד באק געשירר, אונד א חוץ דעם פאר די ווייבער אונד קינדער, דער גאנצער פליין איז געווען מיט זיי באדעקט ביז צום שווארצן בארג פון דעם פסגה, בארג נבו. —

ענדליך, האט יהושע אויף געהויבן משה׳ס הייליקן שטעקן אונד האט באפוילן, אז די כהנים, טראגנדיק דעם ארון הברית זאללן אריין טרעטן אינעם ירדן! — די כהנים האבן אצונד אויף גענעהמען דעם ארון אויף זייערע אקסלן אונד די ערשטע צוויי הייליקע טראגער זענען אריין אינעם שטראם׳ ווי באלד אבער זייערע סאנדאלן האבן באריהרט דאס וואסער, זענען די וועללן צוריק־געטרעטן אויף א מערקווירדיגער וייזע׳ די פריעסטער, מיט גאנץ דאנקענדיקן הארצן פארווינדערט אונד דער פרייט, האבן זיך לאנגזאם פאראווערטס באוועגט, אונד האבן אן געהויבן ציא זינגען א שירה „הים ראה וינוס, הירדן יסוב לאחור׳ „ אימער ווייטער געהנדיק זענען זיי אן געקומען צי דעם ווירקליכן בעטט פינעם ירדן (ביז אהער איז געווען דער אויסגעגאסענער ירדן) דא האט יהושע באפוילן שטעהן צי בלייבן אצינד האט זיך עפנעם גרוים ארטיגעם אונד מערקווירדיגעם באוויזן פאר זייערע אויגן׳ דער גרויסער אונד ברייטער שטראם פון איין זייט פינעם ארון איז פליצים אויף געהאלטן געווארן אין זיין לויף אונד זיינע לויפנדיקע וואסער האבן זיך אן געהויבן צין אויף זאמלען, איין וועללע אויף דער אנדערן, ניט א האר ווייטער געהנדיק, האט דאס אן געקומענע וואסער זיך געטהירמט, האבער אונד העכער, ווי פאר שרעק, פאר דער גאטהייט, זיך צוריק שלאגנדיק, אונד ציא אגרוים מאכטיגן מויער אויף וואקסנדיק, צין א מערקווירדיגן קריסטאלענער וואנדט ווערנדיק, גרוים ארטיג אן ציא קוקן! — אונד פון דער זייט ארון האט זיך דער ירדן באלד אפ געלאפן אינעם ים המלח אריין, אונד די שטיינער פינעם תהום דאט מען באלד ארוים געזעהן, אונד נאך איניגן אויגן בליקן איז דער זאמד שוין טריקן געוועזן אונטער די

¹) דערפלאירט, איז זיך אויסוויקלען, א מחנה וואס געהט אין א לאנגער שורה נאר פון עטליכע ברייט, וויקלט זיך אויס אין א פראנט פון פיעלע אין דער ברייט, אין שטאט א שורה אין דערליינג, שטעללן זיי זיך אויף עטליכע שורות אין דער ברייט׳

פִּיסס ! – וִויא וִוינְדערְלִיךְ אִיז עֶס גֶעוֶועֶן צוּא בַּאטְרַאכְטֶען, וִויא אֵיין הֶעלְפַּט יַרְדֵן אַנְט־לוֹיפְט, אוּנד אֵיין הֶעלְפְט בְּלַייבְּט פַאר שְׁרֶעק שְׁטֶעהֶן ! – דֶער וַוייל אִיז דָאה גֶעוָוארֶן אַבְּרֵייטֶער טְרוּקֶענֶער וֶועג גְרַאד גֶעגֶענְאִיבֶּער דֶער יוּדִישְׁן מַחֲנֶה. פוּן אֵיין זַאט אִיז דָאס וַואסֶער אָפּגֶעלָאפֶן אוּנד הָאט אִיבֶּער גֶעלָאזְט אַדְרַיי וֶוערְשְׁט בְּרֵייטֶן וֶועג, וֶועהְרֶנד פוּן דֶער אַנְדֶערֶן זַייט, דֶער וֶואגְט זִיךְ נִיט דֶער יַרְדֵן צִיא צִיא קוּמֶען צוּם אָרוֹן, קָאכְנְדִיק, אוּנד בְּרוֹיזְנְדִיק, דוּנֶערְנְדִיק, פַייפְנְדִיק, לְיַארְמֶענְדִיק, שְׁרַייעֶנְדִיק, קְלַאפְּנְדִיק, טַאנְצְנְדִיק, זִיךְ רַייסְנְדִיק אוּנד שְׁמַייסְנְדִיק, אִין ווִילְדֶן מְשׁוּגַעת, זִיךְ בְּרִיוְונְדִיק מִיט גְרוֹיס כַּעַס, וֶועךְ אַ וָוארְף צוּא טְהִין, אַרָאפּ אִינֶעם תְּהוֹם, אוּנד זִיךְ וַוייטֶער צוּא צוּא יָאגְן וִויא אַ ווִילְד פֶערְד, וָואס וֶוערְט אָבֶּער גֶעהַאלְטֶן, אִין אַ צוֹים אוּנד מִיט אַצִי.ל פוּן אַן אוּמְגֶעזֶעהֶנֶער אוּנד מֶאכְטִיגֶערֶער הַאנְד ! !

וִויא וִוינְדֶערְלִיךְ אִיז דָאס אַלֶּעם, קֶאנִיגְלִיכֶע מַאיֶעסְטֶּאט ! וִויא גְרוֹיס אַרְטִיג אִיז דָאךְ דֶער כֹּחַ פוּן אָט דֶעם גָאט פוּן דִיא עִבְרִים אִיז דֶען דָאס נִיט עֶבֶּן אַזַא פֶּלֶא וִויא דָאס שְׁפַּאלְטֶן פוּנֶעם יַם ? כְּאִיז דִיא אַרְבֵּייט פוּן דֶעם זֶעלְבִּיקֶן גָאט ! – נָאהר לָאמִיךְ לָאזֶן דֶעם גֶערֶעכְטֶן כָּלֵב אַלֵיין וַוייטֶער דֶער צֵאהְלֶן · דָאס עֵדוּת פוּן אַן אוֹיגֶן צֵייגֶן הָאט תָּמִיד אַ זֶעהר גְרוֹיסְסֶן וֶוערְטֶה ! –

„ וֶוען דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל הָאבֶן דֶער זֶעהֶן דִיא מֶאכְטִיגְקֵייט אוּנד דִיא גִיטְסְקֵייט פוּן זֵייעֶר גָאט, הָאט זִיךְ אוֹיף אֵיין מָאהל אַרוֹיס גֶעחַאפְּט אַ פְרַיידֶנס גִישְׁרֵייא פוּן דִיא דְרַיי מִילְלִיָאנֶען, אַז עֶס הָאט פַאר הִילְכְט דֶען שְׁרֶעקְלִיכְסְטֶן דִינֶער, אוּנד דִיא מָאוֶוערֶן פוּן יְרִיחוֹ הָאבֶן אַשְׁז גֶעצִיטֶערְט · – דֶער קֶאנִיג הָאט אַרָאפּ גֶעקִיקְט פוּן זַיינֶער טֶערְרַאסֶע, וִויא דֶער מֶאכְטִיגֶע שְׁטְרוֹים אִיז צֶערִיסְסֶן גֶעוָוארֶן אוֹיף צְוֵייעֶן, אוּנד אַשְׁרֶעק הָאט אָן גֶעחַאפְּט דֶעם שִׁיכּוֹר׳ס נְשָׁמָה, אִין שְׁטִימֶער פַארוִוינְדֶערוּנְג הָאט עֶר נָאר נָאךְ קִיקֶען גִיקָאנְט, נָאר וָואס מֶעהר עֶר זֶעהְט, אַזוֹי שְׁטַארְקֶער צִיטֶערְט עֶר אוּנד אַשְׁרֶעקֶנְס־קְרַאמְפְּף הָאט אָן גֶעחַאפְּט זַיינֶע גְלִידֶער · אֱלֹהִים אִיז נִיט קֵיין גָאט וָואס לָאזְט זִיךְ גֶע־פַאלְלֶן שְׁפָּאט, אוּנד זָאל נִיט בַּאשְׁטְרָאפֶן ; „

אוֹיף יְהוֹשׁוּעַס, בַּאפוֹיל, זֶענֶען דִיא כֹּהֲנִים מִיטֶן אָרוֹן שְׁטֶעהֶן גֶעבְּלִיבֶן, דֶער נָאךְ זֶענֶען פִיער הִינְדֶערְט לְוִיִּם, מִיט טְרִיקֶענֶע סַאנְדַאלֶן פָאר אוֹיס גֶעגַאנְגֶען, טְרָאגֶנְדִיק דִיא טְהֵייעֶרֶן יְרִיעוֹת מִיט דִיא בְּרָאנְזֶענֶע זַיילֶן, דִיא פִּירְהָאנֶגֶע פוּן פוּרְפּוּר אוּנד אוֹיס־גֶעשְׁטִיקְטֶער אַרְבֵּייט אוּנד אַלֶּע חֲלָקִים פוּנֶעם אֹהֶל מוֹעֵד מִיט אַלֶּע זַיינֶע כֵּלִים, אוּנד הָאבֶן גֶעגְרֵייכְט צִיא דֶעם אַנְדֶערֶן בְּרֶעג · אַצִינְד הָאט דִיא גַאנְצֶע מַחֲנֶה עֶרְהַאלְטֶן דֶען בַּאפוֹיל פוּן יְהוֹשׁוּעַן, פָארֶוועֶרְטְס צִיא צִיעֶהְן, אוּנד גְרוֹיס אַרְטִיג אִיז דֶער אָנְבְּלִיק גֶעוֶועֶן ! – אִין אַשׁוּרָה נִיט וֶוינִיגֶער פוּן אַנְדֶערְט הַאלְבּ וֶוערְשְׁט אִין פְרָאנְט הָאט זִיךְ בַּאוֶועגְט אַ מַחֲנֶה מִיט פָאנֶען פַאנִירֶן אוּנד אַנְדֶערֶע אָפְּצֵייכֶן צִים יַרְדֵּן · מֶען הָאט נִיט גֶעהֶערְט דֶעם קוֹל פוּן אַ שׁוֹפָר, פוּן אַטְרָאמְפֶּעט אָדֶער פוּן אַפּוֹיק, נָאר דֶען מֶאכְטִיגֶן רוֹישׁ פוּן מִילְלִיָאנֶען פִיס · דֶען דוּמְפֶּפֶן שְׁוֶוערֶן טְרִיט פוּן אַ גֶעאָרְדְנֶטֶן מַחֲנֶה, אוֹיךְ דֶער וֶועג הָאט גֶעשַׁיינְט אַזוֹי וִויא אוֹיס גֶעטְרֶעטֶן שׁוֹין זַייט פִילֶע הִינְדֶערְטֶער יָאהְרֶן · אַזוֹי

וַייט וִיא דָאס מֶענְשְׁלִיכֶע אויג הָאט גִיקָאנְט דֶער גְרֵייכֶן, הָאבֶּן זִיךְ בַּאוֶועגְט מֶענְשְׁלִיכֶע גֶעשְׁטַאלְטֶן , זֵייעֶר מַארְשׁ שַׁיינְט קֵיין עֶק נִיט צוּ הָאבֶּן ! אֵיין שָׁעָה נָאךְ דֶער אַנְדֶערן הָאט זִיךְ אַלְץ בַּאוֶועגְט דֶער מֶענְשְׁלִיכֶער שְׁטְרוֹים אונד זַיינֶע לֶעבֶּדִיקֶע חְוַאלֶיעס הָאבֶּן זִיךְ גֶעקַאטְשֶׁעט אַרִיבֶּער דֶעם טְרִיקֶענֶם בֶּעטְט פִין דֶעם אָפְּגֶעשַׁאפְּטֶן אונד אַוֶועק גֶעשִׁיקְטֶן יַרְדֵן · בִּיז עֶנְדְלִיךְ הָאט דִיא גַאנְצֶע אַרִיבֶּער גֶעהְנְדִיקֶע מֶענְגֶע בַּאזֵייט דֶעם גַאנְצֶן פְלֵיין אויף דֶער אַנְדֶערן זַייט יַרְדֵן , צְווִישְׁן אִיהם אונד יְרֵיחוֹ · דִיא עַרְבוֹת יְרֵיחוֹ הָאבֶּן זִיךְ אויסגֶעפִילְלְט מִיט דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל,וֶועלְכֶע גָאט אַלֵיין הָאט דָאה אַצִינְד אַרִיבֶּער גֶעפִיהְרְט ! וֶוען אַלֶלע זֶענֶען שׁוֹין גֶעוֶועֶן אויף דֶער אַנְדֶרן זַייט הָאט יְהוֹשֻׁעַ עֶרְשְׁט גֶעהֵייסְן דִיא כֹּהֲנִים מִיטֶן אָרוֹן אויךְ וַייטֶער צִיעהְן , אויךְ זֵיי זֶענֶען בַּאלְד אַרִיבֶּער אויף דֶעם גְרָאזִיגְן בְּרֶעג · אַצִינְד הָאט דֶער גֶענֶעַראל יְהוֹשֻׁעַ , וָואס אִיז גֶעוֶועֶן דֶער לֶעצְטֶער,וִויעדֶער אויף גֶעהֶעבֶּן דֶעם וִוינְדֶר שְׁטֶעקְן אונד הָאט אִיהם אַנֵייג גֶעטְהִין אויף דֶעם יַרְדֵן׳ – אונד אַזוֹי וִויא אַווילְדֶעס יונגֶס פֶערְד , וָואס זַיין רַייטֶער הָאט אויף אֵיין מָאהל פְלִיצְם נָאךְ גֶעלָאזְט דֶעם צוֹים , מִיט וֶועלְכֶן עֶר הָאט בִּיז אַהֶער זַיין מְשׁוּגַעַת אַיינגֶעהַאלְטֶן , אונד הָאט אִיהם יֶעצְט נָאךְ גֶעגֶעבֶּן זַיין ווִילְלֶן , צוּא יָאגֶן , צוּא טְרָאגְן אִין ווִילְדֶער שְׁטַארְקֵייט · אַזוֹי הָאבֶּן זִיךְ פְלִיצְם דֶער לַאנְגְט אַ גָאסְם דִיא אויפגֶעזַאמֶלְטֶן קָאכֶנְדִיקֶן וַואסֶטערן פִינֶעם יַרְדֵן אונד מִיט אַשְׁרֶעקְלִיכֶן קוֹל הָאבֶּן זֵיי אַ שְׁפְּרִיץגֶעטְהִין פָארֶווערְטְס ! וִויא דָאס הָאט גֶעשְׁווִישְׁטְשֶׁעט אונד גֶעפִּישְׁטְשֶׁעט, גֶעיָאגֶן , אונד גֶעטְרָאגְן , גֶעקוֹקֶלְט , אונד גֶעדְרֶעהְט , גֶעגָאסֶן , אונד גֶעשְׁטְרוֹימְט , גֶעשְׁפְּרוּדֶלְט, אונד גֶעשְׁטְרוּדֶלְט, גֶערַעשְׁט,אונד גֶערֶעוֶועט , אִין לֶאכֶער גֶערוּישְׁט , אִיבֶּער שְׁטֵיינֶער גֶעשְׁפְּרִינְגֶן , בּוֹימֶער אויסגֶערִיסְן , שְׁטֵיינֶער אומגֶעשְׁמִיסְן , וִויא הִינְדֶערְט שָׁאק רוּחוֹת הָאבֶּן זִיךְ צִישְׁפִּילְט , אִין פַארִיקְטֶער ווִילְדְהֵייט ! – דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען פִין דֶער וַוייטְן אונד הָאבֶּן בַּאוִוינְדֶערְט דִיא גְרוֹיסְסֶע נִסִּים פִין גָאט ! –

יְרֵיחוֹס קֶאנִיג הָאט אויךְ גֶעזֶעהן דָאס ווִילְדֶע צוּרִיק קֶעהְרְן פִינֶעם אויפגֶעהַאלְטָענֶעם יַרְדֵן אונד אַ שְׁוֶוערֶער שְׁטֵיין הָאט זִיךְ אַרוּיף גֶעוַואלְגֶערְט אויף זַיין הַארְץ · אִיז עֶר דֶען נִיט אַ גֶעפַאנְגֶענֶער מִיט אַלְלֶע זַיינֶע בְּנֵי חַיִל אִין זַיין אֵייגֶענֶער שְׁטָאדְט ? – וֶוענִיגֶע אָבֶּער זֶענֶען נָאר אויף דֶער וֶועלְט , וָואס זֶענֶען נִיט גֶערָאטְהֶן אִינֶעם עגִיפְּטִישְׁן פַּרְעֹה ! וָואס הַארְטָאוֶועֶן אָפּ , זֵייעֶר הַארְץ , אונד ווִילְלֶן נִיט לֶערְנֶען אַ מוּסָר פִין גָאטְס נִסִּים , אונד פַארלִיהְרֶן בַּאלְד דִיא מוֹרָא פַאר זַיין כֹּחַ ! – דִיא אויגֶן זֶעהְן , דִיא אוֹיעֶרֶן הֶערְן, אונד דָאךְ תַּנְפְּט זִיךְ אַשְׁוַואכֶער בָּשָׂר וָדָם , נִמְלְט צוּא וֶוערֶן פִינֶעם אֵייבֶּערְשְׁטֶענְס כֹּחַ , אונד מִיט עַזּוּת נָאךְ , שְׁטֶעלְלֶן זֵיי זִיךְ אַקֶעגֶן כְּדֵי זֵייעֶר מַפָּלָה זָאל גָאךְ , אַפָּנִים , גְרֶאסֶער זַיין , אַזוֹי אִיז אויךְ מִיט יְרִיחוֹ׳ס קֶאנִיג גֶעוֶועֶן . זַיין בִּטָּחוֹן אִין דֶעם בְּרֵייטֶן אונד טִיעֶפֶן יַרְדֵן הָאט דֶער אֱלֹהֵי הָעִבְרִים פַארנִיכְטֶעט, אונד דֶער שְׁטַארְקֶער שְׁטְרוֹים הָאט זִיךְ אַלֵיין גֶעאָפֶּנְט פַאר דֶעם פָאלְק פִין גָאט , זָאלל מֶאן דָאךְ מֵיינֶען אַז דֶעם הֵיידְנְס הַארְץ וֶועט אַצִינְד נָאךְ גֶעבֶּן ! נֵיין , דֶער אומְגְלֵייבִּיגֶער בַּארְבַּאר הָאט זִיךְ גֶעתַּנְפְּט אַ בִּטָּחוֹן צוּא הָאבֶּן אִין יְרֵיחוֹ׳ס שְׁטַארְקֶע מָאוֶוערֶן ! – עֶר זֶעהְט אַצִינְד וִויא דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל שְׁלָאגְן-

אויף זֵייֶערֶע גֶעצֶעלְטֶן אויף דֶעם גְרִינֶעם פְּלַיין, אונד שְׁטֶעלְלֶן אויף אַ מֶאכְטִיגְן מָאנוּמֶענְט
פון צְוֶואלְף גְרויססֶע שְׁטֵיינֶער. אויךְ דֶער אוהֶל מוֹעֵד וֶוערְט בַּאלְד פַארְטִיג, דֶער אָרְט
וְויא דֶער אַלְמֶאכְטִיגֶער גָאט פון דִיא עִבְרִים וואהְנְט. בֵּין הָעַרְבַּיִם זֶעהְט עֶר אויף שְׁטַייגְן
דֶעם רויךְ פִינֶעם קָרְבָּן תָּמִיד, אונד הֶערְט דִיא לְוִיִּים זִינְגֶענְדִיק אַ שִׁיר הַלֵּל וָשֶׁבַח אַ
פַּייֶערְלִיכְן הודוּ לַה׳, אונד זִיסְם, אונד מַאיֶעסְטֶעטִישׁ גְרויס אַרְטִיג קְלִינְגְט דֶער קול פִינֶעם
יודִישְׁן גֶעזַאנְג. בַּאלְד אִיז נַאכְט גֶעוָוארֶן, אונד דִיא פִינְצְטֶערְקֵייט הָאט בַּאדֶעקְט דִיא
גַאנְצֶע טְהַאטִיגֶע סְטֶענֶע, אַ חוּץ דֶעם קול פִין שׁומרִים, אונד דָאס גֶערַעשׁ פִינֶעם מֶאכְטִיגְן
יַרְדֵן, הָאט יֶעצְט גֶעהֶערְשׁט אַ שְׁטִילְקֵייט אִיבֶּער שְׁטָאט אונד לָאגֶער, אִיבֶּער הַייזֶער
אונד אִיבֶּער גֶעצֶעלְטֶע. „ — דָא שְׁלִיסְט אָפּ דֶער צְווייטֶער סֵפֶר פִינֶעם הֵיילִיקְן כָּלֵב׳ס
בַּאריכְט! — אָט אַזוֹי אַייֶערֶע מַאיֶעסטֶאט, זֶענֶען דִיא עִבְרִים אַרַיין אִין דָאס צִיגֶעזָאגְטֶע
לַאנְד, — אִיז אַזַא טְרִיוּמְפִירֶנְדִיקֶער אַיינְגַאנְג נִיט קֵיין גִיטֶער שְׂכַר פַאר זֵייֶער פֶערְצִיק-
יָאהְרִיגְן לַיידְן? וָואס פַאר גֶעפִיהְלֶע פִין דַאנְקבַּארְקֵייט פִין פַארֶעהְרוּנג, פִין אָנְבֶּעטוּנג
אונד פִין קִינְדְלִיכֶער לִיעבֶּע, צִיא זֵייֶער גָאט, הָאבְּן אַצִינְד בַּאוֶועגְט אונד בַּאלֶעבְּט דִיא
הֶארְצֶער פִין דִיא צִיפְרִידֶענֶע, נָאךְ אַזַא נֵס, וָואס בַּאוַוייזְט אַזוֹי טַייטֶנְדִיק, זַיין גִיטִסְקֵייט
וְויא זַיינֶע אַלְמַאכְט? — קֶאן מֶען זִיךְ גָאר פָארְשְׁטֶעלְלֶן אַז דִיא עִבְרִים וֶועלְלֶן אַמָאהל
מֵעִיז זַיין אַקֶעגֶן זֵייֶער גָאט? וֶועמֶען פִין זֵיי הָאט אַצִינְדֶערְט גִיקָאנְט אַיין-פַאלְן אֲפִילוּ אִין
שְׁלָאף, עוֹבֵר צִיא זַיין חָאטְשׁ גָאר אויף אֵיין מִצְוָה, אָדֶער אַחוּק, וָואס זֵייֶער גָאט הָאט
בַּאפוֹלְן עֶם צִיא טְהִין אונד צִיא הַאלְטֶן? גְלִיקְלִיךְ אִיז אַזַא פָאלְק, וָואס אִיז בַּאוַואכְט פִין
אַזַא מֶאכְטִיגְן אונד אֶמֶת גִיטְן שׁוֹמֵר! —

דֶער נֶאכְסְטֶער טָאג אִיז גֶעוֶועזְן בַּאיי דִיא עִבְרִים אַ נַאצְיָאנַאלֶער פַייֶערְטָאג. דֶער
יוֹם טוֹב „פֶּסַח״. וְויא גְרויס אִיז אָבֶּער זֵייֶער פַארווּנְדֶערוּנג גִיוֶועזְן, וֶוען זֵייא זֶענֶען אויפְגֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶער פְרִיה אויף דֶעם מָארְגְן, נָאךְ פֶּסַח, אונד הָאבְּן מֶעהר נִיט גֶעפִינֶען
יֶענֶע גֶאטְלִיכֶע שְׁפַּייזֶע, וָואס גָאט הָאט זֵיי דֶער מִיט גִינֶאהְרְט אַלְלֶע פֶערְצִיג יָאהר אִין
דֶער מִדְבָּר! זֵיי הָאבְּן מֶעהר נִיט גֶעפִינֶען קֵיין מָן! מִסְתָּמָא אִיז גִיוָוארֶן אַ לַיארֶם, אַ
גִיפִילְדֶער, אַ גֶעלויף, אַ רַעשׁ, מִיט שַׁאֲלוֹת צוּם גֶענֶעראַל; וָואס זָאלל דָאס פָאלְק עֶסְן?
אַצִינְד הָאט זֵיי יְהוֹשֻׁעַ דֶערקְלֶערְט; אַז זֵיי זֶענֶען שׁוין אִין זֵייֶער אֵייגֶענֶעם לַאנְד, וָואס
גָאט הָאט צוּגִיזָאגְט צוּא דִיא אָבוֹת, צוּא גֶעבְּן צוּא זֵייֶערֶע קִינְדֶער, אַלַאנְד פוּן פִיעל
תְּבוּאוֹת, וַויין, אֶהל, אונד אַלֶערְלֵיי פֵּירוֹת, אַ לַאנְד וָואס רִינְט מִילְךְ אונד הָאנִיק אִין
אִיהר, אונד זֵיי וֶועלְלֶן זִיךְ מוּזְן בַּאמִיהֶען, דִיא גִיטֶע זַאכְן צוּא זַאמְמֶלֶען אונד צוּא עֶסְן.—
אַלְלֶע פֶעלְדֶער זֶענֶען אַקוּרַאט פֶערְטִיג גִיוֶועזְן צוּם אָפְּשְׁנַיידְן, אונד דִיא עִבְרִים זֶענֶען נִיט
פוּיל גֶעוֶועזְן צוּא דֶער אַרְבֵּייט. זֵיי הָאבְּן דָאס גֶענִימֶען, וָואס זֵייֶערֶע גָאטְהֵייט הָאט זֵייא
אָן גֶעוִויזְן, אִין דֶער מִדְבָּר אִיז עֶס גִיוֶועזְן דֶער מָן, אונד אויף דֶער בַּא-אַרְבֵּייטֶער עֶרְד
אִיז עֶס גֶעוֶועזְן תְּבוּאָה.! —

יְרִיחוֹ׳ס קֶאנִיג הָאט דָאה דֶערזֶעהְן, אַז דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל נֶעהמֶען זִיךְ גָאר צוּם אָפְּ-
שְׁנַיידֶן פוּן דִיא תְּבוּאוֹת, אונד נִיט צוּם אויפְשְׁטֶעלְלֶן פוּן צֶערְשְׁטֶערוּנְג מַאשִׁינֶען אָנְצוּ-

גְרַייפְן יְרִיחוֹ׳ס מָאוֶוערן הָאט עֶר זִיךְ מִיט אַ גִילֶאבְּטֶער אָן גִירוּפְן צוּא זַיינֶע גִבּוֹרֵי חַיִל: „קִיקְט אָן, דִיא עֶגִיפְּטִישֶׁע שְׁקְלַאפְן, וִויא זֵיי הָאבּן זִיךְ גִיהַאפְּט צוּם עֶסְן, פַארוּיסְטִגִנְדִיק אַלְלֶע אוּנְזֶערֶע פֶעלְדֶער! וִויא אַ הֵייעֶרִיק זֶענֶען זֵיי אָן גֶעקִימֶען, אוּנד אַזוֹי וֶועלְלֶן זֵיי אוֹיךְ וַויטֶער גֶעהְן. זֵייא וֵייסְן זֶעהר גִיט אַז דוּרְךְ אוּנְזֶערֶע שְׁטַארְקֶע מָאוֶוערֶן וֶועלְלֶן זֵיי זִיךְ נִיט קָאנֶען דוּרְךְ שְׁלָאגְן, אוּנזֶערֶע אַייזֶערְנֶע אוּנד בְּרָאנְדְזֶענֶע טוֹיעֶרן זֶענֶען זֵיי נִיט אוּמְשְׁטַאנְד צִיא צֶערבְּרֶעכְן, אוּנד אוּנְזֶערֶע אוֹצְרוֹת זֶענֶען גִיט אָנְגֶעשְׁטָאפְּט מִיט פַאר אַיָאהְרִיגֶע אוּנד פַאר צְוֵויי יָאהְרִיגֶע תְּבוּאוֹת, מִיר קָאנֶען גַאנְץ רוּהִיג אָפְּוַוארְטְן בִּיז זֵיי וֶועלְלֶן הִינְגֶערִיג וֶוערן וֶועלְלֶן זֵיי זִיךְ זִיכְן אַן אַנְדֶער לַאנְד.״ –

אוּנְטֶער דֶעסְסֶן הָאט זִיךְ דֶער גֶענֶערַאל יְהוֹשֻׁעַ שְׁטַארְק גֶעפְּלָאגְט צִיא גֶעפִינֶען אַ פְּלַאן וִויא אָן צִיא גְרֵייפְן דִיא שְׁטָאדְט, וָואס אִיז דֶער שְׁלִיסְל פִינֶעם גַאנְצֶן לַאנְד! אַ מָאהל, מִיט אֵיינִיגֶע אָפִּיצִירן, אוּנד אֶפְּטֶערְס נָאךְ, גַאנְץ אַלְלֵיין, הָאט עֶר אַרִים גִישְׁפַּאצִירְט דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאדְט, זִיכֶנְדִיק אַן אָרְט, וָואס וֶועט וֶועניגֶער זַיין אוּם שְׁטַאנְד, צִיא ווִידֶער שְׁטֶעהן אַן אַנְגְרִיף. דֶער הֶסְכֵּם פִין אַלְלֶע אָפִּיצִירֶע אָבֶּער אִיז גֶעוֶוען אַז יְרִיחוֹ׳ס מָאוֶוערֶן זֶענֶען אוּסדוּרְכְדְרִינְגְלִיךְ! אֶפְשֶׁר זָאלל מֶען דִיא שְׁטָאדְט אוֹיסהִינְגֶערְן בִּיז זֵיי וֶועלְלֶן מוּזֶן קַאפִּיטוּלִירְן (נִכְנַע וֶוערֶן)?! – אִין דֶעם אָבִּינְט פִינֶעם דְרִיטֶן טָאג, בַּארִיכְטֶעט כָּלֵב׳ס סֵפֶר, אַזוֹי וִויא דֶער גֶענֶערַאל הָאט אַזוֹי אַרוּם דֶער שְׁטָאדְט זִיךְ אַרוּם גִישְׁפַּאצִירְט, בַּאטְרַאכְטֶנְדִיק דִיא שְׁטַארְקֵייט, דִיא גְרֶאבּ אוּנד דִיא פֶעסְטִיגְקֵייט פִין אִיהְרֶע מָאוֶוערֶן, דִיא גְרוֹיסֶע צָאהל פִין אִיהְרֶע טְהוּרְמְס, אוּנד דִיא גְרוֹיסְקֵייט פִין אִיהר צִיטַאדֶעלְלֶע, וִויא אִיהְרֶע צִינֶען זֶענֶען בַּאזֶעצְט מִיט בּוֹיגֶן שִׁיסֶער, שְׁפִּיז וַוארְפֶערְס, אוּנד שְׁטֵיין שְׁלַייְדֶערֶערְס, אוּנד וִויא דִיא זָאלְדַאטְן זֶענֶען גִיט בַּאוָואפְנְט, אוּנד בַּאדֶעקְט מִיט אַייזְן, אוּנד מִיט בְּרָאנְדז, הָאט זִיךְ אֶפְשַׁר נָאר וָואס אָן גִיהוֹיבְּן אַ סָפֵק׳ל אַרַיין צוּא גַנְבֶענֶען בַּאיי אִיהם אִין הַארְצֶן, צִיא וֶועט עֶס אִיבֶּערהוֹיפְּט אַ מָאהל מֶעגְלִיךְ זַיין פַאר דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל יְרִיחוֹ אַיינְצִינֶעהמֶען. אוּנד דָאס הֶעלְדן הֶארְץ פִינֶעם גְרוֹיסְן עִבְרִי הָאט זִיךְ אַהֶעבּ גִיטְהִין פִין אַ שְׁטַארְקֶן זִיפְץ וָואס הָאט גִיקְלִינְגֶען וִויא אַשְׁטוּמֶע תְּפִלָּה צִיא זַיין גָאט, וֶוען פְּלִיצְם, אִיז אַיוּנְגֶער מֶענְשׁ אַפִּירגִיטְרֶעטְן פִין צְוִוישְׁן דִיא טֵייטֶל בּוֹימֶער, הוֹיךְ פִין גֶעשְׁטַאלְט אוּנד מִיט אַ גִיצוֹיגֶענֶעם גִישְׁלִיפֶנֶעם שְׁוֶוערדט אִין דֶער הַאנְד. דֶער יוּדִישֶׁער גֶענֶערַאל זִיךְ גָאר נִיט דֶערשְׁרֶעקֶנְדִיק הָאט אוֹיךְ אַרוֹיס גִיהַאפְּט זַיין גִיטֶּעם טְרַייעֶם שְׁוֶוערְדט אוּנד אִיז אוֹיף אִיהְן צִיא גֶעלָאפֶן מִיט אַ גִישְׁרֵיי „בִּיסְטֶע פַאר אוּנְז אָדֶער אַקֶעגְן אוּנְז?״ – „אִיךְ בִּין דֶער שַׂר צְבָא פִין גָאט!״ הָאט דִיא הִימְלִשֶׁע גִישְׁטַאלְט גִיעֶנְטְפֶערְט, אוּנד הָאט פְּלִיצִים אָן גִיהוֹיבְּן צִיא לַייכְטְן מִיט אַ גֶאטְלִיכְן גְלַאנְץ, „אִיךְ בִּין אַקֶעגֶן דַיינֶע שׂוֹנְאִים, אוּנד בִּין דִיר גִיקִימֶען צִיא הֶעלְפְן אִין אַייעֶר נוֹיט!״ – יְהוֹשֻׁעַ הֶארֶנְדִיק דִיא גֶאטְלִיכֶע בְּשׂוֹרָה, הָאט עֶר זִיךְ דֶערלַאנְגְט אַוָוארְף פַאר אִיהם מִיטְן פָּנִים צִיא דֶער עֶרד! – „שְׁטֶעה אוֹיף!״ הָאט זַאנְפְט דֶער מַלְאָךְ אָזָאג גֶעטְהִין,״ וַוארְף אַרָאפּ דִיא סַאנְדַאלֶן פִין דַיינֶע פִיסְס, וָוארְם דֶער אָרְט, אוֹיף וֶועלְכֶן דוּא שְׁטֶעהְסְט אִיז הֵיילִיק.״ יְהוֹשֻׁעַ הָאט גִיהָארְכְט. הָאט דֶער שַׂר צְבָא ה׳ ווִיעֶדֶער אָן גִיהוֹיבְּן צִיא רֶעדן,״ דוּא זֶעהְסְט, דִיא שְׁטָאדְט אִיז שְׁטַארְק

פארשלאסן, ניט צים אריין קימען, אונד ניט צום ארויסטרעטן, אונד זיא שיינט דיר זעהר שטארק באפעסטיגט, גאר אן מעגליך אנצינעהמען! ווייסס אז זיא איז איבערגעגעבן אין דיינע האנד, מיט דעם קאניג אונד מיט אללע זיינע מאכטיגע העלדן! דוא מוזט אבער ערשט דאס טהין וואס איך זאג דיר; — באפויל אז זיבן טאג כסדר, זאללען כהנים טראגענדיק דעם ארון הברית, מיט א געניגענדיקער מאכט זייא צוא פארטיידיגן, אקעגן א פליצימדיקן אנגריף, ארים געהן ארים דער שטאדט, יעדן טאג איין מאהל, אונד פאר זיי זאללן געהן זיבן אנדערע כהנים, מיט שופרות, וואס וועללן האלטן אין איין בלאזן, אויף דעם זיבעטן טאג, זאלל מען זיבן מאל דיא שטאדט ארים געהן. אונד צים לעצטן מאהל, זאללן דיא כהנים בלאזן שטארק אונד לאנג, אונד ווען אללע טראמפעטערס פין דער מחנה, וועללן הערן דיא תקיעה גדולה, זאללן זיי דאס זעלבע טהין אונד דיא גאנצע מחנה ישראל זאלל דערלאנגען א שרעקליך גרויס געשריי, דענסטמאהלט האט גאט געגעבן דיא שטאט, מיט אללעדינג אין איהר, אין דיינע האנדט!" אזוי פליצים וויא די הימלשע געשטאלט האט זיך באוויזן, אזוי פליצים איז זיא אצינד פארשווינדן. פרייליך אונד מיט א ליכטיג פנים, האט דער יודישער פיהרער צוריק געקעהרט אין דעם לאגער, אונד אים הארצן, האט ער געפיהלט פאללשטאנדיגעס פאר טראוען, אויף גאטס זיכערער הילף.—

יהושע האט אללעס אזוי באפוילן צוא טהין, וויא דיא געטליכע געשטאלט האט איהן באלעהרט. דיא ערשטע עטליכע טאג האבן זיך אפילו דיא פפייל אונד בויגן־שיססער זיך געפריווט דיא פראצעססיאן צוא באשיססן, דיא שליידערערס האבן אויף זייא איינגע שטיינער געשליידערט, יהושע האט אבער אנגיזאגט, אז כמטחוי קשת זאלל מען זיך האלטן ווייט פין דער מויער! — דער קאניג פין יריחו ארויסקיקענדיק אויף דיא עברים, אונד זעהענדיק דיא מערקווירדיגע צערעמאניע, האט עס איהם שטארק אמיזירט, אויף דעם זיבעטן טאג אבער האט דער פרעהליכער היידן־קאניג אזאג געטהין צוא זיינע לייט; — „קימט לאמיר אביק טהין אונד זעהן, אויב דיא נארישע מענשן זענען שוין מיעד גיווארן, זיך ארים דרעהענדיק ארים אונזערע מאוערן אזוי לאנג אומזיסט? איך האף אז זייער שפאציר איז זיי שוין מיאוס גיווארן." —

„העררר קאניג" האט אריינלויפנדיק אגישריי געטהין אן אפיציר מיט א בליך דערשראקענעם פנים, " דיא גאנצע עברישע ארמעע באוועגט זיך וויא א מאכטיגער ים, אין רעגעלמאססיגער ארדנונג, מיט יענעם שרעקליכן ארון אין פראנט, פאר וועלכן דער ירדן איז אנטלאפן! א קאניג! עפעס א מין מערקווירדיקער שיין, פין אשרעקליך ליכט, אין דער געשטאלט פין א פייערדיקן אויג, האוועט איבערן ארון, איך ציטערע, א הערשער פין יריחו, אז אונזערע שטארקע מאוערן זאללן ניט צוריק טרעטן פאר דעם מאכטיגן גאט פין דיא בני ישראל, וויא דער ים סוף האט געטהין פאר פערציק יאהר אונד דער ירדן ערשט פאר צעהן טאג. !" —

דער קאניג מיט זיינע הויפטלייט האבן זיך דערלאנגט א יאג צוא דיא צינען אונד האבן זיך טאקי באלד איבערגעצייגט פינעם אמת; וויא דיא מאכטיגע באזא־

גָאנסטריקטאָר (רינג-שלאַנג) רינגלט אַרים אַן אָקס אונד מיט איין קוועטש פין איהרע מוסקל-רינגע דער הרגת זיא איהם אַללע קנאָכען ציבּרעכּנדיק, אַזוי שאַינגען אויך דיא עברים מיט יריחו מדין ציא וועללן. — פין אַללע זייטן אַרים אונד אַרים איז דיא שטאָט פין זיי צרים געשלאָסן געוואָרן מיט דגלים אין דער הויך דאַלטנדיק, אונד מיט שופרות בּלאָזנדיק, האָט דער מזרח פין דריי מיללליאָנען פּיבּס צפּירגיקראַכט אַציטערנדיקע באַוועגונג: אין דיא כּוסות פין ווייַן, וואָס דיא גבּורים האָבּן פאַר שרעק אימגעטמירינקען ניךעט צוריק געלאָזט. וועהרנד דיא ווינדערליכע מענגע קימט האַנגמער אונד גאָהגער, איז דער קאָניג וועטאַגען מיט זיינע גבּורים בּלייך אונד שטילל ציטערנדיק. דער ייִאָט אונד דאָס געלאַבמער זענען אַנטלאָפן פין זיינע ווייסהע ליפּן! — אַ ראַלמער ירעקן האָט זיך באַמעכּטיגט איבּער זייערע הערצער, זיי האָבּן פריהער גאָהר קיין אידעע נים גהאט פין דער אומצאָהליגער מענגע! אַצינד איז דיא שטאָט גאַנץ אַרים ועריגגלט זיי שטעהן שטילל — דיא שריאט, דיא פעסטונג ורייבּן זיי נים אָן —. דער קאָניג צטהימט לייכטער — וואָס וועט אָבּער דער סוף דער פין זיין?! —

נאָך איינמאָהל געהט דער אָרון פריהער, אונד דיא כּהנים, זקנים, אַנשי חיל אונד יהושע געהן נאָך, דיא טראָמפּעטן בּלאָזן, דיא שריאט ווערט וויעדער אַרים געשפּאַצירט, אונד ווידער אָן אַן אַנגריף! — אַנאַייִעס לאַכלן האָט זיך אַשפּיעל געצהין אויף דעם קאָניגס ליפּן, אונד צדאָכס-מענטש דאַט זיך אפילו ערלויבּט אַ המצאָהלע ציא זאָגן, מיט אַגרין פּנים אפילו, אונד מיט אַ ציטערנדיק הארץ, ווען דיא החפּה האָט אָבּער שוין זעקס מאָהל פּאַסחירט אונד זיעם אויסערהאָרדנטליכעם איז נאָך נים געשעהן, איז דעם קאָניג פין יריחו גאָר גערינג געוואָרן אויף דעם האַרצן! —

„ בּלתי שום ספק. „ האָט זיך אַ בּלייכער גבּור, מיט אַ הלאָפּענדיק האַרץ צים קאָניג אָן געריפן, „ זענען אָט דיא שפּאַצירנדיקע עברים פּראָסטע משוגעים, וואָס זענען אַנטלאָפן פין מצרים, וויא מען דיענט אַן אָהרענעם גאָט, אונד זענען אַהער געקימען הקפות ציא פּראַוועןן לכּבוד דער לבנה! וואָס דען זאָלל באַטייטן דאָס אַרים דרעהן זיך אַרים דיא מאָוערן פין אונזער שטאָדט?! „ —

„ איך מיין, אייערע מאַיעסטעט, האָט זיך אַן אַנדערער חכם אָן געריפן, „ אַז זיי זענען פּשוט בּלינד, זיי ווילן נעבאַך אַרוים קריכן פינעם מדהאל, אונד קאָנען דען וועג נים געפינען, וויא אַרים, אונד דרימאויך מיין איך דרעהן זיי זיך אַזוי משוגע אונד בּלינד אין אַן עיגול אַרים. „ —

„ אויב אַזוי?, „ האָט דער קאָניג אַזאָג געטהין, מיט אַ זאָווער געלאַכטערל, וואָלט איך גערן אַוועק געגעבּן דאָס בּעסטע פערטל פין מיין מלוכה, עמעצן מיט אַגעזינטע פּאָר אויגן, ער זאָלל זיי מיר אַרוים פיהרן טאַקי תּיקף וּמיד פין מיין לאַנד!" —

„ אפשר, „ האָט אַ דריטער זיפּציגדיק אַזאָג געטהין, „ וואָלט דער מענטש מיט צוויי אויגן, באַלד נים געהאט קיין קאָפּ אין וואָס זיי ציא האַלטן, ווען ער וואָלט זיך דער וועגט אַרוים ציא טרעטן ציא זייא, זייא זענען גרויסע המצאָות'ניקעס אָט דיא

עֶגִיפְּטִישֶׁע עִבְרִים ! זֵיי מֵיינֶען אַוַודַאי אַז יְרִיחוֹס מָאוֶוערֶן זָאלְלֶן פַאר זֵיי הָאבֶּן דֶּרֶךְ אֶרֶץ, אונד זָאלְלֶן זִיךְ פַאר זֵייעֶרֶע שׁוֹפְרוֹת דֶערשְׁרֶעקֶן אונד זֵיי מִיט כָּבוֹד אַרַיין לָאזֶן !" —

דָאס זִיבֶּעטֶע מָאהל הָאט מֶען שׁוֹין אַרוּם גֶעשְׁפַּאצִירְט דִיא מָאוֶוערֶן, אונד עֶס אִיז ווִידֶער שְׁטִילל גֶעוָוארֶן, אונד דֶער קֶענִיג וָואלְט זִיךְ שׁוֹין אִין פַאראַכְטוּנג פִין דַאנֶען אַ וֶועק גֶעקֶערְט צִיא הֶער כּוֹס׳ע, וָואס עֶר הָאט אִין שְׁרֶעק פְרִיעֶהֶער גֶעלָאזְט שְׁטֶעהֶן, וֶוען פְּלִיצִים גִיט עֶר אַ קִיק, ווִיא דִיא גַאנְצֶע מַחֲנֶה הָאט אַ קֶעהר גִטְהִין זֵייעֶרֶע פֶּנִים׳ער אַקֶעגֶן דֶער שְׁטָאדְט, אונד אִין זֵייעֶר רֶעכְטֶן הַאנְד, הָאבֶּן זֵיי גֶעהַאלְטֶן אַן אוֹיסגֶעשְׁטְרֶעקְטֶן שְׁוֶוערְדט טַייטֶנְדִיק אַקֶעגֶן יְרִיחוֹ ! —

פִין גַאנְץ ווַייט הָאט עֶר בַּאמֶערְקְט אַ קְלֵיינֶע פַּארְטִיֶע רַייטֶערְס אַהֶער גָאלָא־פִּירֶנְדִיק, אונד אוֹיף אַ שְׁנֶעע ווַייסֶען שְׁלַאכְט־פֶערְד זִיצְט, זֵייעֶר גְרָאווגֶעקאפִּיגֶער גֶע־נֶערַאל, מִיט אַ פָּאלִירְטֶן הֶעלְם, אונד אַ מֶעטַאלל־שׁוּפֶּעֶנֶעם פַּאנְצֶער הַאלְטֶנְדִיק אַ אַ ווַייסֶען שְׁטֶעקֶן (מַטֵה משֶׁה) אִין דֶער הַאנְד, ווֶעהְרֶנְד זַיין שְׁוֶוערְד הָאט גֶעשְׁטֶעקְט אִין דֶער שֵׁייד, גִיךְ אַרוּם פָּארֶנְדִיק דִיא גַאנְצֶע מַחֲנֶה, הָאט עֶר זִיךְ נָאר אָפּגֶעשְׁטֶעלְט, אִין פַארשִׁיעדֶענֶע אֶרְטֶער, בַּאפוֹילֶע אוֹיסצִיא טְהֵיילֶן. דֶער קֶענִיג הָאט זִיךְ אָן גֶעשְׁטוֹיסֶען, אַז יֶענֶער מוּז אַווַאדַי זַיין דֶער שְׁרֶעקְלִיכֶער יְהוֹשֻׁעַ, אונד אַז אַצִינְד וֶועט אַווַאדַי עֶפֶּעס ווִיכְטִיגֶעס גֶעשֶׁעהֶן. — " וָואס קאנֶען זֵיי אוּנְז טְהִין ? " הָאט זִיךְ דֶער קֶענִיג אַקֶעהר גֶעטְהִין מִיט דֶער שְׁאֵלָה צִין אֵיינֶעם פִין זַיינֶע גִבּוֹרִים, זִיכֶנְדִיק מוּטְה אונד קוּראַשְׁזֶע אִין יֶענֶעמ׳ס בְּלֵייכֶן פָּנִים, "זֶענֶען אוּנְזֶערֶע טוֹיעֶרֶן נִיט פִין אַייזֶן אונד בְּרָאנְדוּ ? זֶענֶען דִיא וֶוענְדט פִין אוּנְזֶערֶע מָאוֶוערֶן נִיט פֶעסְט ? נִיט שְׁטַארְק אונד נִיט הוֹיךְ גֶענִיג ? אונד ווִיא הָאבֶּן זֵיי לֵייטֶערְס ? !" — אונד מִיט אַ מֶעלַאנְכָאלִישׁ קוֹל הָאט עֶר ווַייטֶער אַ־זָאג גֶעטְהִין, „ אונד דָאךְ פִיהל אִיךְ עֶפֶּעס ווִיא עֶס צִיטֶערְט אִין מִיר דָאס הַארְץ! פִּינְקְט ווִיא אֵיינֶער הַאפְּט זִיךְ אוֹיף פֵּינֶעם שְׁלָאף, אונד דֶערזֶעהְט פִין יֶענֶער זַייט אָפּגְרִינְד, שְׁטֶעהְט אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער לֵאב, וָואס אִיהם גְלִיסְט זִיךְ צִין אִיהם אַרִיבֶּער צִיא שְׁפְּרִינְגֶען. אֶמֶת טַאקִי דֶער אָפּגְרִינְד אִיז טִיעף אונד בְּרֵייט, פִין דֶעסְטְוֶועגֶן קֶאן דָאךְ אַ לֶאב אוֹיךְ גֶעבֶּן אַגְרוֹיסְען שְׁפְּרִינְג אונד אַנֶעק אִיז פִין מַיין לֶעבֶּן, — אִיךְ ווֵייס אַז זֵייא קֶאנֶען נִיט אַרִיבֶּער קְרִיכֶן דִיא הוֹיכֶע מָאוֶוערֶן, אונד דָאךְ פִיהל אִיךְ מִיךְ נִיט זִיכֶער, עֶפֶּעס אָט אָ דִיא שְׁטִילְקֵייט, אָט דֶער דֶערוַוארטֶענְדִיקֶער אוֹיגֶען בְּלִיק אִיז פַאר מִיר שְׁרֶעקְלִיךְ, נֵיין, פָּשׁוּט אִיםֶערְטְרֶעגְלִיךְ ! „ —

אִין אָט דֶעם אוֹיגֶען בְּלִיק הָאט אִין דֶער לוּפְט דֶערלַאנְגְט אַ קְלַאפּ דֶער דִינֶער פִין אַ טוֹיזְנְד טְרָאמְפֶּעטֶערְס, שְׁטַארְק, אונד אַלֶע מָאהל שְׁטַארְקֶער הָאט זִיךְ אָן גֶעהֶערְט דָאס קוֹל, לֶאנְגֶער אונד לֶאנְגֶער הָאט זִיךְ גֶעצוֹיגֶן דִיא תְּקִיעָה. דִיא טְהוּרְמֶס פִין יְרִיחוֹ הָאבֶּן גֶעצִיטֶערְט, אֲפִילוּ דִיא צִיטַאדֶעלֶע, אוֹיף ווֶעלְכֶער דֶער קֶענִיג אִיז גֶעשְׁטַאנֶען הָאט זִיךְ אַשָׁאקֶל גֶעטְהִין אוּנְטֶער זַיינֶע פִיסֶס, מִיט אַגִישְׁרֵייא פִין פַּחַד, הָאט דֶער קֶענִיג בַּאפוֹילֶן זַיינֶע אָפִיצִירֶן, זִיךְ צִיא רַאטָאוֶוען, וָוארְם אַ טְהוּרְם הָאט אָן גִיהוֹיבֶּען צִיא פַאלְלֶן. פְּלִיצִים אִיז ווִיעדֶער שְׁטִילל גֶעוָוארֶן אונד דֶער קֶענִיג שְׁטֶעהְט נָאךְ אִין

סָפֵק וָואס עֶר הָאט צוּא טְהִין · פְּלִיצְם הָאט מֶען הֶער הֶארט דֶעם גֶעגֶערַאלְס קוֹל דוּרְךְ דֶער גַאנְצֶער מַחֲנֶה שְׁרַייעֶנְדִיק ; „ שְׁרַייט שְׁטַארְק בְּנֵי יִשְׂרָאֵל! דָאס שְׁוֶוערְד פוּן גָאטְס שַׂר צְבָא הַאלְט פַאר אַייךְ מִלְחָמָה , דֶערלַאנְגְט אַגֶעשְׁרֵיי מִיט אֵיין קוֹל , וָוארְם גָאט הָאט אַייךְ הַיינְט אִיבֶּערגֶעגֶעבֶּן דִיא שְׁטָאדט מִיט אִיהְרֶע אַיינְוואהְנֶערְס , אִין אַייעֶרֶע הֶאנדט!„ אִין אָט דֶעם אוֹיגֶן בְּלִיק , הָאט דִיא גַאנְצֶע מַחֲנֶה פוּן דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל , אוֹיף גִיהוֹיבֶּען זֵייעֶרֶע קוֹלוֹת , אוּנד הָאבּן אוֹיף אֵיין מָאהל דֶערלַאנְגְט , אַזַא גֶעשְׁרֵיי , אַזוֹי שְׁטַארְק , אוּנד אַזוֹי שְׁרֶעקְלִיךְ , אַז דִיא עֶרְד , אוֹיף וֶועלְכֶער דִיא שְׁטָאדט אִיז גֶעשְׁטַאנֶען , הָאט גֶעגֶעבֶּן אַשְׁטַארְקֶן צִיטֶער , אוּנד דִיא מָאוֶוערֶן זֶענֶען אוֹיף זֵייעֶר אָרְט אַיינְגֶעפַאלֶּן , אִיבֶּערלָאזֶנְדִיק דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאדְט נַאקִיט אוּנד אוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט , מִיט אַלֶּע אִיהְרֶע גַאסְסֶן, שְׁטְרַאסְסֶן ׳ פַּאלַאטְצֶן , טֶעמְפְּלֶען אוּנד וָואהְנְהַייזֶער ׳ נָאר אֵיין קְלֵיין אַכְסַנְיָה׳לֶע אִין דֶער וַואנְט פוּן דֶער שְׁטָאט מָאוֶוער אִיז נִיט אִימְגֶעפַאלְּלֶן .–

„ פָארוֶוערְטְס ! בְּנֵי יִשְׂרָאֵל , גֶעהְט גְלַייךְ אַרַיין/ אוּנד נֶעהְמְט אַיין , דִיא שְׁטָאדְט, הַרְגְט אוֹיס אַלְסְדִינג וָואס עֶס הָאט לֶעבְּן ! “ הָאט יְהוֹשֻׁעַ פָארוֹיסְגֶעהְנְדִיק אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעטְהִין . אוּנד אַזוֹי וִויא זֵיי זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען , אַזוֹי זֶענֶען זֵיי גְלַייךְ אַרַיין גֶעמַארְשִׁירְט, אוּנד יְהוֹשֻׁעַ׳ס בַּאפוֹיל אִיז מִסְתָּמָא פִּינְקְטְלִיךְ גֶעפָֿאלְגְט גֶעוָוארן . דֶעם קֶאנִיג הָאט מֶען גֶעפִינֶען טוֹיט , אוֹיף זַיין אֵייגֶן שְׁוֶוערְד אוֹיף גֶעשְׁטָאכְן.– נָאכְדֶעם , אַז מֶאן הָאט אַלֶּעס זִילְבֶּער, גָאלְד, אוּנד יֶעדְן וֶוערְטְהפָאלְּלֶן גֶעגְנְשְׁטַאנְד, צִיאַזַאמֶענְגֶעזַאמֶלְט פַאר גָאטְס אוֹצָר, הָאט מֶען דִיא שְׁטָאדְט אָן גֶעצִינְדְן, אוּנד אַלֶּעס אִין אִיהר פַארבְּרֶענְט . מֶען הָאט אוֹיךְ נִיט פַארגֶעססן אִין דֶער שְׁבוּעָה צוּא רָחָב׳ן ! – נָאכְן אַיינְפַאלְּלֶן פוּן דִיא מָאוֶוערן, הָאט יְהוֹשֻׁעַ דִיא מְרַגְלִים צִין אִיהר גֶעשִׁיקְט, אוּנד זִיא מִיט אִיהר פַאמִילְיֶע, אוּנד אַלְס דִינְג וָואס זִיא הָאט אֵייגֶענְס גֶעהַאט, הָאט מֶען גֶעבְּרַאכְט מִחוּץ לְמַחֲנֵה יִשְׂרָאֵל . – בִּיז אַהֶער גְרֵייכְן, אַייעֶרֶע מַאיֶעסְטֶאט, מַיינֶע אָפּ שְׁרַייבּוּנְגֶן פוּן דִיא כְּתָבֵי קוֹדֶשׁ אוּנד בַּאזוּנְדֶערְס פוּנֶעם סֵפֶר פוּן כָּלֵב הֶחָכָם. – אָט אַזוֹי אִיז גְשֶׁעהֶן דֶער עֶרְשְׁטֶער עִבְרִיעֶער זִיעג, דָאס אִיז דֶער שְׁטֵייגֶער, וִויא זֵייעֶר גָאט הֶעלְפְט זֵיי, דָארְטְן וִויא עֶס קִימְט זֵיי אוֹיס זֶעהר עֶנְג . וֶוען דִיא מֶענְשְׁלִיכֶע הַאנְד אִיז קוּרְץ , וֶוען זַיין קְרַאפְט אִיז צוּא שְׁוַואךְ , קִימְט זֵייעֶר גָאט אוּנד שְׁטְרֶעקְט אוֹיס זַיינֶע מֶעכְטִיגֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, אוּנד דִיא שׂוֹנְאֵי יִשְׂרָאֵל קְלַייבּן דִיא צֵאהְן! . פַאר זַיין וִוינְק, אֶפְנְט אַ יַם זֵיי דֶעם וֶועג, פַאר זַיין צֵייכְן, דֶערשְׁרֶעקְט זִיךְ אַ יַרְדֵן. אוּנד וֶוען עֶר וִוילל, שְׁמֶעלְצְן פֶעסְטֶע מָאוֶוערן, וִויא וַואקְס, פַאר אַ תְּקִיעָה פוּן שׁוֹפְרוֹת ! פַאר וָואס דִיא עִבְרִים הָאבְּן גֶעמוּזְט אָפְּרִיכְטְן זִיבֶּן טָאג הַקָּפוֹת, אוּנד אוֹיף דֶעם זִיבְּטְן טָאג זִיבֶּן מָאהל ? קָאן אִיךְ אַייעֶרֶע מַאיֶעסְטֶאט נִיט זָאגֶן . נָאר וֶוער קָאן דֶען דֶער גְרִינְדְן דִיא אוּרְזַאכְן פוּן דִיא מַעֲשִׂים, וֶוען מִיר קָאנֶען אֲפִילוּ נִיט פַאר שְׁטֶעהְן וִויא אַזוֹי זֵיי גֶעשֶׁעהְן ? נָאר דָאס אִיז אַ פַאקְט דִיא פֶעסְטֶע מָאוֶוערן, יְרִיחוֹ׳ס שְׁטַארְקֶער בִּטָּחוֹן, אִיז גֶעפַאלְּלֶן, אוּנד דֶער פַארשְׁפֶּעטֶעטֶער אוּנד אוֹיסְגֶעלַאכְטֶער אוֹרֵחַ פוּן דֶער מִדְבָּר, הָאט מִיט דֶער שְׁטָאדט אוּנד דִיא מֶענְשְׁן גֶעטְהִין, וָואס עֶר הָאט גֶעוָואלְט ! –

אַצוּנְד וִויל אִיךְ אָפְּשְׁלִיסְסְן מֵיינֶען צוּא לַאנְגְן בְּרִיוו , אַייעֶרֶע מַאיֶעסְטֶאט , וָואס

הָאט בַּאשְׁרִיעבְּן סְצֶענֶען, וָואס הָאבּן זִיךְ פַּארלָאפְן כִּמְעַט פִינְף הִינְדֶערְט יָאהר צוּרִיק מָארְגְן, בַּאלַייט פִינֶעם עֶסְקָארְט פִינֶעם פְּרִינְצְן יְהוֹנָתָן הוֹיבּ אִיךְ אָן וִוידֶער צִיא מַארְשִׁיערן צוּם הָאף פִין דֶעם קֶאנִיג שָׁאוּל בִּין קִישׁ. — לֶעבְּט וָואהְל

אַייֶער טְרַייֶער אַרְבַּאצֶעס. —

---

# דריטער בריוו

אַרְבַּאצְעס דֶער גֶעזַאנְדטֶער, צוּם קֶאנִיג בֶּעלְלוּם!

רָמָה אִינֶעם לַאנְד פוּן יוּדֶעאַ. —

טְהַייֶערֶער קוּזֶען אוּנד קֶאנִיג. — אִין דֶעם דָאזִיגן בְּרִיוו וֶועללן אַייֶערֶע מַאיֶעסטֶאט גִיוָואהר וֶוערן אַלְסדִינְג, וָואס מִיר הָאט זִיךְ גִיטְרָאפְן אוֹיף מַיינֶער רַייזֶע פוּן יְרִיחוֹ אַהֶער. בִּיז אִיךְ בִּין גִיוָוארן דֶער גַאסְט פִינֶעם זֶעהר בַּארִיהמְטן יוּדִישְׁן זֶעהֶער „שְׁמוּאֵל הָרוֹאֶה.“

דֶער יוּנְגֶער אִיזְרַאעֶלִיטִישֶׁער פְּרִינְץ יְהוֹנָתָן, וָואס אִיז אַבְזִיכְטלִיךְ אָפְּגִישִׁיקְט גִיוָוארן פוּן זַיינֶעם פָאטֶער דֶעם קֶאנִיג שָׁאוּל, מִיךְ צִיא פִיהרן פוּן דֶער פְּרָאווִינְץ צִין אִיהם, אִיז שׁוֹין פַארְטִיג גִיוֶוען מִיט זַיינֶע צְווֵיי הִינְדֶערְט גַארְדִיסְטן, מָארְגְנס גַאנְץ פְּרִיה, נָאכְן טָאג, אִין וֶועלְכן אִיךְ הָאבּ גִישְׁרִיבְּן מַיין לֶעצְטן בְּרִיוו. — דִיא זִין הָאט זִיךְ נָאךְ נִיט אוֹיף גֶעהֶעבְּן, וֶוען זַיינֶע טְרָאמְפֶּעטֶערס הָאבְּן גִיקְלִינְגֶען דוּרךְ דֶעם טְהָאל אוּנד זַייֶערֶע פְרִישֶׁע אוּנד ווִילְדֶע נָאטְן, זֶענֶען צוּרִיק גֶעקִימֶען פוּן דִיא אַרִימְרִינְגלְדִיקֶע בֶּערְג, אִין זִיסֶע מֶעלָאדִישֶׁע עֶכָאס. בַּאלְד בִּין אוֹיךְ אִיךְ גִיזֶעססן אִין זָאטֶל, אַוֶועק רַייטְנְדִיק אִיהם אַקֶעגְן. מַיינֶע לֶעגִיאָן אִיז אוֹיךְ שׁוֹין פַארְטִיג גִיוֶוען אוּנד אוֹיסגִישְׁטֶעלְט פַאר מַיין גִיצֶעלְט, אוּנְטֶער דֶעם בַּאפֵויל פִינֶעם טְרַייֶען נַחֲרִיב, וֶועלכֶער, מִיט זַיינֶע זִילבֶּערְוַוייססן לָאקְן אַרוֹיסקִיקְנְדִיק פוּן אוּנְטֶער דֶעם הֶעלְם, פוּן פָּאלִירְטִין שְׁטָאל אוּנד אַיינְגֶעלֶעגט מִיט גָאלְד, מִיט דֶעם גְלַאנְצְנְדִיקֶען קוּרַאסס, רַייטְנְדִיק אוֹיף אַן עֶדֶעלן שְׁלַאכְט־פֶּערְד, וָואס הָאט גִיבְּלִישְׁטשֶׁעט אִין אַ פַאנְצֶער פוּן פָּאלִירְטן שְׁטָאל־שׁוּפְּן, הָאט עֶר נָאר אַפָּנִים גִיהַאט ווִיא „בֶּעלֶעזֶער“ זֶעלְבְּסְט דֶער גָאט פִינֶעם קְרִיעג! — אוּנְזֶערֶע קַארַאוַואנֶע הָאט זִיךְ שׁוֹין בַּאוֶועגט גֶעוֶועסְטן, וֶוערְנד אִיךְ בִּין נָאךְ אַבִּיסל צוּרִיק גִיבְּלִיבְּן מִיךְ צוּא גֶעזֶעגְנֶען מִיט דִיא זְקֵנִים פוּן יְרִיחוֹ, וָואס ווִינְשְׁן אַססִירִיֶען אוּנד אִיהר קֶאנִיג אַלל דָאס בֶּעסטֶע, אוּנד וָואלְטן זִיךְ זֶעהר גִיפְרֵייט, מִיט אַייֶערֶער מַאיֶעסטֶאט כּוֹרֵת בְּרִית צוּא זַיין אוֹיף אַן אֵייבִּיגֶער פְרַיינְדְשַׁאפְט. אִיךְ הָאבּ מִיט גִיפִיהלְט מִיט זֵיי אוּנד מַסְכִּים גִיוֶוען אוֹיף זַייֶער גִירֶעכְטן ווִינְשׁ, וָוארם זֵיי זֶענֶען אַוַודְאַי וֶוערְטְה אוּנְזֶער פְרַיינְדְשַׁאפְט, אוּנד עֶס אִיז טַאקִי אַסַךְ בֶּעסֶער פַאר אוּנְז צוּא הָאבְּן פַאר פְרַיינְד אַזַא פָאלְק פוּן גִבּוֹרִים, אוּנד וָואס זֶענֶען בַּאגְלִיקְט מִיט אַזַא מֶאכְטִיגן גָאט! וָואס פַאר אַן אוֹיסגִיצֵייכְנְטֶע מְחִיצָה זֵיי זֶענֶען צְווִישְׁן אוּנְז אוּנד צְווִישְׁן דֶער אַמְבִּיצִיאָן פוּן עֶגִיפְּטן. —

בַּאלְד אִיז דֶער פְּרִינְץ אוּנד אִיךְ פַארְטִיג גִיוָוארן צוּם אַוֶועק רַייטן, וֶוען אָט יֶענֶער הוֹיכֶער אוּנד יוּנְגֶער בֶּן חַיִל יוֹאָב אִיז פִין דֶעם טוֹיֶער פִין דֶער שְׁטָאט צִין אוּנְז צִיא

גֶעקִימֶען, גְערֶעזֶעלבֶּע, וָואס הָאט אִין אַיין נַאכְט צוּזַאמֶען גִיזַאמֶלט זִיבּן טוֹיזֶנְד מַאן, אוּנד הָאט זִיךְ מִיר אַקֶעגְן גִישְׁטֶעלט, מִיךְ נִיט צִיא לָאזן אַרִיבֶּער גֶעהן דֶעם יַרְדֵן, וֶוען אִיךְ בִּין פַאר אַ פָּאר וָואכן צוּרִיק אַהֶער אָן גִיקִימֶען.) עֶר אִיז גִיוֶוען צוּא פִּיסֶם, אוּנד בַּאוַואפְנט וִויא דֶענְסְטְמָאהלְט, גְרוֹיס גִיוַואקְסן כִּמְעַט צִיא גְרוֹיס פַּאר זַיינֶע יָאהרְן, זַיינֶע בַּאוַואפְנוּנְג הָאט עֶר גִיטְרָאגן מֶעהר וִויא אַפַּאסְטוּךְ אַלְץ אַ גוּט אַיין גִיאִיבְּטֶער זָאלְדַאט. אָבֶּער אִין זַיינֶע גְרוֹיסֶע פַּייעֶרְדִיקן אוֹיגן הָאט גִיבְּרֶענט אַ נֵר תָּמִיד פוּן מֶאנְלִיכֶער עֶנְט־שְׁלָאסֶענְהַייט אוּנד זֶעלְנְמוּטה, וָואס הָאט אִיהם גִימַאכְט אִין צַייטן פִּין סַכָּנוֹת, צוּם רֹאשׁ אִיבֶּער דִיא פַּאסְטִיהֶער אוּנד דִיא עֶרְד בַּאאַרְבֵּייטֶערְם אַרִים דֶעם יַרְדֵן. — וִויא עֶר אִיז צוּגִיקִימֶען, הָאט עֶר מִיט כָּבוֹד אַזָאג גֶעטְהִין צוּם פְּרִינְצן. „מַיין הֶערר, פְּרִינְץ יְהוֹנָתָן! גִיבּ מִיר רְשׁוּת גֶען חֶבְרוֹן צוּא גֶעהן מִיט דַיינֶע לַייטֶע, אִיךְ וִויל וֶוערן אַזָאלְדַאט אוּנד דִינֶען דֶעם קֶענִיג מִיט מַיין שְׁוֶוערְדט!“ — „דָאס זָאלְלְסטֶע טְהִין, וֶוען סְגְלוּסְט זִיךְ דִיר אַזוֹי שְׁטַארק, גִיטֶער יוֹאָב“ הָאט דֶער פְּרִינְץ אַזָאג גֶעטְהִין מִיט אַ זִיסֶם לֶאכְלֶן, וִויא פִּין אֵיינֶעם, וָואס קֶען אוּנד פַּארְשְׁטֶעהט דֶען וֶוערְטה פִּין אַזַא בְּרִיאָה: „מַיין פָּאטֶער דַארְף טַאקִי נוֹיטִיג הָאבּן אַזֶעלכֶע בְּרַאוֶוע, הֶערצִיגֶע, אוּנד קְרֶאפְּטִיגֶע מֶענְשׁן אַרִים אִיהם, דוּא מֶאגְסְט מִיט אוּנְז מִיט גֶעהן, אוּנד בִּיז דֶער פָּאטֶער וֶועט דִיךְ צוּא זִיךְ נֶעהמֶען, וֶועסטֶע דֶער וַוייל אַרַיין טְרֶעטן אִין מַיינֶער לַייבּ גַארְדֶע. דִיא וֶועסְט נִיט לַאנְג אַרִים גֶעהן בָּטֵל, דִיא פְּלִשְׁתִּים וֶועללן שׁוֹין דִיר בַּאלְד גֶעבּן, וָואס צִיא טְהִין, זַייא דֶער קִיטְשְׁן אוּנְז שׁוֹין וִויעדֶער אִין דֶעם וֶועסְטן!“ — „מִיט גְרוֹיס פַּארגְנִיגְן וֶועל אִיךְ דִינֶען אִין דַיין גַארְדֶע, מַיין הֶערר פְּרִינְץ.“ הָאט דֶער פַּייעֶרִיגֶער יוּנְגֶער מַאן גִיעֶנְטְפֶערט, „וָוארם אִיךְ וֵייס, אַז הָאטְשׁ דִיא בִּיסְט נָאךְ יוּנְג, בִּיסְטֶע אָבֶער גֶענִיט אִין תַּכְסִיסֵי מִלְחָמָה, אוּנד דַיינֶע לֶעגִיאָן אִיז בַּארִיהמְט אַלְס דִיא בֶּעסְטֶע אַיין גִיאִיבְּטֶע אוּנד גִישִׁיקְטֶעסְטֶע בְּנֵי חַיִל פִּין גַאנְץ יִשְׂרָאֵל.“ — „דוּא טְהֵיילְסְט מִיר צִיא, מֵיין בְּרַאוֶוער יוֹאָב צוּא פִיעל כָּבוֹד.“ הָאט זִיךְ מִיט עֲנִוּוֹת דֶער פְּרִינְץ אָן גֶערִיפְן. „נֶעבּן דֶעם פָּאטֶער הָאסְטֶע בַּאדַארְפְט צִיא זַיין זִיךְ צִיא לֶערְנֶען וִויא מַאן בַּאגֶעגְנְט אַ שׂוֹנֵא.“ — „מֵיינְסְט אֶפְשָׁר מַיין פְּרִינְץ אַז דַיין שֵׁם אִיז וֶועניג נָאר בַּאקַאנְט צְוִוישְׁן דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל! מַאן הָאט נָאךְ נִיט אִין גַאנְצן פַארגֶעסְסן, דַיין נִצָּחוֹן אִיבֶּער אַ גַאנְץ חַיִל פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, נָאר דוּא אַלֵיין מִיט דַיין וַואפֶן־טְרֶאגֶער, הָאסְטֶע אַ גַאנְצֶע מַחֲנֶה פַארְיָאגְט!“ — „אַ קְלֵיינִיקַייט, וָואס אִיז נִיט וֶוערְטה צִיא דֶער מָאהנֶען.“ הָאט דֶער פְּרִינְץ לֶאכֶעלְנְדִיק אַזָאג גֶעטְהִין, אוּנד צוּא גִי־לֶעגְט: „דוּא הָאסְט קַיין פֶעְרְד נִיט יוֹאָב!“ נֵיין, מַיין הֶערר פְּרִינְץ, אִיךְ בִּין תָּמִיד גִיוֶוען אַ פִּיסֶס־זָאלְדַאט,“ הָאט יוֹאָב גִיעֶנְטְפֶערְט. — „פִּין הַיינְט אָן זָאלְלְסְטֶע רַייטן יוּנְגֶער מֶענְשׁ.“ הָאבּ אִיךְ אִיהם גִיזָאגְט, אוּנד הָאבּ בַּאפוֹילן צִיא בְּרֶענְגֶען אֵיינֶעם פִּין דִיא אוּמְ־בַּאנִיצְטֶע פֶערְד, וָואס עֶר הָאט גִימוּזְט פִין מִיר מְקַבֵּל זַיין, אוּנד זִיךְ אוֹיף אִיהן אַרוֹיף זֶעצְנְדִיק הָאט עֶר גִירִיטן נֶעבּן אוּנְז. — דִיא יוּדְן הָאבּן נִישְׁט קֵיין פִיעל פֶערְד, זֵייעֶרֶע אַרְמֶעעֶן בַּאשְׁטֶעהן עַל פִּי רוֹב פִין פִּיס־זָאלְדַאטן, אוּנד אֲפִילוּ זֵייעֶרֶע עֶלְצְטֶע פֶעכְטֶן צִיא פִיכֶס, נָאר אֵיינִיגֶע פִין דֶער קֶאנִיגְלִיכֶער גַארְדֶע, דֶער שַׂר הַצָּבָא אוּנד אֵיינִיגֶע שָׂרֵי־אֶלֶף

רַייטן. דֶער קָאנִיג הָאט אויך אַ בַּאטַאלְלִיָאן פִין רַייט וָואגן. פַאר דֶער הִיעזִיגֶער גֶעגֶענְד אָבֶּער, וָואס אִיז פִּיעל פִין בֶּערג אונד טְהָאלֶן, אִיז טַאקִי אַן אִינפַאנְטֶערִיע (פִּיסס זָאל־דַאטֶען) אַסַךְ מֶעהר נִיצְלַאךְ. מֶען קָאן זַיי בַּאוֶועגֶען מִיט וֶועניגֶער טִירְחָא, פִין אֵיין פּוּנְקְט אוֹיף דֶעם אַנדֶערן. אויך אִין אַ מִלְחָמָה קָאן מֶען מִיט זַיי לַייכטֶער מַאנֶאווְרִירן. — בַּאיי אוּנְז, וָואס מִיר זֶעגֶען אַ נַאצִיאָן פִין רַייטֶער וָואלְלְט עֶס גָאר אַ חַרְפָּה גִיוֶוען פַאר אַן אָפִיצִיר צִיא פִּיס צוּא גֶעהֶן, וֶועהרֶנד דָאה הָאבֶן דִיא גְרֶאסְטֶע בַּאפוֹילְסְהַאבֶּער, גֶעפִיהְרְט אַ מַתָּנָה דַוְקָא צִיא פִּיסס. פִין דֶעסְטְוֶועגֶן קִימֶען דִיא פֶערְד דָאה אויך שׁוֹין אִין דֶער מָאדֶע, אונד וִויא אִיךְ הֶאר, וִוילל דֶער קָאנִיג אָרְגַאנִיזִירֶן אַ לֶעגִיאָן פִין זֶעקְס טוֹיזֶנד רַייטֶער. —

אַזוֹי וִויא מִיר הָאבֶן גִיקְרֵייצְט דֶעם שֶׁאנֶען פְּרוּכְטבַּארֶן פְּלֵיין צִיא דִיא בֶּערְג צִיא, הָאבּ אִיךְ מִיךְ אַ קֶעהר גֶעטְהָאן צוּרִיק, וַוארְפֶנְדִיק נָאךְ אַ לֶעצְטֶן בְּלִיק, אויף דֶעם עַרְבוֹת יְרִיחוֹ מִיט דֶער שֶׁאנֶען כְּעֶנֶערִיֶע אַרִים אונד אַרִים. דִיא שְׁטְרַאהלֶן פִין דֶער זִין הָאבֶן נָאר וָואס בַּאלַייכטֶעט דִיא שְׁפִּיצֶן פוּן יְרִיחוֹ'ס הֶאכְסְטֶן טְהִירְמְלַאךְ, דֶער יַרְדֵּן לוֹיפְט זִיךְ זַיין טוֹיזְנְד יֶאהרִיגֶן וֶועג, גַאנְץ פְרִידְלִיךְ, ווייט אַוֶועק צְווִישֶׁן גֶארְטֶנֶער אונד ווַיינְבֶּערְגֶן. אונד אִיבֶּער דִיא טִינְקֶעלֶע בֶּערְג פוּן נְבוֹ, מִיט זַייעֶר הֶאכְסְטֶן שְׁפִּיץ פוּן דֶעם פִסְגָה, וִויא משֶׁה דֶער אִישׁ הָאֱלקִים אִיז גִישְׁטָארְבֶּן, הָאבֶן גִישְׁוֶועבְּט פּוּרְפּוּרְנֶע וָואלְקְנֶס, בַּאשַׁיינְט, אונד פַארְגִילְט פוּן דֶער מָארְגֶן־זִין הָאבֶן זַיי גִיפְלַאמְט וִויא אַגְרוֹיסַארְטִיגֶעס פַייֶער. — וִויא אַנגֶענֶעהם אונד עֶרְקְווִיקְלַאךְ אִין גִיווען צוּא קִיקֶן אונד צוּא בַּאטְרַאכְטֶן דִיא סְטֶעגֶע! — דֶער גַאנְצֶער טְהָאל אִיז גֶעוֶועזֶן בַּאדֶעקְט מִיט תְּבוּאוֹת, וִויא אַ סְמַאראַגְדֶענֶער יַם, וֶועהרֶנד צְווִישֶׁן גְרוּפֶּן פוּן טֵייטֶל בּוֹימֶער, פֵייגֶן, אונד מִיל־גְרוֹים בּוֹימֶער הָאט מֶען אַרוֹים גִיזֶעהֶן דִיא קְלָאר ווַייסֶע וֶואנְדְט, פוּן פְרַאכְט פָאללֶע ווִילְלַאס, אונד צִיכְטִיגֶע הַייזְלַאךְ, פוּן דִיא פְרִידְלִיכֶע אַיינְוָואהנֶער פוּנֶעם גִיבֶּענְשְׁטֶן טְהָאל. אֲפִילוּ דִיא זַייטֶן פוּן דִיא בֶּערג, אונד דִיא הוֹיכֶן פֶּעלְזֶענס זֶענֶען גִיוֶוען גְרִין פוּן גְּפָנִים אונד הֶאנגֶענְדִיקֶע גֶארְטֶנֶער יֶעדֶער שְׁטִיקֶעל עֶרד אִיז קוּלְטִיווִירְט אונד אִיבֶּערְפְלוֹסס, אונד פְרִיעדֶן, בִּטָּחוֹן, אונד גְלִיקְלִיכְקֵייט, הָאבֶן, אַ פָּנִים, זִיךְ אוֹיסגֶעקְלִיבֶן דֶעם אָרְט פַאר אַ וָואהנוּנג. !—

„וִויא בַּאצוֹיבֶּערְנְדִיק אִיז דִיא אוֹיסזִיכְט!" הָאבּ אִיךְ אַזאָג גֶעטְהָאן צוּם פְרִינְצֶן, וָואס הָאט בַּאטְרַאכְט מַיינֶע בַּאווּנְדֶערוּנְג מִיט נַאטִירְלִיכֶן שְׁטָאלץ אונד טִיעפֶן פַארגְנִיגֶן. — „יָאה, מַיין הֶער," הָאט עֶר גִיעֶנְטְפֶערְט, „דֶער גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע פֶּאטֶער הָאט אוּנְז גִיגֶעבֶּן אַ שֶׁאן לַאנד פַאר אַ נַחֲלָה, אִיהר וֶועט גֶעפִינֶען אַסַךְ אַזֶעלְכֶע לִיעבְלִיכֶע סְצֶענֶען אוֹיף אַייעֶרֶער דוּרְךְ רַייזֶע." — זַיינֶע וֶוארְטֶער הָאבֶן מִיךְ דֶערְמָאהנְט אִין דֶעם ווינדֶער־לִיכֶן אִיבֶּערְגַאנְג פוּן דִיא עִבְרִים אִיבֶּערֶן יַרְדֵּן, דֶעם פַאלל פוּן יְרִיחוֹס מָאוֶוערן, אונד אִיךְ הָאבּ מִיר עֶרלוֹיבְּט דַארִיבֶּער צוּא מַאכֶן אַיינִיגֶע בַּאמֶערְקוּנגֶען, וָואס הָאבֶן אוֹיסגִידְרִיקְט מַיינֶע זֶעהר גְרוֹיסֶע בַּאווּנְדֶערוּנְג פוּן דֶער אַלְלְמַאכְטִיגְקֵייט אונד פוּן דֶער אַלְלְגִיטִסְקֵייט פוּן זַייעֶר גָאט, דָאס, הָאט אַ פָּנִים אִיהן זֶעהר שְׁטַארְק גִיפְרֵייט! — „דָאס יְרִיחוֹ, וָואס אִיהר זֶעהט אַצִינְד." הָאט זִיךְ דֶער פְרִינְץ מִיט טְהֵיילְנְדִיק, צוּא מִיר אָן גֶערִיפֶן: אִיז נִיט מֶעהר דָאס אַמָאהלְדִיגֶע, וָואס אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶן פָאלְלְשְׁטֶאנְדִיק צוּשְׁטֶערְט אונד

פַארבְּרֶענְט, אָט אָ דִיא שְׁטָאדְט אִיז אֲפִילוּ נִיט אוֹיף דֶעם אֵייגֶענֶעם אָרְט, וִויא דִיא אַמָאהְ-
לֶעדִיקֶע אִיז גִישְׁטַאנֶען.״ – ,,אִיךְ הָאבּ גִילֵייעֶנְט אִין אַייעֶרֶע כְּתֻבֵי קוֹדֶש״ הָאבּ אִיךְ גֶעְ-
עֶנְטְפֶערְט, ,,דִיא מַעֲשֶׂה פִינֶעם אַיינֶעהמֶען אוּנד צֶערְשְׁטֶערֶן פוּן יְרִיחוֹ. אוֹיךְ דִיא דִבְרֵי
הַיָמִים פוּן דֶעם גִיטֶן כָּלֵב׳ן הָאבּ אִיךְ מִיט גְרוֹיס אִינְטֶערֶעסֶע גִילֵייעֶנְט.״ – ,,אַ פָּנִים
אַז אִיהר אִינְטֶערֶעסִירְט זִיךְ צוּא וִויסְן עֶפֶּעס פוּן אוּנזֶער גִישִׁיכְטֶע, מַיין הֶערר פְּרִינְץ?
הָאט עֶר בַּאמֶערְקְט. – ,,אִיךְ פִיהל אַן אוּנֶענְדלִיכֶעם אִינְטֶערֶעסֶע, אִיךְ הָאבּ בַּאיי מִיר
אֲפִילוּ קָאפִּיעֶן פוּן אַייעֶרֶע כְּתֻבֵי קוֹדֶש, אוּנד פְּרִיוַואט מְגִילוֹת, וָואס אִיךְ וֶועלל מִיט גְרוֹיס
אוֹיפמֶערְקזַאמְקֵייט דוּרְךְ לֵייעֶנֶען. נָאר אֵיינְס אִיז מִיר קָשֶׁה אִין אַייעֶרֶער גִישִׁיכְטֶע. ,,וִויא
קִימְט עֶס״ הָאבּ אִיךְ אַפְּרֶעג גֶעטְהִין,״ אַז זַייט יְהוֹשׁוּעַן, וָואס הָאט כִּמְעַט בַּאצְוִוינְגֶען דָאס
גַאנְצֶע לַאנְד, הָאט אַייעֶרֶע נַאצִיאָן נִיט גִיהַאט אַן אַנְדֶערן גְרוֹיסְן גִבּוֹר חַיִל? מֶען הָאט
מִיר דֶערְצֶעהלְט אַז אַייעֶר קֶענִיגְלִיכֶער פָאמֶערְפָּאִיז דֶער עֶרְשְׁטֶער קֶענִיג אִין יִשְׂרָאֵל, אוּנד
נָאךְ מַיין הֶשְׁבּוֹן דַארְף שׁוֹין זַיין אַ גִיטֶע פִיעֶר הוּנְדֶערְט יָאהר זַייט יְהוֹשֻׁעַ׳ס טוֹיט?״ –
אִין דֶעם אוֹיגְן בְּלִיק זֶענֶען מִיר אַרַיין גִיטְרֶעטְן אִין אַ בֶּערְג-פַּאס, אוּנד יְרִיחוֹ מִיט אִיהר
גַאנְצְן לִיעֶבְלִיכְן טְהָאל זֶענֶען פֶערְשְׁוִוינְדְן, אוּנד דֶער יַרְדֵן אִיז אוֹיךְ נִיט מֶעהר גִיוֶוען צוּא
זֶעהְן. דֶעם קֶענִיגְס יוּדִישֶׁע גַארְדֶע, מִיט צְווֵיי הִינְדֶערְט פוּן מַיינֶע לַייט הָאבְּן גִיפִיהרְט דֶעם
וֶועג, דִיא קַארַאוַואנֶע אִיז גִיגַאנְגֶען אִין צֶענְטְרוּם אוּנד דֶער גְרֶעסְטֶער טְהֵייל פוּן מַיינֶער
לֶעגִיאָן, אִיז גֶעקִימֶען גָאהר צוּא לֶעצְט, אוּנד אוֹיף דֶעם אוֹפֶן הָאבְּן מִיר צַייט גִיהַאט גָאר
רוּהִיג צוּא שְׁמִיעֶסְן. נָאר יוֹאָב אוּנד מַיין וַואפֶן-טְרֶאגֶער, זֶענֶען גִיוֶוען דִיא אֵיינְצִיגֶע צוּ-
הֶערֶערְס פוּן אוּנזֶערֶע גֶעשְׁפְּרֶאכֶע. דֶער פְּרִינְץ הָאט נָאר וָואס גִיוָואלְט מִיר עֶנְפֶערן
אוֹיף מַיין שַׁאֲלָה, וֶוען אִין דֶעם אוֹיגְן בְּלִיק אִיז זֶעהר אַ רַייךְ גִיקְלֵיידֶעטֶער עִבְרִי, רַייטְנ-
דִיק אוֹיף זֶעהר אַ שֵׁיינֶעם מוֹיל-עֶזֶל מִיט אַ בַּאלֵייטוּנְג פוּן אַ זִיבְּן אָדֶער אַכְט, נִיכְט יוּדִישׁ
אוֹיסזֶעהֶנְדִיקֶע מְשָׁרְתִים, צִין אוּנְז צוּגִירִיטְן, אוּנד הָאט גִיבֶּעטְן רְשׁוּת מֶען זָאל אִיהם עֶר-
לוֹיבְּן זִיךְ צוּא גֶעזֶעלְלְן צִין אוּנזֶער קָאמְפַּאנִיֶע, אַזוֹי וִויא עֶר דַארְף אוֹיךְ הָאבְּן גֶען
חֶבְרוֹן. דָאס הָאט מֶען אִיהם מִן הַסְתָּם עֶרְלוֹיבְּט, אוּנד דֶער פְּרִינְץ הָאט אִיהן מַאקִי מִינֵיה
וּבֵיה מִיר פָארְגִישְׁטֶעלְט אַלְס אֵיינֶעם פוּן דִיא בֶּעסְטֶן אַרְכִיטֶעקְטֶן אִים יוּדִישֶׁן רַייךְ וֶועלכֶער
גֶעדִיט בַּאהִילְפְלִיךְ צוּא זַיין דֶעם קֶענִיג אַ פְּלַאן צוּא מַאכְן צִין אַ נַייעֶם פַּאלַאץ. – ,,צוּא
וֶועלְכֶער נַאצִיאָן גִיהֶערן דִיעֶזֶע שְׁקלַאוון?״ הָאבּ אִיךְ דֶען פְּרִינְצְן אַפְּרֶעג גֶעטְהִין, וָוארְם
מִיךְ הָאט פְּרַאפִּירְט, דָאס טִינְקֶעלֶע פָּנִים, דִיא גְלַאנְצֶענְדִיקֶע שְׁוַוארְצֶע אוֹיגְן אוּנ דִיא קְלֵיינ-
קַייט פוּן זֵייעֶרֶע גוּפִים. – ,,אָט דִיא טִינְקֶל-בְּרָאוּנֶע נְפָשׁוֹת זֶענֶען דִיא נַאכְקָאמֶען פוּן
אַלְטֶע אַיינְוָואהנֶער פוּן אָט דֶעם לַאנְד.״ – אִיךְ הָאבּ גִימֵיינְט אַז מֶען הָאט אַלֶע אַיינ-
וָואהנֶער פַארְטִילִיגְט״ הָאבּ אִיךְ גִיעֶנְטְפֶערְט, בַּאטְרַאכְטְנדִיק דִיא שְׁוַוארְצַלַאכֶע חֶבְרָה וָואס
דִיא עָרְמָה אוּנד בַּאטְרוּג שְׁפִּיגְלְט זִיךְ אָפּ אִין דִיא גִישְׁוִוינד שְׁפִּיעֶלְנְדִיקֶע אוֹיגֶעלַאךְ, אוּנד
וָואס הָאבְּן עֶפֶּעס אַ פָּנִים פוּן אַזֶעלְכֶע וָואס מֶען מוּז זֵיי חוֹשֵׁד זַיין אוֹיף יֶעדְן שְׁרִיט, אוּנד
מֶען מוּז זֵיי הַאלְטְן אִין דֶער מוֹרָא, וֶוען מֶען ווילל אַז זֵיי זָאלְלְן טְהִין וָואס מֶען בַּאדַארְף.–
,,זֵיי זֶענֶען אַ מֶערְקְווירְדִיגֶע אוֹיסנַאהמֶע״ הָאט דֶער פְּרִינְץ גִיעֶנְטְפֶערְט. ,,וֶוען יְהוֹשֻׁעַ

איז געקוּמֶען אין דֶעם לַאנד אונד דיא יְדִיעָה הָאט זיך וַוייט אונד בְּרֵייט, שְׁטַארק פַאר־שְׁפְּרֵייט, פון דיא ווינְדֶערליכֶע מַעֲשׂוֹת וָואס הָאבּן זיך גיטְרָאפֶען דֶעם עִבְרִישֶׁען פָאלְק. דֶער נֵס פִינֶעם יַרְדֵן, דאס איינֶעהמֶען פון יְרִיחוֹ, אונד בּאַזוּנְדֶערְס נָאר, אַז גָאט הָאט זֵיי בּאפוילן אויס צוּא הַארְגֶענֶען אַלֶע איינוואהנער, הָאבּן זיך דיא מֵיינְסְטֶן פֶאלְקֶער בּאשלָאסְסֶן אויף צוּגֶעהמֶען מִיט דיא עִבְרִים דֶעם אִימְגלַייכֶן קַאמְפף אונד הָאבּן זיך אַ־שְׁטֶעלל גֶעטָהִין אַקֶעגֶן דֶער גָאטְלִיכֶן מַאכְט. אונד וָואס איז דָאס פַאר אַ חִידוּשׁ? עֶס איז שְׁוֶוער, זֶעהר שְׁוֶוער פַאר אַ מֶענְשֶׁען זיך אָפּ צוּא זָאגֶן פון אַ כֹּחַ וָואס עֶר הַאלְט אִין דֶער הַאנְד, הָאט דָאךְ דֶער הַארְט הַארְצִיגֶער פַּרְעֹה, גִימוּזְט עֶרְשְׁט צֶעהן ווינְדֶער זֶעהן, עֶהֶדער עֶר הָאט נָאךְ גִיגֶעבֶּן, דיא עִבְרִים אַרוֹיס צוּא לָאזֶן פון מִצְרַיִם, אונד טַאקִי בַּאלְד נָאךְ דֶעם הָאט עֶר שׁוֹין חֲרָטָה גִיהַאט, אונד הָאט זיך נָאךְ גֶעיָאגְט צוּא זַיינֶעם אֵייגֶענֶעם שְׁלַא־מַזָל, צוּא עֶרהַאלְטֶן יֶענֶעם שְׂכַר, וָואס אַלֶע אוּמְגְלוֹיבִּיגֶע קְוֶועלְלֶער פון גָאטֶס פָאלְק, גִיוואֶהנְלִיךְ בַּאקוּמֶען פִינֶעם אויבֶּערְשְׁטִינְס הַאנְד; פַארְדֶערְבֶּן! — אִבְּכְלַל צְווִישֶׁען יֶענֶע עֲזוּתְדִיקֶע אוּמוֹת הָאט זיך גִיפִינֶען אַ קְלֵיינְטְשִׁיק פֶאלְקֶעלֶע, וָואס הָאט נָאר גֶע־וואהְנְט אַ פָּאר טָאג רַייזֶע פון יְרִיחוֹ, אָ דָאס פֶאלְקְל הָאט זיך אויסגִיקוּיפְט פון יֶענֶעם אִימְגְלִיק, וָואס הָאט בַּאדַארְפְט טְרֶעפֶן דיא זִיבֶּן פֶאלְקֶער כְּנַעַנ׳ס, דאס זֶענֶען גִיוֶוען דיא גִבְעוֹנִים, וָואס דורךְ אַן עָרְמָה׳לֶע הָאט עֶס זֵייא גִיגְלִיקְט אוֹיס צִיא נַארְן פון יְהוֹשֻׁעַן אַשְׁבוּעָה, אַז דיא גִבְעוֹנִים זָאלְלֶן לֶעבֶּן בְּלַייבֶּן. — זֵייא הָאבּן אויסגִיקְלִיבֶּן עֶטְלִיכֶע פון זֵייעֶרֶע לַייט, הָאבּן זֵיי בַּאקְלֵיידֶעט מִיט אַלְטֶע שְׁמַאטֶעס, מִיט פִיעל לַאטֶער, אונד נִיט מִיט וֶוענִיג לַאטֶעס, אויף דיא פִיסס אַלְטֶע שְׁקְרַאבֶּעס, צֶערִיסֶענֶע אַלְטֶע פַארְשִׁימְלְטֶע פַאפִּיצֶעס, אונד הָאבּן זֵייא מִיט גִיגֶעבּן אַלְטֶע לָאגְלֶען, אָפּגִיבַּארְוֶועטֶע קַאמֶעלהָארֶענֶע טָארְבֶּעס, אונד אַזוֹי קוּמֶענְדִיק פַאר יְהוֹשֻׁעַן הָאט עֶר אִין אַן אֱמֶת גִימֵיינְט אַז זֵיי קוּמֶען אָן פון מֵרְחַקִים, וַוייט אִיבֶּער יֶענֶע גְרֶענֶעץ פון כְּנַעַן, ווִיא זֵיי הָאבּן אִיהם פַארְזִיכֶערְט.— שׁוֹין טַאקִי בַּאלְד נָאךְ דֶער שְׁבוּעָה הָאט יְהוֹשֻׁעַ זיך דֶערְוויסְט, אַז זֵיי זֶענֶען נָאר שְׁכֵנִים אונד אִים כְּלָל פִין דיא שִׁבְעָה אוּמוֹת, אונד שְׁטֶעהֶן אוּנְטֶער דֶעם „לֹא תְחַיֶּה“ עֶר הָאט אָבֶּער גִישְׁוָוארְן, אויךְ דיא נְשִׂיאִים פִינֶעם פָאלְק הָאבּן גִישְׁוָוארְן, אונד דיא זְקֵנִים הָאבּן אויךְ דֶער צוּא מַסְכִּים גִיוֶועזֶן, עַל כֵּן מוּז דיא שְׁבוּעָה הֵיילִיג בְּלַייבֶּן · אֲפִילוּ אַן אֵיינְפַאךְ וָוארט וָואלְלְט מֶען בַּאדַארְפְט הַאלְטֶן, וּבִפְרַט אַ שְׁבוּעָה.— דיא גִבְעוֹנִים הָאבּן אָבֶּער יְהוֹשֻׁעַן אונד דיא זְקֵנִים אָפּגִינַארְט! — הָאבּן דיא זְקֵנִים מִיט יְהוֹשֻׁעַן זיך נִיט גִיזָאלְט לָאזֶן אָפּנַארְן, וּבִפְרַט אַ שְׁבוּעָה גֶעבֶּן. פַאר וָואס הָאבּן זֵייא דיא גָאטְהֵייט נִיט גֶע־פְרֶעגְט? — אֶפְשָׁר הָאבּן זֵייא גִידַאכְט, אַז שָׁלוֹם אונד מֶענְשֶׁען לֶעבֶּן, אִיז אַזוֹי גְרוֹיס אַזוֹי טֵהַייעֶר, אַז עֶס צוּא טֵהִין בְּרוֹיכְט מֶען נִיט עֶרְשְׁט גָאט צוּא פְרֶעגֶן. קוּרץ, מַאן הָאט זיך גִיעֶצָהט אַהִין אונד אַהֶער, אַזוֹי לַאנְג אַזוֹי בְּרֵייט, בִּיז מֶען אִיז צוּא דֶעם דָאזִיגֶען עֶנְטְשְׁלוּס גִיקוּמֶען: „מֵהַיּוֹם וָהָלְאָה, זָאללֶן דיא גִבְעוֹנִים טַאקִי לֶעבֶּן בְּלַייבֶּן, מִכֹּחַ, דֶער שְׁבוּעָה, נָאר נִיט אַנְדֶערְס לֶעבֶּן אַלְס שְׁקְלַאוֶון, מִכֹּחַ, זֵייעֶר בַּאטְרוּג. אַצוּנְד הָאט מֶען יוֹצֵא גִיוֶועזֶן אַקֶעגֶן דֶער שְׁבוּעָה וָוארְם זֵיי לֶעבֶּן אונד אויךְ אַקֶעגֶן גָאטֶס גִיבָּאט „לֹא תְחַיֶּה“ וָוארם

אַ לֶעבּן אָהנֶע פְרַייהַייט אִיז אַ טויט. אונד שׁוין צַייט פִיער הִינדֶערט יָאהר זֶענֶען זַייא נָאךְ אַלְץ אונזֶערֶע דָאלְץ הָאֶקֶער אונד וַואסֶער-טְרֶאגֶער אונד לֶעבּן צְווִישׁן אונז גָאר אַלְס שְׁקְלַאוֶון" — אַזוֹי וַוייטֶער רַייטְנְדִיק, הָאבּ אִיךְ גֶעזִיכְט נָאךְ מֶעהר אִינְפָארְמַאצִיאָן, פוּן דֶעם הויךְ אִינְטֶעללִיגֶענְטֶן פְּרִינְצֶן, אִיבֶּער דֶער פַארגַאנְגֶענהַייט פוּן זַיין פָאלְק, הָאט עֶר זִיךְ צוּא מִיר אַזוֹי אָן גֶערִיפֶן. — „אִיהר ווִילְט ווִיסְן וויא אַזוֹי מִיר זֶענֶען רֶעגִירט גֶע-וָוארְן נָאךְ יְהוֹשֻׁעַ׳ס צַייטֶן, זָאלְלְט אִיהר ווִיסְן; אַז עֶרְשְׁטְנְס, הָאט יְהוֹשֻׁעַ אִיבֶּער גֶע-גֶעבּן זַיינֶע אַווטָארִיטֶעט אַ סֶענַאט פוּן זִיבּצִיג זְקֵנִים · זֵיי הָאבּן רֶעגִירְט עֶפֶּעס אַפִּיפְצִיג יָאהר, דָאס פָאלְק אָבֶער אִיז אִימְצוּפְרִידֶן גִיוֶוען מִיט זֵייעֶר פְרִיעֶדלִיכֶע רֶעגִירוּנְג, הָאט עֶס זִיךְ אויסגִיקְלִיבּן אַ מֶענְשְׁן, מִיט אַן אַבְּסוּלוּטֶן רֶעכְט, זֵיי צוּא רֶעגִירֶן אונד צוּא מִשְׁפָּטְן. אָט אַזַא שׁוֹפֵט, הָאט גִיהַאט אַ כֹּחַ פוּן אַ קֶאנִיג צוּא טְהִין וָואס עֶר הָאט נָאר גִיוָואלְט, דָאס פָאלְק הָאט אִיהם גִיפָאלְגט אָהן טַעֲנוֹת. נִיט נָאר אויף דֶעם כִּסֵא מִשְׁפָּט אִיז אַזַא שׁוֹפֵט גְרוֹיס גִיוֶוען, אֲפִילוּ אויךְ אִין דֶער מִלְחָמָה אִיז עֶר גִיוֶוען דֶער עֶרְשְׁטֶער, אונד דֶער עֶלְצְטֶער אִים בַּאפוּיל. — בַּאיים אויסקְלוּיבּן פִין אַ שׁוֹפֵט, הָאט דָאס פָאלְק נָאר גֶעוֶואגְן דִיא גְרוֹיסְקַייט פוּן דֶעם וֶוערְטְה פוּן אַמֶענְשְׁן, אונד וֶוען דֶער מֶענְשׁ הָאט זִיךְ גִיטְרָאפֶן אֲפִילוּ אַ נְקֵבָה צוּא זַיין. אִין דֶער שׁוּרָה פוּן אונזֶערֶע שׁוֹפְטִים גִיפִינְט זִיךְ אַ גֶעווִיסֶע פְרוֹי „דְבוֹרָה" אַ נְבִיאָה אַ פָאעֶט, אונד אונשְׁטֶערְבְּלִיךְ אִיז דְבוֹרָה׳ס נָאמֶען בַּאיי אונז! זַייט עָתְנִיאֵל בֶּן קְנַז אִיז אונזֶער גְלִיק אונטֶער דִיא שׁוֹפְטִים, גִיוֶוען פַארשַׁיעֶדֶן. אָפט אִיז אונז נִיט אַזוֹי גִיגַאנגֶען אִים בֶּעסְטֶן נִיט וויא מִיר הָאבּן עֶס זִיךְ גֶעווִינְשְׁט. — צְווֶאלף שׁוֹפְטִים הָאבּן אִיבֶּער אונז רֶעגִירְט, דֶער לֶעצְטֶער, אונד אֶפְשֶׁר אויךְ דֶער גְרֶאסְטֶער אונד אַוַודַאי דֶער בֶּעסְטֶער אִיז דֶער נָבִיא שְׁמוּאֵל, עֶר לֶעבְּט אַצִינד נָאךְ אִין רָמָה, אַן אַלְטֶער „זֶעהֶער" אונד קְנֶעכְט פוּן אונזֶער גָאט!" — „זַייט אַזוֹי גוּט עֶדֶעלֶער פְּרִינְץ" הָאבּ אִיךְ אִיהן גֶע-בֶּעטֶן, „אונד עֶרְקְלֶערְט מִיר, וויא סְאִיז מֶאגְלִיךְ אַז אַ שׁוֹפֵט אִין יִשְׂרָאֵל מִיט אַזַא אַבְּסוּלוּטֶער קְרַאפְט זָאלל קֶאנֶען עֶקְזִיסְטִירֶן אִין אֵיין צַייט מִיט אַ מֶלֶךְ?" —

„שְׁמוּאֵל הָרוֹאֶה, הָאט טַאקִי אַלְץ נָאךְ רֶעגִירט אונזֶערֶע נַאצִיָאן מִיט קֶאנִיגְלִיכֶער אַווטָארִיטֶעט, הָאט זִיךְ דֶער פְּרִינְץ פְרַיינדלִיךְ אָן גֶערִיפֶן „אַלְס אַ נָבִיא אִיז זַיין אַיינְפְלוּס אִיבֶּערן פָאלְק אונבַּאשְׁטְרִיטֶן גֶעוֶוען, זַיינֶע גְרוֹיסֶע טַאלֶענְטֶע, זַיין צִדְקוֹת, זַיין חָכְמָה, זַיינֶע פְרִימְקַייט אונד זַיינֶע עֶנֶערְגִיע אַזוֹי גוּט וויא זַיין גְרוֹיסֶע עֶרפַאהְרֶנְקַייט אִין עִנְיָנֵי מְלוּכָה, הָאבּן גֶעווִינֶען בַּאיים פָאלְק פַאר אִיהם, דָאס אוּמְבַּאגְרֶענֶעצְטֶע פַארטְרָאוֶוען. עֶנְדְלִיךְ אִיז עֶר אָבֶּער אַלְט גֶעוָוארן, הָאט עֶר אִיבֶּער גֶעגֶעבּן זַיין כֹּחַ צִיא זַיינֶע צְוֵויי זִין. זֵיי אָבֶּער הָאט גֶעפֶעהְלְט אַסַךְ פִין יֶענֶע, טַהייעֶרֶע אֵייגֶענְשַׁאפְטֶן, פִין זֵייעֶר גְרוֹיסְן פַאטֶער, אִיז דָאס פָאלְק מִיט זֵיי שְׁטַארְק אוּמְצִיפְרִידֶן גֶעוֶוען, אונד אַ חוּץ דֶעם, אִיז עֶס גְרָאד גֶעוֶוען אַזַא צַייט, וָואס מֶען הָאט נָאךְ מֶעהר בַּאדַארְפְט וויא אַן אַנְדֶערְס מָאהל, עֶפֶּעס אַ רֶעכְטֶן מֶענְשְׁן בְּרֹאשׁ פִינֶעם פָאלְק, וָוארְם דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבּן אונז שְׁטַארְק צִיא גֶעטְרֶעטֶן. — אִיז דָאס פָאלְק גֶעקִימֶען צִים נָבִיא אונד הָאבּן פַארלַאנְגְט אַז עֶר זָאלל זֵייגֶעבּן אַ קֶאנִיג. צוּעֶרְשְׁט הָאט אֲפִילוּ דֶער נָבִיא נִיט גֶעווָאלְט הֶארן אויף דֶעם אַלְיַארְם

פִֿינֶעם פָאלְק, גָאט אָבֶער הָאט אִיהם גֶעהֵייסְסֶן מְמַלֵא זַיין זֵייעֶר ווִילְלֶן. אוּנד מֵיינֶען פַאטֶער הָאט עֶר גֶעזַאלְבְּט פַאר זֵייעֶר קֶאנִיג. דֶענְסְטְמָאהְלְט הָאט נָאךְ מַיין פַאטֶער גֶעוָואהנְט צְווִישֶׁן דִיא בֶּערְג אוּנד הָאט נָאךְ נִיט פַארְשְׁמַאגֶען דִיא גְרוֹיסְקֵייט פִֿינֶעם כָּבוֹד, נָאר שְׁפֶּעטֶער אַז דֶער נָבִיא הָאט אִיהם אַנִידֶער גֶעשְׁטֶעלְט פַארְן פָאלְק, אוּנד דָאס פָאלְק דֶערזֶעהֶנְדִיק זַיינֶע שֶׁאנֶע אוּנד הוֹיכֶע גֶעשְׁטַאלְט (וָוארְם אִין גַאנְץ יִשְׂרָאֵל אִיז קֵיינֶער נִיט הֶאבֶער גֶעוֶוען פִֿין זַיינֶע אַקְסְלֶען,) אוּנד זַיינֶע קוּרַאשֶׁזֶע אִיז שׁוֹין לַאנְג גֶעוֶוען בַּאקָאנְט פִֿין פַארְשִׁיעדֶענֶע קְלֵיינֶע מִלְחָמָה'לַאךְ הָאט דָאס פָאלְק מִיט אֵיין מוֹיל אַגִישְׁרֵייא גֶעטְהִין „יְחִי הַמֶּלֶךְ”! — אַבִיסֶל שְׁפֶּעטֶער הָאט דֶער קֶאנִיג פִֿין עַמּוֹן, פִֿין יֶענֶער זַייט יַרְדֵן, בַּאפַאלְלֶן אוּנְזֶער לַאנְד, הָאט דֶער נַייעֶר קֶאנִיג, מַיין פַאטֶער אִין דֶער גִיךְ פַארְזַאמֶלְט בְּנֵי חַיִל, אוּנד הָאט דֶעם פַיינְד גֶעשְׁלָאגֶן אוּנד הָאט אִיהם אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע מַפָּלָה בַּאיינגֶעבְּרַאכְט, עֶרְשְׁט דֶענְסְטְמָאהְלְט הָאט מֶען מַיין פַאטֶער אֶפֶענְטְלִיךְ גֶעקְרוֹינְט.—

דִיא פְּלִשְׁתִּים אָבֶער, אַ ווִילְדֶעס פָאלְק אִין מַעֲרִיב זַייט, וָואס דִיא גְרֶענֶעצְן פִֿין זֵייעֶר לַאנְד, גְרֵייכֶן בִּיז צוּם גְרוֹיסֶן יַם, אוּנד וָואס הָאבֶּן נִיט אוֹיף גֶעהֶערְט, זַייט יְהוֹשֻׁעַן, אוּנְז צִיא בַּאשְׁטְרַייטֶן דֶעם בַּאזִיץ פִֿין דֶעם לַאנְד, הָאבֶּן אוּנְז אַצִינְד אוֹיךְ דֶערְקְלֶערְט דֶעם קְרִיעג, אַצִינְד אָבֶער הָאבֶּן דִיא עִבְרִים, שְׁטָאלְץ אוֹיף זֵייעֶר נַייעֶן קֶאנִיג, זִיךְ אִין גְרוֹיסֶסֶער צָאהל אַרִים אִיהם גֶעזַאמֶלְט, אוּנד אַרִים זַיין פָאן. עֶטְלִיכֶע יָאהר הָאבֶּן אַזוֹי גֶעדָאוֶוערְט דִיא מִלְחָמוֹת מִיט דִיא פְּלִשְׁתִּים. וֶועהְרֶנְד דֶער צַייט, הָאט זִיךְ מַיין פַאטֶער בַּאמִיעהְט, זַיין מְלוּכָה צִיא בַּאשְׁטַארְקֶן, דִיא שְׁטֶעדְט צִיא בַּאשֶׁאנֶען, דָאס חַיִל צִיא פַארְבֶּעסֶערְן, אוּנד דִיא בִּילְדוּנְג פִֿין זַיין פָאלְק צִיא הֶאבֶערְן. פִֿיעלֶע יָאהר אִיז זַיינֶע רֶעגִירוּנְג גְלִיקְלִיךְ גֶעוֶוען, אוּנד זַיינֶע גֶעגְלִיקְטֶע מִלְחָמוֹת, הָאבֶּן דֶער הוֹיכְט זַיינֶען נָאמֶען, מֶאסִיגְקֵייט אוּנד מִילְדִקֵייט, הָאט עֶר תָּמִיד בַּאווִיזֶן אַקֶעגֶן זַיינֶע פַיינְד, כַּעַס אוּנד נְקָמָה זֶענֶען דֶענְסְטְמָאהְלְט אִיהם נָאךְ גַאנְץ פְרֶעמְד גֶעוֶוען. „— דָאה הָאט דֶער פְּרִינְץ אַטִיעפֶן זִיפְץ גֶעטְהִין, אוּנד הָאט אוֹיסְגֶעזֶעהֶן, עֶפֶּעס טְרָאוֶוערִיק אוּנד פַארְטְרַאכְט. אִיךְ הָאבּ בַּאמֶערְקְט, אַז עֶפֶּעס אוּנַאנְגֶענֶעהְמֶעס לִיעגְט אִיהם שְׁווֶער אוֹיף דֶעם הַארְצֶן, הָאבּ אִיךְ אִיהם זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען נִיט גֶעוָואלְט אִיבֶּער שְׁלָאגֶן, אוּנד שְׁטִילְשְׁווַייגֶנְדִיק, הָאבֶּן מִיר זִיךְ ווַייטֶער גֶערִיטְן. אַצִינְד הָאבּ אִיךְ מִיךְ דֶערְמָאהְנְט אִין דֶעם, וָואס אִיךְ הָאבּ אִין יְרִיחוֹ גֶעהֶערְט פִֿין דֶעם קֶאנִיג שָׁאוּלְס מֶעלַאנְכָלִיע, וָואס הָאט אִיהם אוֹיךְ דֶער צִיא גֶעבְּרַאכְט, אַז עֶר אִיז גָאר גֶעוָוארְן אַן אַכְזָר. אוּנד זִיכְט זִיךְ אֲפִילוּ נוֹקֵם צִיא זַיין אִין אַ גִיטְן פְרַיינְד.—דֶער פְּרִינְץ, וָואלְט מִן הַסְתָּם בַּאלְד ווִיעדֶער אָנְגֶעהוֹיבְּן צִיא דֶערְצֶעהְלֶן אוּנד צִיא דֶערְקְלֶערְן, וֶוען נִיט עֶפֶּעס אַנְדֶערְשׁ וָואלְט אִין דֶער מִינִיט נִיט אִיבֶּערְגֶעשְׁלָאגֶן, וָוארְם אִין דֶעם אוֹיגֶן בְּלִיק, אִיז גְרַאד אָן גֶעלָאפֶן אַ מֶענְשׁ, מִיט דֶער שְׁנֶעלְלִיגְקֵייט פִֿין אַ ווִילְדֶער חַיָּה, פִֿין אַ זַייטֶן טְהָאל, פִֿין וֶועלְכֶן עֶר הָאט אוּנְז נִיט גֶעקָאנְט בַּאמֶערְקֶן, בִּיז עֶר אִיז אוּנְז נִיט אַנְטְקֶעגֶן גֶעקִימֶען, אוּנד זַיין לוֹיפֶן אוּנד יָאגֶן אִיז גֶעוֶוען עֶפֶּעס מִיט אַזַאן אִימְפֶּעט, אַז עֶר הָאט זִיךְ בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט גֶעקֶאנְט צוּרִיק הַאפְּן, וֶוען עֶר הָאט אוּנְז פְּלִיצִים דֶערזֶעהֶן, חָאטְשׁ עֶר הָאט זִיךְ בַּאמִיהְט, זִיךְ פִֿין אוּנְז צִיא בַּהַאלְטֶן, יוֹאָב הָאט אִיהם אָבֶער נִיט

איבערגעלאָזט פיעל צייט, זיך מיישב צו זיין, אונד מיט אַ פּאָר שפּרינג איז ער שוין געוועזן נעבן איהם, אונד איהם חאַפּנדיק בּאיי דיא האָר, האָט ער איהם געפּאַנגען אונד איהן געבּראַכט צום פּרינץ. „ווער ביסטע, מיט בּלוטיקע האַנד?" האָט איהם דער פּרינץ דערלאַנגט אַ פּרעג. — „איך בּין אַפּאַסטיך אונד האָבּ נאָר וואָס געהרגעט אַ וואָלף, וואָס איז איבּער געפאַלען אויף מיינע שאָף." האָט דער מענש געענטפערט וויים וויא דיא קרייד. „פאַר וואָסשזע אַנטלויפסטע, אַזוי וויא דיא האָסט עמעצן דער הרג'ט?

„האָט יואָב איהן אַפּרעג געטהון, איהן נאָך אַלץ האַלטענדיק בּאיי דעם קאָלנער פון זיין קלייד. — דער מאַן האָט ניט געקאָנט ענטפערן, אונד האָט אַראָפּ געלאָזט דעם קאָפּ.—

„מיין פּרינץ," האָט זיך דאָה אָן גערופן דער אַרחיטעקט. „דער מענש איז בּלתי שום ספק אַ רוצח, וואָס לויפט אין אַן עיר מקלט אַריין, זעהט, אָט אָ דאָרט קימען שוין זיינע נאָך־יאָגערס, מיטן גואל הדם, אין יענעם טהאָל, נאָך איהם שרייענדיק." — אין דעם אויגן בּליק אָבּער האָט זיך דער געפאַנגענער דערלאַנגט אַרויס אויס פון יואָבן, דעם קאָלנער פינעם בּגד איבּערלאָזנדיק אין דעם גבּור'ס האַנדט, אונד אַרינטער אינטער דעם פערדס בּויך, אונד מיט אַשנעלן שפּרינג, איז ער פאַר שווינדן געוואָרן אין אַ גע־דיכטן וואַלד. תיכף זענען טאַקי יענע רודפים אויך אָן געקימען, אונד האָבּן דערציילט, אַז דריי שעה פריהער האָט ער דער הרג'ט, אין אַ דאָרף אַ ווערשט אַבּצעהן גען דרום צוא, אַ חבר, אַ פּאַסטיך אונד אַ בּרידער פינעם רודף, אַצונד לויפט דער רוצח אַוודאי גען שכם, וואָס איז אַן עיר מקלט. — ווען דיא גואלי הדם האָבּן זיך ענטפערנט אונד מיר האָבּן ווידער אָן געהויבּן צוא רייטן, האָבּ איך דען פּרינצן אַפּרעג געטהון, וואָס בּאַטייט אַן עיר מקלט פאַר רוצחים? —

„מיט פאַרגניגן וועלל איך עס אייך ערקלערן." האָט דער פּרינץ מיט זיינער געוועהנליכן האָפליכקייט מיר געענטפערט. — „אין יהושוע'ס איינטהיילונג פון דעם לאַנד צוא אונזערע אָבות, זענען בּאַשטימט געוואָרן, דורך אַ בּאַפּויל פינעם בּרחמנותדיקן גאָט, עטליכע שטאָדט אַלס „ערי מקלט „ אַנטרינונגס שטאָדט, ' אַזוי, אַז ווען איינער האָט עמעצן בּשוגג, (אומגערן) דער הרג'ט זאָלל ער אַהין קענען אַנטלויפן פון דיא קרובים פינעם נהרג. דאָס רעכט האָט נאָר געדיענט אַן אומשולדיגן, אָבּער ניט קיין אמתן רוצח. — קוים איז דער הורג צוא געקימען צום טויער פון אַן עיר מקלט, אָדער אפילו נאָר אַבּויגן שיסס וויים פינעם טויער, האָט דער גואל הדם שוין מעהר קיין רעכט ניט געהאַט איהן אָן צוא ריהרן. אַ סנהדרין האָט ערשט געמוזט ענטשיידן אויבּ דאָס הרג'נען איז געוועזן בּמזיד אָדער בּשוגג. אַמזיד, האָט מען שוין זיין רעכט געטהין, אַשוגג אָבּער, האָט דיא שטאָדט ניט געטאָהרט אַרויסגעבּן אונד ער האָט געמוזט דאָרט בּלייבּן בּיז דער כה"ג איז געשטאָרבּן, דענסטמאָהלט האָט ער געמאָגט אַהיים צוריק קימען. „ —

"וואָס האָט דעם כהן גדול'ס טויט פאַר אַשייכות מיט דער דערלאָזונג פון אַ רוצח? „האָבּ איך געפרעגט. — "אַזוי הייסט אונזער געזעץ, „האָט דער פּרינץ גע־ענטפערט · „איינער פון דיא בּני הנביאים האָט מיר אפילו געזאָגט אַז דיא קליגע אַן־

אָרְדנוּנְג, פין אוּנזֶער גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי, אַז וֶועהְרֶנְד דֶער אוֹיספִּיהרוּנְג פין גֶעוִויסֶע מִצְוֹת, זָאלל דָאס פָּאלק תָּמִיד הָאבֶן פַאר דִיא אוֹיגֶן אַז דָאס אַללֶעס אִיז נָאר אַבִּילד אַ רֶמֶז פוּן אַן אַנדֶער אָרְדנוּנְג, אַ גַייסטִיגֶער וָואס וֶועט גִישֶׁעהֶן לֶעָתִיד לָבוֹא, נָאר מַיין הֶערר פוּן אַשׁוּר, וֶוען אִיהר וֶועט אַייך צוּא שְׁמִיעסֶען מִיט אוּנזֶערֶען הֵיילִיקֶן זֶעהֶער, וֶועט עֶר עֶס אַייך אַוַודַאי דַייטלִיך אוּנד קְלָאר עֶרְקְלֶערֶען, עֶר הָאט דֶעם כֹּחַ מְגַלֶּה צוּא זַיין נִסְתָּרוֹת, אוּנד צִיא וִויסְסֶען, וָואס עֶס וֶועט אַ מָאהל זַיין ! ,, –

,,אוֹיבּ אִיהר הָאט חֵשֶׁק צִיא זֶעהֶן דֶען אַלְטֶען נָבִיא אוּנד גָאטֶס לִיעבְּלִינְג, קָאנֶען מִיר אַבִּיסל אָפּקֶעהְרֶען פין אוּנזֶערְן גְלַייכֶן וֶועג, וָואס פִיהְרְט גֶען חֶבְרוֹן, וֶועהְרֶנְד אַייעֶר קַארַאוַואנֶע גֶעהְט אַהִין, וֶועל אִיך מִיט מַיינֶער לַייבּ גַארְדֶע אַייך בַּאלֵייטֶען גֶען רָמָה. נָאהְנְט פִין רָמָה אִיז בֵּית אֵל, דָארְט וָואהְנְט אַצִינְד מַיינֶע קֶענִיגְלִיכֶע מִיטֶער, וֶועלְכֶע אִיך פַארְלַאנְג זֶעהר צִיא זֶעהְן, וָוארְם עֶס זֶענֶען שׁוֹין עֶטְלִיכֶע וָואכֶן, וָואס אִיך בִּין גֶעוֶועזֶען אַלְץ בַּאשֶׁעפְטִיגְט מִיט מַיין פַאטֶער, בַּאלְד אִין גִבְעָה, בַּאלְד אִין מִצְפָּה אוּנד אָט בַּאלְד גָאר אִין חֶבְרוֹן, אִין אַללֶע דִיא שְׁטֶעדְט, הָאט עֶר עֶנְטְוֶועדֶער וִוינְטֶער, אָדֶער זִימֶער רֶעזִידֶענְצֶן, וֶועלְכֶע עֶר בַּאמִיעהְט זִיך צִיא פַארְגְרֶעססֶערְן אוּנד צִיא פַארְשֶׁענֶערְן. בִּיז אַהֶער הָאט דָאס לַאנְד נָאך נִיט גֶעהַאט, קֵיינֶע קֶענִיגְלִיכֶע רֶעזִידֶענְץ, חֶבְרוֹן אָבֶּער וֶועט בְּלַייבֶּן, דִיא מֶעטְרָאפָּאלִיס פִינֶעם לַאנְד, דִיא קֶענִיגְלִיכֶע הוֹיפְּטשְׁטָאדְט, וָוארְם דִיא זִיכֶערֶע פָּאזִיצִיָאן פִין חֶבְרוֹן גֶעפֶאלְט מַיינֶעם פַאטֶער מֶעהר, וִויא אַללֶע אִיבֶּרִיגֶע עֶרְטֶער. אַצִינְד וֶוען מִיר וֶועלְלֶען קִימֶען גֶען רָמָה, וֶועט דֶער גַאסְטפְרַיינְדלִיכֶער פְּרָאפֶעט, אַייך אַוַודְאי אַפָּאר טֶאג וֶועלְלֶען בַּאי זִיך הַאלְטֶען, וֶועלל אִיך דֶער וַוייל אַשְׁפְּרִינְג טְהִין צִיא זֶעהן מַיינֶע לִיעבֶּע מוּטֶטער אִין בֵּית אֵל. “ – מִיט אַזֶעלְכֶע שְׁמִיעְסֶן, קָאנְוֶוערְזַאצִיָאנֶען הָאבֶּן מִיר, אַייעֶרֶע מַאיֶעסְטֶעט אוּנזֶערֶע צַייט וִויא שְׁפִּיעלֶנְדִיק פַארְלֶעבְּט, אוּנד אוּנזֶערְן וֶועג מִיט פַארְגְנִיגֶן צוּרִיק גֶעלֶעגְט; בַּאלְד זֶענֶען מִיר גֶעוֶועזֶען בַּאגְרָאבֶּן, טִיעף אִין דֶער עֶרְד, צְוִוישֶׁן צְוֵויי גְלַייכֶע בֶּארְג, אַז מִיר הָאבֶּן כִּמְעַט נִיט גֶעזֶעהֶן דֶעם לִיכְטִיגֶן טָאג, אוּנד בַּאלְד הָאבֶּן מִיר זֶעך אַרוֹיף גֶעקְלֶעטֶערְט, אוֹיף שְׁטַיילֶע בֶּארְג. וִויא אוֹיף גְלַייכֶע וֶואנְדְט, בִּיז עֶנְדְלִיך זֶענֶען מִיר גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶעם רִיקֶן פִין אַ הוֹיכֶן בַּארְג, מֵיינְסְטֶן טְהֵיילְס בַּאקְרֶאנְט מִיט אַרִים גֶעמָאוֶוערְטֶע שְׁטֶעדְטְלֶאך, אָדֶער בַּא בָאוֶועט מִיט אַ פֶעסְטוּנְג, וֶועהְרֶנְד דֶער פְּרָאסְפֶּעקְט, פִין זַיינֶער הֶעכְסְטֶן שְׁפִּיץ, אִיז גֶעוֶועזֶען פִיעל מִיט אִינְטֶערֶעסֶע, בַּאזִינְדֶערְס פַאר מַיינֶע אוֹיגֶן, קִימֶענְדִיק פִין אַ לַאנְד, וָואס הָאט אַזוֹי וֶועניג פַאר־אֶנְדֶערוּנְגֶען, וִויא אַרִים נִינְוֵה, בַּאוָואלְדֶעטֶע בֶּארְג, פֶעלְזֶן מִיט דִיא מֶערְקְוִוירְדִיגְסְטֶן הֶאהלֶן, בַּאוַואלְדֶעטֶע טְהָאלֶן, אִין הֶאכְסְט רָאמַאנְטִישֶׁער קָאנְפוּזִיאָן, וֶועהְרֶנְד אַלֶלֶעס וִוימֶלְט דָאה מִיט לֶעבֶּן, רַייך קוּלְטִיוִוירְט, אִיז אַללֶעס וָואס בַּאגֶעגְנְט דֶעם קֵיין מָאהל גִיט זַאט וֶוערְדֶענְדִיקֶן אוֹיג אוֹיף יֶעדְן שְׁרִיט אוּנד טְרִיט ׳ דֶער פְרַיינְדלִיכֶער יוּדִישֶׁער אַרְהִיטֶעקְט, הָאט מִיר דִיא פַארְשִׁיעדֶענֶע אֶרְטֶער אָן גֶערִיפֶן בַּאיים נָאמֶען, אוּנד דֶער אִינְטֶעלְלִיגֶענְטֶער מַאן, הָאט עֶס גִיט פַארשְׁטַאנֶען, מִיט זַיינֶע אִינְטֶערֶעססַאנְטֶע עֶרְקְלֶערוּנְגֶען, אִין מִיר אוֹיף צִיא וֶועקֶן אַן אִינְטֶערֶעסֶע, פַאר דֶער שֶׁאנֶען נַאטוּר, אַחוּץ דֶעם גְרוֹיסֶן פַארְגְנִיגֶן,

וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעפִיהְלט בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה . – פִין אַ בֶּערְג פֶּעסְטוּנְג, אִיז גְרָאד עֶרְשִׁיעֶנֶען דֶער עֶלְצְטֶער בַּאיים טוֹיֶער אוּנד הָאט אוּנְז גֶעוָואלְט מַכְנִיס-אוֹרֵחַ זַיין, מִיר הָאבֶּן זִיךְ אָבֶּער בַּאדַאנְקְט פַאר זַיינֶער פְרַיינְדלִיכְקֵייט, נָאר דֶעם פְּרִינְצֶן הָאט עֶר פַּארהַאלְטֶן אַצְוֵויי שָׁעָה, מִן הַסְתָּם וֶועגְן וִויכְטִיגֶע גֶעשֶׁעפְטֶן, וֶועהרֶנְד אִיךְ בִּין מִיר וַוייטֶער בַּאמֶעהְלִיכֶן גֶערִיטֶן, בַּאלֵייט פִין יוֹאָבְן . דָאס אִיז אַ גַאנְץ מֶערְקְווִירְדִיגֶער יוּנְגֶער מַאן, מִיט אַפֶּעסְטֶן ווִילְלֶן . אוֹיפְרִיכְטִיג אִין זַיין רֶעדְן, אוּנד מִיט אַ בְּרַאוְן הַארְצֶן, בְּרֵייט מִיט-צִיא-טְהֵיילֶן אַלְסדִינְג, וָואס אִיז אִין זַיינֶער מַאכְט . אַזוֹי וִויא מִיר הָאבֶּן זִיךְ אָהֶן דֶעם פְּרִינְצֶן ווַייטֶער גֶערִיטֶן, טְהִיט עֶר אַזָאג צִיא מִיר . – „ אִיךְ זֶעה, אַז אִיהר הַאלְט זֶעהר שְׁטַארְק פִינֶעם קֶאנִיגְס זִין דֶען פְּרִינְץ יְהוֹנָתָן, אוּנד אִיהר הָאט פָאלְלשְׁטֶענְדִיק רֶעכְט, מַיין הֶערר פִין אַשּׁוּר, יוּנְג אוּנד שֶׁאן אַזוֹי וִויא עֶר אִיז, הָאט עֶר אַ הַארְץ פִין אַ לֶאבּ . זַיינֶע אוֹיגֶן וָואס שַׁיינֶען אַזוֹי זַאנְפְט, אַזוֹי מִילְד, אַזוֹי וִויא פִין אַ פְרוֹי, קֶאנֶען פְלַאמְן מִיט דֶעם פַייֶער פִין אַ מִלְחָמָה , וֶוען מֶען זֶעהְט אִיהן, אִין דֶעם בְּלָאוּו מִיט גָאלְד אוֹיס גֶעשְׁטִיקְטֶן טוּנִיק, מִיט דֶער גִילְדֶענֶען בַּאוואפְנוּנְג, אוּנד מִיט דֶעם פֶעדֶערֶן-בִּישֶׁל אִינֶעם זַיידֶענֶעם הִיטֶעלֶע , וָואלְט עֶמֶעצֶער גֶעמֵיינְט, אַז עֶר אִיז נָאר אַוֶואהלְטָאגִיגֶער פְּרִינְץ, וָואס דַארְף מֶעהר הֲנָאָה הָאבֶּן צִיא הֶערֶן דִיא קוֹלוֹת פִין זִינְגֶענְדִיקֶע פְרוֹיֶען, וִויא דָאס קוֹל פִין אַ שׁוֹפָר וָואס שַׁאלְלְט מִיטְן זִיגְנַאל צִין אַ מִלְחָמָה . ״ –

„וָואס הָאט עֶר אַזוֹינְס דֶער גְרֵייכְט עֶפֶּעס גְרוֹיסֶעס מִיט זַיינֶער בְּרֶיהָשְׁקֵייט , מַיין פְרַיינְד ? ״ הָאבּ אִיךְ אִיהְן אַפְרֶעג גֶעטְהִין, זֶעהֶנְדִיק אַז עֶס גְלִיסְט זִיךְ אִיהם זֶעהר מַרְבֶּה צִיא זַיין אִין דִיא שְׁבָחִים פִין דֶעם פְּרִינְצֶן . „– אִיךְ וֶועלל אַייךְ מַיין הֶערר גֶעבְּן נָאר אֵיין בַּאיְשְׁפִּיעל פִין דֶער בְּרַאוְקֵייט פִין אוּנְזֶערְן פְּרִינְצֶן וֶוען דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּן אָט דָאס לֶעצְטֶע מָאהל אִיבֶּער גֶעפַאלְלֶן אוּנְזֶער לַאנְד, אִיז דֶער קֶאנִיג אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען זֵיי אַנְטְקֶעגֶן, אוּנד הָאט בַּאלָאגֶערְט אַ גַארְנִיזָאן, וִויא זֵיי הָאבֶּן זִיךְ בַּאפֶעסְטִיגְט אוּנד אַיין גֶעשְׁלָאסְן, וֶועגְן מַאנגֶל אִין נֶאטְהִיגֶע כְּלֵי מִלְחָמָה, הָאט מֶען זֵיי גָאר נִישְׁט גִיקָאנְט טְהִין . מִיעֶד פִין אִימְזִיסְטִיגְן ווארְטֶן, הָאט דֶער יוּנְגֶער פְּרִינְץ אַרִיעף גֶעטְהִין זַיין וַואפְן-טְרֶאגֶער, אָט יֶענֶעם בֶּארְדִיגְן מַאן, וָואס אִיהר זֶעהְט דָארְט רַייטֶענְדִיק, נֶעבְּן יֶענֶעם בֶּן חַיִל הִינְטֶער אוּנְז, אוּנד הָאט אִיהם אַזָאג גֶעטְהִין . – „קִים לָאמִיר גֶעהְן בַּאקִיקְן דִיא פְּלִשְׁתִּים, טָאמֶר וֶועלְלֶן מִיר גֶעפִינֶען אַ שְׁוַואכְן פוּנְקְט, וִויא מִיר וֶועלְלֶן זֵיי קֶאנֶען אָן גְרַייפְן ! „ . אַזוֹי אַרוֹיסגֶעהֶנְדִיק פִינֶעם לָאגֶער בֵּין הַשְּׁמָשׁוֹת, הָאבֶּן זֵיי זִיךְ בְּסוֹד אוּנד שְׁטִילֶלערְהֵייט, אַרַיין גֶעחַאפְּט אִין אַ נָאהֶנְטֶן טְהָאל, אוּנד אוּמְגֶעזֶעהן, אוּנד אוּמְגֶעהֶארְט, אִיז עֶר אָן גֶעקִימֶען בִּיז פַאר דֶער גַארְנִיזָאן, סְאִיז שׁוֹין גֶעוֶוען גַאנְץ טִינְקֶל, אוּנד דֶער בַּארְג, אוֹיף וֶועלְכֶן דִיא גַארְנִיזָאן אִיז גֶעשְׁטַאנֶען, אִיז פַאר אַן אַרְמֶעע גֶעוֶוען כִּמְעַט אִימֶאגְלִיךְ צִיא בַּאשְׁטַייגֶן . דֶער פְּרִינְץ הָאט אַצִינְד דַאלַאנְגְט אַגִישְׁרֵיי פִין אוּנְטְן צִיא דִיא פְּלִשְׁתִּים אִין דֶער הוֹיךְ! „קִימְט נָאר אַרוֹיס, אִיהר פַיינֶע בְּרִיוֹת, אוּנד לָאמִיר זִיךְ מֶעסְטֶן, אָט אָ דָאה אוּנְטֶן אוֹיף דֶעם אָפֶּענֶעם פְלֵיין, אוּנד בְּשֵׁם אֱלֹקִים וֶועלְלֶן מִיר פִין אַייךְ מַאכֶן אַ תֵּל, !״ – דֶער עֶלְצְטֶער פִין דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוֹיף דֶעם שְׁפִּיץ בַּארְג

שְׁטֶעהֶנדִיק, אונד נִיט זֶעהֶענְדִיק, וָואס אונְטֶן טְהִיט זִיךְ, צִיא זֶענֶען דָארְט אַסַךְ צִיא וֶועניג, מִיט דֶעם קוּרָאשְׁזִירְטְן רֶעדְנֶער. הָאט עֶר אוֹיף גֶעפָּאֶרְט דֶען פְּרִינְצְן, עֶר זָאלל דָאךְ אַרוֹיף קִימֶען צִין אִיהם אונד אַיינְגֶעהֶמֶען דִיא גַארנִיזָאן, וֶוען עֶר אִיז בֶּאֱמֶת, עֶפֶּעס אַזַא מִין גְרוֹיסֶסער בְּרִיַהאק . — אַ בֶּן־מֶלֶךְ, מִיט אַ שְׁוֶוערְדט אִין דֶער הַאנְד, דַארְף אַזַאן אַרוֹיספָּארדֶערוּנְג, נִיט מְמַאֵס־זַיין, אָט אַ בַּאלְד וֶועלל אִיךְ זַיין בַּייא אַייךְ צִיא גַאסְט!"— דִיא פְּלִישְׁתִּים הָאבּן דָאס גֶעהַאלְטְן פַאר אַ בַּארהִימֶערַיי אונד הָאבּן אַרוֹיס גֶעפְּלַאצְט אַ־גְרוֹיס גֶעלֶאכְטֶער, אונד הָאבּן נִיט מֶעהר דַארַאן גֶעדַאכְט. — אַ גֶעטְלִיכֶער גַייסְט הָאט אָבֶּער בַּאזֶעלְט דֶען פְּרִינְצְן, אונד אִין וֶועניגֶן מִינִיטֶן, הָאט עֶר זִיךְ אַרוֹיף גֶעקְלֶעטֶערט אוֹיפְן בַּארג, אונד זַיין וַואפְן טְרָאגֶער נָאךְ אִיהם, בַּאלְד הָאט עֶר דֶערגְרַייכְט דִיא וַואנד פִין דֶער מָאוֶוער, אַרוֹיף אוֹיף אִיהר, אונד אַשְׁפְּרִינג אַרָאפּ, אִין מִיטֶן פוּן דִיא שׂוֹנְאִים הָאט גֶעדָאוֶוערט אַן אוֹיגְן בְּלִיק, אַצִינְד הָאט עֶר אָן גֶהוֹיבֶּען זִיךְ צוּואלָאזֶן, מִיט זַיין שְׁוֶוערְד, מִיט אַזַאן אִימְפֶּעט, אונד זַיין עֶרְשַׁיינֶען אִיז גֶעוֶוען אַזוֹי פְּלִיצִים, אונד אַזוֹי אִימ־גֶערִיכְט אַז אַשְׁרֶעק הָאט אָן גֶעהַאפְּט דִיא פְּלִישְׁתִּים, אונד אַגֶעשְׁרֵיי אונד אַ גֶעפִּילְדֶער אִיז עֶנְטְשְׁטַאנדֶן אִים לָאגֶער; אַז דִיא עִבְרִים זֶענֶען אַרִיבֶּער אִיבֶּער דֶער מָאוֶוער, אונד הַרְגְנֶען, אונד שְׁטֶעכְן, שְׁלַאכְטְן אונד שְׁפִּיעזְן, מִיט דֶער ווִילְדְקַייט פִין בֶּאזֶע לֶאבְּן · — אַ גֶעשְׁטִיפֶּערַיי, אַיאגֶערַיי אונד אַלוֹיפֶערַיי, הָאט זִיךְ צוּא לָאזְט פוּן אַללֶע ווִינְקֶעלִיךְ,ווֶעהְרֶנְד דֶער פְּרִינְץ הָאט גָאר נִיט גֶעשְׁלָאפְן, אונד אִין דֶעם פַארלוֹיף פִין אַפָּאר מִינִיט, זֶענֶען צְווַאנְצִיג פְּלִישְׁתִּים גֶעלֶעגן טוֹיט נֶעבְּן אִיהם, אונד דָאס גֶערַעשׁ פוּן דִיא מֶעטַאלֶענֶע פַּאנְצֶער, פִין דִיא שְׁוֶוערְטֶער אונד שְׁפִּיעזְן, אונד דֶער לִיאַרְם, אונר דָאס גֶעשְׁרֵיי, הָאט זִיךְ בַּאלְד גֶעלָאזְט הֶערן אִים יוּדִישֶׁען לָאגֶער, אונד בִּיז צוּם קֶאנִיגְס אוֹיעֶרֶן . מַאן הָאט בַּאלְד פַאר שְׁטַאנֶען אַז דִיא פְּלִישְׁתִּים ווֶערן אַנגֶעגְרִיפְן, נָאר פִין ווֶעמֶן ? אַ קִירְצֶעס זִיכְן הָאט דִיא תְּשׁוּבָה גֶעגֶעבּן! דֶער פְּרִינְץ מִיטְן נוֹשֵׂא כֵּלִים פֶעהְלְן, דָאס אִיז גֶעוֶוען גֶעניג פַארן קֶאנִיג, אונד עֶס הָאט שׁוֹין נִיט מֶעהר לַאנג גֶעדָאוֶוערט בִּיז דֶער קֶאנִיג מִיט זַיינֶע עִבְרִים הָאבְּן אַ גִיטְן סוֹף גֶעמַאכְט צִין אַזַא קִינְצִיקֶן אָנְהוֹיבּ · דָאס אַנְטְלוֹיפְן פִין דִיא פְּלִישְׁתִּים, אונד דָאס נָאךְ יָאגְן פִין דִיא עִבְרִים, הָאט גֶעדָאוֶוערְט דֶעם אַנְדֶערן גַאנְצֶען טָאג, וֶוען מִיעד פִין דֶער שְׁחִיטָה, אונד פִינֶעם נָאךְ יָאגְן, הָאט דֶער קֶאנִיג גֶעהֵייסְן אוֹיף הֶערן, אונד מֶען הָאט אוֹיף גֶעשְׁלָאגְן דָאס לָאגֶער, וָואס אִיז גֶעוֶוען בַּאלָאדן מִיט שָׁלָל . אָט דִיא גְרוֹיסְסע קוּרַאשֶׁזֶע פִינֶעם פּרִינְצְן, זַיין פְּרִימְקַייט, אונד זַיינֶע טוּגֶענְד, הָאבֶן אִיהם שְׁטַארְק בַּאלִיעבְּט גֶעמַאכְט, מַיין הֶערר, ווִיא אִיהר קֶאנְט עֶס אַייךְ אַלֵיין אוֹיךְ פָאֶרשְׁטֶעללֶן, בַּייא דֶעם גַאנְצְן פָאלְק · " — אַזוֹי ווִיא יוֹאָב הָאט דִיא ווִינְדֶערלִיכֶע מַעֲשֶׂה גֶעעֶנְדִיקְט, אִיז אוֹיךְ שׁוֹין דֶער פְּרִינְץ רַייטֶענְדִיק צִיא גֶעשְׁפְּרִינגֶען · אַצִינְד הָאבּ אִיךְ אִיהְן בַּאטְרַאכְט מִיט נָאךְ אַגְרֶאסֶערְן אִינְטֶערֶעססֶע · וָואס פַאר אַ קוּרַאשְׁזֶע, וָואס פַאר עֶדעלֶע אַייגֶענְשַׁאפְטְן לִיעגְן דָאה בַּאהַאלְטְן אוּנְטֶער דֶעם רוּהִיגְן, פְּרַיינְדלִיכְן אונד כִּמְעַט ווַייבְּלִיכְן פָּנִים, מִיט דִיא זַאנְפְטֶעסְטֶן אוֹיגְן מִיטְן זִיסֶעסְטְן לֶאכֶעלְן, אונד מִיט דִיא גִילְדֶענֶע לָאקְן, וָואס גְרַייזְלֶן זִיךְ אַרָאפּ, אַזוֹי שֶׁאן בִּיז אִין דִיא אַקְסֶל ? ! —

לאנגזאם ווייטער רייטענדיק, זענען מיר אויף נאכט אנגעקומען אין א שאנעם טהאל געבען א קוואל. אונד דעם נעכסטען טאג זענען מיר ווייטער געריטען צווישן דיא שאנסטען אונד אנגענעהמסטען סצענעריען. וועהרענד דיא געדיכטקייט פון דער באפאלקערונג אי-מעטים, אונד דיא גרויססע צאהל פון לאנגע דארפער, האט מיך גאנץ איבעררעשט. מיילן ווייט ציעהן זיך טהאלן מיט דערפער, איין דארף עקט זיך, אונד אן אנדערעס הויבט זיך שוין ווידער אן, אז עס האט א פנים וויא אן אונענדליך לאנגער דארף, וועהרענד אויף דיא פעלזענס, צווישן דיא בערג אונד אויף שווינדעלדיגע הויכן געפינען זיך פראכטפאללע ווילאס, אנגענעהמע וואהנונגען, פריוואט-אונד וויין גארטנער, ציעגעלאך אונד ציעגן, לאמעלאך אונד שאף, וועלכע באדעקן כמעט דיא זייטן פון דיא בערג, זיך ווייענדיק פון דעם פעטן גראז, אונד שמעקנדיקע בלומען, אונד גרויססע טשערע-דעס פון אקסן אונד בהמות טרעפט מען אן זיך פאשענדיק אין אפגעשלאססענע גרינע בארג-שלוכטן. —

פון דער שאנקייט פון דיא פרויען פון דעם באגינסטיגטן לאנד, האב איך אייערער מאיעסטאט נאך גאהר ניט דערצאהלט. מען זעהט זיי זיך באוועגן איבעראלל אהנע צוואנג, טהייל נעהמענדיק אין אללעמען, וואס קעהרט זיך אן ציא דעם כלל, מיט ווייב-ליכער זארגע אונד ליעבע. פריינדליך לייטזעליג, פרעהליך אונד אינטעלליגענט, זענען זיי ווערטהע, דיא ליעבליכע טאכטער, אונד דיא טרייע ווייבער ציא זיין פון אזא הייזליכער אונד מאנליכער ראססע, וויא דיא עברישע. קעבס-ווייבער אונד מעטרעססן זענען באיי דעם טוגענדהאפטן פאלק אימבעקאנט, דרומאויף ליעגט עפעס אמין כבוד אויף דעם פנים פון דער קיין מאהל ניט באליידיגטער פרוי, אונד דיא שטרענגע באוואכערן פון איהר טוגענד פיהלט דעם הויכן גראד פון איהר ווייבליכן ווערטהע, וואס מען געפינט באיי אונזערן אססירישן ווייבערן זעהר זעלטן. דאה איז דיא פרוי א העלפערן פון איהר מאן׳ אין שווערן אונד צווייפלדיקן זאכן האלט ער זיך מיט איהר אן עצה, אונד וויא א חלף שארף איז איהר ריכטיגעס אורטהייל. — אין טרויעריקן צייטן איז זיא א טרעסט, אונד וויא געטליכער באלזאם זענען איהרע זיססע ווערטער. — אין שווערן קראנקייטן איז זיא דיא צארטעסטע פפלעגערן, דאס דיענענדיקע רחמנות, — אונד זיא איז דיא ליעבסטע, דיא בעסטע, דיא אונזעלבסטזיכטיגסטע אונד טרייסטע פריינדין אין דעם עמק הבכא (יאמער טהאל.)! — וואס דעם גוף באטרעפט, זענען זיי ניט גרויס, זייערע פיגורן אבער זענען גראציאז, מלא חן, אזוי גוט אין דער אויסווענדיגסטן געשטאלט, וויא אין זייערע באוועגונגען. זייערע האר זענען ראבן-שווארץ, אסך אונד זעהר לאנג, פון אווינדער שאנעם גלאנץ. אוודאי שטאלצירן זיי מיט אט דער עטרת-תפארת, עס אויספלעכטענדיק קינציג, אונד ווינדערפאלל, אונד באשיטן זיי מיט דימענטן-אונד גאלד-שטויב, אונד באשטעקן זיי מיט דיא שאנסטען, אונד אנגענעהם שמעקנדיקן בלומען, וועלכע דאס לאנד האט אוצרות פון זיי. גרויססע, אונד בראונע אויגן האבן זיי ווארם פון טיעפן געפיהל, אונד ברענענדיק פון לעבהאפטיגקייט. אונד זייערע לאנגע שווארץ-

זַיידֶענֶע בְּרֶעמֶען פַארשְׁטֶעללֶן דֶעם גֶעפְאֶהרְלִיכֶן פַייֶער, וָואס אִיז אִים שְׁטַאנְד מִיט אֵיין בְּלִיץ, פִין דִיא פַארפִיהְרִישֶׁע אוֹיגְן, דָאס קַאלְטֶעסטֶע הַארְץ אָן צוּא צִינְדְן, אַזַאן אוֹיסדְרִיק פוּן אַ בַּאצוֹיבֶערְנְדִיק אוֹיג, הָאבּ אִיךְ נָאךְ אִין קֵיין פְרוֹיעֶן צִימֶער נִיט גֶעזֶעהֶן, אוּנד אַ זִיכֶערֶער גֶעפַאנְגֶענֶער וֶוערט יֶענֶער יוּנְגֶער מֶענְשׁ, וֶועלְכֶער, זִיךְ פַארטְרַאכְטֶנְדִיק, וֶועט זִיךְ דֶער וֶועגְן צוּא לַאנְג אַרַיין צוּא קִיקְן אִין זַייעֶרֶער פַארכִּישוּפְטֶער טִיעפְקֵייט! וִויא עֶס שְׁפִּיעגֶלְט זִיךְ אָפּ דָאס גֶאטְלִיכֶע פַייֶער. אוּנאוֹיסלֶאשְׁלִיךְ בְּרֶענֶענְדִיק, אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן אִיהר הַארְץ, דִיא רֵיינְסְטֶע אוּנד דִיא מֶאכְטִיגְסְטֶע לִיעבֶּע! אַללגֶעמֵיין אִיז דִיא שֶׁאנֶקַייט פוּן דִיא עִבְרִישֶׁע וַוייבֶּער אִין זֵייעֶרֶע מוֹידֶעלְשֶׁע יָאהְרְן אוּנד אַלֶם יוּנְגֶע וַוייבְּלַאךְ וֶוען זֵייא בַּאזִיטְצְן דִיא רַייכְסְטֶע לָאקְן, דִיא פַייעֶרִיגְסְטֶע אוֹיגְן, דִיא רוּבִּינֶענֶע לִיפְּן, מִיט דֶער גְרַאצִיאֶזֶן בַּאוֶועגוּנְג, פוּן דֶער לִיעבְּלִיכְסטֶן גַאזֶעללֶע, דֶעם שֶׁאנֶען, וִויא אָפְּגֶעטָאקְטֶן קָאפּ, דִיא וִוינְדֶער שֶׁאנֶע, צִיעְרְלִיךְ קְלֵיינֶע, אוּנד אַלַאבַּאסטֶער רֵיינֶע, הֶאנְדְט, דָאס נִיעֶדלִיכְסְטֶע פִיסֶעלֶע אוּנד גָאר בַּאזִינְדֶערס דִיא אַנְצִיעהֶנְדְסְטֶע שְׁטִימֶמֶע' וָואס אִיהר מֶעלָאדִישֶׁער קְלַאנְג הֶערט זִיךְ אָן אַזוֹי וֵוייךְ, אַזוֹי זִיסס, אַזוֹי מִילְד אוּנד אַזוֹי זַאנְפְט אַז דָאס שְׁטֵיינֶערְדִיקסְטֶע הַארְץ מוּז אוּנְטֶער אִיהר אַיינְפְלִיס שְׁמֶעלְצְן וִויא וַואקס, עֶס צִיאגֶעהְמְט אַללֶע אֵבָרִים, עֶס טְרַייבְּט דִיא טְרֶערְן אִין דִיא אוֹיגְן, עֶס פַארגְנִיגְט דָאס הַארְץ, עֶס דֶערפְרִישְׁט דֶעם מוֹחַ אוּנד עֶס דֶערקְוִויקְט אוּנד בֶּעלֶעבְּט דִיא נְשָׁמָה. – אַלֶלעס דָאס אִין אֵיינֶעם גֶענִימֶען, וֶועט אַייעֶרֶע מַאיֶעסְטֶאט אִיבֶּער צַייגְן וִויא וַוייט אִיךְ זָאג אֶמֶת, וֶוען אִיךְ בַּאהוֹיפְט, אַז דִיא שֶׁאנֶקַייט פוּן דִיא עִבְרִישֶׁע פְרוֹיעֶן אִיבֶּערטְרֶעפפֶן אַלְסדִינְג, וָואס אִיךְ הָאבּ בִּיז אַהֶער גֶעזֶעהֶן, אוּנד דֶער צוּא זֵייעֶרֶע אוּמְבַּאגְרֶענְצְטֶע גַאסְטפְרַיינְדְלִיכֶע גִיטְסְקֵייט, זֵייעֶר שַׁארְפֶער פַארשְׁטַאנְד, זֵייעֶרֶע גְרֵייטְקַייט דֶען פְרֶעמְדְן צוּא אוּנְטֶערהַאלְטֶן, וָואס אִיז נִכְלַל אִין דֶער טְהַייעֶרן מִדָה פוּן הַכְנָסַת אוֹרְחִים, וָואס בַּא זֵיי וֶוערְט עֶס אוֹיסגֶעפִיהרְט מִיט דֶער עֶדֶעלְסְטֶן אוּנד בֶּעסְטֶן פָאלְלְקָאמֶענֶקַייט, וִויא קֶאן אִיךְ, אָ קֶענִיג! מַיין מוֹיל צוּא שְׁלִיסְן, זֵיי נִיט אָפּ צוּא לוֹיבְּן, וִויא זֵיי עֶס בֶּאֱמֶת פַארדִיענֶען? –

אִין דֶער גִישִׁיכְטֶע פוּן דֶער עִבְרִישֶׁן נַאצִיאָן גִיפִינֶען זִיךְ אֵיינִיגֶע פְרוֹיעֶן, וָואס הָאבְּן גִיבְּרַאכְט גְרוֹיס כָּבוֹד אוּנד בַּארִיהמְקַייט צוּא זֵייעֶר פָאלְק. אֵיינִיגֶע הָאבְּן זִיךְ אוֹיסגֶעצֵייכְנֶט מִיט מַעֲשִׂים פוּן גְרוֹיסְן הֶערָאאִיסְמוּס פַאר זֵייעֶר לַאנְד, אֵיינִיגֶע דוּרְךְ בַּאוַויזֶע פוּן דֶער הֶאכְסְטִין טְרַייַקַייט אוּנד אֶמֶת, אֵיינִיגֶע דוּרְךְ הֵיילִיקֶער הִינְגֶעבּוּנְג, אוּנטֶער דֶעם הֶאכְסְטֶן גְרַאד פוּן גֶעהָארְכְזַאמְקַייט, צוּא דֶעם וִוילְלֶן פוּן עֶלְטֶערְן אוּנד דֶעם וִוילְלֶן פוּן גָאט, בַּוַוייזְן נִיט אַזֶעלְכֶע מַעֲשִׂים וִויא הוֹיךְ, וִויא גֶאטְלִיךְ גְרוֹיס קֶאן אַן עִבְרִישֶׁע פְרוֹיא זַיין? ! – אָט פוּן אַזֶעלְכֶע פְרוֹיעֶן אִיז אַ גֶעוִויסֶע „דְבוֹרָה“; אַ נְבִיאָה אַ הֶעלְדְן, אוּנד אַ רִיכְטֶערְן, אַללֶע דִיא דָאזִיגֶע מִדוֹת טוֹבוֹת זֶענֶען נִכְלַל גִיוֶוען אִין אִיהר פֶּערְזָאן. – אַ צְוֵוייטֶע אִיז גִיוֶוען „רוּת“ פוּן גֶעבּוּרט אֲפִילוּ אַ פְרֶעמְדֶע, אָבֶּער שְׁפֶּעטֶער אַדָאפְּטִירְט אִין דֶער עִבְרִישֶׁן נַאצִיאָן, אוּנד זֵייעֶרֶע פָאעֶטֶן הָאבְּן לִיעבּ צוּא בַּאזִינְגֶען אִיהר טְרַייַקַייט אוּנד אִיהר אֱמוּנָה. – אַ דְרִיטֶע אִיז גִיוֶוען דִיא יוּנגִיטְשְׁקֶע, אוּנד שֶׁאנֶע טָאכְטֶערפוּן אַ בַּארִיהמְטֶן בֶּן חַיִל יִפְתָּח, וֶועלְכֶער הָאט זִיא מַקְדִישׁ גִיוֶוען, מִיט אִיהר אֵייגֶענֶעם וִוילְלֶן צוּ

דִיא גָאטֶער, בֶּעסֶער צוּא זָאגְן צוּא זֵייעֶר גָאט, וָוארְם דִיא עִבְרִים מַאכְן דִיא אוֹיסְנאהמֶע פוּן אַלֶע נַאצִיאָנֶען פוּן דֶער וֶועלְט, זֵיי גְלוֹיבְּן נָאר אִין אֵיין גָאט,— אוּנד בֶּאֱמֶתְן טַאקִי אַלֶע נַאצִיאָנֶען גְלוֹיבְּן אִין אַסַך גָאטֶער, וֶועלכֶע אַלֶע אִין אֵיינֶעם קָאנֶען גָאר נִיט טְהִין, וֶועהרֶנד דֶער עִבְרִישֶׁער אֵל אֶחָד, אִיז אַכֹּל יָכוֹל, דְרוּמְאוֹיך וֶועלל אִיך אִין מַיינֶע בְּרִיוו נָאר דָאס וָוארְט „גָאט“ אוּנד נִיט גָאטֶער גֶעבְּרוֹיכְן. יִפְתָּח הָאט אַ נֶדֶר גֶעטהִין, אוּנד זַיינֶע לִיעבְּלִיכֶע טָאכטֶער אִיז גִיוָוארְן, גֶעגְן זַיין ווִילְלְן נַאטִירְלִיך, דֶער אוּמְשׁוּלְדִיגֶער קָרְבָּן! – אוּנד אַפֶערְטֶע עֶדֶעלֶע אוּנד הֶעראָאִישֶׁע פְרוֹי אִיז גִיוֶוען „יָעֵל“ אַרוֹיסְקִימֶענְדִיק פוּן אַן עֶדֶעלֶע פַאמִילְיע, הָאט זִיא מִיט אִיהרֶע אַיינֶענֶע הֶאנְדְט גִיטוֹיטֶעט סִיסְרָא׳ן, אַ גֶענֶעראַל אַן אַכְזָר אוּנד אַן אוּנטֶערְדְרִיקֶער פוּן אִיהר נַאצִיאָן, אוּנד דַאדוּרְך הָאט יָעֵל גִירֶעטֶעט אִיהר לַאנד פוּן עַבְדוּת! – אַלֶע דִיא עֶדֶעלְן פְרוֹיעֶן, וֶוערְן בַּאזִינְגֶען פוּן דִיא עִבְרִישֶׁע זִינְגֶערס, אוּנד שְׁפִּיעלֶערס אוֹיף אִינְסטרוּמֶענְטְן, אוּנד זֵייעֶרֶע נָאמֶען וֶוערְן שׁוֹין בַּאקֶענְט גִימַאכְט צוּא דִיא קִינְדֶער אִין דִיא ווִיגֶעלַאך. עֶס אִיז אַמֶערְקוֹוירְדִיגֶער צוּג אִין דֶער עִבְרִישְׁן נַאצִיאָן, וָואס זֵיי שַׁאצְן אוּנד עֶהרְן דָאס ווַייבְּלִיכֶע גֶעשְׁלֶעכְט, הָאבֶער פוּן זִיךְ אַלֵיין, אִין פֶערְזַאמְלוּנְגֶען, אוּנד אוֹיף שִׂמְחוֹת, גִיבְּן זֵייא אָפּ זֵייעֶרֶע פְרוֹיעֶן דֶעם גְרֶאסְטְן כָּבוֹד, דֶעם עֶרְשְׁטְן פְּלַאטְץ, אוּנד בַּאווַייזְן זֵיי דִיא גְרֶאסְטֶע הֶאפְלִיכְקַייט, אַוַודְאַי אִיז עֶס טַאקִי אַן אוּרְזַאכֶע, וָואס זֵייעֶרֶע פְרוֹיעֶן פִיהלְן זִיךְ שְׁטָאלְצֶערֶע, אוּנד בִּכְבוֹדֶערֶע שׁוֹמְרִים פוּן זֵייעֶרֶע טוּגְנד, אַוַודְאַי אִיז דָאס גוּפֵיה דֶער יְסוֹד, פוּן צִדְקוֹת פוּן דֶער גַאנְצְן נַאצִיאָן! – ווִיא אַנְדֶערס אִיז עֶס, אַייעֶרֶע מַאיֶעסְטֶאט, מִיט דִיא פְרוֹיעֶן בַּאיי אוּנז אִין אָסְטְן, ווִיא זֵיי וֶוערְן בַּאטְרַאכְט נָאר עֶפֶּעס ווִיא שֶׁענֶע שְׁפִּיעלְכֶענְס, בַּאשַׁאפְן, פַאר אוּנְזֶערֶע תַּאֲווֹת, ווִיא, נָאר דֶער גוּף וֶוערְט גֶעלִיעבְּט, אוּנד אוּם דֶען גַייסְט, בַּאקִימֶערְט מַאן זִיךְ גָאר נִיט, אָדֶער זֶעהר וֶועניג, אַוַודְאַי מוּזְן אוּנְזֶערֶע פְרוֹיעֶן דַאדוּרְך שְׁטַארְק אַרָאפּ פַאלְלְן בַּא זִיךְ, דָאס אִיז אַנַאטוּר גִיזֶעץ, וָואס מֶען שְׁטֶעלְט הוֹיךְ, הַאלְט זִיךְ הוֹיךְ, אוּנד וָואס מָאן הַאלְט נִידֶערִיק, אִיז נִידֶערִיק. דָארְט אִין אַסְסִירְיֶען זֶענֶען דִיא מֵיינְסְטְן פְרוֹיעֶן שְׁקְלַאווִינֶען, וָואס דָאס גְרֶאסְטֶע פַארְגְנִיגְן זֵייעֶרס, אִיז הֶערְשְׁן צוּא קָאנֶען. דָאה אָבֶּער בַּאיי דִיא עִבְרִים זֶענֶען זֵייעֶרֶע פְרוֹיעֶן הֶערשֶׁערְנְס, וָואס זֵייעֶר גְרֶאסְטֶעס פַארְגְנִיגְן אִיז, צוּא דִיענֶען! – זֵייעֶר טְרַייקַייט מַאכְט דֶען מַאן שְׁטָאלְץ, זֵייעֶר זַאנְפְטְקַייט, זֵייעֶר לִיעבְּלִיכֶע צְנִיעוּת, רֶעגוּלִירְט דִיא מֶאנְלִיכֶע לַיידְנְשַׁאפְט, זִיא רֵייצְט אִיהם מִיט אַלֶע כּוֹחוֹת צוּא אַרְבֵּייטְן, זִיךְ צוּא פַארְדִיעֶנֶען אַ פְרוֹיעֶן הֶערְץ, אוּנד אַם גְלִיקְלִיכְסְטְן פִיהלְט עֶר זִיךְ, וֶוען לִיעבֶּע אוּנד טְרַייעֶ, צוּפְרִיעדְנְקַייט, אוּנד פַארְגְנִיגְנְקַייט לַייכְטְן אַרוֹיס אוֹיס אִיהרֶע שַׁאמֶעווִדִיקֶע אוֹיגְן! – אִיךְ זֶעה אַייעֶרֶע מַאיֶעסְטֶאט. לַאכְלְן אִיבֶּער מַיינֶע שְׁבָחִים פוּן נְקֵבוֹת, אוּנד בֶּעזָאנְדֶערס אִיבֶּער מַיינֶע בַּאווִינְדֶערוּנג פוּן דִיא נָשִׁים עִבְרִיוֹת. – וֶוען מִצְרַיִם׳ס שֶׁענֶע טָאכְטֶער אָבֶּער, נָאךְ וֶועלכֶער אִיךְ בִּין גִישִׁיקְט פַאר אַייעֶרֶער מַאיֶעסְטֶאט צוּא בֶּעטְן פַאר אַקֶענִיגִן, מַאכְט נָאר הַאלבּ אַזוֹי שֵׁיין זַיין ווִיא אַדָארַא, דִיא שֶׁענֶע טָאכְטֶער פוּן דֶעם עֶלְצְטְן סֶענַאטָאר אִין יְרִיחוֹ, אַזוֹי וֶועט אַייעֶרֶע מַאיֶעסְטֶאט שׁוֹין הָאבְּן אַלִיכְטִיגְן בְּרִילְלִיַאנְט אִין אַייעֶרֶער קְרוֹין, הֶעט אִיךְ נִיט אַוֶועק גִיאַיילְט פִינֶעם גְלַאנְץ פוּן אִיהרֶע אוֹיגְן,

וָאלט אִיךְ גֶעווּיסס פוּן זֵיי פַארבְּרֶענט גֶיוָוארְן אוֹיף אַש . ! —

נָאר מַיינֶע רַייזֶע בַּאשְׁרַייבּוּנג מוּז פָּארטגֶיזֶעצְט וֶוערְן . — דֶען צְווֵייטֶן רַייזֶע טָאג גַאנְץ פַּאר נַאכְט, זֶענֶען מִיר אָן גִיקִימֶען אַהִין, ווִיא צְווֵיי וֶועגֶן בַּאגֶעגְנֶען זִיךְ, אֵיין וֶועג צִיהט זִיךְ גֶען דָרוֹם צוּא, דֶער אַנְדֶערֶער פִיהרְט גֶען מַעֲרִיב צוּא, גֶען רָמָה ווִיא דֶער „רוֹאֶה" ווָאהנְט, עֶר פִיהרְט נָאךְ ווַייטֶער בִּיז צוּם בְּרֶעג פוּנֶעם יַם הַגָדוֹל, וֶועלְכֶן מַאן קָאן שׁוֹין אַרוֹיס זֶעהן פוּן אַ בַּארְג, נִיט ווַייט פוּנֶעם נָבִיא׳ס הוֹיז, אַזוֹי הָאט מִיר דֶער פְּרִינְץ גֶיזָאגְט . — אַזוֹי ווִיא אִיךְ הָאבּ זֶעהר גִיגַאהרט דֶעם הֵיילִיקֶן זָקֵן צוּא זֶעהן, אוּנד אִיהם אִיבֶּערצוּגֶעבֶּן דָאס שְׁלִיחוּת, מִיט דֶעם טְהַייעֶרן פִינְגֶערל אוּנד חוֹתָם, הָאבּ אִיךְ בַּאפוֹילֶן אַז דִיא קַארַאוואַנֶע זָאלל זִיךְ דֶערוַוייל מַארשִׁירֶן גֶען דָרוֹם, אוּנטֶער דֶער פִיהרוּנג פוּן מַיין עֶלְצְטֶן נַחֲרִיב, אוּנד זִיךְ לָאגֶערְנדִיק פַּאר חֶבְרוֹן, זָאלְלֶן זֵיי דָארט וַוארְטֶן, בִּיז אִיךְ וֶועלל צוּא זֵיי אָן קִימֶען, אִיךְ הָאבּ מִיר נָאר אָפְּגִישְׁטֶעלט מַיינֶע הוּנדֶערְט גַארְדִיסְטֶן, אוּנד דֶער פְּרִינְץ זַיינֶע צְווֵיי הוּנדֶערְט, אוּנד דִיא גַאנְצֶע מַתָּנָה הָאט עֶר אִיבֶּערגִיגֶעבֶּן יוֹאָבֶן, אַז עֶר זָאלל זֵיי זִיכֶער בְּרֶענְגֶען גֶען חֶבְרוֹן . נָאר אִין דֶעם אוֹיגֶן בְּלִיק, וֶוען מִיר הָאבֶּן אוּנְז שׁוֹין גִיוָואלט אָפְּטֵיילֶן, אִיז צוּא מִיר נַחֲרִיב אִין דֶער גִיךְ צוּגִישְׁפְּרִינְגֶען, אוּנד הָאט אַזָאג גֶעטְהִין : „אַייעֶרֶע הָאכְהַייט, זָאלל אִיךְ נִיט הֵייסְסֶן בֶּעסְסֶער דֶער קַארַאוואַנֶע, זִיא זָאלל זִיךְ אָפְּשְׁטֶעללֶן ? ווָארְם דָארְטֶן אִין יֶענֶעם טְהָאל, פַּאר אוּנז זֶעה אִיךְ אַ מַחֲנֶה אָן קִימֶענדִיק אוּנד וֶוען מִיר וֶועלְלֶן ווַייטֶער גֶעהן מוּזֶן מִיר זִיךְ בַּאגֶעגְנֶען ."

דֶער פְּרִינְץ אוּנד אִיךְ הָאבֶּן זִיךְ בַּאלד צִיאלָאזְט אוֹיף אוּנְזֶערֶע פֶערְד צִין אַ בַּארְג, וָואס פוּן אִיהם הָאבֶּן מִיר גַאנְץ גִיט גִיקָאנְט זֶעהן, אַז אַלַאנְגֶער צוּג, פוּן בַּאלָאדֶענֶע קֶעמֶלֶען אוּנד מוֹילֶעזֶלֶען שְׁלֶעפְּט זִיךְ אַהֶער צוּא, אוּנד אַ פַּארְטִיע פוּן רַייטֶער בַּאוואַפְנֶט מִיט לַאנְגֶע לַאנְצֶן רַייטֶן אִין פָארְאוֹיס . — „בִּלְתִּי שׁוּם סָפֵק, אִיז דָאס דִיא דֶערוַוארְטֶעטֶע קַארַאוואַנֶע, וָואס קִימְט אָן פוּן שְׁבָא, יֶעדֶעס יָאהר אַקוּרַאט אַרִים אָט דֶער צַייט, גֶע-הֶענְדִיק גֶען דַאמַאסְקוּס !" הָאט דֶער פְּרִינְץ אַזָאג גֶעטְהִין , נָאךְ אַפָּאר מִינוּט חֲקִירָהן ! „נָאר לָאמִיר צוּא רַייטֶן צוּא זֵייא וֶועלְלֶן מִיר זִיךְ אִיבֶּערצַייגֶן . " — בַּאלֵייט פוּן אַ טְהֵייל פוּן אוּנְזֶערֶער לַייבּגַארדֶע, זֶענֶען מִיר אִין קוּרְצֶער צַייט שׁוֹין נָאהנְט גֶעבֶּן זֵייא גִיוֶוען, אוּנד דִיא בַּאוואַפְנֶטֶע פִיהרֶער הָאבֶּן זִיךְ שׁוֹין פַארְטִיג גִימַאכְט, ווִיא צִין אַ מִלְחָמָה, אִיךְ בִּין מִיט מַיינֶע לַייט שְׁטֶעהן גִיבְּלִיבֶּן, וֶועהרֶנד דֶער פְּרִינְץ יְהוֹנָתָן אִיז אַלֵיין צוּא זֵייא פָארְוֶוארְטְס גִירִיטֶן, נָאר תֵּיכֶף וּמִיָד ווִיא דִיא פְרֶעמְדֶע הָאבֶּן דֶערזֶעהן דֶען פְּרִינְצֶן, אִיז אָן עֶלְצְטֶער זֵייעֶרֶער, אַ שְׁווַארְצֶער גִבּוֹר חַיִל פוּן גִיגַאנְטִישֶׁער גְרוֹיסְקַייט, בַּאקְלֵייט אִין אַ קַייטלַאךְ-פַּאנְצֶער. בַּאלד אַרוֹיס פוּן זֵייעֶרֶע שׁוּרוֹת, אוּנד הָאט אַ גַאלָאפּ גֶעטְהִין אִיבֶּרֶן שְׁטִיק פְּלַיין צְווִישֶׁן אוּנְז, אוֹיף אַ קָאהל-שְׁווַארְצֶן שְׁטְרַייט פֶערְד, פוּן פְּרַאכְטִיגֶער שֶׁאנְקַייט אוּנד גְרוֹיסְקַייט, גְרוֹיס אַרְטִיג גֶעהַארְנִישְׁט,— גִירִיטֶן הָאט עֶר נָאר אַזוֹי, ווִיא מֶענְשׁ אוּנ פֶערְד וָואלְטֶן גִיוֶועֶן פוּן אֵיין שְׁטִיק, צוּזַאמֶען גִיוַואקְסֶן פוּן אֵיין גוּף מִיט אֵיין נְשָׁמָה, אַ-ווִינְדֶער צוּא זֶעהן אַזַא מִין רַייטֶן . זַיינֶע לַאנְגֶע לַאנְצֶע הָאט עֶר אָבֶּער גִיהַאלְטֶן אִין אַ רוּהִיגֶער פָּאזִיצִיאָן, נִיט אוֹיף גֶעהֶעבֶּן ווִיא צִין אַ מִלְחָמָה, מִיט דֶעם שְׁפִּיץ אַקֶעגֶן הִימְמֶל.

אַבִּיסל פון דֶער וַייטן, הָאט אִיהם נָאךְ גִירִיטן זַיין נושׂא כֵּלִים, אִיךְ בִּין אויךְ בַּאלְד אויסגִיוַואקְסן נֶעבּן פְּרִינְצן, וועלְכֶער הָאט צוּא מִיר אַזָאג גֶעטהִין. — „אִיךְ הָאבּ רֶעכְט גִיזָאגְט עֶס אִיז דִיא יָאֶהרְלִיכֶע קַארַאוַואנֶע פון שְׁבָא גֶען סִירִיֶען, אִיךְ הָאבּ זַייא דֶערקֶענט אִין דֶער גִישְׁטַאלט פון זַייעֶרֶע שִׁילדֶער אונ וַואפְּן, אונד אָט דֶעם עֶלְצְטן זַייעֶרן הָאבּ אִיךְ שוין פַאר צְוֵויי יָאהרן גִיזֶעהן.״—

„שָׁלום אונד פְרַיינְדשַׁאפְט,״ הָאט דֶער פְּרִינְץ אַגִישְׁרַייא גֶעטהִין, אַז מִיר זֶענֶען נָאר אַ פָּאר שְׁרִיט גִיוֶועֶן פִינֶעם גִבּור הַחַיִל. „אויךְ מִיר וִוינְשׁן פְרִיעדן אונד פְרַיינְדשַׁאפְט, מִיר זֶענֶען אַ קַארַאוַואנֶע פון סוחֲרִים, מַיין הֶערר,״ הָאט דֶער עֶלְצְטֶער זִיךְ אָן גִירִיפְן.— „אִיהר זֶענְט וִוילְקָאמֶען צוּא פַאססִירן אונְזֶער לַאנְד, הֶערר קַאפִּיטַאן, וָוארם מִיר פַארדִיענֶען אויךְ דֶערבַּאיי, הָאט אִיהר זִיךְ אָפּגִישְׁטֶעלְט פַאר חֶבְרון?״ — „נָאר אֵיין טָאג, מַיין הֶערר, וָוארְם מֶען הָאט אונְז פְּלִיצִם מודִיעַ גִיוֶוען, אַז דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבּן זִיךְ צוּ־לָאזְט מִיט אַגְרויסֶער מַחֲנֶה גֶען חֶבְרון, הָאבּן מִיר זִיךְ אָפּגִיטְרָאגן, מִיט אונְזֶער בִּיסל סְחורָה. אִיךְ הָאבּ נָאר אִין גַאנְצן פִיער הונְדֶערט מַאן, אֲפִילוּ גֶענִיג זִיךְ צוּא פַארטְהַיידִיגן גֶעגְן עֵשָׂו'ס ווִילְדֶע לַייט אִין דֶער מִדְבָּר, אָבֶּער נִיט מִלְחָמָה צוּא הַאלְטן מִיט בַּאוַואפְנֶטֶע בְּנֵי חַיִל!״ — „אִיהר הָאט זֶעהר גִיט גֶעטְהִין, וָואס אִיהר הָאט אַייךְ מְמַהֵר גִיוֶוען אַוֶועק צוּא רַייזן, גֶעהט לְשָׁלום!״ הָאט דֶער פְּרִינְץ מִיט פְרַיינְדלִיכְקֵייט דֶעם עֶלְצְטן אַזָאג גֶעטְהִין, אונד זִיךְ צוּא מִיר קֶעהרֶנְדִיק הָאט עֶר זִיךְ אָן גֶערִיפְן, דָאס זֶענֶען בֶּאֱמֶתְן חַדָשׁות!— דֶער פַיינְד מֵיינְט אַפָּנִים חֶבְרון אָנְצוּגְרַייפְן, אונד פון אַייעֶרְטְוֶועגן, מַיין לִיעבֶּער פְּרִינְץ, טְהִיט עֶס מִיר לֵייד, וָוארְם דִיא פְּלִשְׁתִּים וֶועלְלן אַוַודַאי בַּאזֶעצן דִיא פֶּאסְסֶע גֶען דָרום, וֶועט דַאדוּרְךְ אַייעֶרע רַייזֶע גֶען מִצְרַיִם אַבִּיסל אויפְגִיהַאלְטן וֶוערֶן.״ — „אִין דֶעם פַאלל,״ הָאבּ אִיךְ גִיעֶנְטפֶערְט, וֶועלל אִיךְ נִיט לֵיידִיג שְׁטֶעהן בְּלַייבּן בִּיז מִיר וֶועט גִיאֶפֶנְט וֶוערן אַ דורְךְ־גַאנְג, עֶנְטְוֶועדֶער דורְךְ אַייעֶרֶע וַואפן, אָדֶער דורְךְ דֶעם רְשׁות פון דִיא פְּלִשְׁתִּים זָאנדֶערְן אִיךְ וֶועל צוּא שְׁטֶעהן צִין אַייךְ מִיט מַיינֶע טויזֶנְד אַסְסִירִישֶׁע, גִיט אַיינְגִישְׁטוּדִירְטֶע טְרופְּן, אונד וֶועל מִיךְ פְּרִיוִון דֶער גַאנְצֶען מַעֲשֶׂה, אַ גִיכֶערְן עֶק צוּא מַאכְן, כְּדֵי אִיךְ זָאלל מִיר קֶאנֶען בְּשָׁלום וֶועגְן מַיין שְׁלִיחות וַוייטֶער גֶעהן!״ — „אָט דִיא חַדָשׁות הָאבּן מִיךְ בַּאדַארְפט שוין גֶען חֶבְרון טְרַייבּן״. הָאט דֶער פְּרִינְץ זִיךְ בַּארֶענקֶענְדִיק גִיזָאגְט, „נָאר דָארְט אִיז דָאךְ דֶער קֶענִיג זֶעלְבּט, עֶר וֶועט שוין ווִיסְן וָואס עֶר הָאט צוּא טְהִין, אונד אִיךְ וֶועלל צוּזַאמֶענְזַאמֶלֶען אונְזֶערֶע אַרְמֶעע וָואס גֶעפִינְט זִיךְ אִין דִיא דָאזִיגֶע גֶעגֶענְדן, אונד וֶועלל זֵיי אִיהם צוּא שִׁיקְן, אונד גֶען רָמָה וֶועל אִיךְ דָאךְ גֶעהן, דָארְט זֶענֶען אויךְ עֶטְלִיכֶע גַארנִיזָאנֶען, אונד אַחוּץ אַללֶעמֶען, הָאבּ אִיךְ זֶעהר גֶעוָואלְט פְרֶעגן אונְזֶער גָאט, וָואס אִיז צוּא טְהִין אִין אָט דֶער נַייֶען סַכָּנָה. מַיין אָרֶמֶער פַאטֶער פְלֶעגְט זִיךְ תָּמִיד מְיַעֵץ זַיין מִיטן נָבִיא, נָאר אַצִינְדֶערְט אִיז קֵיינֶע פַארבִּינְדוּנְג נִיט צְווִישְׁן זֵיי, מַיין פַאטֶער הָאט דֶעם נָבִיא זַייעֶר שְׁטַארְק דֶער רַגְזִנְט, נִיט הַאלְטֶנְדִיק זַיין בַּאפֶעהל, אונד אִיךְ הָאבּ מורָא אַז גָאט אִיז אויךְ בְּרוגֶז אויף מַיין אומְגְלִיקְלִיכן פַאטֶער, וָוארְם עֶר שֵׁיינְט, אַךְ! זַייט יֶענֶער צַייט צוּא זַיין אונְטֶער אַשְׁוַוארְצן וָואלְקן פון גָאטְס שְׁטְרֶענְגן

מִשְׁפָּט. — וִויא זֶעהר עֶס מוּז אַקִינְד וֶועה טְהִין דָאס צוּא זָאגְן, קָאן אִיךְ אָבֶּער פָּארְט נִיט פוּן אַייךְ פַארלֵייקֶנֶען דֶעם אֶמֶת.

עֶס אִיז גְרָאד גֶעוֶועזֶען פַאר אַ מִלְחָמָה, מֶען הָאט בַּאדַארְפְט אַ קָרְבָּן מַקְרִיב צוּא זַיין, מַיין פַאטֶער הָאט גֶעזֶעהֶן אַז עֶס וֶוערְט שׁוֹין שְׁפֶּעט, אוּנד דֶער נָבִיא, אוֹיף וֶועלְכֶן מֶען הָאט גִיוַוארְט,—וָוארְם עֶר הָאט צוּגְזָאגְט צוּא קִימֶען, אוּנד הָאט אוֹיסְדְרִיקְלִיךְ אָן גִיזָאגְט אַז מֶען זָאלל אוֹיף אִיהם וַוארְטֶן,— אִיז אָבֶּער נָאךְ אַלְץ נִיט גֶעקִימֶען, בְּרֶענֶענְדִיק מִיט אוּמְגֶידוּלְד הָאט מַיין פַאטֶער אַ חַאפּ גֶעטְהִין דֶעם שַׁארְפֶן חַלָף אוּנד הָאט אַלֵיין גֶעשֶׁעכְט דֶעם קָרְבָּן. — דִיא מִלְחָמָה הָאט עֶר פַארלוֹירְן! גָאט אִיז אוֹיף אִיהם בְּרוֹגֶז גִיוָוארן, אוּנד דֶער נָבִיא הָאט זִיךְ אוֹיף אִיהם נִיט נָאר גֶעבֶּאזֶערְט, זָאנְדֶערְן עֶר הָאט אִיהם אוֹיךְ בְּפֵירוּשׁ גִיזָאגְט; אַז מֵהַיּוֹם וָהָלְאָה וֶועט עֶר קַיין גְלִיק מֶעהר נִיט הָאבֶּן אִין זַיין מְלוּכָה, אוּנד אֲפִילוּ זַיין קְרוֹין וֶועט אוֹיךְ בַּאלְד פוּן אִיהם אַוֶועק גִינֶעהמֶען וֶוערן, אוּנד אֵיינֶעם אַנְדֶערן אַוֶועק גִיגֶעבֶּן, וֶועמֶען גָאט הָאט שׁוֹין צוּא דֶער מְלוּכָה אוֹיסגִיוֶואהלְט. — זַייט יֶענֶער צַייט, הָאט דֶער נָבִיא, וָואס הָאט דָאךְ פְרִיעהֶער מַיין פַאטֶער אַזוֹי לִיעבּ גֶעהַאט, עֶר הָאט אִיהם אַלֵיין גִיזַאלְבְּט, אַלֵיין גִיקְרֶאנְט פַאר אַקֶאנִיג אִין יִשְׂרָאֵל, אַצוּנְד זִיךְ פוּן אִיהם אַוֶועק גִיקֶעהרְט, אוּנד שְׁמוּאֵל הָרוֹאֶה, הָאט מִיט זַיינֶעם קֶאנִיג קַיין אֵיינְצִיג וָוארְט נִיט מֶעהר גִירֶעדט, נִישְׁט קַיין גִיטְס אוּנד נִישְׁט קַיין בֶּאז. — דִיא אוּמְצוּפְרִיעדֶענְקַייט פִינֶעם נָבִיא, הָאט אוֹיף מַיין פַאטֶער אַשְׁרֶעקְלִיכֶן אַיינְדְרִיק גִימַאכְט, אוּנד אַשְׁטַן בַּאדֶעקְט אַצִינְד זַיין גַייסְט, אוּנד אַ טִיעפֶע טְרָאוֶוערְקַייט הָאט זִיךְ אַרִים גִיווִיקֶלְט אַרִים זַיין נְשָׁמָה, אָ טְהַייעֶרֶער פְּרִינְץ אַרְבַּאצֶעס! אִיהר וֶועט עֶס גֶעוִויסס בַּאלְד בַּאמֶערְקֶן, אַזוֹי בַּאלְד וִויא אִיהר וֶועט קִימֶען נָאהְנְט נֶעבְּן אִיהם!“ — וֶועהְרֶנְד דֶער עֶנְטְדֶעקוּנְג פוּן דֶעם קֶאנִיגְס שְׁוַואכְקַייטֶן זֶענֶען מִיר וִויעדֶער גֶעקִימֶען צוּא מַיין קַאראַווַאנֶע, וָועהרֶנְד דִיא סוֹחֲרִים זֶענֶען אָנְגֶעקִימֶען הִינְטֶער אוּנְז. — אִיךְ הָאבּ דֶעם פְּרִינְצֶן אוֹיסְגֶעדְרִיקְט מַיינֶע טִיעפְסְטֶע סִימְפַּאטְהִיע מִיט זַיינֶעם גְרוֹיסְסֶן שְׁמֶערְץ, אִיבֶּער דֶעם אוּמְגְלִיק, וָואס הָאט גִיטְרָאפֶן זַיין פַאטֶער, וֶועלְכֶן עֶר עֶהרְט אוּנד לִיעבְּט אַזוֹי שְׁטַארְק. — נָאךְ עֶטְלִיכֶע אוֹיגְן בְּלִיקֶן, הָאט דֶער פְּרִינְץ וַוייטֶער אָן גִיהוֹיבֶּן. — „אִיךְ מוּז זֶעהן דֶען נָבִיא, עֶר זָאלל אַ מֵלִיץ יוֹשֶׁר זַיין פַאר מַיין פַאטֶער צוּא גָאט, עֶר זָאלל אִיהם מוֹחֵל זַיין דֶעם חֵטְא, אוּנד זָאלל אִיהם הֶעלְפֶן, חָאטְשׁ נָאר אִין דֶעם דָאזִיגֶן קְרִיעג, נִיט מַיינֶעט וֶועגְן, עֶדֶעלֶער הֶערר, וִוינְשׁ אִיךְ פוּן דֶעם נָבִיא אוֹיס צוּא בֶּעטְן, אַז מַיין פַאטֶער זָאלל נָאךְ גְלִיקְלִיךְ רֶעגִירְן, וָוארְם מִיר וֶועט עֶס גָאר נִיט לֵייד טְהִין, אַז אִיךְ וֶועלל נִיט יַרְשֶׁנֶען דֶען כֶּתֶר מְלוּכָה, פוּן מַיין פַאטֶער, אִיךְ וִוינְשׁ עֶס נָאר פַאר זַיין כָּבוֹד, פַאר זַיין שָׁלוֹם!“ — „וִויא אִיז עֶס מֶעגְלִיךְ מַיין פְּרִינְץ, מֶען זָאלל פוּן אַייךְ אַוֶועק נֶעהמֶען דֶעם פַאטֶערס קְרוֹין נָאךְ זַיין טוֹיט?“ הָאבּ אִיךְ אִיהן מִיט פַארוְוינְדֶערוּנְג אַפְרֶעג גֶעטְהִין. דַארוֹיף הָאט עֶר גִיעֶנְטְפֶערְט;“ — דֶער נָבִיא הָאט גִיזָאגְט,— אוּנד עֶר זָאגְט וָואס גָאט הֵייסְסְט אִיהם זָאגְן,— אַז נָאכְן פַאטֶערְס טוֹיט, זָאלל זַיין קְרוֹין אִיבֶּער גֶעהן אוֹיף אַן אַנְדֶערְן אָבֶּער נִיט אוֹיף מִיר! אַן אַנְדֶערֶער וֶועט רֶעגִירְן אִין יִשְׂרָאֵל, נָאר נִיט פוּן מַיין בְּלוּט, נִיט פוּן מַיין נָאמֶען!“ אוּנד מִיט אַ וֵוייךְ קְלִינְגֶענְדִיקֶן טָאן הָאט

עֶר וַוייטער גִיזָאגְט: „אָבֶער דֶער יֶענִיגֶער, וָואס וֶועט טְרָאגֶן מַיין קְרוֹין, אִיז אוֹיךְ מֶעהר וֶוערְטה פוּן מִיר" — דֶער פְּרִינְץ הָאט זִיךְ פְּלִיצְם דֶערלַאנְגְט אַיָאג צוּא יוֹאָבֶן, אַזוֹי וְויא עֶר הָאט עֶפֶּעס זֶעהר נאֶטִיגֶעס אִיהם צוּא זָאגֶן, וֶועהרֶנד אִיךְ בִּין גֶעבְּלִיבֶּן פַארזִינְקֶען אִין טִיעפֶע גֶעדַאנְקֶען, אִיבֶּערן שִׁיקְזַאל פִינֶעם עֶדֶעלְן אוּנד גִיטְן פְּרִינְץ! נֶעבֶּעךְ, הָאב אִיךְ מִיר גֶעדַאכְט, זַיין לֶעבֶּן, הָאט אַפָּנִים, אִיז אוֹיךְ פַאר שְׁוַוארְצְט גֶעוָוארֶן, פוּן דֶער גֶעדִיכְטֶן חְמַארֶע, וָואס הֶאנְגְט אִיבֶּערן קָאפּ פוּן זַיין פַארמִשְׁפֶּטֶן פַאטֶער! — דִיא פְּרֶעמְדֶע קַארַאוַואנֶע, מִיט דִיא מֶערקְווירְדִיגֶע פַארשִׁיעדֶענֶע מָאדְן, אוּנד פַארְבֶּן, פוּן זֵייעֶרֶע פַאר-שִׁיעדֶענֶע נַאצִיאָנַאלִיטֶעטֶן, זֶענֶען אָט וָואס נָאר אָנגֶעקוּמֶען, זִיךְ בַּאמֶאהלִיךְ אַרוֹיף קַארַאפּ-קֶענְדִיק דֶעם לַאנְגֶן בַּארְג אַרוֹיף אִין אַ לַאנְגֶער אוּנד בּוּנְטֶער שׁוּרָה. וֶועהרֶנְד מַיינֶע אַסְפִּירֶער הָאבֶּן זִיךְ אוֹיסגֶעשְׁטֶעלְט אִין אַזַייט, גְלַאנְצֶנְדִיק אִין דֶער זִין מִיט זֵייעֶרֶע פְּרַאכְט בַּאוַואפְנוּנְג, אִיבֶּערוַוארטֶנְדִיק דֶעם דוּרְךְ-גַאנְג פוּן דֶער שַׁיָרָא, וָואס הָאט, אִינֶעם פַאר-בַּאיי גֶעהְן, אָן גֶעפִילְלְט דִיא גַאנְצֶע לוּפְט, מִיט דִיא טְהַייעֶרְסְטֶע רֵיחוֹת פוּן דִיא זֶעלְטֶנְסְטֶן בְּשָׂמִים פוּן אַפְרִיקָא. — וֶוען דִיא סוֹחֲרִים'שֶׁע קַארַאוַואנֶע אִיז שׁוֹין אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען, אוּנד אוּנזֶערֶע הָאט זִיךְ וִויעדֶער אָן גֶעהוֹיבֶּן צוּא בַּאוֶועגֶן גֶעגֶן דָרוֹם, הָאט דֶער פְּרִינְץ מַזְהִיר גֶעוֶועזֶן יוֹאָבֶן אוּנד נַהֲרִיבֶן, אַז זֵיי זָאלְלֶן זִיךְ הִיטֶן פַאר אָן אִיבֶּער פַאלל פוּן פְּלִשְׁתִּימְשֶׁע בַּאנְדְן, (חֲבָרוֹת) וָואס זֶענֶען אֶפְשֶׁר בְּסוֹד אַרַיין אִינֶעם לַאנְד. דִיא אַזְהָרָה הָאב אִיךְ אוֹיךְ נָאךְ בַּאקְרֶעפְטִיגְט, מִיר הָאבֶּן זֵיי אַצִינְד גֶעלָאזְט גֶעהְן, אוּנד מִיר זֶענֶען נָאךְ אַזוֹי לַאנְג שְׁטֶעהְן גֶעבְּלִיבֶּן, וַואכֶנְדִיק, בִּיז מִיר הָאבֶּן גֶעזֶעהֶן וְויא דִיא בֵּיידֶע קַארַאוַואנֶען פַארשְׁווִינְדְן אִין דֶער פֶערְנֶע, אִין עֶנְטגֶעגֶענְגֶעזֶעצְטֶער רִיכְטוּנְג, אוּנד צִיא דֶער זֶעלְבִּיגֶן צַייט. אַצוּנְד עֶרְשְׁט הָאבֶּן מִיר אַשְׁפָּארֶן גֶעגֶעבֶּן אוּנזֶערֶע סוּסִים, וָוארִים מִיר הָאבֶּן אוּנְז גֶעוָואלְט אַבִּיסל בַּא אַיילְן, אִין רָמָה אָן צוּא קִימֶען נָאךְ מִיטָאג. פָארוֶוערְטְס הָאבֶּן מִיר אַצוּנְד גֶעיָאגְט, צוּא דִיא פֶּעלְזְנְדִיקֶע בַּארְג-פֶּאסְסֶע. מַיינֶע לַייבּ גַארְדֶע פוּן הִינְדֶערְט נִינְוֵוהִיַאנֶער, אוּנד דֶעם פְּרִינְצְנְס גַארְדִיסְטֶן, הָאבֶּן מִיר גֶעטְהֵיילְט אִין פִיפְּצִיקֶער, פְּאַר-אוֹיטדִיקֶע, אוּנד הִינְטֶענְדִיקֶע, אַחוּץ דֶער גַארְדֶע זֶענֶען נָאךְ פִיער אוּנזֶערִיגֶע גֶעוֶוען; דֶער פְּרִינְץ, אִיךְ אוּנד אוּנזֶערֶע נוֹשְׂאֵי כֵּלִים. — אוּנזֶער וֶועג אִיז אַמָאל גֶעגַאנְגֶען דוּרְךְ רָאמַאנְטִישֶׁע פֶּעלְזְן-פֶּאסֶע, וָואס זֵייעֶרֶע גְלַייכֶע וֶואנְדְט, זֶענֶען גֶעוֶוען גֶעדִיכְט בַּא-הַאנְגֶען מִיט שְׁטַארְקֶע גְפָנִים, אוּנד דִיא סוּכּוֹת (בֵּיידֶעלַאךְ) פוּן דִיא כְּרָמִים, הָאבֶּן גֶעשַׁיינְט אִין דֶער הוֹיךְ צוּא הֶאנְגֶען, וְויא אַ נֶעסְט אוֹיף אַ בּוֹים. — אַמָאהל אִיבֶּער אַפֶּעלְזְן-רִיקֶן, בַּאפֶעסְטִיגְט מִיט קַאסְטֶעלְלֶן, אוּנד גֶעהִיט פוּן אַ גַארְנִיזָאן. — בַּאלְד פַאסִירֶן מִיר גָאהר דוּרְךְ אַ לִיעֶבְּלִיכֶן טְהָאל, אוּנד בַּאלְד, טְרֶעטֶן מִיר אוּנזֶער וֶועג דוּרְךְ אַדָארְף פוּן שָׁאנֶען, אוּנד רֵיינֶען הַייזֶער, פוּן וַוייסְן שְׁטֵיין, מִיט אַ פְּלַאטְשִׁיגְן דַאךְ, אוֹיף וֶועלְכֶן מִיר הָאבֶּן גֶעזֶעהְן דִיא אַיינְוָואהנֶער, זִיךְ פַארשִׁיעדְן בַּאשֶׁעפְטִיגְט. דֶער שְׁפַּאצִירְט, יֶענֶער לַייעֶנְט, אִין אַ מְגִלָּה פוּן פַּארְמֶעט, אוּנד דֶער שְׁרַייבְּט עֶפֶּעס אָפּ. דִיא וַוייבֶּער רֵיינִיגֶן פְלַאקְס, וֶועבֶּן, קָאמְמֶען וָואלל, אָדֶער שְׁנַיידֶערְן, וֶועהרֶנד אַנְדֶערֶע זֶענֶען גְרָאד גֶעזֶעסֶן בַּאיי זֵייעֶרֶע סְעוּדוֹת אַלִין אוֹיף דֶעם פְלַאכֶן דַאךְ, אוּנד הָאבֶּן זִיךְ גִיט אַמִיזִירְט. אָט דִיא

פְלַאכֶע הָאכֶער הָאבֶּן זֶעהר הוֹיכֶע זַייטֶן־װָאנְדט (מַעֲקֶה) אונד פַארשִׁיעֶדן גֶעצִיעֶרְטֶע פִּירהֶאנְגֶע, אונד פְּרַאכְטפָאלל גֶעפַארבְּטֶע שִׁירֶם־דֶאכֶער פַארהֶאנְגֶען אונד בַּאדֶעקְן, דִיא פְּרֶאהלִיכֶע, אָדֶער דִיא הַייזלִיכֶע, גֶעזֶעללשַׁאפְט. פוּן דִיא קוּנסְטרַייכְסְטֶן אַרְבַּייטֶן, פוּן שְׁטִיקֶערַייעֶן, אוֹיף דִיא קָאסְטבַּארְסְטֶן, אונד אוֹיסגֶעזֶיכְטֶעסְטֶן מַאטֶערְיֶען, אִיז גֶעװעזֶן צוּא דֶער קֶענֶען, דֶער רַייכֶע אֵייגֶענְטִימֶער, װֶעהרֶנד דָאס עֶרְנְסְטֶע אונד אֵיינפַאךְ־פַארבִּיגֶע שִׁירֶם־דַאךְ, הָאט גֶעלָאזְט דִיא אָרִימְקֵייט דֶערְקֶענֶען. נָאר, װֶער פוּן זֵיי אִיז דֶער גְלִיקלִיכֶער הָאבֶּן מִיר נִיט גֶיקָאנְט װִיסְסֶן! —

װָאס פַאר אַ שֶׁענֶע סְטֶענֶערִיע? וִויא לִיעבְּלִיךְ? וִויא פְּרַאכְטְפָאלל אִיז דָאס אַללֶעס?! אונד דָאךְ אִיז מִיר דֶער גֶעדַאנְקֶען אֵיינגֶעפַאלְלֶן, וִויא אַזוֹי װָאלְטֶן עֶס דִיא פְּלִישְׁתִּים בַּאלְד פַארבַּייטֶן, װֶען זֵיי זָאלְלֶן זִיךְ קֶענֶען דָאהּ אַרַיין חַאפֶּן? מִן הַסְתָם װָאלְטֶן זֵיי דֶער פוּן אַללֶעס תֵּל גֶעמַאכְט! — אוֹיף מַיינֶע פְרַאגֶן װָאס זֶענֶען דָאס פַאר אַ מִין חֶבְרָה? דָאט מִיר דֶער פְּרִינְץ אִין זַיין גֶעװֶאהנְלִיךְ זֶעהר פְרַיינדלִיכֶן װַייזֶע גֶעעֶנְטפֶערט; אַז זֵיי קִימֶען אַרוֹיס פוּן דִיא אַלְטֶן פְהֶאנִיצִיעֶר; צוֹר אונד פְּלֶשֶׁת. אַ דוֹר פוּן שֶׁאפֶער־בְּנֵי־חַיִל, הָאבֶּן אִין אַלְטֶן צַייטֶן זִיךְ אַרַיין גֶעחַאפְּט אִין מִצְרַיִם (נָאךְ עֶהדֶער דִיא אָבוֹת פוּן דִיא עִבְרִים זֶענֶען אַהִין גֶעקִימֶען.) אונד הָאבֶּן מְנַצֵחַ גֶעװֶען דָאס אִינטֶערֶע עֶגִיפְּטֶן (מִצְרַיִם בְּשִׁפְלָה) אונד הָאבֶּן גֶעגְרִינדֶעט אַ פְּרֶעמְדֶע דִינַאסְטִיע (בֵּית־מַלְכוּת) אִין מֶעמְפִיס —. נָאךְ דֶער רֶעגִירוּנְג פוּן אַ זֶעקְס דוֹרוֹת, הָאט זֵיי אַרוֹיסגֶעטְרִיעבֶּן אַ טְהֶעבְּאִישֶׁער הֶעלְד, הָאבֶּן זֵיי זִיךְ צוּרִיק גֶעצוֹיגֶן גֶען פַּאלֶאסְטִינַא מִיט אַ קְלֵיינֶעם נִשְׁאָר פוּן זֵייעֶר עֶרְשְׁטֶן מִסְפָּר. זַייט יֶענֶער צַייט אָבֶער, הָאבֶּן זֵיי זִיךְ װִידֶער שְׁטַארְק פַארמֶעהרְט אונד פַארגְרֶאסְסֶערְט, אונד הָאבֶּן זִיךְ בַּאזִינְדֶערְס גֶעמַאכְט, צוּא זֵייעֶר פְּרָאפֶעסְסְיָאן, דִיא קוּנסְט אִין װַאפְּן. זֵיי זִיכֶן זֵייעֶר גְרֶאסְטֶן כָּבוֹד אונד הֶעכְסְטֶן גְלִיק, אִין דֶער מִלְחָמָה! — װֶען דִיא עִבְרִים הָאבֶּן אַיינגֶענֶעהמֶען דָאס לַאנְד, הָאבֶּן זֵיי מוֹרָא בַּאקִימֶען פַאר זֵייעֶרְס, זֶענֶען זֵיי גֶעװָארֶן דִיא גֶעשְׁװָארֶענֶע עִבְרִישֶׁע פַיינְד. דִיא עִבְרִים װִידֶער, הָאבֶּן גָאר קֵיין מָאהל נִיט גֶעזִיכְט זֵייעֶר לַאנְד אַיינצִינֶעהמֶען, זֵיי הָאבֶּן נָאר גֶעזִיכְט דָאס אֵייגֶענֶע צוּא פַארְטְהֵיידִיקֶן, אונד בִּיז אוֹיף דֶעם הַיינְטִיגֶן טָאג, הָאבֶּן דִיא פְּלִישְׁתִּים נִיט אוֹיף גֶעהֶערְט צוּא זַיין אַ קַאנְטְשׁוּק אִין גָאטֶס הֶאנְדט אֶקֶעגֶן זַיין פָאלְק. װָארִים זֵיי אִיבֶּערְפַאללֶן תָּמִיד דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל, װֶען דִיא נַאצִיָאן הָאט עֶפֶּעס עוֹבֵר גֶעװֶען אַן עֲבֵרָה בִּכְלָל. וִויא גֶעזָאגְט, דִיא פְּלִישְׁתִּים זֶענֶען דִיא אַיזֶערְנֶע רִיטֶּער מִיט װֶעלְכֶע גָאט בַּאשְׁטְרָאפְט זַיינֶע אוּמְאַרְטִיגֶע קִינְדֶער, בִּיז זֵיי הוֹיבֶּן זִיךְ אָן בַּאיי אִיהם צוּא בֶּעטֶן, עֶר זָאלל זֵיי מוֹחֵל זַיין, אונד אוֹיף זֵיי רַחֲמָנוּת הָאבֶּן, שִׁיקְט עֶר זֵיי אַ רִיטְטֶער אַ גִּבּוֹר, װָאס חַאפְּט דִיא רִיטֶּער אונד צוּבְּרֶעכְט זֵיי אוֹיף פִּיצְלַאךְ! —

וִויא מֶערְקְװִירְדִיג אִיז דָאךְ דֶער גָאט פוּן אָט דֶעם פָאלְק! וִויא בַּאשְׁטֶאנְדִיג בַּאװַאכְט עֶר זֵיי, שׁוֹין זַייט אַזוֹי פִיעל הִינְדֶערְטֶער יָאהר! אונד מִיט װָאסְסֶערֶע גְרוֹיס־אַרטִיגֶע װִינְדֶערְם הֶעלְפְט עֶר זֵיי אוֹיס בְּשַׁעַת אַ סַכָּנָה?! אונד װִידֶער מֶערְקְװִירְדִיג אִיז דִיא שְׁטְרֶענְגְקֵייט פוּן זַיינֶער בַּאשְׁטְרָאפוּנְג, װֶען עֲשִׁירוּת אונד װָאהל־טְהָאג מַאכְט זֵייא

אַבִּיסל פַארגֶעסְנְדִיק, אַז זֵייא זֶענֶען פוּן אִיהם אַלֵיין אָפּהֶענְגִיג! — אִיז עֶר נִיט דֶער שְׁטַארְקסְטֶע פוּן אַלֶע גֶעטֶער? אִיז עֶר נִיט דֶער שְׁרֶעקְלִיכְסְטֶער פוּן אַלֶע, אִין זַיינֶע בַּאוַוייזוּנְגֶען פוּן זִיךְ? — וֶוער פוּן אַסִירִיֶענְס גֶעטֶער! אַשּׁוּר, נִינוּס אַשְׁרוּיךְ אוּנד בֵּלְשַׁאצַר, וֶוער פוּן זֵיי הָאט זִיךְ אֲפִילוּ בַּארִידהמְט אָדֶער נָאהר פָארְגֶעגֶעבֶּן, אַזוֹי שְׁטַארְק צוּא זַיין אִין גְדוּלָה אוּנד אִין כָּבוֹד?! — וֶוען דֶער יוּדִישֶׁער גָאט, אַייעֶרֶע מַאיֶעסְטֶעט, ווָאלְט נִיט בַּאגְרֶענְעצְט זַיינֶע זָארְגֶע, אוּנד הַשְׁגָחָה, נָאר פַאר דָאס עִבְרִישֶׁע פָאלְק אַלֵיין, זָאנְדֶערְן עֶר ווָאלְט זִיךְ אוֹיךְ אָן גֶענֶעדמֶען, פַאר אַלֶע נַאצְיָאנֶען פוּן דֶער וֶועלְט, אַ קֶענִיג, דֶענְסְטְמָאהלְט ווָאלְט אִיךְ מִיט פְרֵייד, אוּנד פַארְגְנִיגֶן, אִיהן אוֹיךְ אוֹיסגֶערִיפֶן פַאר מַיין גָאט, אוּנד הֶערר פוּן דֶער גַאנְצֶן וֶועלְט! — אַז עֶר אִינטֶערֶעסִירְט זִיךְ נָאר, זַיין גִיטסִקייט, אוּנד גְרוֹיסְקֵייט, צוּא דִיא עִבְרִים צוּא בַּאוַוייזֶן, אִיז עֶר, אַפָּנִים, נָאר אַן עִבְרִים'שֶׁער גָאט, אַ נַאצִיאָנַאל גָאט, אַזוֹי אַקוּרַאט וִויא אַשְׁרוּךְ אִיז אוּנְזֶערֶער! — אוּנד פָארְט אִיז דֶער עִבְרִישֶׁער גָאט אַסַךְ שְׁטַארְקֶער! נֵיין, עֶס שַׁיינְט מִיר אַז זַיין כֹּחַ אִיז אִימְשְׁטַאנְד אָן צוּא פִילְלֶן, דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט מִיט זַיינֶער שְׁטַארְקֵייט. אוּנד וֶוען עֶר זָאלל נָאר וֶועלְלֶן, הָאט עֶר גִיקָאנְט הֶערְשֶׁן אִיבֶּער אַלֶע הֶערְשֶׁער, אַגָאט זַיין, אִיבֶּער אַלֶע גֶעטֶער, אוּנד קֶענִיג, אִיבֶּער אַלֶע קֶענִיגֶע! — וָואס אִיךְ וֶוער מֶעהר גֶעוָואהר, פוּן זַיינֶע דְרָכִים, אוּנד מַעֲשִׂים, אַזוֹי מֶעהר פַארעֶהְר אִיךְ אִיהן, אוּנד צִיטֶערע פַאר אִיהם! —

פוּן דֶעסְט וֶועגן הָאט אַייעֶרֶע מַאיֶעסְטֶעט גָאר נִיט, וָואס מוֹרָא צוּא הָאבֶּן, אַז אִיךְ וֶועל אֶפְשָׁר אַרַיין גֶעצְוִוינְגֶען וֶוערן אִינֶעם יוּדִישְׁן אִימְגְלוֹיבֶּן, אוּנד וֶועלל נָאךְ גָאר וֶועללֶן וֶוערן אַן עִבְרִי; נֵיין! דִיא גֶעטֶער פוּן אַסִירִיֶען, זֶענֶען טַאקִי קֵיין מַעֲשֶׂה נִיט פוּן גֶעטֶער, פַאר אַ בֶּן אַשּׁוּר, בִּיז אַשְׁטַארְקֶערֶער אוּנד אַ מֶאכְטִיגֶערֶער גָאט וֶועט קִימֶען, וִויא אָט דֶער עִבְרִישֶׁער אוּנד וֶועט זֵייא אַרָאפּ וַוארְפֶן פוּן זֵייעֶרֶע הִימְמְלִשֶׁע שְׁטִילְכֶענְס, אוּנד וֶועט זֵייא פַארְטְרַייבֶּן צִין אַל דִיא שְׁוַוארְצֶע יָאהר, אוּנד עֶר, וֶועט אִין שְׁטָאט זֵייא אִיבֶּער אוּנְז רֶעגִירְן; —

עֶנְדְלִיךְ זֶענֶען מִיר אָן גֶעקִימֶען צִין אַ פּוּנְקְט, וִויא מִיר קָאנֶען שׁוֹין אוֹיס זֶעהן דִיא צִינֶען פוּן דֶער שְׁטָאדט רָמָה, וָואס שְׁטֶעהט אוֹיף אַ גְלַייכֶן בַּארְג, אוּנד אִיז בַּאפֶעסְטִיגְט פוּן אַלֶע זַייטֶן מִיט טְהִירְמֶער, וָואס גִיבְּט אִיהר אַן אָנְבְּלִיק פוּן אַ קְרִיֶעגֶערִישֶׁען, אוּנד בַּאפוּילְנְדִיקֶן שְׁטָאט. פַּאסִירְנְדִיק, דוּרךְ אַנְגִינֶעהמֶע, אוּנד שְׁטַארְק בַּאפֶּאלְקֶערְטֶע פָארְשְׁטֶעדְט, בַּאגַאפְט אוּנד בַּאוִוינְדֶערְט פוּן אַלֶעמֶען, הָאבֶּן מִיר לְסוֹף גֶערַייכְט דֶעם שַׁעַר הָעִיר, פוּן מִזְרָח זַייט. דֶער פְּרִינְץ הָאט תֵּיכֶף גִיגֶעבֶּן אַזִיגְנַאל, הָאט מֶען אוּנְז זָאפָּארְט, דִיא טוֹיעֶרן גִיאֶפְנְט, אוּנד פָּארְלַאךְ־וַוייז זֶענֶען מִיר אַצִינְד, דוּרךְ דִיא עֶנְגֶן שְׁטְרַאסְן פוּן דֶער שְׁטָאט גֶערִיטֶן, וֶועהְרֶנְד דִיא פַארְגִיטֶעטֶערְטֶע פֶענְצְטֶער, זֶענֶען גֶעוֶוען אָנגִישְׁטָאפְּט, פוּן פָּנִימֶער, אוּנד אוֹיגְן, וָואס הָאבֶּן אוּנְז דוּרךְ־אוּנד־דוּרךְ גִינֶעהמֶען. וָוארְם וֶוען דִיא שְׁטָאדט־לַייט הָאבֶּן אוּנְז שׁוֹין גִיזֶעהן פוּן דֶער וַוייטֶן, הָאבֶּן זֵייא נִיט אַנְדֶערְס גִידַאכְט, נָאר אַז מִיר זֶענֶען פַיינְדְלִיכֶע פְּלִשְׁתִּים, אַצִינְד אָבֶּער גִיוָואהרוֶוערְנְדִיק, אַז מִיר זֶענֶען גָאר פְרַיינְדְלִיכֶע אַסִירֶער, וַוייט, פִּינֶעם אֶרֶץ הַמִּזְרָח, זֶענֶען דִיא

לַייט נָאךְ מֶעהר נַאיִיגִיעַרִיג גִיוֶועֶן, אוּנז גַאנְץ גִיט צוּא בַּאטְרַאכְטֶען. — פַּאססִירְנְדִיק דוּרךְ דִיא הֶאלְפְּט שְׁטָאדט, וָואס אִיז נִיט זֶעהר גְרוֹיס, זֶענֶען מִיר צוּא גֶעקְוִמֶען צִין אַ הויז, נִיט זֶעהר אַלְט אוֹיסזֶעהֶנְדִיק, נָאר פָּארְט עֶפֶּעס מִיט אַ מֶעהר בְּכָבוֹדִיקֶערן פָּנִים, פוּן אַלֶּע אִיבְּרִיגֶע הַייזֶער פוּן דֶער שְׁטָאדט, דָאס אִיז ,,נוֹת" הָאט מֶען מִיר גִיזָאגְט, דִיא וָואהנוּנְג פִינֶעם רוֹאֶה שְׁמוּאֵל! דָאה זֶענֶען מִיר אַרָאפּגִיקְרָאכֶן פוּן אוּנְזֶערֶע פֶערְד, אוּנד דֶער פְּרִינְץ הָאט אַרַיין גִישִׁיקְט זַיין נוֹשֵׂא כֵּלִים, צוּא דֶעם נָבִיא, זִיךְ אוֹיסצוּבֶּעטֶען בַּאיי אִיהם אַוודִיעֶנְץ, פַאר זִיךְ זֶעלְבְּסְט, אוּנד פַארן אוֹרֵחַ, דֶען אַססִירִישֶׁען גֶעזַאנְדֶעטֶען, פִינֶעם הויף פוּן נִינְוֵה. ! —

נָאר, אַייעֶרֶע מַאיֶעסטֶעט, דֶעם בַּארִיכְט אִיבֶּער מַיין בַּאזוּךְ, וֶועלל אִיךְ אָפְּלֶעגֶן אוֹיף אַן אַנְדֶערן בְּרִיוו. — אִינְטֶערֶעססַן, גָאט פַאר אַייעֶרֶער מַאיֶעסטֶעט בֶּעטֶענְדִיק, אַז עֶר זָאלל אַייךְ עֶרהַאלְטֶן גֶעזִינְד, אוּנד שְׁטַארק, אוּנד זָאלל אַייךְ גֶעבֶּן גְלִיק, אוּנד חָכְמָה, צוּא רֶעגִירֶן אַייעֶר לַאנד, מִיט חֶסֶד וְרַחֲמִים, מִיט מִשְׁפָּט וָצֶדֶק, כְּדֵי אַייעֶר טְרָאהן, זָאלל לַאנְג נָאךְ דָאוֶוערן, פַארְבְּלַייבְּ אִיךְ, אַייעֶרֶע מַאיֶעסטֶעט,

אַייעֶר קָאזֶען, אוּנד טְרַייֶעסטֶער אוּנטֶערְטְהַאן אַרְבַּאצֶעס.

---

## פערטער בריוו

אַרְבַּאצֶעס זַיינֶעם קֶאנִיג.

לָאגֶער נֶעבּן חֶבְרוֹן, דִיא רֶעזִידֶענְץ פִינֶעם קֶאנִיג.

מַיין גִילִיבְּטֶער מָאנַארְךְ אוּנד קָאזֶען. — אַצִינְד ווִילל אִיךְ וַוייטֶער דֶערצֶעהְלֶן אַייעֶרֶער מַאיֶעסטֶעט, פוּן דִיא אִינְטֶערֶעססַאנְטֶן אוּמְשְׁטַאנְדֶן, וָואס בַּאטְרֶעפֶן מַיינֶע וויזִיטֶע בַּאיי דֶעם בְּכָבוֹדִיקֶן זֶעהֶער, פוּן יִשְׂרָאֵל. — ווֶעהרֶנְד דֶער נוֹשֵׂא כֵּלִים פִינֶעם פְּרִינְצֶן, אִיז גִיוֶועֶן אִין דֶעם פַּאלַאטְץ, הָאט דָאס פָאלְק זִיךְ דֶערְוַוייל גִיזַאמְמֶלְט אִין גְרוֹיססֶער צָאהל אַרִים אוּנז, אוּנד הָאבֶן גֶעגְרִיסְט, מִיט גְרוֹיססֶע גִישְׁרַייעֶן פוּן פְרֵייד, זַייעֶר קֶאנִיגְס זִין, דֶעם גֶעלִיעבְּטֶן פְּרִינְצֶן, וָואס אִיז פוּן אַיינִיגֶן דֶערְקָאנְט גִיוָוארן, אוּנד דִיא דָאזִיגֶע הָאבֶן אִיהן שׁוֹין דִיא אִיבֶּערִיגֶן בַּאוִויזֶן! — מִיט אַזַא גְרוֹיסְסֶן גַאסְט צְווִישֶׁן זֵיי, אוּנד מִיט דֶעם חִידוּשׁ זִיךְ, אִיבֶּער מַיינֶער אַססִירִישֶׁען גַארְדֶע, פוּן יוּנְגֶן עֶדֶעל לַייטֶן אִין גִילְדֶענֶע קִירַאסֶן, מִיט דִיא זִילְבֶּערְנֶע זָאטֶל בַּאשְׁלֶעגֶע, מִיט דִיא רַייכֶן שַׁארְלַאךְ טִיבֶער, אִיבֶּער דִיא שׁאֶנְסְטֶן פֶּערְזִישֶׁן פֶערְד, הָאט אַללֶעס גִימַאכְט אַזַא מֶערְקְווִירדִיגֶן אַיינְדְרוּק אוֹיף דִיא אַיינְוָואהנֶער, אַז זֵיי הָאבֶּן גִיהַאלְטֶן זִיךְ אִין אַיין וִוינְדֶערְן, אַזוֹי נַאיי אִיז עֶפֶּעס גִיוֶועֶן דִיא סְצֶענֶע פַאר זֵיי. ! —

,,לַאנְג לֶעבֶּן זָאלל אוּנְזֶער פְּרִינְץ!" הָאט אַיינֶער פְּלִיצְם אַגִישְׁרַיי גֶעטְהִין.

,,אוּנד זָאלל בַּאלְד וֶוערן אוּנְזֶער קֶאנִיג!" הָאט מִיט אַ קוּרַאשְׁזֶע אוֹיסגֶערִיפֶן אַן אַנְדֶערֶער.

,,נֵיין, דָאס הֵייסְט אַ מְרִידָה בְּמַלְכוּת, מַיינֶע פְּרַיינְד," הָאט יְהוֹנָתָן זֵיי גֶעמוּסְרְת,

„איהר מײנט ,עס מאַכט ניט נאָר איך קאַן אַזעלכע װאַרמער ניט האָרן" – אין דעם אױגנבליק האָט מען דען מוער גיאָפענט אונד דעם פּרינצס נושא־כּלים איז ערשיענען מיט דעם עלצטן פינעם נביא'ס פּאַלאַטץ, אַן אַלטער מאַן אין אַ לאַנגן גראָװען בגד, מיט שנעע װײסע האָר אונד מיט אַ פּראַכטפאָללן לאַנגן װײסן זילבער־באָרד. ער איז צום פּרינצן צוא גינאַנגען זעהר האָפליך אונד האָט גיזאָגט, װעהרנד ער האָט מיך אױך זעהר אױפמערקזאם באַגריסט; „דער נביא, מײן הערר, באַפױלט מיר אײך מײנע הערן צין איהם צוא פיהרן." –

מיר זענען איהם נאָך גינאַנגען אין אַ הױף אַרײן, װאָס איז געװען אַרים געצױמט מיט קאָרידאָרן, אונד מיט אַ פאָנטענע אין מיטן, מיט הױכע מײטל בױמער, װאָס זײערע ברײטע שפּיצן האָבן ניט באַשאָטנט זײן הױף · דיא קאָללאָנאַדן זענען שױן גיװען גאַנץ אַלט, באַדעקט מיט מאָסס אָדער האַלב באַדעקט מיט שטאַרק פאַרנאַכלאַססיגטע גפנים · דאָס הױז האָט זײט דרײ הונדערט יאָהר גערינט פאַר אַן אױפנטהאַלט פאַר דיא „שופטים" אונד װען שמואל האָט אַװעק גיגעבן זײנע אױטאָריטאַט, פאַר אַלטקײט,– װאָרם ער איז שױן גיװען איבער זיבעציג, האָט ער דאָס הױז, דאָך נאָך פאַר זיך באַהאַלטן פאַר אַ װאָהנונג. נאָר דיא צװײ הױפן פון מצפּה אונד גילגל, װאָס האָבן אױך גיקעהרט צוא דיא שופטים, האָט שמואל איבערגיגעבן דעם מלך · דאָה האָט אַ צײט גיװאָהנט שמשון הגבור, דער משחית פון דיא פּלשתים · דאָה האָט דיא נביאה דבורה גיװאָהנט, אונד כּמעט דיא בעסטן אונד גראָסטן בני חיל אונד שופטים אין ישראל · אַריבערגעהנדיק דעם אינװענדיגסטן הױף, אונד אַרױף געהנדיק אַ שטײנערדיקע טרעפּ, האָט דער עלצטער אונז ערשט דורך געפיהרט, אַ לאַנגע גאַלעריע, ביז מיר זענען אָן געקומען צין אַ גרױמיגן חדר, װאָס איז גיװען גראַד איבערן טױער, דורך װעלכען מיר זענען געקומען · דיא טיער איז גישטאַנגען אָפן · דער עלצטער האָט באַמאָהליכן אָנגיקלאַפּט אונד אַ קול פון אינװעניג האָט אונז גיבעטן אַרײן צוא געהן · מיר האָבן גיהאָרכט, אונד מיר זענען גישטאַנען פאַר דעם איש האלקים · !–

פאַר מיר האָב איך געזעהן, זיצנדיק נעבן אַפענצטער, װאָס האָט גיװאָרפן אַ ליכטיקײט, אױף אַ טישל מיט אַסך מגילות, אַ מענשן פון אַ שאָנעם אונד אַ בכבודיקן אױסזעהן · גרױס אונד מאַיעסטאַטיש פון גישטאַלט, אַקלײן ביסעלע נאָר גיבױגן, פון אַלטקײט, איז ער אַ מענש װאָס מען מוז פאַר איהם דרך ארץ פיהלן · גיזעססן איז ער אױף אַן אַלטן גרױסן שטיהל, פון גאַנץ אַלטער שניטץ־אַרבײט, װאַהרשײנליך דער כּסא משפּט פון פיעלע דורות, אונד אָנגעטהין, אין אַ רײכן װאָללענעם קלײד פון אַ דונקעלער קרימזאָן (שני) פאַרבע, איבער װעלכן איז גיװען אַן אופד · אױף זײנע לענדן האָט ער גיהאַט אַ לײנענעם גאַרטל · גיטראָגן האָט ער אַ גאַנץ װײסן טוניק, מיט פראַנדזן, אָהנליך צוא דעם בגד װאָס איך האָב גיזעהן אױף דעם עלצטן פון דיא לוים · אױף דעם קאָפּ האָט ער גיהאַט אַ קלײנע בלאָװע יאַרמעלקעלע, צוא פאַרשטעלן דיא פעהלנדיקע שנעע װײסע האָר, פון װעלכע נאָר עטליכע האָבן זיך אַראָפּ גילאָזט גרײזלנדיק אױף

דעם נאקן וויא שנייענדיקע זילבערנע פאדם. אויף זיינעם מאיעסטאטישן פנים, האט מען דייטליך גיקאנט זעהן דיא גאטליכע תמימה, אויף–אונד אויסגידריקט; מענשליכקייט! אויף דעם הויכן אונד בּרייטן שטערן, האט זיך אפגיצייכנט אווטאריטאט פון א געבארענער גרויסקייט! דיק אונד שווארץ, ניט אפילו גראוו, האבן זיינע גרויסע אויגן-בּרעמען גיהאנגען, באשטאנדיק זיינע געבּיעטרישע אויגן, אונד האבן נאך פארגראססערט דיא טיעפקייט אונד דיא קראפט פון זיינער הייליקן ערנסטקייט. ! דער קיק זיינער, האט נאך גיגלאנצט מיט דעם פריהערינגן פייער, אונד אלטקייט האט נאך ניט געשוואכט זיין דורך נעהמענדיקן בליק, אדרבה זיינע הייליקע נשמה האט פון זיינע אויגן ארויס גישיינט, גליך וויא בלישטשענדיקע שטערן. זיינע שאנע גיבויגענע נאז, איז דער כמן פון אשטארקן אונד ענטשלאססענעם קאראקטער, פעסט אונד מוטהיג, ווערנד דאס שטאלצע אונד באפוילנדיקע אויסזעהן פון זיינע גישלאססענע ליפפן, באווייזט אז ער האט גיפיהרט א לעבן פון אבזאלוטן באפויל אונד אימבאגרענעצטע קראפט איבער דיא מענשן. – אהוץ דעם, האט זיך מיר אויסגידאכט, אז איך האב גיקאנט דערקענען אויף זיינעם בכבודיקן פנים א מין בשר'קייט, א מין גאטליכע רייכקייט, אן אפשיין פון דער גאטהייט, וואס האט מיט איהם אזוי אפט גירעדט! האטש דיא צייט האט איהם אסך ווייבער גימאכט, איז איהם דאך נאך גילעגן אויפן פנים א געוויססע שרעקליכע שטרענגקייט, וועלכע דערמאהנט, אין דעם פריעהעריגן אבזולוטן דיקטאטאר, דען מאכטיגן שופט אונד דען גרויסן נביא. –

איהם צוא פיסן זענען גיזעסן, נעבן ניעדעריגע טישעלאך, צוויי שרייבער אין בלאווע היטעלאך, אונד אין ווייסע ליינערנע מאנטלן, וואס זייער לאנג האט גיגרייכט ביז צוא דיא סנדלן. אז מיר זענען אריין געקימען זענען זיי גיווען באשאפטיגט, מיט פען אין דער האנד, אניעדער שרייבנדיק, וואס זיינע ליפפן האט זיי דיקטירט. אצינד האט אונזער איינטריט איבערגישלאגן זייער ארבייט, האבן דיא יונגע לייט אונז אביסל באטראכט. אויף דעם אנהייב פון א מגילה האב איך פון דער ווייטן גיקאנט לייענען דאס ווארט „שופטים“. אין דעם גאנצן גרויסן חדר, וועלכער איז אמאהל גיוועזן דאס משפט הויז, וויא איך בין שפעטער גיוואהר גיווארן, זענען גיוועזן ארנגשטירט אסך שטיהלע מיט קליינע טישלאך נאר קיינער איז דארט ניט גיזעסן. איך האב קיין שום פארצירונג ניט גיזעהן אויף דיא וואנדט, פארקעהרט אלעם האט אויסגיזעהן, עפעס אזוי וויא מיט דעם לעצטן, עהרבארן. אונד גרייז-גראווען שופט, זאלל דאס גאנצע אויך אן עק נעהמען.

ווען דער זעהר האט דערזעהן שאול'ס זין אריינטרעטן, האט ער געלאכלט מיט יענער גוטסקייט, וועלכעס שטעהט אן אזוי שאן אלטע לייט, אונד איהם דיא האנד אויסשטרעקנדיג, האט ער צין איהם אזוי גיזאגט:

„ווילקאמען, יהונתן, מיין זין! איך בין צוא שוואך אויף צוא שטעהן.“–

„ניט פון מיינעטוועגן, הייליגער פאטער, ניט פאר א יונגל וויא איך בין“ האט איהם דער פרינץ איבער גישלאגן, אונד פאללנדיק אויף דיא קניע, האט ער געקישט דיא

בִּכְבוֹדִיקֶע האֶנְדְט פִינֶעם נָבִיא, מִיט דֶעם מִיעפְּסְטֶן רֶעספֶּעקְט אונד קִינְדְלִיכֶער לִיעבֶּע.

„אִיךְ פְרֵיי מִיךְ וֶועהֶער אַייךְ צוּא וֶועהן גֶעזוּנְדְט, אונד דַאנְק גָאט וָואס עֶר הָאט אַייֶער טְהַייעֶרֶעם לֶעבֶּן אונז נָאךְ אַזוֹי לַאנְג אוֹיפְגֶעשְׁפָּארְט.“

„אָבֶּער מֵיינֶע טֶעג“, הָאט דֶער אִישׁ הָאֱלֹקִים זַאנְפְט גֶעעֶנְטְפֶערְט, וֶועלְלֶן זִיךְ בַּאלד עֶנְדִיגֶען, מֵיין קִינד! גָאט וֶועט זִיךְ אָבֶּער אָן נֶעהמֶען פַאר זֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, אונד וֶועט אוֹיס פִיהרֶען זֵיין וֶוערְק, פַאר וֶועלְכֶן עֶר הָאט זֵיי אוֹיף גֶעהֶעבֶּן אונד הָאט זֵייא גֶעמַאכְט צוּ אַ גְרוֹיסֶער נַאצְיָאן.“

„אַךְ, מֵיין הֶערר, וִויא שְׁטַארְק וָואלְט אִיךְ גֶעוָואלְט, אַז דֶער קֶענִיג אונד אִיהר, וָואלְט גוּט פְרֵיינְד גֶעוֶוען, מֵיין פָאטֶער הָאט שְׁטַארְק חֲרָטָה אוֹיף דֶעם וָואס אִיז גֶעוֶוען! עֶס בְּרֶעכְט אִיהם שִׁיעֶר זֵיין גְרוֹיסֶעס הַארְץ! עֶר טְרָאוֶוערְט בִּיז זֵיין גֵייסְט וֶוערְט שְׁרֶעקְלִיךְ שְׁוַוארְץ, אונד זֵיינֶע ווֶארְטֶער אונד זֵיינֶע מַעֲשִׂים זֶענֶען שְׁרֶעקְלִיךְ. אַךְ טְהַייעֶרֶער נָבִיא! בֵּייט גָאט פַאר מֵיין פָאטֶער! הֵיילִיגֶער מַאן, זַייא אִיהם מוֹחֵל, הָאב רַחֲמָנוּת הֵיילִיגֶער פָאטֶער.!“

„נֵיין! הָאט דֶער נָבִיא גֶעעֶנְטְפֶערְט צוּזַאממֶענְקְוֶועטְשֶׁנְדִיק דִיא שְׁרֶעקְלִיכֶן בְּרֶעמֶען, אונד אַ פִינְק פִין אַן אוּמְפַארגְנִיגֶן הָאט גֶעבְּלִישְׁטְשֶׁעט פוּן דֶער טוּנְקֶעלְן טִיעפֶקֵייט פוּן זֵיינֶע אוֹיגֶן. „עֶר מוּז טְרָאגֶן גָאטֶס מִשְׁפָּט, וִויא אַלֶּע מֶענְשֶׁן, וָואס זֶענֶען עוֹבֵר אוֹיף זֵיינֶע גֶעזֶעטְצֶע. עֶס טְהוּט מִיר וֶועה צוּא דֶער הַארְץ, פוּן דֶעם טְרָאוֶוערִיגֶן צוּשְׁטַאנְד פוּן דֵיין פַאטֶער. אִיךְ הָאב אָבֶּער נִיט דֶעם כֹּחַ אִיהם צוּ הֶעלְפֶן, מֵיין זִין! גָאטֶס רָצוֹן מוּז גֶעשֶׁעהֶן אונד קֵיין מֶענְשׁ קָאן נִיט הִינְדֶערן דָאס וֶוערְק פוּן זֵיין הַאנְד, אָדֶער זִיךְ נָאר אֶקְעגֶן שְׁטֶעלְלֶן גֶעגֶן זֵיין גְזַר דִין, נֵיין, מֵיין קִינְד! דוּא בִּיסְט אֲפִילוּ אוּמְשׁוּלְדִיג פְרוּם, אונד הָאסְט אַ גוּט הַארְץ, עֶס אִיז אָבֶּער אַחוֹק וְלֹא יַעֲבוֹר, אַז גָאט אִיז אַ פּוֹקֵד עֲוֹן אָבוֹת עַל בָּנִים; אַז דָאס אוּמְשׁוּלְדִיק קִינְד, מוּז לֵיידֶן פַאר דִיא זִינְד פוּן זֵיינֶע עֶלְטֶערְן.!“

„אִיךְ בֵּייג מֵיין קָאפּ אִין אוּנְטֶערטֶהאנִיגְקֵייט צוּא גָאטֶס גֶעזֶעטְץ,“ הָאט בַּעֲנָוּוֹת גֶעעֶנְטְפֶערְט דֶער פְּרִינְץ יְהוֹנָתָן אונד זֵיין קוֹל הָאט גֶעצִיטֶערְט, אונד הָאט עֶפֶּעס אַזוֹי מֶעלַאנְכָאלִישׁ גֶעקְלִינְגֶן, וֶועהרֶנְד עֶר אִיז אַזוֹי גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף דִיא קְנִיעַ פַארן שְׁטְרֶענְגֶן נָבִיא, אַז עֶס הָאט מִיר אוֹיסְגֶעריסֶן אַשְׁטִיק הַארְץ.!—

„דוּא הָאסְט פַארגֶעסֶן, מֵיין זִין, דֶען פְרֶעמְדֶן, וֶועלְכֶער אִיז מִיט דִיר אַרֵיין גֶעקוּמֶען!“ הָאט שְׁמוּאֵל דֶער נָבִיא אַזָאג גֶעטְהוּן צוּם פְּרִינְצֶן, וֶועהרֶנְד עֶר הָאט מִיךְ דוּרְךְ גֶענֶעהמֶען מִיטָן פְּרָאפֶּעטִישֶׁן בְּלִיק זֵיינֶעם.—

„זֵיי מִיר מוֹחֵל, עֶהרוּוִירְדִיגֶער פָאטֶער, אִיךְ הָאב נָאר גֶעדַאכְט אִיבֶּער מֵיין אוּמְגְלִיקְלִיכֶן מַאטֶן“ הָאט עֶר אַזָאג גֶעטְהוּן אוֹיפְשְׁטֶעהֶנְדִיק. „דָאס אִיז דֶער עֶדֶעלְסְטֶער אַרְבַּאצֶעס, אַ פְּרִינְץ, פוּן דֶעם הוֹיף פוּן אַשּׁוּר, אונד קָאזֶען פִינֶעם קֶענִיג בֶּעלְלוּס, עֶר אִיז אַצִינְד אוֹיף דֶעם וֶועג, אַלְס אַן אַמְבַּאסַאדָאר, צוּם הוֹיף פוּן פַּרְעֹה'ן, נָאר אַזוֹי וִויא עֶר פַאסִירְט דוּרְךְ אוּנְזֶער לַאנְד, פַארלַאנְגְט עֶר אַייךְ בַּאקָאנְט צוּא מַאכֶן, מִיט דֶעם כָּבוֹד

אין וועלכן איהר ווערט גיהאלטן פון זיין קאניג, אונד ווינשט פון אייך אן ענטפער אויף עטליכע שאלות." —

אצינד בין איך אפירגעטרעטן, אז יהונתן האט מיך אזוי פארגישטעלט, אונד האב פאר איהם געקניעט, ווארום איך האב פאר איהם באקימען אשרעקליכן רעספעקט, ניט נאר בין איך געצווינגען גיוועזן איהם דען גראסטן כבוד צוא באווייזן, אונד פאר דעם גרויסן זעהר דעם טיעפסטן דרך ארץ צוא האבן, איך האב אפילו געפיהלט אין מיין הארץ, עפעס וויא א מין מורא, ווארום איך האב מיך געפיהלט איבערצייגט אז איך שטעה פאר אן אמת'ן איש אלקים. — אונד קניענדיק האב איך אזוי גיזאגט: „מאג אייער מאכטיגער גאט, וועלכער באווייזט זיך אין גלאררייכער מאיעסטאט, אייך בענשן, אונד עהרן אייער האכהייט, איבער אללע חכמים אויף דער ערד. אונד אייך געבן שלום אונד געזינד נאך אויף לאנגע יאהר! איך שאטץ מיך זעהר גליקליך, עהרבארער זעהער, דיא זכיה צוא האבן צוא זעהן פנים אל פנים, דען מאכטיגן נביא פון דיא עברים, וואס זיין שם האט שוין לאנג געגרייכט ביז צום הויף פון נינוה. ערלויבט מיר פאר אייערע פיס אניעדער צוא לעגן דיא גליקווינשע פון מיינעם קאניג, אונד זיין הערצענס פארלאנגען, אז אייער נאציאן זאל דער גרייכן דאס האכסטע גליק."

איך דאנק דיר אונד דיינעם קאניג, יונגער פרינץ, אונד איך ווינש איהם אויך געזינדט אונד שלום, אונד דיא חכמה ודעת פון דעם אמת'ן גאט, וועלכער איז ה' צבאות, דער מלך המלכים, דער הערר פון דער גאנצן וועלט, דער באשאפער פון אללעמען, וועלכנס קנעכט מיר איז ערלויבט צוא זיין, דער נאך מיך באטראכטענדיק אויפמערקזאם, האט ער מיך אפרעג געטהין, „וויא לאנג ביסטע שוין געוועזן אינעם לאנד?" — „עס איז נאך ניט גאנץ א חודש. אייער האכהייט, זייט איך האב פארלאזט דעם ברעג פינעם חדקל," האב איך געענטפערט אויפשטעהענדיק. „איך בין כמעט דיא העלפטע פון דער צייט געוועזן אין אייער רייכעס אונד שאנעס לאנד, וואס יעדער טריט דער פון האט מיך טיעף אונד שטארק אינטערעססירט." „איך האף, אז דיא וועסט דיין באזיך אינעם עברישן לאנד געפינען אנגענעהם" האט ער האפליך געענטפערט. — דערנאך האט מיך דער גרויסער זעהער איינגעלאדן א פאר טאג באיי איהם צוא בלייבן אלס גאסט, אונד האט מיט א ליעבליכער גיטסקייט אזאג געטהין, חאטש איך קאן דיר ניט געבן א פרינצליכן אונטערהאלט, נאר באם דיא וועסט פארגיט נעהמען דאס וואס איך אונד דיא שולע פון דיא בני הנביאים קאנען דיר דער ווייזן, זאללסטע מיר א זעהר ליעבער גאסט זיין. — מיר האבן נאך אביסל געשמיעסט איבער פארשיעדענע זאכן, אונד נאך יעדער מיניט אונד נאך יעדן ווארט, וואס ער האט ארויסגעלאזט פון זיין הייליק מויל האב איך איהן נאך מעהר פארעהרט. ענדליך איז ווידער דער עלצטער פינעם הויף געקימען אונד האט מיך אוועק געפיהרט אין א חדר ארוין אינעם קארידאר. אויפן וועג האב איך באמערקט נאך אן אינוועגדיקערן הויף מיט א גארטן, אונד פארשיעדענע יונגע לייטלאך אונד מאנער, פארשיעדן ארטיג באשאפטיגט, אן געטהין אין טונקעלע טוניקס

אונד הִיטְעלַאךְ אֵייניגֶע זֶענֶען אַרים גֶעגַאנְגֶען אויף דֶער טֶערַאססֶע לֵייעֶנְדִיק אִין מְגִילוֹת פוּן פַּארְמֶעט, אַנְדֶערֶע זֶענֶען גֶעוֶוען פַארטִיעפְט אִין אַן אִינטֶערֶעססַאנְטֶן גֶעשְׁ־פְּרֶאךְ, אַנְדֶערֶע הָאבֶּן זִיךְ גֶעאִיבְּט אויף מוּזִיקַאלִישֶׁע אִינסְטְרוּמֶענְטֶן, אונד אַנדֶערֶע זֶענֶען גֶעזֶעסֶן אוּנְטֶער דֶעם שָׁאטְן פוּן אַגְרוֹיסְסֶן בּוֹים, אונד הָאבֶּן קָאפִּיעֶרְט פוּן אֵיין מְגִלָּה אִין אַן אַנְדֶערְן.

„וֶוער זֶענֶען זֵיי אונד וָואס טְהוּעֶן זֵייז?“ הָאבּ אִיךְ גֶעפְרֶעגְט מַיין פִיהרֶער, דֶעם פְּרִינְצֶן צוּרִיקלָאזֶנְדִיק מִיטְן נָבִיא, צוּא רֶעדֶן וֶועגֶן זַיין קֶאנִיגְלִיכֶן פַאטֶער, אונד וֶועגְן דֶער נַייֶען סַכָּנָה פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים. — „דָאס אִיז דִיא שׁוּלֶע פוּן דִיא בְּנֵי הַנְּבִיאִים, מַיין הֶערר,“ הָאט דֶער אַלְטֶער מַאן גֶעעֶנְטְפֶערְט „הָאט זֵייעֶר בַּארִיהמְטְקֵייט נִיט גֶעגְרֵייכְט בִּיז אִין דַיין לַאנְד?“ — כְּדֵי צוּא פַאר מַיידְן אַן עֶנְטְפֶער וָואס וָואלְט אֶפְשֶׁר וֶועה גֶעטְהוּן דֶעם גִיטֶן אַלְטֶנס נַאצְיָאנַאל־שְׁטָאלְץ, הָאבּ אִיךְ גִיפְרֶעגְט „וִויא פִיעל זֶענֶען זֵיי?“ „זִיבֶּעצִיק, אַייעֶרֶע הָאכְהַייט, דָאס אִיז דֶער הֵיילִיקֶער מִסְפָּר, נִיט מֶעהר נִיט וֶוענִיגֶער, וֶוען אֵיינֶער פַארלָאזְט עֶס, קִימְט אָן אַן אַנְדֶערֶער. פַאר פֶערְצִיק יָאהר הָאט שְׁמוּאֵל גֶעגְרִינְדֶעט דִיא שׁוּלֶע אַז דִיא בֶּעסְטֶן קָאפּ מִיט דִיא שְׁטַארְקְסְטֶן הֶערְצֶער זָאללֶן הָאבֶּן אַן אָרְט וִויא זִיךְ נָאךְ בֶּעסֶסער אוֹיסצוּבִּילְדְן.“

נָאךְ דֶעם וִויא אִיךְ הָאבּ מִיךְ אַרַיין גִיקְלִיבֶּן אִין מַיין חֶדֶר, אונד גִיהֶערְט פוּן נִינוּס מַיין נוֹשֵׂא כֵּלִים, אַז מַיינֶע לַייבּ־גַארְדֶע זֶענֶען אויךְ גִיט פַארְזָארְגְט. בִּין אִיךְ מִיר אַבִּיסֶל דוּרְךְ גִיגַאנְגֶען דֶעם לַאנְגְן קָארִידָאר צוּא בַּאטְרַאכְטְן דִיא קִינְפְטִיגֶע נְבִיאִים. זֵיי הָאבֶּן מִיר אַלֶּלע גִישַׁיינְט זִיךְ גְלִיקְלִיךְ צוּא פִיהלְן, אונד פוּן זֵייעֶר אוֹיסזֶעהְן צוּא מִשְׁפְּטְן, שַׁיינֶען זֵייא אַרוֹיס צוּא קִימֶען פוּן דִיא בֶּעסְטֶן פַאמִילְיֶען פוּנֶעם לַאנְד. אֵיינִיגֶע הָאבֶּן עֶפֶּעס גְרֶעבֶּער אוֹיסגִיזֶעהְן וִויא דִיא אִיבְּרִיגֶע, נָאר מִן הַסְּתָם קִימֶען זֵיי אַרוֹיס עֶרְגֶעץ פוּן אַן אָפְּזַייטִיגְן אונד אִין אַ וִוינְקֶל גִילֶעגֶענֶעם דָארְף. נָאר אֵיין יוּנגֶער מֶענְש אִיז דָארְט צְווִישְׁן זֵיי גִיוֶוען פוּן גַאנְץ מֶערְקְווִירְדִיגֶער שֶׁאנְקֵייט, אונד זַיינֶע בַּאוֶועגוּנְגֶען זֶענֶען דִיא בֶּא־חֵנְ'טֶעסְטֶע גִיוֶוען פוּן אַלֶּען, וָואס אִיךְ הָאבּ בִּיז אַהֶער גִיזֶעהְן. אָט דֶער אִיז גִישְׁטַאנֶען נֶעבְּן דֶער פָאנְטָאנֶע אונד הָאט עֶפֶּעס גִילֵייעֶנְט אִין אַ פַּארְמֶעט, אונד אִיז שְׁטַארְק גִיוֶוען פַארטִיפְט דְרִינֶען, וֶועהרֶנְד אִיךְ הָאבּ אִיהם מִיט פַארגְנִיגְן בַּאטְרַאכְט הָאט פְּלִיצְם אַ טְרָאמְ־פֶּעט גִיגֶעבְּן אַבְּלָאז אַ פָּאר טֶאנֶע קִירְץ אונד גִיךְ אוּנְטֶער אַן אַנְדֶער אונד אַלֶּלע יוּנְגֶע לַייט הָאבֶּן פַארלָאזְט זֵייעֶר בַּאשֶׁעפְטִיגוּנְג, אונד אַרִיבֶּערגֶעהְנְדִיק דֶעם הוֹיף, זֶענֶען זֵייא אַרַיין אִין אַ טְהִיר, אוּנְטֶער דֶעם פָּארְטִיקָא, אונד זֶענֶען פַארשְׁווּנְדְן. דֶער שֶׁאנֶער יוּנְגֶער שְׁטוּדֶענְט אִיז גִיוֶוען דֶער לֶעצְטֶער צוּם אַרַיין גֶעהְן. אִין דֶעם אוֹיגְן בְּלִיק אִיז דֶער פְּרִינְץ יְהוֹנָתָן גִישְׁטַאנֶען נֶעבְּן מִיר. עֶר הָאט נָאר וָואס פַארלָאזְט דֶעם זֶעהֶער. אויף זַיין פָּנִים הָאבּ אִיךְ אַרוֹיסגִיזֶעהְן אַ טִיעפֶע טְרָאוֶועְרְקֵייט, וָואס הָאט מִיךְ זֶעהר גִישְׁמֶערְצְט, אַז עֶר הָאט אָבֶּער דֶערזֶעהְן מַיין סִימְפַּאטְהִישְׁן בְּלִיק, הָאט עֶר זַאנְפְט גֶעלֶאכְלְט אונד הָאט צוּא מִיר גִיזָאגְט: „מַיין הֶערר, לָאזְן אַייךְ מַיינֶע דַאֲגוֹת נִיט שְׁמֶערְצְן, אִיךְ הָאבּ גִיהָאפְט צוּא פוֹעלְ'ן בַּאיים נָבִיא אַ בְּרָכָה פַאר מַיין פַאטֶער, אונד גְלִיק אִין דֶער יֶעצְטִיגְן מִלְחָמָה. גָאטְס

רָצוֹן איז אָבֶער אַנְדֶערְס . װֶער בִּין אִיךְ, זִיךְ אַקְעגְן גָאט צוּא שְׁטֶעללֶן . דֶער נָבִיא אִיז דְרִינֶגען גָאר נִיט שׁוּלְדִיג, עֶר הָאט נָאר גִיזָאגְט װָאס גָאט הָאט גִיהֵייסְסֶן, דֶעם נָבִיא'ס גְרוֹיס־סֶעס הָאָרֶץ טְהִיט װֶעה אִיבֶּער מַיין אוּמְגְלִיקְלִיכֶן פָאטֶער, הָאטְשׁ עֶר אִיז פֶּעסְט עֶנְט־שְׁלָאסְסֶן דֶען קְאנִיג נִיט מֶעהר צוּא זֶעהן ! – גָאר לְאמִיר דַארִיבֶּער נִיט מֶעהר רֶעדְן ! – װִיא שֶׁאן אִיז דִיא אוֹיסְזִיכְט פוּן דֶער טֶערַראסֶע !– פוּן יֶענֶער שְׁפִּיץ פוּן דֶעם הַר אֶפְרַיִם קָאן מֶען זֶעהן, װֶוען דִיא לִיפְט אִיז קְלָאר דֶעם גְרוֹיסְסֶן מִיטֶלְמֶעער, װַייטֶער פוּן זַיינֶעם אִימ־בַּאגְרֶענֶצְטֶן הָארִיזָאנְט אִיז א סוֹד אוּנד אַ פֶּלֶא פַאר דִיא מֶענְשֶׁן !" – דִיא אוֹיסְזִיכְט אִיז בִּלְתִּי שׁוּם סָפֵק זֶעהר גְרוֹיסַארְטִיג, גָאהר" הָאבּ אִיךְ גֶעעֶנְטפֶערְט „דָאט מִיךְ בַּאשֶׁאפ־טִיגְט גָאהר דֶער הוֹיף אוּנְטֶן, וָואס אַבִּיסֶל פְרִיעֶהער אִיז עֶר גֶעוֶוען פִילל מִיט יוּנְגֶע לַייט, װָאס זֶענֶען גְרָאד אַרַיין גֶעגַאנְגֶען אִין אַ טְהִיר אִינְטֶערְן פָּארְטִיקָא נֶעבְּן יֶענֶעם טֵייטֶל בּוֹים ." –

„אָה אִיהר הָאט גֶעזֶעהן דִיא בְּנֵי הַנְּבִיאִים," הָאט עֶר גֶעזָאגְט, „דָאס אִיז זֵייעֶר שׁוּלֶע . עֶס אִיז אַגְרוֹיסֶע זְכִיָּה דָאה אוֹיף גֶענִימֶען צוּא װֶערן . דָאה װֶוערן זֵיי גֶעלֶערְנְט בַּאיי זִיבְּן פוּן דִיא גְרֶאסְטֶע חַכְמֵי יִשְׂרָאֵל, יֶעדֶער הָאט דִיא מַתָּנָה פוּן נְבוּאָה, אוּנד קָאן אַללֶע מִשְׁפָּטִים, חוּקִים וּמִצְוֹת פוּן אוּנְזֶער גָאט . דָאס פָאלְק אוּנְטֶער שְׁטִיצְט דִיא שׁוּלֶע . דִיא יוּנְגֶע לַייט זֶענֶען נָאר װָאס אַרַיין גֶעגַאנְגֶען צוּא מִיטָאג . אַללֶעמֶען אִיז פְרַיי אַרַיין צוּא גֶעהְן, װִילְט אִיהר מִיךְ אַהִין בַּאלֵייטְן ? " –

מִיט פְרֵיידֶן הָאבּ אִיךְ עֶס אָנגֶענֶעמֶען, אוּנד אָרָאפּשְׁטֵייגֶענְדִיג פוּן דֶער טֶערַראסֶע אִינֶעם גָארְטֶן, הָאט עֶר מִיר עֶרְשְׁטְנס גֶעוִויזן דִיא חֲדָרִים פוּן דִיא יוּנְגֶע לַייט . זֶעהר אַיינְפַאךְ, אוּנד אַ פֶּעלל פוּן אַ לֶאבּ אָדֶער אַ לֶעמְפֶּערְט אִיז גֶעלֶעגְן אוֹיף דֶער אוֹיפְגֶע־פְּלַאסְטֶערְטְן רִצְפָּה, פַאר אַ גֶעלֶעגֶער, אַקְרִיגֶל מִיט װַאסֶער אוּנד אַן אַייזֶערְנֶער לָאמְפּ, דָאס אִיז אִין גַאנְצֶן זֵייעֶר מֶאבֶּל . אַרַיינְגֶעהֶנְדִיק אִין דֶער הַאללֶע הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהן דִיא גַאנְצֶע חֶבְרָה שְׁטֶעהן אַרִים אַ גַאנץ לַאנְגֶן אוּנד שְׁמָאלֶן טִישׁ, אוֹיף װֶעלְכֶן אִיז גֶעוֶוען אָן גֶעשְׁטַאלְט כֵּלִים מִיט בְּרוֹיט, קְרִיגְלַאךְ מִיט װַאסֶער, לִינְזֶן אוּנד אַסַךְ גֶעטְרִיקְנֶטֶע פֵּירוֹת. דָאס אִיז אֲפִילוּ נִיט קֵיין רַייכֶער מִיטָאג, גָאר אִיךְ הָאבּ זֵייא מְקַנֵּא גֶעוֶוען אוֹיף זֵייעֶר רַייכְן אַפֶּעטִיט. בְּרֹאשׁ הַשֻּׁלְחָן, אִיז גִיוֶוען נָאךְ אַקְלֵיין טִישְׁל, אַרִים װֶעלְכֶן זֶענֶען גִישְׁטַאנֶען דִיא זִיבְּן פְּרָאפֶעססָארְן, פוּן גָאבְּלֶער אוּנד זֶעהר פַיינֶען גֶעשְׁטַאלְט, אִיךְ הָאבּ מִיט מַיין אוֹיג גֶעזִיכְט דֶעם שֶׁאנֶען יוּנְגֶען מַאן, װָאס הָאט מִיר אַזוֹי גֶעפֶאלְן אִים גָארְטֶן, אִיךְ הָאבּ אִיהם אָבֶער נִיט גִיקָאנְט גֶעפִינֶען . נָאךְ דֶער סְעוּדָה הָאט מֶען גִיגֶעבְּן אַזִיגְנַאל . אוּנד דֶער עֶרְשְׁטֶער רַבִּי הָאט אָן גִיהוֹיבְּן עֶפֶּעס צוּא זִינְגֶן, אוּנד דִיא בְּנֵי הַנְּבִיאִים הָאבְּן גֶעעֶנְטפֶערְט . דֶער נָאךְ אַיין רַבִּי נָאכְן אַנְדֶערְן בִּיז אַללֶע זִיבְּן הָאבְּן גֶעזִינְגְן אַנֶעדֶער אַשְׁטִיק, אוּנד דִיא תַּלְמִידִים הָאבְּן גֶעעֶנְטפֶערְט מִיט זֵייעֶרֶע קְרֶעפְטִיגֶע קוֹלוֹת מִיט אַ װוּנְדֶערלִיכֶן מֶעלָאדִיע, אַתּוֹדָה לֵאלֹקִים, אַדַאנְק צוּא גָאט פַאר דֶער שְׁפֵּייזֶע . – אַן אַנְדֶער זִיגְנַאל הָאט זֵיי אַוֶועק גֶערִיפְן אִין אַגְרוֹיססֶן זַאל אוֹיבְן, װִיא זֵיי הָאבְּן זִיךְ אוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט, װִיא צִין אַתְּפִלָּה אוֹיבְּן אָן, אוֹיף אַ דִיוַואן בַּאדֶעקְט מִיט אַ בְּלָאוֶוען גֶעוַואנְדְט, הָאבְּן זִיךְ

דִיא זִיבּן לֶעהרֶער אַנִידֶערגֶעזֶעצְט . אַ טְהִיר הָאט זִיךְ גֶעעֶפנְט אוּנד דֶער אַלְטֶער נָבִיא אִיז אַרַיין גֶעטְרֶעטן פוּן זַיין חֶדֶר . אַלְלֶע הָאבּן זִיךְ פַאר אִיהם אוֹיף גִיהֶעבּן אוּנד מִיט אִיבֶּערְגֶעלֶעגְטֶע הֶאנְדְט אוֹיפְן הַארְצן, הָאבּן זַיי זִיךְ פַאר אִיהם פַארבֵּייגְט מִיט גְרוֹיס כָּבוֹד . עֶר הָאט זִיךְ אַנִיעדֶער גֶעזֶעצְט בְּרֹאש פוּן דִיא זִיבּן אוּנד אֶפֶענֶעדִיק אַ מְגִילָּה , הָאט עֶר פָארגֶעלֵייעֶנְט פַאר דִיא אוֹיפמֶערְקזַאמֶע תַּלְמִידִים אַ דְרוּשׁ אָדֶער אַ מַאֲמָר אִיבֶּער דִיא מָארַאלִישְׁן חוֹבוֹת בֵּין אָדָם לְאָדָם, אוּנד הָאט בַּאזִינְדֶערס עֶרְקְלֶארט דִיא גְרוֹיססֵקַייט אוּנד טִיעפֵקַייט פוּן אַ פָּסוּק, וָואס נָאךְ דֶער גֶעזֶעץ גֶעבֶּער משֶׁה, הָאט אִיבֶּערגֶעלָאזְט אַ צַוָּאָה „וְאָהַבְתָּ לְרֵעֲךָ כָּמוֹךָ“ אוּנד מִיט רַייסֶענְדִיקֶער בַּארֶעדזַאמְקֵייט הָאט עֶר בַּאוִויזְן, אַזוֹי וִויא אַלְלֶע בְּרוּאִים זֶענֶען דָאךְ דִיא קִינְדֶער פוּן אֵיין גָאט, מוּזְן זַיי זִיךְ פִיהְלְן נָאר וִויא בְּרִידֶער, וֶוען אֵיינֶער הַאסְט אָבֶּער זַיין בְּרִידֶער אוּנד אִין אַ מְשׁוּגֶע׳נֶער שָׁעָה זִיכְט עֶר אִיהְן וֶועה צוּא טְהִין, בַּאגֶעהְט עֶר דִיא זֶעלְבֶּע עֲבֵירָה וָואס קַיִן אִיז בַּאגַאנְגֶען אַקֶעגְן הֶבֶל׳ן, דֶעם בְּרִידֶערְס בְּלוּט שְׁרַייט פוּן דֶער טִיעפֶער עֶרְד צוּא גָאט, מַלְאָכִים הֶארְן דֶען גְוַואלְד, אוּנד פַארגִיסְן פַייעֶרְדִיקֶע טְרֶערן, אוּנד אַ זִיבּנפַאכֶע קְלָלָה שִׁיקְט גָאט אָן אוֹיף קַיִן׳ס קָאפּ ! – עֶר הָאט אָפּגֶעשְׁלָאסְן דֶעם פְּרַאכְטפָאללְן דְרוּשׁ מִיט אַן אַזְהָרָה , אַז זַיי זָאללְן זִיךְ אִיבְּן אִין דִיא טוּגֶנדְן פוּן רַיינְקֵייט, פִינֶעם גוּף וְנֶפֶשׁ, אוּנד אֱמֶת ! נָאר אֱמֶת זָאלל זַיין וָואס זַיי טְהִיעֶן אָדֶער רֶעדן, נְזִירוּת פוּן יֶעדֶער מַשְׁקֶה הַמְשַׁכֶּרֶת, אוּנד פוּן נָאךְ צוּא גֶעבְּן דֶעם יֵצֶר הָרָע, אוּנד עֶנְדְלִיךְ אַמְלָאכָה צוּא לֶערְנֶען, וָואסֶערֶע עֶס נִיט אִיז . אוּנד דֶערבַּיי הָאט עֶר זַיי דֶערמָאהְנְט, אַז גָאטְס אוֹיג וַואכְט תָּמִיד אִיבֶּער זַיי, אוּנד עֶר מִשְׁפָּט דֶעם מֶענְשְׁנְס מַעֲשִׂים נִיט אַזוֹי נָאךְ זַייעֶר אוֹיסְזֶעהְן, וִויא נָאךְ דִיא אֱמֶת׳ע גֶעפִיהְלֶע פוּן זַייעֶרֶע הֶערְצֶער . אִין זַיינֶע וֶוארְטֶער אִיז גֶעלֶעגְן עֶפֶּעס אַזַא מִין עֶרְנְסְט, אַזַאן אֱמֶת, אוּנד אַזַא אִיבֶּערצַייגֶנְדִיקֶע קְרַאפְט אַז אִיךְ הָאבּ גֶעפִיהְלְט אַזוֹי וִויא עֶר רֶעדְט צוּא מִיר, אוּנד מֵיינְט מִיךְ . דִיא וְוינְדֶערפִּיללֶע רֶעדֶע זַיינֶע הָאבּ אִיךְ פוּן אַייעֶרֶער מַאיֶעסְטֶעט וֶועגן אוֹיף גֶעשְׁרִיעבְּן . – וִויא בַּאלְד עֶר הָאט אוֹיף גֶעהֶערְט, זֶענֶען זִיבְּן יוּנְגֶע לַייט צוּא גֶעגַאנְגֶען צִין אַשְׁטֶעללֶע אִין פְרָאנְט, וִויא מוּזִיקַאלִישֶׁע אִינסְטְרוּמֶענְטְן זֶענֶען שׁוֹין גֶעוֶוען גְרֵייט אוֹיסגֶעשְׁטֶעלט, אוּנד יֶענֶער שֶׁאנֶער יוּנְגֶער מַאן פִינֶעם גָארְטְן הָאט זִיךְ אִין דֶעם אוֹיגְן בְּלִיק אוֹיף גִיהֶעבְּן פוּן אַ זִיטְץ עֶרְגֶעץ אִין אַוִוינְקְלֶע אוּנד אִיז אַצִינְד צוּא גֶעגַאנְגֶען צִין אַ הַארְפֶּע, אוּנד הָאט דֶערלַאנְגְט אַרִיהְר דִיא זַייטְן, אִיז זִיךְ מִיר דֶער מָאן צוּגַאנְגֶען אִין יֶעדֶעם אֵבֶר . אַזוֹינֶע טֶאנֶע הָאבּ אִיךְ אִין מַיין לֶעבְּן נִיט גֶעהֶערְט. וִויא בַּאלְד אָבֶּער פְּרִינְץ יְהוֹנָתָן הָאט אִיהְן דֶערזֶעהְן הָאט עֶר זִיךְ אַחַאפּ גִיטְהִין, מִיט אַקִיק פוּן אִיבֶּערַרַעשׁוּנג אוּנד גְרוֹיס פַארגְנִיגְן, אַזוֹ וִויא עֶר הָאט גֶעוָואלְט אַשְׁפְּרִינְג טְהִין צִין אִיהם, נָאר זֶעךְ צוּרִיק הַאלְטֶענְדִיק הָאט עֶר אַ זָאג גֶעטְהִין „אָה עֶס אִיז דֶער יוּנְגֶער שַׁאפֶער פוּן בֵּית לֶחֶם ! “ – יְהוֹנָתָן אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוּנד הָאט אִיהְן בַּאטְרַאכְט מִיט אַ הֵייסְן אִינטֶערֶעסס, אַזוֹי וִויא אֵיינֶער, וָואס הָאט פְּלִיצְם עֶנְטְדֶעקְט אַ זֶעהר טְהַייעֶרן פְרַיינְד . אִיךְ הָאבּ אִיהְן קֵיין שׁוּם שַׁאֲלוֹת נִיט גֶעפְרֶעגְט, וָוארִים אִיךְ אַלֵיין בִּין אוֹיךְ גֶעוֶוען אַזוֹי שְׁטַארְק פַארטִיעפְט אִין דֶער זִיסְקֵייט פוּן דֶעם שְׁפִּיעל, אוּנד בִּין אַזוֹי בַּאגַייסְטֶערְט גֶעוֶוען פוּן דֶער

רייכקייט אונד זיסקייט פון זיין קול, אז איך האב ווייטער, אונד מעהר גאר געוואלט הערן.
ווארם אזו וויא ער האט איינינגע אויגן בליקע געשפילט, האט ער אויף איין מאהל אן-
גיהויבן צוא זינגען א הימנע (מזמור) צוא זיין גאט.

| | |
|---|---|
| הללו יה ! | לויבט גאט ! |
| הללו־אל בקדשו | לויבט גאט אין זיין היליגקייט |
| הללוהו ברקיע עזו | לויבט איהן אינעם הימעל פון זיין שטארקייט |
| הללוהו בגבורותיו | „ „ אין זיינע גרויסע גבורות |
| הללוהו כרוב גדלו | „ „ נאך דער פילקייט פון זיין גרויסקייט |
| „ בתקע שופר | „ „ מיט דער תקיעה פון שופרות |
| „ בנבל וכינור | „ „ מיט א הארפע אונד מיט א לירע |
| „ בתוף ומחול | „ „ מיט פויקן אונד מיט מאנץ |
| „ במנים ועגב | „ „ אויף אינסטרומענטן אונד ארגלן |
| „ בצלצלי־שמע | „ „ אויף וויט־הערנדיקע צימבלען |
| „ בצלצלי תרועה | „ „ אויף וייט־שאללענדיקע צימבלען |
| כל הנשמה תהלל יה | אללע נשמות לויבט גאט |
| הללו־יה ! — | לויבט גאט ! — |

מיט איינגעהאלטענעם אטהעם האבן אללע געהערט דעם גרויסארטיגן אנטהעם! וויא עדעל אונד חנ׳עווריק איז זיינע שטעלונג! וויא גרויסארטיג פאהרן זיינע פינגער איבער דיא זייטן פון דער הארפע! וואס פאר א הייליגע אנדאכט ליעגט איהם אויפן פנים! אונד וואס פאר א הימליש ליכט, וויא אמזבח פייער, ברענט ארוים פון זיינע פארגלאצטע אויגן! — ווען ער האט גענדיגט, האבן דיא אנדערן אויך זייערע חלקים געשפילט, אויף דיא איבריגע אינסטרומענטן, אונד דיא בני הנביאים האבן צוא געזינגען, אונד דער זעהער, אויפהעבנדיק זיינע הענדט צוא גאט האט ארויף געשיקט א תפלה זכה פאר בני ישראל, ווען אללע הארפן צימבלען, שופרות אונד קולות האבן זיך פאראייניגט אללע אין איינעם, אין א הארציגן אונד א מעכטיגן הללו־יה! —

איך בין שיער אנמאכטיג געווארן, פון דער שטארקן באוועגונג פון מיינע געפיהלע! מיין הארץ איז שוין כמעט צערגאנגען פון דעם זיסן הארפן־שפיעל. דיא טרערן זענען מיר געלויפן פון דיא אויגן. קיין מאהל ניט פריהער האט דיא הארמאניע פון טאנע מיך אזוי שטארק געריהרט! —

דער זעהער האט אצינד אויסגעשטרעקט זיינע הענדט אונד האט געבענשט זיינע תלמידים מיט דער ברכת כהנים. דיא שטודענטן זענען זיך צוא גאנגען. שמיעסנדיק איינער מיט דעם אנדערן, אדער מיט דיא פראפעסארן, איינינע זענען צוא געקומען צום פרינצן יהונתן, אונד מיט באווייזע פון גרויסם כבוד אונד טיעפער ליעבע, האבן זיי איהן באגריסט. — „ווער״ האב איך דען פרינצן אפרעג געטהין „איז יענער יונגער מאן וואס האט געשפיעלט אזוי ווינדערליך שאן, אונד געטליך ערהאבן, אויף דער הארפע?״

„אָט גֶעה איך איהם אַרים נֶעהמֶען !“ הָאט עֶר גֶעעֶנְטפֶערְט, „זֶעהְט איהר עֶר קומְט שוין!“—
„דָוִד !“ — „מַיין פְרַיינְד אונד פְּרִינְץ !“ — גְרוֹיסֶס הָאט מיר גֶעשַׂיינְט, איז גִיוֶועֶן דיא
פְרֵייד אויף בֵּיידֶע זַייטְן, צְווישֶן דֶעם פְּרִינְצֶן אונד דֶען הַארְפֶענִיסְטֶן, דֶער עֶרְשְׁטֶער הָאט
גֶערֶעדְט מיט אַ גֶעפִיהל פון בְּרֶענֶענְדיקֶער פְרַיינְדשַׁאפְט אונד דֶער לֶעצְטֶער מיט עֲנָוות,
אונד דָאךְ הָאט מֶען גוט גֶעקָאנְט זֶעהן, וויא זֶעהר עֶר הָאט לִיעבּ דֶען פְּרִינְצֶן. — „וויא
לַאנְג בִּיסְטֶע שוין דָאה אין דֶער שׁוּלֶע פון דיא בְּנֵי הַנְּבִיאִים ?“ הָאט דֶעם קֶענִיג
שָׁאוּלְ'ס זִין גֶעפְרֶעגְט, נָאכְן אַרימְנֶעהמֶען, דֶעם פַּאסְמִיךְ פון בֵּית לֶחֶם. „איךְ הָאבּ גֶע-
מֵיינְט אַז דיא בִּיסְט נָאךְ אין בֵּית לֶחֶם“ — „איך בִּין עֶרְשְׁט אַפָּאר וָואכְן דָאה, עֶדֶעלֶער
פְּרִינְץ“ הָאט בַּעֲנָוות גֶעעֶנְטפֶערט דֶער יונְגֶער פָּאעֶט, מיט אַבְּלִיק פוּל פון פְרַיינְדשַׁאפְט,
וֶוען נִיט פון לִיעבֶּע. „דֶער הֵיילִיקֶער נָבִיא שְׁמוּאֵל, הָאט נָאךְ מיר גֶעשִׁיקְט איךְ זָאלל
אַהֶער קוּמֶען שְׁטוּדירְן, הָאבּ איךְ איהן גֶעמוּזְט פָאלְגְן, אונד איךְ שֶׁאצְן מיךְ אויךְ גְלִיקְלִיךְ
אַ תַּלְמִיד צוּא זַיין פון אַ זָאלְכְן בַּארִיהמְטֶן לֶעהרֶער.“ — „איךְ פְרֵיי מיךְ זֶעהר דַארִיבֶּער,
מַיין טַהייעֶרֶער דָוִד ! אָט דָאה איז טַאקִי דַיין אָרְט, אָט דָאה דַארְפְסְטֶע זַיין, דיא ווייסְט
עֶס אַזוֹי גוּט וויא איךְ, דַיינֶע הוֹיכֶע בַּאשְׁטִימוּנְג, דֶער דָערוֶואהלְטֶער פון גָאט! דַארְף זִיךְ
אַבִּיסֶל צוּא גְרֵייטֶן צוּא זַיין גְרוֹיסֶער פְּקוּדָה. — דֶער פְּרִינְץ הָאט עֶס לֶעפֶּעס גֶערֶעדְט
אין אַ טְרָאוֶוערִיגֶן טָאן, חָאטְשׁ עֶר הָאט עֶס אֶפְשֶׁר נִיט גֶעפִיהְלְט, דָוִד הָאט איהם גֶענוּמֶען
בַּאיי דֶער הַאנְד אונד אָן אַ וָוארְט צוּא רֶעדְן, וָוארְם זַייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען זֶענֶען אין דֶעם
אוֹיגְן בְּלִיק גִיוֶועֶן בַּאשְׁטֶעטִיגְט מיט דֶעם אֵיינֶענֶעם גֶעגֶענְשְׁטַאנְד, זֶענֶען זֵיי זִיךְ גֶעאָרִימְט
גֶעשְׁפַּאצִירְט. מיט מַיינֶע אוֹיגְן הָאבּ איךְ זֵיי בַּאלֵייט מיט טִיעפְן אִינְטֶערֶעסֶע, מיט אַ
פַארלַאנְגֶען לֶעפֶּעס מֶעהר צוּא ווִיסְן פון דֶעם עֶדֶעלְן אונד שֶׁאנֶען יוּנְגְן מַאן, וֶועלְכְן, וויא
עֶס שַׁיינְט, דֶער פְּרִינְץ הָאט אַזוֹי לִיעבּ. — דֶער זַאל איז אַצִינְד גַאנְץ לֵיידִיג גֶעוָוארְן
אַ חוּץ דֶעם רוֹאֶה, צוּא וֶועלְכְן איךְ בִּין צוּאגֶעגַאנְגֶען, וָוארְם עֶס הָאט זִיךְ מיר אוֹיסְגֶע-
דַאכְט, אַז עֶר וַוארְט אויף מיר. — „קוּמְט מיט מיר אין מַיין חֶדֶר אַריין, מַיין הֶערר פון
נִינְוֵה“. הָאט עֶר צוּא מיר גֶעזָאגְט, מיט אַ נַאטִירְלִיכֶער הָאפְלִיכְקֵייט, „אַז דֶער פְּרִינְץ
איז אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען מיט דֶעם יוּנְגֶן שֶׁאפֶער דָוִד, וֶועט איהר מִן הַסְּתָם מוּזְן אַבִּיסֶל אַל-
לֵיין בְּלַייבְּן, וֶועלל איךְ אַצִינְד אוֹיסהֶארְן, וָואס איהר הָאט מיר צוּא זָאגְן אין דֶער שְׁלִיחוּת
פון אַייעֶר קֶענִיג.“ — איךְ בִּין גֶעבְּלִיבֶּן אִיבֶּער אַשָׁעה מיט דֶעם אִישׁ הָאֱלֹקִים, דֶער
שְׁרֶעק, וֶועלְכְן איךְ הָאבּ גֶעפִיהְלְט אין זַיין גֶעגֶענְוַוארְט איז אויף קֵיין אוֹפְן נִיט קְלֵיינֶער
גֶעוָוארְן, וֶועהרֶנְד אַ טִיעפֶעס גֶעפִיהל פון קִינְדְלִיכֶער לִיעבֶּע איז נָאךְ צוּא גֶעקוּמֶען, וֶוען
איךְ וֶועלל צוּרִיק קוּמֶען, וֶועלל איךְ אַייעֶרֶער מַאיֶעסְטֶעט אִיבֶּערגֶעבְּן זַיין עֶנְטפֶער אויף
אַייעֶרֶע שְׁאֵלוֹת. וֶוען דיא רֶעדֶע איז גֶעוֶועֶן אִיבֶּער דֶעם קֶענִיגְ'ס קְרַאנְקְהֵייט, הָאט עֶר
צוּא מיר זֶעהר עֶרְנְסְט אַזָאג גֶעמְהִין. — „פְּרִינְץ, איהר וֶועט גֶעפִינֶען שָׁאוּלְן אַן אוּמְ-
גְלִיקְלִיכְן מָאנַארְךְ ! דֶער גַייסְט פון גָאט הָאט זִיךְ פון איהם דֶערְוַוייטֶערְט פַאר זַיינֶע זִינְד
אונד אוּמְגֶעהָארְכְזַאמְקֵייט, עֶר איז צוּא בַּאמִיטְלַיידְן, זַיין צֶעפְּטֶער וֶועט פון איהם בַּאלְד
אַוֶועק גֶענֶעמֶען וֶוערְן, אונד אָפּ גֶעגֶעבְּן אֵיינֶעם, וָואס גָאט הָאט שׁוין גֶעוַאלְבְּט“.

דער זעהער האט אינטערעסן באמערקט, וויא איך האב געהאפט אקיק אויף פערשיעדענע מגלות געשריעבן אויף פארמעט, האט ער זיך צוא מיר אן געריפן. – „איך זעה אז איהר האט שטארק חשק צוא וויסן חדשות, אט דיא מגלות זענען כולל דען פארטשריט פון דריי הונדערט אונד ניינציק יאהר אין וועלכע, דיא שופטים האבן רעגירט פון יהושוען ביז אויף מיר אליין, דער לעצטער שופט אין ישראל! דארט אויבן איז דער ספר יהושע, געשריבען פון איהם אליין ביז עטליכע טאג פאר זיין טויט, אונד איך האב עס משלים געווען. דיא פינף גרויסע מגילות אין פורפורנע שיידלאך, דארט נעבן דעם פענצטער, ענטהאלטן דיא פינעף ספרים פון אונזערן גרויסן געזעץ־געבער משה. זיי זענען באיי אונז הייליק, אלס דיא ווערטער וואס אונזער גאט האט צין איהם גערעדט. יענע קליינע מגלה אין דעם זילבערנעם שיידל איז געשריבן פון דעם יונגן הארפעניסטן „דיא געשיכטע פון רות" וועלכע איז געוועזן דיא מוטער פון זיין זיידן, אויף מיין פארלאנגען האט ער געשריבען דעם יחוס פון זיין פאמיליע אלס ער איז נאך ניינצעהן יאהר אלט געוועזן. עס איז זעהר שאן געשריבען, ווארום אט דער יונגער מאן איז פון נאטור א פאעט אחוץ געטליכער באגייסטערונג „איך פיהל אשטארק אינטערעסע אין דעם יונגען הארפעניסטן, מיין העררי" האב איך געזאגט, „אונד מיט אייער רשות, מאכט איך גערן לייענען זיין ספר." –

אין אט דעם אויגן בליק איז אריין געקימען איינער פון דיא זיבן פראפעסארן פון דיא בני הנביאים, אונד פון זיין פנים האט מען גיקאנט ארויס לייענען, דיא גרויסע קוראשזע, וואס א הייליקער מענש פיהלט אין זיך, ווען, אחוץ גאט האט ער פאר קיינעם קיין מורא ניט, אזא נביא וואס זאלל קאנען מוסרן, א קעניג וויא א פראסטן בשר ודם, מוז אויך באזיצן אזא כח. אינעם אריין געהן האט ער זיך אביסל פארנייגט אקעגן מיר, אונד האט זיך גילאזט געהן נעמען א ספר פון א פאליטשקע, ווען דער זעהער האט צין איהם אזאג געטהין: „נתן מיין זין, גיעב דעם פרינצן פון אשור דעם ספר „רות" אונד ווען דוא האסט צייט שרייב עס איהם אפ. ער ווינשט צוא וויסן אללעס וואס ער קאן, פון אונזער פאליטיק, רעליגיאן, אונד ליטעראטור וועהרנד דער קורצער צייט, וואס ער בלייבט אין אונזער לאנד! אזוי וויא דוא ביסט באקאנט מיט דיעזע זאכן, ווינש איך אז דוא זאללסט מיט איהם בלייבן א קליינע צייט, אונד זאללסט איהם מיטטהיילן אללסדינג וואס ער וועט דיך נאר פרעגן."

איך האב דעם גרויסן נביא גידאנקט פאר זיינער פריינדליכקייט, אונד נאך דעם וויא דער יונגער לעהרער האט מיר גיגעבן דעם ספר רות, האט ער מיט א פריינדליך לאכעל, צוא מיר גיזאגט: עס וועט מיר גרויס פארגניגן מאכן, ווען איך וועל אייער האבהייט קאנען ניצליך זיין." – דער זקן איז זיך אוועק גיגאנגען אין זיין חדר אריין אונד איך בין גיבליבן מיט נתן'נען איבער צוויי שעה עקזאמינירנדיק אין דיא מאנוסקריפטן (כתבי־יד) וועלכע זענען אויך פראכטפאלל שאן גישריבן מיט פארצירטע אנהויבסן אין ברילליאנטענע פארבן. דער האפליכער לעהרער האט מיך גיפירט אין א

חֵדֶר אוֹיף דֶער טֶערַאססֶע, וָואס הָאט ,ענטְהַאלְטֶן סְפָרִים בְּמְעַט אִין אַלֶע בַּאַקאַנטֶע לְשׁוֹנוֹת פוּן דֶער וֶועלְט ; ,עגִיפְּטִישֶׁע, אַססִירִישֶׁע, פּהֶאֶנִיצִישֶׁע, אִינְדִישֶׁע, אַרַאבִּישֶׁע, בָּבְלִישֶׁע אוּנד כְּתָבִים פִינֶעם לַאנד תַּרְשִׁישׁ פוּן גַאנְץ וַוייט אִים אָסְטֶן, אוּנד פוּן דִיא אִינְזֶעלֶען פוּן גְרֶעקֶן לַאנד פוּן גַאנְץ וַוייט אִים וֶועסְטֶן, וָואס דֶער נָבִיא הָאט אִין אַ לֶעבֶּן פוּן כִּמְעַט נַיינְצִיק ,יאהר, צִינֹאוֹיפְגִיזַאמְמֶלְט פוּן רַייזֶענְדֶע אוּנד סוֹחֲרִים, מַאנְכֶעמָאל צָאהלְנְדִיק דִיא ,עלְצְטֶע פוּן ,קאַראַוואַנֶעס, אַסַךְ גֶעלְט פַאר כְּתָבִים פוּן אַ וַוייטֶן לַאנד .—

,,אִיז עֶמֶעצֶער דָאהּ צְווִישֶׁן אַייךְ אַזוֹי גִילֶערְנְט, וָואס פֶארשְׁטֶעהט צוּא לֵייעֶנֶען אַלֶע דִיעזֶע כְּתָבִים ? הָאבּ אִיךְ גִיפְרֶעגְט, הַאלְטֶנְדִיק אִין מַיינֶע הֶאנְדְט אַשְׁטַארְקֶן סֵפֶר צִינֹאוֹיפְגֶעלֶעגְט צְווִישֶׁן גְרָאבֶּע זִילְבֶּערְנֶע טָאוולֶען אוּנד פְּרַאכְטפָאלל גִישְׁרִיעבֶּן מִיט, מִיר גַאנְץ אוּמבַּאקַאנְטֶע אוֹתִיּוֹת . — ,קיינֶער נִיט, אַחוּץ אוּנְזֶערֶן טְהַייעֶרן פְּרֶעזִידֶענְט,“ (הַיוֹשֵׁב בְּרֹאשׁ) הָאט ,ער גִיעֶנְטפֶערְט . ,,עֶר אַללֵיין בַּאזִיצְט דִיא ,קֶענְטְנֶעס פוּן דִיא לְשׁוֹנוֹת . אָט דֶער גְרוֹיססֶער אוּנד שְׁוֶוערֶער סֵפֶר אִין אַייעֶרֶער הַאנְד אִיז אַן אַרַאבִּישֶׁער פוּן אֶרֶץ אֱדוֹם, וָואס בֶּאהַאנדְלְט דִיא חָכְמַת הַכּוֹכָבִים . אִיהר זֶעהט אוֹיפֶן טָאוול אִיז אוֹיסגִישְׁטָאכֶן דָאס בִּילְד פוּן דֶער שְׁטָאדט “ — פוּן דֶעם ,,חֵדֶר הַחָכְמוֹת“ וִויא מֶען רִיעפְט עֶס, זֶענֶען מִיר אַרוֹיס גִיגַאנְגֶען אוֹיפֶן ,קארִידָאר, וִויא ,ער הָאט מִיר גִיוָואלְט וַוייזֶן דִיא אוֹיסזִיכְט אוֹיפֶן יַם הַגָּדוֹל גֶען וֶועסְטֶן, אַזוֹי וִויא מִיר זֶענֶען גִיגַאנְגֶען אִיבֶּערֶן גָארְטֶן הָאבּ אִיךְ דֶערזֶעהֶן עֶפֶּעס אַ מִין מֶערְקְווִירְדִיגֶן עַמּוּד (זַיילֶע) ,קינְצִיג גֶעאַרבֵּייטֶעט . הָאט מִיר מַיין פִיהרֶער גִיזָאגְט : ,,דָאס אִיז דִיא אֵיינְצִיגֶע זַיילֶע וָואס אִיז אִיבֶּערגִיבְּלִיבֶּן פִינֶעם גְרוֹיסְסֶן טֶעמְפֶּל פוּן בֵּל, וָואס אִיז אַמָאהל אָט אוֹיף דֶעם אָרְט גִישְׁטַאנֶען, אוּנְזֶערֶע אָבוֹת הָאבֶּן אִיהן צֶערְ-שְׁטֶערְט נָאךְ צוּא יְהוֹשֻׁעַ׳ס צַייטֶן, נָאר אָ דִיא זַיילֶע הָאט ,ער גִיהֵייסְסֶן אִיבֶּערְלָאזֶן, אַלְס אַנְדֶענְקֶען פוּן דֶער גְרוֹיסאַרטִיגֶן אַרְחִיטֶעקְטוּר פוּן דֶער מֶאכְטִיגֶער נַאצְיָאן וָואס ,ער הָאט מְנַצֵּחַ גִיוֶוען . אַצוּנד אָבֶּער אִיז דֶער עַמּוּד נָאךְ מֶעהר בַּארִיהמְט, אַלְס דֶער ,קֶבֶר פוּן ,,שִׁמְשׁוֹן הַגִּבּוֹר“ וָואס אִיז אַמָאהל גִיוֶוען אַ שׁוֹפֵט אִין יִשְׂרָאֵל .

,,אִיךְ הָאבּ הַיינְט גִילֵייעֶנְט אִין אַ מְגִילָּה בַּאיים זֶעהֶער“ הָאבּ אִיךְ מִיךְ אָנְגֶערִיפֶן , ,,אַ ,דֶערצֶעהלוּנְג פוּן דֶעם ,עִבְרִישֶׁן הֶערָא, וֶועלכֶער אִיז גִישְׁטָארְבֶּן אַיָאהר זִיבְּצִיק אָדֶער אַכְצִיק צוּרִיק, וֶועהְרֶנד ,ער הָאט אוּמגִיוָוארְפֶן אַגְרוֹיסְסֶן טְהֶעאַטֶער אוֹיף דִיא קֶאפּ פוּן זַיינֶע פַיינְד אוּנד מִיט זֵיי זִיךְ ,זֶעלְבְּסְט דֶערהַרְגֶט .“

,,אֶמֶת ! ,ער אִיז טַאקִי גִיוֶוען דֶער שְׁטַארְקסְטֶער, חָאטְשׁ נִיט דֶער הֶאכְסְטֶער פוּן אַללֶע מֶענְשֶׁן, אוּנד אִיז עֶדל גִישְׁטָארְבֶּן אִין אַ נְקָמָה אִיבֶּער דִיא שׂוֹנְאִים, וָואס הָאבֶּן אִיהם אוֹיסגִישְׁטָאכֶן דִיא אוֹיגֶן, שְׁפֶּעטֶער הָאט מֶען זַיין גוּף אַרוֹיס גֶענוּמֶען פוּן דֶער רָא-אִינֶע אוּנד ,ער לִיגְט אַצִינְד בַּאגְרָאבֶן נֶעבֶּן דֶעם ,עַמּוּד , וָואס אִיז אַצִינְד גִיוָוארֶן זַיין מַצֵּבָה . — וֶוען ,ער אִיז גִיוֶוען שׁוֹפֵט אִיבֶּער ,יִשְׂרָאֵל פְלֶעגְט ,ער דָאהּ וָואהנֶען צְוֵוייא יָאהר כְּסֵדֶר, אַמָאהל אִיז גְרָאד אִין דֶער נַאכְט גִיוֶוען אַן ,עֶרְדצִיטֶערְנֶעסס , אוּנד אוֹיף מָארְגֶן הָאט מֶען גִיזֶעהן אַז דִיא זַיילֶע אִיז גִיוֶוען אַזוֹי שְׁטַארק אָנְגֶעבּוֹיגֶן אַז מֶען הָאט מוֹרָא גִיהַאט אַז זִיא זָאלל נִיט אִין יֶעדֶער רֶגַע אִימְפַאלְלֶן, אוּנד וָואלְט דֶענְטְמָאהלְט

אימגיוואָרפן דעם גאנצן פליגעל פינעם פאלאץ. מען האט דעם שופט עס מודיע געווען גראד ווי ער איז געזעסן מיט זיינע שבעים זקנים, מיטן סענאט און מיט דעם גובער-נאטאר פון דער שטאט, איז ער באלד צוגעגאנגען צו דער קאלאנע, באלייט פון דער גאנצן חברה. און האט צוגעלעגט זיינע הענט, און זיך אביסל אנגעשפארנדיק האט ער באמאהליכן ווידער גלייך אנידערגעשטעלט, דורך זיין מאכטיגן כח, די זיילע אזוי ווי זי שטעהט נאך היינטיגן טאג. דרומאיך האט מען גדאכט נאך זיין טויט, אין דעם טהעאטער פון די פלשתים, אז אט די זיילע האט געפידלט זיין כח, זאלל אויך זיין זיינע מצבה. אצינד הייסט זי ניט מעהר „עמוד דגון" זאנדערן „עמוד שמשון." —

אצינד האט מיך דער יונגער נביא געפיהרט דורך פערשיעדענע חדרים, וועלכע ווענען אמאהל געווען באוואהנט פון די פרויען פון די שופטים — „יענער חדר" האט ער מיר גיצייט איין א גרויס צימער, ניט באוואהנט און כמעט א חורבה. איז געווען באוואהנט פון דער קוראשזירטן נביאה „דבורה אשת לפידות" אין אט אויף דער טהיר איז זי געשטאנען, ווען זי האט מודיע געווען דעם שופט און גענעראל „ברק בן אבינועם" אז ער זאלל אנגרייפן די בארבארישן כנענים, וואס האבן געקנעכטעט א טהייל פון ישראל. ווען עס האט זיך איהם עפעס ניט אזוי געגליסט צו געהן פאר מורא פאר זייער גרויסן ארמעע, האט זי מיט כעס אגעשריי געגעבן!—

„ווילסטע אפשר איך זאלל געהן מיט דיר?"

„איז ניט גאט מיט דיר?" האט ער געענטפערט, „קום מיט מיין ארמעע און איך וועל מיך אנטגעגן שטעללן אקעגן סיסרא און אקעגן אללע זיינע הערשארן, נעהסטע אבער ניט מיט, וועלל איך ניט ריהרן א פיסס פון א מענשן אדער פערד פון דעם בארג תבור, ווי מיינע ארמעע ליעגט." די נביאה האט אן געטהין איהר אופר און דעם הייליגן שטאב האט זי גענומען אין דער האנט און איז מיט איהם געגאנגען. דער בארימטער סיסרא איז געשלאגן געווארן, און פארליערנדיק זיין רייט-וואגן אין דער מלחמה איז ער צו פוס אנטלאפן געווארן, און דאט ענדליך באקומען דעם טויט פון די הענט פון א פרוי „יעל" וואס אין איהר געצעלט האט ער געזוכט זיך צו באהאלטן.

„אויף דיעזע דערצעהלונג האב איך געלייענט אין די ספרים פינעם ועהער," האב איך מיינעם פיהרער נתן הנביא געענטפערט.—

„וועט איהר אייך מסתמא דערמאהנען אז זי האט מיט איהרע אייגענע הענט זיין קאפ אפגעשניטן. מאן דאט עס אהער געשיקט צו דבורהן, און דער שליח האט עס אט אויף דעם שטיין ביי דער טהיר אנידער געלעגט. זי האט אבער קענטש-ליך באפוילן מען זאלל דעם קאפ צוריק שיקן, צו באגראבן מיטן גוף, צו זיין מיטער, וואס דאט ארויסגעקוקט מיט נאך פיעל ווייבער פינעם פענסטער אז איהר זון וועט

דאה אנקימען אלס מנצח. לסוף האט מען איהם גיטראגן אויף א מטה פון צווייגלאך, א טויטן, א פגר. —

„ווען האט דיא דאזיגע הערזאאינע גילעבט,“ האב איך דען יונגן נביא אפרעג געטהין. —

„ארים צוויי הונדערט אונד פינפציק יאהר צוריק. — דאה איז א חדר“ האט ער ווייטער מיר דערצאהלט, וואס האט א שאנע אבער זעהר טראוועריגע גישיכטע. — א הינדערט יאהר צוריק האט גילעבט א בראווער אונד אן עדעלער געניעראל, וואס האט גיהייסן „יפתח“. ער האט גיהאט אן עדעלע טאכטער „פהיגעניא. פאר איהר אויסערארדנטליכער שאנקייט אונד זאנפטן קאראקטער האט זיא א יעדער זעהר ליעב געהאט, איהר העלדן מוטהיגער פאטער האט זיא כמעט פארגאטערט, וועהרנד זיא האט איהם באוויזן דיא ליעבע פון א טאכטער מיט אן אומפארגלייכנדיקן פייער אונד צארטקייט, עס איז גיוועזן ליעבליך אן צוא קיקן, ווען זייא זענען גיוועזן ביידע אין איינעם, וויא אזוי ער האט מיט א גדלות באטראכט איהר ליעבליכן פנים לייענענדיק אין איהרע גרויסע הימעל-בלאווע אויגן אומבאגרענעצטע טרייע אונד דאס טיעפסטע קינדליכע פארטראווען, ווען זיא האט צוא איהם ארויף געקוקט. ווען ער פלעגט אהיים קימען פון א מלחמה, איז זיא תמיד גיוועזן דיא ערשטע, וואס פלעגט פון דעם הויכן טהורם פון זיין קאסטעל, שוין פון דער ווייטן דערקענען זיינע הויכע גישטאלט, אונד אויך דיא ערשטע איהם אנטקעגן צוא לויפן, ווען ער פלעגט אן קימען צום טויער, מיט א גישרייא פון אונענדליכער פרייד איהן צוא באגריסן, אונד גאט דאנקענדיק וואס ער איז בשלום צוריק געקימען, וועהרנד ער פלעגט אויף העבן דאס עדעלע קינד אויף דעם זאטל אונד פלעגט זיא ציאדריקן צוא דער גיפאנצערטער ברוסט אונד קישן איהר ראזנדיקעס מיילכען אונד דיא באקעלאך מיט פריידן-טרערן אין דעם גבור החיל'ס אויגן אונד מיט דיא ליעבליכסטן ווארטער פון צופריעדנעם פארגניגן אויף דיא ליפן. ווען ער איז אריינגיגאנגען אין זיין פאלאץ, פלעגט זיא מיט איהרע דינינקע פינגערלאך איהם אפבינדן דעם בראנדזענעם העלם, איהם פארקעמען שאן זיינע גראווע לאקן, אונד זיכן איהם באקוועם אונד גליקליך צוא מאכן אויף אללע דיא טויזינד אופנים, וואס אומעגאאיסטישע קינדליכע ליעבע איז נאר אומשטאנד אויס צוא דענקען אונד צוא טהין. „קיינער קאן ניט גלייך-גילטיג זיין אקעגן אזא ליעבע ובפרט א פאטער וואס האט זיין קינד ליעב ביז צוא משוגעת!—

אמאהל איז דער קאניג פון עמון איבערגיפאללן דאס לאנד פון יענער זייט ירדן, יפתחן האט דאס פאלק בוחר גיוועזן זיי צוא פיהרן אין דער מלחמה אונד האבן איהם טאקי גימאכט צום שופט איבער זייא אונד צום הערן, דיא העכסטע מדרגה אין דעם לאנד. פהיגעניא איז גראד דענסטמאהלט גיוועזן אין זיין הויז אין מצפה מיט איהרע פריינדינען. אלס א שופט איבער ישראל האט ער גיזאללט וואהנען אין רמה, ווען ער וועט צוריק קימען פון דער מלחמה, דרומאויך האט ער גישיקט נאך איהר אז זיא זאלל

קִימֶען גֶען רָמָה מִיט זַיין שְׁוֶועסטֶער, אָט דֶעם פַּאלַאץ פוּן דִיא שׁוֹפְטִים פַּאר אִיהם גְרֵייט צִיא מַאכְן. אַכְצֶעהן יָאהר הָאבְּן אוּנז דִיא פְּלִשְׁתִּים גִיהַאלְטן בְּהַכְנָעָה, אוּנד מִיר הָאבְּן אַזוֹי לַאנג אוֹיךְ קֵיין שׁוֹפֵט נִיט גִיהַאט, אִיז דֶער פַּאלַאץ פוּן דִיא שׁוֹפְטִים אוֹיךְ פַּארוּוִיסְט גִיוָוארן. דִיא בְּחִירָה פוּן אַזַא גִבּוֹר הַחַיִל וִויא יִפְתָּח הָאט אַ יֶעדְן זֶעהר גִיפְרֵייט, לָכֵן הָאבְּן זִיךְ אַללֶע צִינָאוֹיפְגִילֶעגְט מִיט אַללֶעמֶען וָואס אִיז נוֹיטִיג גִיוֶועזְן, דֶעם פַּאלַאץ פִינֶעם נַייֶעם שׁוֹפֵט צוּא פַארְצִיֶערן אוּנד בַּאקְוֶועם צוּא מַאכְן אוּנד דִיא לִיעבֶּע טָאכְטֶער הָאט נִיט גֶעשְׁפָּארְט קֵיין שׁוּם מִיה, דֶעם פַּאלַאץ בַּאלד פַארְטִיג צוּא מַאכְן פַּאר אִיהר דֶערְהָאכְטֶען, אוּנד אִיבֶּער אַלְסְדִינג גֶעלִיעבְּטְן פָאטֶער. — אוּנְטֶערְדֶעסְּן הָאט זִיךְ יִפְתָּח אָנְגִיגְרֵייט פוּן דֶער מִזְרָח זַייט פִינֶעם יַרְדֵן, צִין אַ שְׁטַארְקֶער מִלְחָמָה מִיט דִיא שׂוֹנְאֵי יִשְׂרָאֵל. פַאר דֶער מִלְחָמָה אָבֶּער, אַזוֹי שְׁטֶעהֶנְדִיק צְווִישְׁן זַיינֶע שָׂרֵי אֲלָפִים וְשָׂרֵי מֵאוֹת, הָאט עֶר אוֹיפְגֶעהֶעבְּן זַיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד צוּא גָאט אוּנד הָאט אַ נֶדֶר גֶעטְהִין, מִיט אַ הֵיילִיקֶער שְׁבוּעָה נָאךְ דֶער צוּא, אַז בְּאִם גָאט וֶועט מוֹסֵר זַיין דִיא עַמּוֹנִים אִין זַיינֶע הֶענְדְט, וֶועט עֶר אַהֵיים קִימֶענְדִיק בְּשָׁלוֹם, דָאס עֶרְשְׁטֶע, וָואס עֶס וֶועט אַרוֹיסְקִימֶען פוּן דֶעם טוֹיֶער פוּן מִצְפָּה, אִיהם אַנְטְקֶעגְן אוֹיבּ אַ מֶענְשׁ, וֶועט עֶר עֶס מַקְדִישׁ זַיין אוּנד אוֹיבּ אַ בְּהֵמָה מַקְרִיב זַיין צוּא גָאט. דֶער גִבּוֹר הַחַיִל הָאט וֶועניג חוֹשֵׁד גִיוֶועזְן וֶוער אוּנד וָואס דָאס וֶועט זַיין! — פְּהִיגֶעניָא אִיז מִיט דֶער אַיינְרִיכְטוּנְג פִינֶעם פַּאלַאץ אִין רָמָה שׁוֹין פַארְטִיג גִיוֶועזְן, אוּנד זַייט עֶטלִיכֶע טָאג הָאט זִיא שׁוֹין נִיט גִיהֶערְט קֵיין שׁוּם חֲדָשׁוֹת פוּן אִיהר פָאטֶער, הָאט זִיא זִיךְ גִידַאכְט, אַזוֹי וִויא מִצְפָּה אִיז אַסַךְ נֶאהֶנְטֶער צוּם יַרְדֵן, וֶועט זִיא דָארְט גִיכֶער עֶפֶּעס גִיוָואהר וֶוערן פוּן דֶעם בַּאפִינְדְן פוּן אִיהר גֶעלִיעבְּטְן פָאטֶער, לָכֵן הָאט זִיא גִיאַיילְט גֶען מִצְפָּה מִיט אִיהרֶע בְּתוּלוֹת אוּנד פְרַיינְדִינֶען. קוֹים אִיז זִיא אַרַיין אִין דֶער שְׁטָאט אִיז אַ שָׁלִיחַ אָן גִילָאפְן גֶען מִצְפָּה, אוּנד הָאט גִימֶעלְדְט אַז אַגְרוֹיסֶע מִלְחָמָה הָאט זִיךְ עֶרְשְׁט גִיעֶנְדִיגְט, אוּנד יִפְתָּח הָאט מְנַצֵּחַ גִיוֶועזְן! דֶעם נֶעכְסְטְן טָאג הָאט מֶען שׁוֹין פִינֶעם טְהוּרְם גִיזֶעהן יִפְתָּחְן מִיט עֶטלִיכֶע רַייטֶער גַאלָאפִּירְנְדִיק, אִיבֶּער דֶעם טְהָאל צוּא דֶער שְׁטָאט צוּא. דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאדְט הָאט גִיאַיילְט צוּא דֶעם טוֹיֶער, צוּא בַּאוִוילְקָאמֶענְן אוּנד צוּא בַּאגְרִיסְן דֶעם זִיֶעגֶער, גֶעבְּן טוֹיֶער אָנְקִימֶענְדִיק, הָאבְּן זֵיי אָפְּגִיטְרֶעטְן אַבִּיסֶל דֶעם וֶועג, פַאר דֶער גִילִיעבְּטְן טָאכְטֶער פְּהִיגֶעניָא, זִיא זָאלל גַאנְץ נַאטִירְלִיךְ דִיא עֶרְשְׁטֶע זַיין דֶעם הוֹיךְ גֶעעֶהרְטְן אוּנד בַּאגְלִיקְטְן פָאטֶער צוּא בַּאגְרִיסְן, אִיז זִיא בְּרֹאשׁ גִיגַאנְגֶען פוּן אַ חֶבְרָה מֵיידְלַאךְ, קְלָאפְּנְדִיק אוֹיף קְלֵיינֶע פַּייקְלַאךְ אוּנד טַאנְצְנְדִיק מִיט גְרוֹיס שִׂמְחָה אַקֶעגְן דֶעם פָאטֶער.

אַזוֹי בַּאלד וִויא יִפְתָּח הָאט דֶערְזֶעהן זַיינֶע אִימְשׁוּלְדִיגֶע, הֶערְצֶענְס גֶעלִיעבְּטֶע טָאכְטֶער, פְרִישׁ אוּנד פְרֶעהְלִיךְ, זִינְגֶענְדִיק אוּנד טַאנְצְנְדִיק, צוּעֶרְשְׁט אַרוֹיס טְרֶעטְנְדִיק פִינֶעם טוֹיֶער הָאט זִיךְ אַרוֹיסְגֶערִיסְן פוּן דֶעם הֶעלְדְנְס הַארְץ אַ גְוַואלְד, דֶער זִיגְנַאל פוּן אַן אִימְבֶּעשְׁרַייבְּלִיכְן שְׁמֶערְץ! אוּנד אַרָאפְּשְׁפְּרִינְגֶענְדִיק פוּן זַיין פֶערְד, הָאט עֶר צוּרִיסְן זַיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנד זִיךְ בַּאדֶעקְנְדִיק דֶעם פָּנִים, הָאט עֶר דִיא הֵייסְגִילִיבְּטֶע טָאכְטֶער נִיט גִיוָואלְט אַרִים נֶעהְמֶען אוּנד קִישְׁן, וִויא גֶעוואֶהנְלִיךְ, עֶר הָאט נָאר גִיהַאלְטְן אִין אֵיין

שְׁרַייעְן אונד אִין אֵיין גֶעוַואלְדֶעוֶען ; – אַךְ ! מַיין טָאכטֶער ! אַךְ ! מַיין קִינד ! פַאר וָואס בִּיסְטֶע אַהֶער גֶעקוּמֶען מִיר אַרוּים צוּרַייסְסֶן מַיין הַארץ ? ! – הָאט זִיא זִיךְ אָנגֶערִיפֶן צוּ אִיהם, וֶועהְרֶנד אַללֶע זֶענֶען גִישְׁטַאנֶען וִויא פַארְשְׁטֵיינֶערט פוּן שְׁרֶעק וִויא פוּן דֶעם בְּלִיטְץ גִיטְרָאפֶן, – ,,פַאר וָואס בִּיסְטֶע אַזוֹי טְרָאוֶועריג פַאטֶער מַיינֶער ? בִּיסְטֶע נִיט בַּאעֶרְט מִיט כָּבוֹד אונד נִצָחוֹן ? הָאט דִיךְ גָאט נִיט גִיבֶּענְשְׁט יִשְׂרָאֵלס פַיינְדֶע צוּא שְׁלָאגֶן ? אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען דִיר אַנְטְקֶעגֶן וִויא אַ לֶעבֶּעדִיגֶע טָאכטֶער, אִיךְ בִּין אַרוּיסגִי-גַאנְגֶען צוּא בַּגְרִיסְסֶן דֶעם מְנַצֵחַ בַּמִלְחָמָה, דֶעם פַארטִילִיגֶער פוּן עַמוֹן, צוּם סוֹף בַּא-הַאלְטְסְטֶע דַיין פָּנִים פַאר מִיר אִין טְרָאוֶוער ? בִּיסְטֶע, אַךְ, מַיין פַאטֶער אֶפְשָׁר בִּיסְטֶע פַארוִוינְדֶעט אונד סְטֶהִיט דִיר עֶפֶּעס וֶועה ? ! –

,,פַאר וָואס זָאלל אִיךְ נִיט בַּאהַאלְטֶן מַיין פָּנִים אונד נִיט בִּיטֶער וֵויינֶען ?" הָאט עֶר אוֹיף אִיהר זִיסס פָּנִים קוּקֶענדִיק אַזוֹי וִויא אַ צֶערְשְׁטֶערְטֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט : הֶער נָאר מַיין קִינד ! אִיךְ הָאבּ אַנֶדֶר גֶעטְהִין צוּא גָאט, וֶוען אִיךְ וֶועלל בַּאגְלִיקֶן אִין דֶער מִלְחָמָה, אִיהם מַקְדִישׁ צוּא זַיין דָאס עֶרְשְׁטֶע וָואס וֶועט מִיר גִיהֶערֶן אונד עֶס וֶועט מִיךְ צוּעֶרְשְׁט בַּאגֶעגֶענֶען אַהֵיים קוּמֶענְדִיק. וֶועה ! דוּא בִּיסְט גֶעקוּמֶען אָה ! גֶעוַואלד ! מַיין טָאכטֶער ! אַ גְזֵירָה צוּא וֶוערֶן, וֶועה אִיז מִיר ! – הַלְוַאי וָואלט אִיךְ בֶּעססֶער גִיוֶוען אִיטגֶעקוּמֶען אִין דֶער שְׁלַאכְט, גִיפַאלְלֶן אִין עַמוֹנס הֶאנְדְט, אַ גִיפַאנְגֶענֶער שְׁקְלַאוו וָואלְט אִיךְ בֶּעסֶער גֶע-וָואלְט זַיין, עֶהֶדֶער מַיינֶע אוֹיגֶן וָואלְטֶן דִיךְ דֶערזֶעהֶן ! – אִיךְ הָאבּ גִישְׁוָוארֶן צוּא גָאט, אונד אִיךְ מוּז פַארְלִירֶן, וֶועה, וֶועה אִיז מִיר ! מַיין קִינד ! – אַללֶע מֶענְשֶׁן, אַלְט אונד יוּנְג בַּחוּרִים אונד דִיא מֵיידְלַאךְ הָאבֶּן אוֹיפְגִיהֶעבֶּן זֵייעֶרֶע קוֹלוֹת אונד הָאבֶּן גֶעוֵויינְט, בִּיטְטֶערְלִיךְ גִיוֵויינְט הֶארְנְדִיק זַיינֶע ווארְטֶער. נָאר דִיא לִיעֶבְּלִיכֶע פְּהִיגֶענְיָא, מִיט אַפָּנִים וַוייס וִויא אַלַאבַּאסְטֶער, אָבֶער מִיט אַפֶּעסְטֶער שְׁטִימֶע, הָאט זִיךְ אָנְגֶערִיפֶן צוּם דֶער-שְׁלָאגֶענֶעם זֵיעֶגֶער :

,,מַיין פָּאטֶער ! הָאסְטֶע גִישְׁוָוארֶן צוּא גָאט, קֶאנְסְטֶע אוֹיף דַיין שְׁבוּעָה נִיט עוֹבֵר זַיין ! טְהִיע מִיט מִיר וִויא דַיין נֶדֶר זָאגְט ! – הָאט דִיר גָאט נִיט גִיגֶעבֶּן נִצָחוֹן אִיבֶּער דַיינֶע פַיינְד ? הָאט עֶר דָאךְ דַיין נֶדֶר מְקַבֵּל גִיוֶוען, ווִילְלְסְטֶע אַצִינְד עֶס נִיט מְקַיֵים זַיין ? אָדֶער זָאלל אִיךְ נִיט וֶועלְלֶן בְּרֶענְגֶען גָאט דֶעם קָרְבָּן ? – נֵיין, מַיין עֶדֶעלֶער פָאטֶער ! אִיךְ בִּין פַארטִיג מִיךְ אָפּ צוּזָאגֶן פוּן דֶער וֶועלְט, אונד מִיט מַיין נְזִירוּת הָאבּ אִיךְ אָפּ-גִיקוֹיפְט דִיא פְרֵייהַייט פוּן מַיין גֶעלִיעבְּט פָאלְק." ! –

,,אַךְ אונד וֶועה אִיז מִיר, צוּא טְהַייעֶר בַּאצָאלְט מִיט דֶעם נְזִירוּת פוּן מַיין אֵיינְצִי-גֶער נֶחָמָה, מִיט דֶעם פַארלוּסְט פוּן דֶער אֵיינְצִיגֶער הָאפְנוּנְג מַיינֶער, קֵיין אַנְדֶערֶע קִינְדֶער הָאבּ אִיךְ נִיט, אַךְ, זִיססֶע טָאכְטֶער מַיינֶע !" הָאט עֶר גִישְׁרִיעֶן אונד הָאט אַפַאלל גֶע-טְהִין אוֹיף דֶעם הַאלְדְז פוּן דֶער עֶדֶעלֶן טָאכְטֶער, אונד אִין שְׁטוּמֶען שְׁמֶערְץ הָאט עֶר זִיא לַאנְג נָאךְ גִיהַאלְטֶן צוּא גִיפְּרֶעסְסְט צוּא דֶער שְׁטָאהְל-גֶעפַּאנְצֶערְטֶן בְּרוּסְט, עֶנְדְלִיךְ הָאט עֶר זִיךְ אוֹיפְגִישְׁטֶעלְט מִיט אַ גַדְלוּת, אונד מִיט אַ הֵייזֶערִיק קוֹל הָאט עֶר אַגִישְׁרַיי גֶעטְהִין : נֵיין ! דוּא זָאלְלְסְט מִיךְ נִיט פַארלָאזֶן ! גָאט דַארף נִיט דֶעם קָרְבָּן פוּן מַיי

קִינד . יִפְתָּח׳ס טָאכטֶער זָאלל לֶעבֶּן כְּדֶרֶךְ כָּל הָאָרֶץ, גֵיין ! זָאג אִיךְ . !״ –

,,מִיט וָואס זָשֶׁע װֶעסטֶע אָפּצָאהלֶן, אָ מַיין פָּאטֶער דַיין נֶדֶר אונד דַיין שְׁבוּעָה צוּא גָאט פַארן נִצָחוֹן ? אִיךְ בִּין נִיט מֶעהר דַיינֶע ! דַיין נֶדֶר הָאט מִיךְ מַקְדִּישׁ גִיוֶועזֶן צוּא גָאט . לָאמִיךְ בֶּעססֶער לֶעבֶּן אָפְּגִישֵׁייד פוּן דֶער װֶעלט, נָאר הֶקְדֵּשׁ צוּא גָאט עֶהדֶער דוּא זָאלְסט עוֹבֵר זַיין אוֹיף דֶער שְׁבוּעָה, וָואס הָאט דִיר גִיגֶעבֶּן דֶעם נִצָחוֹן .״

,,אֱמֶת ! – קֵיינֶע הָאפְנוּנְג אִיז מֶעהר גִיטָאה פַאר מִיר – גֵיין – קֵיינֶע נִיט – אַךְ ! דוּא מוּזְט פוּן מִיר אַװֶעק, אִיךְ מִיז דִיךְ פַארלִירֶן, נִיט קֵיין אֵיינִיקְלַאךְ אונד נִיט קֵיין טָאכ-טֶער ! הָאט עֶר מִיט טִיעֶפֶן שְׁמֶערְצֶן גֶעשְׁרִיעֶן װִיא אַװִילְדֶער . אונד בַּאלד דֶערְנָאךְ הָאט עֶר פְּלִיצִם אַזָאג גֶעטְהִין מִיט אַ פֶּעסטֶן קוֹל :

,,מַאךְ דִיךְ פַארטִיג מַיין טָאכטֶער אַ נְזִירָה צוּא װֶערְן .״–

,,נִיט אַזוֹי גִיךְ – אָה נִיט אַזוֹי גִיךְ, מַיין פָּאטֶער !״ הָאט זִיא הַארץ צוּרַייסֶנְדִיק אַגִישְׁרֵיי גֶעטהִין, װֶען עֶר הָאט אִיהר גִימַאכט אַצֵייכֶן אַז זִיא זָאלל אָפְּטְרֶעטֶן ! ,,דַיין נֶדֶר זָאגְט נִיט אִין װֶעלכֶער שָׁעָה, דַיין שְׁבוּעָה בַּאצֵייכְנֶעט נִיט דֶעם טָאג . אִיךְ בִּין מְקַבֵּל דֶעם נֶדֶר, נֵיין דָאס שְׁרֶעקְט מִיךְ נִיט אָפּ . – נָאר צְוֵויי חֳדָשִׁים צַייט הָאבּ אִיךְ מִיר גֶעװָאלט אוֹיסבֶּעטֶן, אָה מַיין פָּאטֶער, אִיךְ זָאלל מִיךְ נִיט קָאנֶען גְרֵייט מַאכֶן פַארן קָרְבָּן אונד מִיךְ מַקְדִּישׁ צוּא זַיין צוּא לֶעבֶּן אָפְּגִישֵׁייט, נָאר פוּן גָאטֶס װֶעגֶן .״ –

מִיט שִׂמְחָה הָאט זִיךְ דֶער פָּאטֶער אָנְגִיחַאפְּט אִין אִיהר פָארשְׁלַאג , אונד הָאט אִיהר גִיגֶעבֶּן רְשׁוּת צוּא גֶעהן מִיט אִיהרֶע חַבְרָתוֹת . אונד עֶרְשְׁט נָאךְ צְוֵויי חֳדָשִׁים זָאלל זִיא װֶערְן אַ נְזִירָה .

דֶער יוּנְגֶער פְּרָאפֶּעט נָתָן הָאט זִיךְ דָאה אָפְּגֶערִיהט אַבִּיסֶל, אִיךְ הָאבּ מִיךְ צוּגֶע-הֶערְט צוּא זַיין דֶערְצֶעהלוּנְג מִיט טִיעֶפֶן אונד שְׁמֶערְצְלִיכֶן אִינְטֶערֶעססֶע . עֶנְדְלִיךְ הָאבּ אִיךְ אִיהם אַפְרֶעג גֶעטְהִין : ,,הָאט יִפְתָּח מַאקִי בֶּאֱמֶת מַקְדִּישׁ גִיוֶועזֶן דִיא שֶׁאֶנֶע בְּתוּלָה, זַיינֶע אִימְשׁוּלְדִיגֶע טָאכטֶער פַאר אַ נְזִירָה כָּל יָמֶיהָ . ?״

,,יָאה נִיט אַנְדֶערְס !״ הָאט עֶר מִיט טְרָאוֶערִיגְקַייט גִיעֶנְטְפֶערְט . ,,זִיא אִיז בַּאלד אַהֶער צִיא גֶעקִימֶען, דָאה אִיהרֶע טְרָאוֶערִיגֶע צְוֵויי חֳדָשִׁים צוּא פַארלֶעבֶּן . אַללֶע טָאג פְּלֶעגְט זִיא אַרוֹיסגֶעהן מִיט אִיהרֶע חַבְרָתוֹת אִין אַ װאלְדֶעלֶע נִיט װַייט פוּן דֶער שְׁטָאדט װִיא אַ הֵיילִיקֶע נְבִיאָה הָאט פַארזִיךְ גִילֶעבְּט אונד פַאר אִיהר הָאט זִיא זִיךְ אוֹיסגִיװֵיינְט אִיהר הַארץ, אונד בַּאקְלָאגְט אִיהר אָפְּשֵׁייד פוּן דֶער װֶעלט. װָארִם אַ טְהָאֶטִיג אונד פְרוּכְט-בַּארֶעס לֶעבֶּן אִיז נִיט נָאר אַ גֶעזֶעץ בְּדַרְכֵּי הַטֶּבַע, עֶס לִיעגְט שׁוֹין אֲפִילוּ דֶער חֵשֶׁק דִיא תְּשׁוּקָה צוּא טְהוּן, צוּא לֶעבֶּן, אונד מַעֲלֶה פֵּירוֹת צוּא זַיין, אִין דֶער יוּנְגְסְטֶן בְּרִיאָה, דָאס מֶען שׁוֹין צוּא שְׁמִיעֶסְכֶן פוּן אַזַא בְּתוּלָה, פִילל פוּן פְרִישֶׁן לֶעבֶּן, פוּן שְׁפְּרָאצְנְדִיקֶער יוּגֶנְט אונד פוּן דֶען רַייכְסְטֶן הָאפְנוּנְגֶען ! זִיא זָאלל זִיךְ פוּן דֶעם אַללֶעם פְרַייװִיללִיג אָפְּזָאגֶן ; דָאס פְרִישְׁקַייט אִיהרֶע צוּא לָאזֶן װֶעלְקֶן דִיא דַאֲגָה זָאלל פַארטְרֶעטֶן יוּגֶנְדְלִיכֶע פְרֵייד , אונד אִין מִיטֶן פוּן דֶעם בֶּעסְטֶן אונד הַנָאֶהדִיקֶן לֶעבֶּן, פְרֵיי אונד װִילְלִנְדִיק אָפְּצוּשְׁטַארְבֶּן, יֶעדֶן טָאג, יֶעדֶע שְׁטוּנְדֶע, זֶעהנְדִיק אַללֶע פְרֵיידֶן , פִיהלֶנְדִיק דִיא זִיסֶעסְטֶע בַּארְגְנִיגֶן, אונד

נִישְׁט דַארְפְן הַנָאָה הָאבְּן, דָאס אִיז הִינְדֶערְט טוֹיזֶענְד מָאהל צוּא שְׁמַארְבְּן אַיְעדְן טָאג, אַגְרָאֶסֶערֶער קָרְבָּן דֶער פוּן קָאֶן נִיט זַיין; מִיט דֶער הִילְף פוּן דֶער נְבִיאָה פְלֶעגְט זִיא אַסַךְ מִתְפַּלֵל זַיין, זִיךְ בַּאשְׁאֶפְטִיגְן מִיט הֵיילִיגְע בַּאטְרַאכְטוּנְגְן, זִיךְ גִיוֶואהְנֶען מִיטְן גֶע־ דַאנְקְעֶן אִין אַ לֶעָתִיד אוּנד זִיךְ מַקְדִישׁ צוּא זַיין פַאר אַ נְזִירָה.— עֶנְדְלִיךְ אִיז דֶער טָאג גֶעקִימֶען וֶוען דֶער נֶדֶר זָאלל בַּאצָאהלְט וֶוערן. דֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶער פָאטֶער אִיז דִיא גַאנְצֶע צַייט פוּן דִיא צְווֵיי חֳדָשִׁים גִיזֶעסְן אִין מִצְפָּה אָן גֶעטְהִין אִין אַ זַאק אוּנד אַש אוֹיפְן קָאפּ, אוּנד הָאט מִיט קֵיין מֶענְשְׁן קֵיין וָוארְט נִיט גִירֶעדְט. דֶערְנָאךְ אִיז עֶר אַהֶער גֶעקִימֶען אוּנד הָאט מִיט זַיינֶע אֵייגֶענֶע הֶענְדְט אוֹיפְגִיבָּאוֶועט אַ הַייזְל דָארְט אִין יֶענֶעם טְהָאל, וָואס אִיהר קָאנְט זֶעהן פוּן רַאנֶען.—אִין אָט דֶעם חֶדֶר אִיז גִיזֶעסְן דִיא שֶׁאנֶע בְּתוּלָה אָנְגֶעטְהִין אִין רֵיינֶע וַוייסֶע קְלֵיידֶער אוּנד מִיט אַ בְּלוּמֶען קְרַאנְץ אוֹיף אִיהְרֶע שֶׁאנֶע צִילָאזְטֶע הָאר בִּיז פַאר נַאכְט, דֶער נָאךְ הָאט זִיא זִיךְ אוֹיפְגִיהֶעבְּן מִיט אִיהְרֶע חֲבֵרְתּוֹת, וָואס הָאבְּן אָנְגִיהוֹיבְּן צוּא בַּאקְלָאגְן מִיט הַארְץ צוּרַייסֶענְדִיקֶע קוֹלוֹת דֶעם שֶׁאנֶעם קָרְבָּן. מִיט פֶעסְטֶעם שְׁרִיט אוּנד מִיט אַ גְרֵייט הַארְץ אִיז דִיא עֶדֶעלֶע הֶעלְדִין גִיגַאנְגֶען פָאראוֹיס, אוּנד וָואס וַוייטֶער זִיא אִיז גִיגַאנְגֶען, אַזוֹי שְׁטַארְקֶער אִיז גִיוָוארן דֶער יָאמֶער אוּנד דָאס גִישְׁרֵיי, דָאס וֵויינֶען אוּנד דָאס קְלָאגְן פוּן דִיא וַוייבֶּער אוּנד פוּן דִיא בְּתוּלוֹת פוּן דֶער גַאנְצְן שְׁטָאדְט, וָוארְם סְאִיז נִיט גִיוֶוען דָאס בַּאקְלָאגְן פוּן אַ מֵת וָואס מֶען פִיהְרְט אִיהם צוּא בַּאגְרָאבְּן, יֶענְם אִיז אַ וֶועהטָאג וָואס קָאן נִיט גֶעהָאלְפְן וֶוערן, דָאה אָבֶּער גֶעהְט אַ לֶעבֶּדִיגֶע, אַ פְרִישֶׁע, אַ גֶעזִינְטֶע, אַ שֶׁאנֶע אַן עֶדֶעלֶע אוּנד אַיוּנְגֶע, דִיא לִיעבְּלִיכְסְטֶע יוּנְגְפְרוֹי אִין יִשְׂרָאֵל מְמַלֵא זַיין דֶעם אִיבֶּערַאיילְטְן נֶדֶר פוּן אַן אוּמְגְלִיקְלִיכְן פַאטֶער, זִיא גֶעהְט, אַשַׁאטְץ פוּן שְׁאנְקֵייט, אַן אוֹצָר פוּן גִיטְסְקֵייט, אָפְגֶערִיסְן אוּנד אָפְגִישֵׁייט פוּן דֶער וֶועלְט אַלֵיין אִין אַוַואלד אִיהר זִיסֶעס יוּנְגֶעס לֶעבְּן אָפּ צוּא לֶעבְּן, דָאס הָאט גֶערִיסְן בַּאים הַארְצְן, יוּנְג אוּנד אַלְט, אוּנד אֲפִילוּ גִבּוֹרֵי הַחַיִל וָואס הָאבְּן אָפְט אִין מִלְחָמוֹת גֶעקִיקְט דֶעם טוֹיט אִין דִיא אוֹיגְן מִיט אַן אוּמְבַּאוֶועגְלִיךְ אַייזֶערְן הַארְץ, הָאבְּן זִיךְ אַצִינְד זֵייעֶרֶע טְרֶערְן גֶע־ קוֹיקֶלְט הֵייסְס אוּנד בִּיטֶער, בַּאיי דֶעם אַנְבְּלִיק פִינֶעם מֶענְשְׁלִיכְן מַלְאָךְ וָואס גֶעהְט מִיט אַזַא הֶעלְדִן מוּטְה זִיךְ מַקְרִיב צוּא זַיין פַאר אִיהר לַאנְד, פַאר אִיהר פָאלְק! — נֶעבְּן דֶעם הַייזְל אִיז גִישְׁטַאנֶען דֶער שְׁטְרֶענְגֶער פַאטֶער מִיט אַ פִינְצְטֶער פִיגוּר אוּנד אָנְגֶעטְהִין אִין שְׁוַוארְצֶע טְרָאוֶוערִיגֶע קְלֵיידֶער. עֶר הָאט אוֹיסְגִיזֶעהְן מֶעהר וִויא אַ שְׁטֵיינֶערְנֶע פִיגוּר אַלְס אַ לֶעבֶּעדִיקֶער מֶענְשׁ. אוּנד פוּן דִיא דֶעכֶּער אוּנד פוּן דִיא מָאוֶוערְן פוּן דֶער שְׁטָאדְט הָאט דֶער עוֹלָם צוּגִיזֶעהְן דִיא שְׁרֶעקְלִיכֶע צֶערֶעמָאנִיֶע.

דֶער לִיעבְּלִיכֶער קָרְבָּן הָאט זִיךְ צִיקִישְׁט מִיט אִיהְרֶע חֲבֵרְתּוֹת, אוּנד זִיךְ אוֹיס־ רַייסֶנְדִיק פוּן זֵייעֶרֶע אָרִים, אִיז זִיא צוּא גֶעטְרֶעטְן צִין אִיהר פַאטֶער, אוּנד קְנִיעֶנְדִיק פַאר אִיהם הָאט זִיא אִיהם גֶעבֶּעטְן, עֶר זָאלל אִיהר מוֹחֵל זַיין, אוֹיבּ זִיא הָאט אִיהם אַ מָאהל דֶער רַגְזִנְט, אוּנד זָאלל זִיא בֶּענְשְׁן פַאר אִיהר לֶעבֶּדִיגְן טוֹיט. — עֶר אָבֶּער הָאט זִיא אִין דֶער גִיךְ אוֹיף גֶעהֶעבְּן אוּנד הָאט צִין אִיהר גֶעזָאגְט, אַלֵיין פַאלְלֶנְדִיק אוֹיף דִיא קְנִיעֶ פַאר דֶער טָאכְטֶער, וָואס הָאט אַצִינְד אוֹיסְגֶעזֶעהְן עֶפֶּעס נָאר וִויא אַ הִימֶלְשֶׁע גֶעשְׁטַאלְט; — „אַךְ,

טְהַייֶער לָאמֶעלע מַיינס! לָאז מִיךְ בֶּעסֶער פוּן דִיר בֶּעטֶן מְחִילָה, פאר מַיין אִיבֶּערַאיילְט גֶדֶר, אוּנד פַאר דֶעם, וָואס אִיךְ בִּין גֶעצְווִינְגֶען הַיינְט. אִיהְן צוּא בַּאצָאהלֶן!“ – פַאלְלֶנְדִיק אוֹיף זַיינֶע קְנִיע, הָאט עֶר זַיין פָּנִים אַוֶועק גֶעקֶעהְרְט, עֶר זָאלל נִיט זֶעהֶן דֶען זִיכְּסֶן פָּנִים אִיהְרֶן, וֶועהרֶנְד זִיא הָאט אַרוֹיף גֶעלֶעגְט אִיהְרֶע אַלאבַּאסְטֶערְנֶע הֶאנְדְטֶעלַאךְ אוֹיף זַיין קָאפּ אוּנד הָאט אַזוֹי גֶעזָאגְט; – „אִיךְ הָאבּ גָאר נִיט, וָואס מוֹחֵל צוּא זַיין מַיין לִיעבֶּן פַאטֶער! אִיךְ בִּין גְרֵייט מְמַלֵא צוּא זַיין דֶעם גֶדֶר פַאר דֶעם נִצָחוֹן פוּן מַיין לַאנְד, פַאר דַיין כָּבוֹד, פַאר גָאט, אוּנד פַאר דָאס פָאלְק יִשְׂרָאֵל! – אַצִינְד זַייט מִיר אַללֶע גֶעזִינְד!“ –

אַן אוֹיגְן בְּלִיק אִיז זִיא אִיהם גֶעלֶעגְן אִין דִיא אָרְם, דֶער נָאךְ הָאט זִיא אִיהם מִיט אַ זַיי־גֶעזִינְד אַ קִישׁ גֶעגֶעבְּן אוֹיפְן שְׁטֶערְן אוּנד הָאט זִיךְ פוּן אִיהם אוֹיס גֶעְרִיסְן, אוּנד מִיט פֶעסְטֶן טְרִיט אִיז זִיא צוּא גֶעגַאנְגֶען צוּא דֶעם הַייזְל, דָאה אִיז אַרוֹיס גֶעקִימֶען דִיא גְבִיאָה אוּנד הָאט זִיא מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶן אוּנד הָאט אִיבֶּער אִיהר פָּנִים אַוָוארְף גֶעטְהִין אַוַייסֶן שְׁלֵייֶער אוּנד אִיז מִיט אִיהר פַאר שְׁווִינְדְן גֶעוָוארְן. דֶער פַאטֶער אִיז אָבֶּער אַן אוֹיגְן בְּלִיק נָאךְ גֶעבְּלִיבְּן שְׁטֶעהְן וִויא אַ צִישְׁטֶערְטֶער. אוּנד וִויא אִיהר עֶנְגֶל גֶעשְׁטַאלְט אִיז אַוֶועק. הָאט אִיהם דֶער שְׁמֶערְץ פִינֶעם אֵייבִּיגְן אָפְּשֵׁייד בַּאוֶואלְטִיגְט אוּנד אִיז אַנִידֶער גֶעפַאלְלֶן אוֹיף דֶער עֶרְד בַּווָאסְטְלָאז אוּנד אִיז גֶעלֶעגְן וִויא אַטוֹיטֶער. –

„עֶס אִיז אַ בִּיטְטֶערֶע טְרָאוֶערִיגֶע גֶעשִׁיכְטֶע,“ הָאבּ אִיךְ מִיךְ אָן גֶעְרִיפְן, זֶעהְנְדִיק אַז דֶער נָבִיא אִיז שְׁטִילל גֶעוָוארְן. – „הָאט אִיהר פַאטֶער נָאךְ גֶעלֶעבְּט?“ –

„דֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶער פַאטֶער אִיז קֵיין מָאהל נִיט מֶעהר פְרֵאהלִיךְ גֶעוֶועזֶן. עֶר הָאט נָאךְ גֶעלֶעבְּט אַפָּאר פִינְפְצֶעטֶע אוּנד ווִיסְטֶע יָאהר, אַ מֶעלַאנְכָאלִישֶׁעס, טְרָאוֶערִיגֶעס לֶעבְּן. נָאךְ אַפָּאר שְׁוַוארְץ גֶעהַרְגֶעטֶע יָאהר הָאבְּן אַגֶעק גֶעמַאכְט אַן אוּמְנִיצִיגֶעס לֶעבְּן וָוארִם עֶר אִיז נִיט מֶעהר פֶעהִיג גֶעוֶועזֶן נִיט פַאר מִלְחָמוֹת אוּנד נִיט צוּם רֶעגִירְן נָאךְ אִיהר גְזֵירוֹת הָאט עֶר זִיךְ אַרִים גֶעבְּלָאנְקֶעט וִויא אַשָׁאטֶן, וִויא עֶר הָאט גֶעטָאגְט הָאט עֶר נִיט גֶענֶעכְטִיגְט בִּיז זַיין שְׁמֶערְץ זַיין לֵייד, אוּנד זַיין פַּיין הָאבְּן אַזוֹי לַאנְג גֶעבְּרֶענְט אוּנד גֶעשַׂרְפֶת, גֶעטְרִיקְנְט אוּנד גֶעדַארְט דָאס פַאטֶערְלִיכֶע הַארְץ, וָואס הָאט זִיךְ תָּמִיד בַּאשׁוּלְדִיגְט דֶער רוֹצֵחַ גֶעוֶועזֶן צוּא זַיין פוּן זַיין אוּמְשׁוּלְדִיג קִינְד, בִּיז עֶנְדְלִיךְ הָאבְּן דִיא אוֹיסגֶעטְרִיקְנְטֶע גְלִידֶער נִיט מֶעהר זִיךְ גִיקָאנְט אִין אֵיינֶעם הַאלְטְן, אוּנד פוּן זַיין קָארְפֶּער זֶענֶען דִיא גְלִידֶער אַרָאפּ גֶעפַאלְן אֵיינְס נָאבְן אַנְדֶערְן, דֶען לֶעבְּנְס גַייסְט הָאט עֶר אָבֶּער נָאךְ בַּאהַאלְטְן בִּיז צוּם לֶעצְטְן אוֹיגְן בְּלִיק, זַיין קָאפּ רִיהְט אוֹיף אַן אוּרְנֶע (כְּלִי) וָואס עֶנְטְהַאלְט דָאס אַשׁ פִינֶעם לִיעבְּלִיכֶן קָרְבָּן נָאךְ אִיהר טוֹיט.

אִיךְ הָאבּ פִינֶעם הַארְצֶן גֶעדַאנְקְט מַיינֶעם אִינְטֶעללִיגֶענְטֶן פִיהְרֶער, פַאר דֶער רִיהְרֶנְדִיקֶער גֶעשִׁיכְטֶע, אוּנד הָאבּ בַּאטְרַאכְט דֶעם חֵדֶר אִיבֶּערַניים, מִיט נַייֶעם אוּנד צַארְטֶערְן אִינְטֶערֶעסֶע, ווִיא עֶס הָאט פַארְבְּרַאכְט אִיהְרֶע לֶעצְטֶע טָאג, דִיא אוּמְגְלִיקְלִיכֶע, אָבֶּער אוֹיךְ דִיא לִיעבְּלִיכְסְטֶע, מִיטְהִיגְסְטֶע אוּנד פְרִימְסְטֶע פְּהִיגֶענְיָא. – אַצִינְד הָאט עֶר מִיךְ אַרוֹיסגֶעפִיהְרְט פוּן דֶער שְׁטָאדְט, צוּם בַּארְג־טְהוּרְם, וָואס פוּן זַיין שְׁפִּיץ הָאבּ אִיךְ צוּם עֶרְשְׁטֶן מָאהל אִין מַיין לֶעבְּן דֶערזֶעהְן דֶעם מֶאכְטִיגְן יַם פוּן דֶעם אֶרֶץ הַמַעֲרָב. אִיךְ

בִּין אַוַודאי נִיט אִימְשְׁטַאנְד צוּא בַּאשְׁרַייבֶּן, דִיא גְרוֹיסאַרְטִיגְקֵייט פִּינֶעם אָנְבְּלִיק, דִיא בֶּעֶ-וֶועגוּנְג פוּן מַיינֶע גֶעפִיהְלֶע הָאבֶּן אוֹיף אַ מִינוּט בַּארוֹיבְּט מַיין לָשׁוֹן, אִיךְ בִּין גֶעשְׁטַאנֶען אוּנד הָאבּ גֶעקִיקְט, גֶעשְׁטוֹינְט אוּנד מִיךְ פַארְווִינְדֶערְט אִיבֶּער דִיא אִימְבַּאגְרֶענְצְטֶע וַוייטְקֵייט. דִיא לוּפְט אִיז גֶעוֶועזֶען רֵיין וִויא אַקְרִיסְטָאל אוּנד וֶוען דִיא זִין הָאט זִיךְ אָן גֶעהוֹיבֶּן אַרָאפּ צוּא זֶעצֶן, אוּנד הָאט בַּאשַׁיינְט יֶענֶעם שְׁמָאלֶן גַארְטֶל וָואס מִיר הָאט זִיךְ גֶעדַאכְט דֶער הָארִיזָאנְט צוּא זַיין, הָאט עֶס נָאר אוֹיסגֶעווִיזֶן וִויא אַ בְּרִילְלִיאַנְטֶענֶער שְׁטְרוֹים וָואס רִינְגֶעלְט אַרוּם דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט. אַזוֹי הָאט עֶס זִיךְ מִיר אוֹיסגֶעדַאכְט!—

מַיין פִיהְרֶער, וָואס זַיין בְּחֶנֶעוְודִיקֶע מַאנִיערְן, אוּנד דִיא פַיינְקֵייט פוּן זַיינֶער שְׁפְּרַאכֶע, דִיא קְלִיגְשַׁאפְט פוּן זַיינֶע אוֹיסדְרִיקֶע, אוּנד דִיא טִיעפְקֵייט פוּן זַיינֶע גֶעפִיהְלֶע, הָאבֶּן מִיךְ מֶעהר אוּנד מֶעהר צִין אִיהם צוּא גֶעצוֹיגֶן, הָאט דֶעם פַאר שְׁטַאנְד, וִויא אַזוֹי אֵיינֶעם צוּ בַּאלֶעהרֶענֶען אָהן גַדְלוּת, אוּנד בַּאזִיצֶנְדִיק דִי קֶענְטְנִיסס פוּן דֶער גֶעשִׁיכְטֶע פוּן זַיין לַאנְד, הָאט עֶר גַאנְץ נַאטִירְלִיךְ מִיר אַזוֹי פִילֶעס , אוּנד אִינְטֶערֶעסַאנְטֶעס עֶרקְלֶעהְרְט, וִויא פִילל נָאר מַיין קְלֵיין מוֹחַ'ל הָאט גִיקֶאנְט פַאר נֶעהמֶען. — עֶר הָאט מִיר אָנְגֶעטַייט וִויא יָפוֹ אִיז, אַ בַּארִיהמְטֶער זֶעע-הַאפֶן, פוּן דַאנֶען קָאן מֶען עֶס נִיט זֶעהֶן. הָאט מִיר אָן גֶערִיפֶן מִיטֶן נָאמֶען דִיא בֶּערְג, דִיא טְהָאלֶן, הָאט מִיר אָן גֶעווִיזֶן וִויא דֶער יַרְדֵן לוֹיפְט, וִויא דֶער הַר נְבוֹ אִיז, פוּן יֶענֶער זַייט יַרְדֵן, אוּנד דֶען יָם סְדוֹמִי (יָם הַמֶּלַח) מֶעהר גֶען מִזְרָח זַייט. — אוֹיף אוּנְזֶער רִיקְוֶועג זֶענֶען מִיר אַרִיבֶּער גֶעגַאנְגֶען דֶעם מְהָאל. וִויא פִיהֶגֶענְיָא הָאט אַצִינְוָעה אַגְזִירָה גֶעלֶעבְּט, וָואס הֵייסְט אַצִינְד „נַ חַ ל שְׁ ב וּ עָ ה" אַ זֶעהר טְרָאוֶוערִיגֶער פּוּנְקְט, אַרוּםגֶערִינְגֶעלְט מִיט פֶעלְזֶנס אַרוּם אוּנד אַרוּם, אוּנד זַייט הִינְדֶערְט יָאהר, הָאט דָאה קֵיין מֶענְטְשׁ נִיט בַּאאַרְבֶּעט דִיא עֶרְד, אוּנד אֲפִילוּ פִּיהָ הָאט מֶען דָאה נִיט גֶעפַּאסְסֶעט, אַ הוֹיפֶן שְׁטֵיינֶער בַּאוַואקְסֶן מִיט גְרָאז בַּאצֵייכֶנְט דֶעם אָרְט פוּן אִיהר הַייזְל. — אוֹיפֶן וֶועג הָאבֶּן מִיר פַּאסִירְט אַ זֶעהר שֶׁענֶעם גָארְטֶן, אוּנד זֶענֶען בַּאלְד אָן גֶעקִימֶען צִין אַ גְרוֹיסְסֶען מָאזָאלֶעאוּם (קִבְרוֹת מְלָכִים) וָואס אִיז אַצִינְד אַ חוּרְבָּה אוּנד הָאט אַפָּנִים וִויא אַ בִּנְיָן פוּן אַלְטֶע צַייטֶן, וֶוען דֶער נָבִיא הָאט גֶעזֶעהֶן אַז אִיךְ אִינְטֶערֶעסִירֶע מִיךְ, הָאט עֶר זִיךְ אָנְגֶערִיפֶן ; — „דָאס רִיפְט מֶען" „קֶבֶר יְהוֹשֻׁעַ" עֶס אִיז אָבֶּער דָאה נָאךְ אַקֶבֶר אִין דֶעם הַר בֵּית-אֵל, וָואס דִיא בְּנֵי בִנְיָמִין הַאלְטֶן עֶס פַאר יְהוֹשֻׁעַ'ס קֶבֶר. בִּלְתִּי שׁוּם סָפֵק אַז דָאס אִיז גֶעבָּאוֶעט גֶעוֶועזֶען פוּן דִיא אַמָאלֶעדִיקֶע כְּנַעֲנִים פַאר אַמֶּלֶךְ זַייעֶרְן, אוּנד בִּין אוֹיךְ נִיט מְסוּפָּק אַז יְהוֹשֻׁעַ'ס גוּף אִיז אוֹיךְ דְרִינֶען גֶעלֶעגֶען, מִינְדֶעסְטֶנס אַזוֹי הָאבֶּן מִיר עֶס בְּקַבָּלָה" וֶועהרֶנְד אִיךְ הָאבּ מִיר דִיא זַאךְ בַּאטְרַאכְט, אוּנד הָאבּ מִיךְ דֶערמַאהְנְט אִין אַלֶע דִיא גְרוֹיסֶע אוּנד וְוינְדֶערְלִיכֶע זַאכֶן וָואס דֶער גְרוֹיסֶע הֶעלְד יְהוֹשֻׁעַ דֶער בֶּעסְטֶער תַּלְמִיד פוּן מֹשֶׁה אִישׁ הָאֱלֹקִים הָאט פַאר זַיין פָאלְק גֶעטְהָאן הָאט עֶס מִיר וֶועה גֶעטְהָאן צוּא דֶענְקֶען, וֶועלְכֶע כְּפוּיֵי-טוֹבָה זַיינֶע נַאצִיאָן זֶענֶען מַאן זָאלל זִיךְ גָאהר נִיט קִימֶערְן פוּן זַיינֶעט וֶועגֶן אוּנד אַזוֹי פַארְלָאזֶן דֶעם קֶבֶר פוּן אַזַא הֶעלְדֶן ! — אוּנְטֶערְדֶעסְסֶן אִיז גְרָאד דֶער פְּרִינְץ יְהוֹנָתָן אָן גֶעקִימֶען זִיךְ שְׁפַּאצִירֶענְדִיק אַרוּם-אִין-אַרוּם מִיטֶן יוּנְגֶען הַארְפֶענִיסְטֶן אִין פְרַיינְדְלִיכֶן שְׁמִיעֶס. — וִויא עֶר הָאט מִיךְ

דָאה דֶער זֶעהן אִיז עֶר בַּאלְד צוּא מִיר צוּא גֶעקִימֶען אוּנד הָאט מִיךְ גֶעבֶּעטֶען אַז אִיךְ זָאלל אִיהם מוֹחֵל זַיין, דֶער פַאר וָואס עֶר הָאט מִיךְ אַזוֹי לַאנְג פַארנַאכלֶאססִיגט, אִיךְ הָאבּ אִיהם אָבֶּער דַארוֹיף גֶעעֶנְטפֶערְט, אַז אִיךְ בִּין גֶעוֶועֶן בִּיז אַהֶער אִין זֶעהר גִיטֶע הֶאנְדט אוּנד הָאבּ זֶעהר פִילל גֶעלֶערְנט פוּן מַיין וֶוערטהֶן בַּאלֵייטֶער. — „וֶוען דָאס אִיז אַזוֹי“ הָאט זִיךְ דֶער פְּרִינְץ לֶאכְלנדיק אָן גֶערִיפֶן. „וֶועלל אִיךְ מִיר מֶעהר קֵיין פָּארוָוארְף נִיט מַאכֶן. מַיין הֶערר אַרְבַּאצֶעס, דָאס אִיז מַיין פְּרַיינְד דָוִד פוּן בֵּית־לֶחֶם, פוּן דֶער שוּלֶע פוּן דִיא בְּנֵי הַנְּבִיאִים!“

דֶער שֶאנֶער יוּנְגֶער מַאן, וָואס הָאט נָאר וָואס עֶטְלִיכֶע וֶוערטֶער גֶערֶעדְט מִיט נָתָן׳ען, הָאט גֶעעֶנְטפֶערט אוֹיף מַיין בַּאגְרִיסְסוּנג מִיט אַ בַּאשֵׁיידֶענֶער אוֹיפְרִיכְטִיגְקֵייט מְבוּיָש וֶוערֶנְדִיק וִויא אַמֵיידל, דָאס אִיז אַ סִמָן פוּן אַ רֶעכְטפַארְטִיגֶער אוּנד עֶדֶעלֶער נֵייגוּנְג פִינֶעם קַארַאקְטֶער, וָואס אִיז נָאךְ פוּן דֶער וֶועלְט נִיט פַארדָארְבֶן גֶעוָוארן. זַיינֶע שֶאנְקֵייט אָבֶּער הָאבּ אִיךְ אַנְדֶערש נִיט גִיקָאנְט וִויא בַּאוְוינְדֶערן. אוּנד וֶוען אִיךְ הָאבּ מִיךְ דֶער מַאהְנְט אִין זַיין הַארְפֶן־שְׁפִּיעל, אוּנד אִין זַיין זִינְגֶען מִיט אַ שְׁטִימֶע אַזוֹי זִיסס אַזוֹימֶעלָאדִישׁ אוּנד אַזוֹי רַייךְ אִים אוֹיסְדְרִיק הָאט עֶר בַּא מִיר אַפָּנִים גֶעהַאט פוּן אַן עֶצֶם רוּחְנִי. אִין אָט דֶעם אוֹיגֶן בְּלִיק אִיז צִין אוּנְז צוּא גֶעטְרֶעטֶן נָאךְ אַיוּנְגֶער מַאן אִין דִיא קְלֵיידֶער פוּן דִיא בְּנֵי הַנְּבִיאִים, אוּנד וִויא אִיךְ בִּין שְׁפֶּעטֶער גֶעוָואהר גֶעוָוארן, זָאלל עֶר גָאר נִיט קֵיין קְלֵיינֶעם טַאלֶענְט בַּאזִיצֶן אַלְס אַ דִיכְטֶער אַ מְשׁוֹרֵר, זַיין נָאמֶן אִיז גֶעוֶועֶן „אָסָף“ אוּנד אִיז גֶעקִימֶען צוּם פְּרִינְצֶן מִיט אַ שְׁלִיחוּת פִינֶעם זֶעהֶער. מִיר אַלֶע הָאבֶּן זִיךְ גֶענִימֶען גֶעהְן צוּם פַּאלַאץ. הֶערְצְלִיךְ הָאבּ אִיךְ גֶעדַאנְקט מַיין פִיהְרֶער פַאר זַיין גִיטְסְקֵייט אוּנד הֶאפְלִיכְקֵייט מִיר אַוֶועק צוּא שֶׁעֶנְקֶען אַזוֹי פִילל פוּן זַיין טַייֶערן צַייט. דֶער שֶאנֶער בֵּית־הַלַּחְמִי הָאט אוּנז אוֹיךְ פַארלָאזְט אוּנטֶן בַּאיי דֶער טֶערַאססֶע, זִיךְ הֶערְצְלִיךְ מִיט דֶעם פְּרִינְץ גֶעזֶעגֶענֶענְדִיק וִויא מִיט אַצְווִילִּינְגס בְּרִידֶער. אוּנד אִיךְ הָאבּ גֶעהַאט דָאס גְלִיק צוּא בַּאוָוארֶענֶען דֶעם זֶעלְבֶּן הֵדֶר מִיט דֶעם פְּרִינְצֶן, וֶוען אִיךְ הָאבּ מִיךְ אַבִּיסל אוֹיסגֶערִיהט פוּן מַיין לַאנְגֶן שְׁפַּאצִיר גַאנְג. הָאבּ אִיךְ מִיט דֶעם פְּרִינְצֶן אִיבֶּער גֶעחַזֶרְת אַלְסדִינְג, וָואס נָתָן הָאט מִיר דֶערְצֵיאהלְט. דֶער וַוייל הָאבֶּן מִיר טַאקִי אַ פֵּירוּשׁ גֶעמַאכְט דַארוֹיף, וֶוען מִיר זֶענֶען גֶעקִימֶען צוּא שְׁמִיעֶסֶן פוּן יָעֵלן דֶער הַרְגֶענְדִיק סִיסְרָאן, הָאט דֶער פְּרִינְץ גֶעמֵיינְט; „אַז זִיא הָאט רֶעכְט גֶעהַאט צוּא הַרְגֶען, דֶען פַיינְד פוּן גָאט הֶעט זִיא אִיהם גֶעלָאזְט פְרַיי אַוֶועק גֶעהְן, וָואלְט אִיהר פָאלְק זִיא פַארשָׁאלְטֶן אַז אַפַיינְד. אִיז אִיהר נִיט אַנְדֶערש אִיבֶּערגֶעבְּלִיבֶן צוּא הַרְגֶענֶען דֶעם, וָואס הָאט גִיקֶענְט אִין קִירְצֶער צַייט צִין אוֹיף נֶעהמֶען אַ נַאיי חַיִל, אוּנד אִין אַ נַייֶער מִלְחָמָה, וָואלְט אֶפְשֶׁר דֶער נִצָּחוֹן אִין אַנְדֶערֶע הֶענְדט גֶעוֶועזֶן.“ אִיךְ הָאבּ אָבֶּער גֶעמֵיינְט „פַארקֶעהרְט, אַז דָאס גַאסְט־פְרַיינְדשַׁאפְטְס־רֶעכְט דַארְף תָּמִיד הֵיילִיג זַיין, אוּנד אֲפִילוּ דֶער שׂוֹנֵא, וָואס זִיכְט שׁוּץ אוּנְטֶער דֶעם שִׁילְד פוּן הַכְנָסַת־אוֹרְחִים, דַארְף פוּן דֶעם בַּעַל הַבַּיִת נִיט אָן גֶערִיהרְט וֶוערן אָן אַשְׁטַארְקֶער עֲבֵירָה“.

אִיבֶּער דֶעם אִימְגְלִיקְלִיכֶן נֶדֶר פוּן יְהוֹנָתָן הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט. „אַ גֶעהַאפְּט גֶעמַאכְטֶער

נדר איז א רשעות, ווען דער נדר פארוויקלט אבער נאך אגראססער רשעות, מוז מען בוחר זיין דאס קליינערע. יפתה האט באדארפט בעססער עובר נדר זיין אלס צוא טהין אזא זאך, וואס האט ניט קיין פארגלייכענעס אין דער געשיכטע. —

„אייער גאט, מיין עדעלער פרינץ," האב איך צוגעזעצט. וואללט אסך גיכער מתיר געוועזען דען נדר אלס מקבל צוא זיין אזאן אימגעוואהנליכען קרבן. וועלכער קימט גאר ניט פאר אלס מצוה אין אייערע ספרים.—"

„אז יפתח אליין גאר וואלט שולדיג געוועזען, האט ער אליין נאר באדארפט ליידען; ער האט געזאללט זיך זעלבסט מקריב זיין אלס דיא אומשילדיקע פהיגעניא. א מאבד עצמו צוא זיין איז אן עבירה, אזוי איז אויך א רוצח צוא זיין ווארם איך מיין אז מען קאן זיין ארוצח אן בלוט פארגיססען. האט ער דאך גיקאנט בוחר זיין צווישן דיא צוויי זיא אבער, האט איבערגעלאזט דער וועלט אן עדעלן אונד א ריהרענדיקן זכרון, א האכסטן באיי-שפיל פון קינדליכער געהארכזאמקייט אונד פרימקייט. איהר יונגעס אפ-שטארבען פון דיא תענוגים פינעם לעבן, האט זיא געמאכט אונשטערבליך אויף עביג!"

נאך אפאר טאג זענען פארגאנגען, אין וועלכע איך בין געוועזען דער גאסט פינעם זעהער, אונד אפט בין איך געזעססען איהם צוא דיא פיסס מיט דיא בני הנביאים אין איינעם, הערנדיק פון זיינע ליפפן, ווארטער פון חכמה, ענדליך האב איך מיך מיט דעם אלטן נביא געזעגנט, אונד קניענדיק פאר איהן האב איך מיך באיי איהם געבענשט. פון אייערער מאיעסטאט וועגן, האט ער מיר איבער געגעבן אן אפשריפט, פון דיא כתבי קודש פון זיינער נאציאן. ער האט מיר געזאגט, אז אייער רעגירונג וועט א גליקליכע זיין, ווען איהר וועט בלייבן באיי אייער צדקות אונד גערעכטיגקייט, אבער זינד, אונד אונ-טערדריקונג פון קאניגס האנדט (גליקליכערווייזע געפינען זיך אין אייערער מאיעסטאטס רעגירונג אזאלכע איבל ניט,) זענען פון גאט אסך שרעקליכער אונד שטרענגער באשטראפט אלס דיא עבירות פון אנדערע מענשן. — ער האט מיר אויך באוויזן, וויא אללע מלחמות, וואס האבן פארוויקלט זיינע נאציאן, זענען געוועזען באמתן שטראף פון גאט פאר נאציאנאללע עבירות.— געזעגענענדיק מיט מיין פריינד נתן, וועלכער וועט א מאהל געוויסס אגרויססע ראללע שפיעלן אין זיינער נאציאן, איז דוד גראד צוא גע-קימען צוא מיר אונד מיך אן תאפפענדיק באיי דער האנד האט ער צוא מיר אזאג געטהין מיט א מאנליכן אונד באחנ'טן כבוד! „עס טהוט מיר זעהר לייד, מיין הערר פרינץ, וואס איהר זענט געקימען גראד אין א צייט, וואס אונזער לאנד איז באאימרוהיגט פון דיא ווילדע פלישתים, וואס זייער געגענווארט, וועללן אייך אפשר הינדערן, פאר א קירצער צייט מינדעסטנס, וייטער צוא געהן, וויא ביז שלם, אדער חברון. מיר האבן מקבל געוועזען חדשות, נאך קיין שעה ניט אפילו, אז זיי דראען שוין אט דעם ארט."—

דער פרינץ האט דיא בשורה שוין געהערט, אונד איז געריטן צום שטאדט טויער געוואהר צוא ווערן דעם יסוד פון דיא חדשות. דארט האב איך איהן טאקי געפינען, צוריק קעהרנדיק פון א וויזיטע פון קינדליכער פפליכט צוא זיין מיטער אין בית-אל,

שְׁטֶעהֶנְדִיק אִין מִיטֶן פוּן שָׂרֵי מֵאוֹת וְשָׂרֵי אֲלָפִים פוּן דֶער גַארְנִיזָאן, דֶעם, אַן עֵצָה גֶעבֶּענְדִיק, יֶענֶעם אַ ווִינְק, דֶעם אַ בַּאפוּיל, יֶענֶעם אַן אַזְהָרָה, דָאה אַשְׁלִיחוּת דָארְט, אַפָארְזִיכְט. וָוארְם אַ מַחֲנֶה פְּלִשְׁתִּים פוּן פִיר טוֹיזֶנְד מַאן אִיז נִיט וַוייטֶער גֶעוֶועזֶן פוּן צֶעהְן לִיגֶעס (= 45, וֶוערְשְׁט) פוּן רָמָה, אוּנְד הָאבֶּן שׁוֹין בַּאזֶעצְט אֵיינִיגֶע שְׁטֶעדְט אוֹיף זַייעֶר וֶועג אַהֶער. דֶער פְּרִינְץ הָאט זָאפָארְט גֶעשִׁיקְט אַ חֶבְרָה פוּן אַכְט הִינְדֶערְט מַאן צוּא פַאר טְהַיידִיגֶן אַ בֶּערְג־פַּאסס אִין דִיא הָרֵי אֶפְרַיִם. אוּנְד אִיז מִיט מִיר אַוֶועק גֶעריטֶן קֶעגֶן חֶבְרוֹן אוּנְזֶערֶע צְווֵיי וַואפְּפֶן־טְרֶאגֶער מִיט דֶער לַייבּ גַארְדֶע אוּנְז בַּאגְלֵייטֶענְדִיק. אוֹיפֶן וֶועג הָאבֶּן מִיר פַּאסְסִירְט, דִיא פֶעלְזִנְדִיגֶע הֶעהֶן פוּן זָאלִימָא (שָׁלֵם) מִיט אַ שְׁטַארְקֶן פֶעסְטוּנְג בַּאקְרֶאנֶענְדִיק דֶעם זִידְלִיכֶען שְׁפִּיץ. וָואס אִיז נָאךְ אִימֶער אִין דִיא הָאנְד פוּן עֲבוֹדָה זָרָהנִיקֶעס דִיא יֶעבוּסִיטֶן (אַנְשֵׁי יְבוּס) וָואס זֶענֶען נִיט בַּאצְווִינְגֶען גֶעוָוארֶן מִימוֹת יְהוֹשֻׁעַ בִּיז אַצִינְד. דָארְט שְׁטֶעהְט דִיא פֶעסְטוּנְג אִין דִיא וָואלְקֶן, שְׁטָאלְץ אוּנְד אוּמְבַּאשְׁטַייגְבַּאר, גֶעהֶערֶנְדִיק צוּא דִיא אַלְטֶע אַיינְוָואהְנֶער פִינֶעם לַאנְד, אִין מִיטֶן, אוּנְד אִים הַארְצִין פִינֶעם עִבְרִישֶׁן לַאנְד. אַייעֶרֶע מַאיֶעסְטֶעט קֶאנֶען זִיךְ פָארְשְׁטֶעלֶן, מִיט וָואס פַאר אַן אִינְטֶערֶעסס אִיךְ הָאבּ אַרוֹיף גֶעקִיקְט פִינֶעם טִיעפְֿן טְהָאל אוּנְטֶן אוֹיף אַזָא קְלֵיינֶער פֶעסְטוּנְג, וָואס הָאט אוֹיסְגֶעהַאלְטֶן מֶעהְר וִויא דְרַייא הִינְדֶערְט יָאהְר, אַלְס אִיךְ הָאבּ דֶעם פְּרִינְצֶן מַיינֶע פַארְווִינְדֶערוּנְג דַארִיבֶּער אוֹיסְגֶעדְרִיקְט, הָאט עֶר מִיר גֶעזָאגְט אַז דָאס אִיז גֶעוֶועזֶן דִיא פֶעסְטוּנְג פוּן דֶער הוֹיפְּט שְׁטָאדְט שָׁלֵם, וָואס אִין אִיהְר הָאט רֶעגִירְט אַ קְלִיגֶער אוּנְד אַ טוּגֶענְדְהַאפְטֶער קֶאנִיג פוּן סוּרְיָא „מַלְכִּי צֶדֶק‟ אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט טַאקִי דִיא שְׁטָאדְט אַלֵיין אַיינְגֶענוּמֶען אוּנְד הָאט אִיבֶּער גֶעלָאזְט דִיא פֶעסְטוּנְג אַז מֶען זָאל זִיא שְׁלַייפֶן, וֶוען מֶען וֶועט הָאבֶּן מֶעהְר צַייט, וָוארְם אַנְדֶערֶע אֶרְטֶער, וָואס זֶענֶען אַסַךְ וִויכְטִיגֶער גֶעוֶועזֶן פַאר דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל אַיין צוּא נֶעהְמֶען, הָאבֶּן זַייעֶרֶע כּוֹחוֹת בַּאנֶאטְהִיגְט, אוּנְד אַזוֹי אִיז דִיא פֶעסְטוּנְג אִיבֶּער גֶעבְּלִיבֶּן אוּמְבַּארִיהְרְט בִּיז זַיין טוֹיט, אוּנְד דֶער נָאךְ, חָאטְשׁ מֶען הָאט עֶס אַסַךְ מָאהְל אַנְגֶעגְרִיפֶן מַאן הָאט זִיא אָבֶּער קֵיין מָאהְל נִיט בַּאצְווִינְגֶען. דִיא גַארְנִיזָאן אִיז אָבֶּער פְרִידְלִיךְ אוּנְד זָאטְשֶׁעפֶּעט קֵיין מָאהְל נִיט אוּנְד בַּא אוּמְרִיהִיגְט נִיט אוּנְזֶער פָאלְק.—

אִינֶעם אֵייגֶענֶעם טָאג הָאבֶּן מִיר פַּאסְסִירְט אַחֵלֶק פוּן דֶעם אֵלוֹן מַמְרֵא, וִויא דִיא דְרַייא גְרוֹיסֶע קֶאנִיגֶע אַבְרָהָם, יִצְחָק וְיַעֲקֹב לִיגֶן בַּאגְרָאבֶּן אִין דֶער מְעָרַת הַמַּכְפֵּלָה, וֶועלְכֶן אִינְטֶערֶעססַאנְטֶן אָרְט אִיךְ הָאבּ בַּאזִיכְט זַייט אִיךְ בִּין אַהֶער אָן גֶעקוּמֶען. דָאה לִיעגְט אוֹיךְ דֶער אַיינְגֶעבַּאלְזַאמִירְטֶער קֶארְפֶּער פִינֶעם פְּרֶאכְטִיגֶן פְּרִינְצֶן יוֹסֵף הַצַּדִּיק, אֵמָאהְל גוּבֶּערְנֶאר פוּן מִצְרַיִם, וֶועלְכֶער הָאט בַּאפוֹילֶן דִיא עִבְרִים פַאר זַיין טוֹיט אַז מֶען זָאלְל אִיהְן אַרוֹיס גֶעהְמֶען פוּן דֶעם לַאנְד פוּן דִיא פַּרְעֹה׳ס אוּנְד אַהֶער בְּרֶענְגֶען אוּנְד דָאה בַּאגְרָאבֶּן. דֶער וַוייל נְבִיאוֹת זָאגֶענְדִיק אַז דִיא עִבְרִים וֶועלְלֶן גִיט נָאר אַרוֹיס צִיעהְן פוּן עֶגִיפְּטֶן, זָאנְדֶערְן זֵיי וֶועלְן אַיינְגֶעהְמֶען אוּנְד בַּאצְווִינְגֶען דָאס הָאזִיגֶע לַאנְד.

דָאה אִינֶעם פְּלֵיין פוּן מַמְרֵא הָאבּ אִיךְ גֶעפִינֶען גֶעלָאגֶערְט מַיינֶע קַארַאוַואנֶע אוּנְד מַיינֶע בַּאלֵייטוּנְג פוּן אַססִירִישֶׁן זָאלְדַאטֶן. אוֹיף מָארְגֶן בִּין אִיךְ אַרַיין אִין דֶער

שְׁטָאדט אונד בִּין גֶעפִירְט גֶעוָוארן פִּינֶעם .עִבְרִישֶׁן פְּרִינְצֶן אִין דֶער גֶעגֶענְוַוארט פִּינֶעם קֶאנִיג שָׁאוּל : —

אַיְיֶער טְרַייֶער אַרְבַּאצֶעם .

---

## פינפטער בריוו

אַרְבַּאצֶעם דֶער גֶעזַאנְדְטֶער, צוּא בֶּעללוּס דֶעם קֶאנִיג פוּן אַססִירִיֶען .

אַמְבַּאסַאדָארְס לַאגֶער. פְּלֵיין פוּן מַמְרֵא פַאר חֶבְרוֹן, אִינֶעם לַאנד פוּן דִיא עִבְרִים .

מַיין טְהַייֶערֶער קָאזֶען אוּנד קֶאנִיג — דִיא שְׁטָאדט פַאר וֶועלכֶער אִיךְ בִּין גִילָאגֶערט, אִיז, אַייֶערֶע מַאיֶעסטֶעט, אֵיינֶע פוּן דִיא עֶלטֶעסְטֶן, אִין דִיעזֶעם טְהֵייל פוּן דֶער וֶועלט, אֲפִילוּ עֶלטֶער פוּן דֶער אַלְטֶן שְׁטָאדט טַאנִיס, אַמָאהל דִיא הוֹיפּטְשְׁטָאדט פִינֶעם נָארְדְלִיכֶן עֶגִיפְּטֶן . מֶען זָאגט אַז זִיא אִיז אַמָאהל אוֹיפְגִיבָּאוֶועט גִיוָוארן פוּן אַ רִיֶעזֶן וָואס הָאט גִיהֵייסְּסֶן „אַרְבַּע״ . וֶוען יְהוֹשֻׁעַ הָאט אַיינְגֶענֶעהמֶען דָאס לַאנד, אִיז עֶס גִיוֶועזֶן אַ פֶעסְטִינְג פוּן אַ מֶלֶךְ כְּנַעַן , וֶועלכֶער זֶעלבְּסט אִיז גִיוֶועזֶן אַ רִיעזֶע פוּן דֶער מִשְׁפָּחָה פוּן עֲנָקִים . — אוֹיף אַ פֶעלְזִנְדִיקֶן בַּארג גֶעבָּאוֶועט , מִיט הוֹיכֶע צִינֶען , זֶעהר שְׁטַארְקֶע , גְרָאבֶּע מָאוֶוערְן , מִיט פֶעסטגֶעגְרִינְדֶעטֶע טְהִירְמֶער שַׁיינְט זִיא אִימְדוּרְכְדְרִינְגְלִיךְ . דְרוּמאוֹיךְ הָאט דֶער קֶאנִיג אָט דָאה נִיט לַאנג, זִיא אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּן פַאר דֶער הוֹיפּטשְׁטָאדט פוּן זַיין קֶאנִיגְרַייךְ . אַ טְהֵייל פוּן דֶער שְׁטָאדט אִיז אַרִימְגֶערִינְגְלְט פוּן דֶעם טְהָאל „הַמַּכְפֵּלָה״ אוּנד אַשְׁטִיק אִיז בַּאגְרֶענֶעצט פוּן דֶעם אֵלוֹן מַמְרֵא, הַיינְט דִיא פְּרַאכְטפָאללֶע גָארְטֶענֶער, אוּנד דִיא דָארְפְלַאךְ אַרִים אוּנד אַרִים, מִיט דִיא וַוייסֶע אוּנד פְלַאךְ-דֶאכִיגֶע הַייזֶער, מִיט וָואלְדְלַאךְ פוּן תְּמָרִים , מִיט אַרִימְגִיצוֹימְטֶע אֶרְטֶער פוּן פַייגֶן-מִילגְרֵיינֶען אוּנד אַפְרִיקָאזֶן-בּוֹימֶער אִיז עֶס אַ מְחַיֶּה צוּא קִיקֶן אוֹיף אִיהר פַאר שֶׁאנְקַייט . — אַרִים דֶעם טְהָאל שְׁטֶעהֶן הוֹיכֶע, אוּנד זִיךְ וִויא אַוַואנד גְלַייךְ אַרָאפְלָאזֶנְדִיקֶע בֶּערג, וָואס זֶענֶען אִין אֵיינִיגֶע אֶרְטֶער גִישְׁפַּאלְטֶן, מִיט טִיעֶפֶע פָּאסֶע, וָואס צִיעהֶן זִיךְ בִּיז דֶער שְׁטָאדט-מָאוֶוער , וֶוענִיגֶע זָאלְדַאטֶן קֶאנֶען שׁוֹין פַארהִינְדֶערְן אַ שׂוֹנֵא אַרַיינְצוּדְרִינְגֶען אִין דִיא שְׁטָאדט . בִּלְתִּי שׁוּם סָפֵק אַז דֶער מָאנַארךְ וֶועט חֶבְרוֹן מַאכֶן צוּא דֶער שְׁטַארְקְסְטֶן שְׁטָאט אִין זַיין גַאנְצֶער מְלוּכָה .

עֶס טְהוּט מִיר לֵייד, אַייֶערֶער מַאיֶעסטֶעט, צוּא מֶעלְדֶן אַז עֶס אִיז טַאקִי אֱמֶת, אַז דִיא פְּלִשְׁתִּים זֶענֶען שׁוֹין אַזוֹי וַוייט אַפִּירגֶערִיקְט, אַז זֵיי בַּאדֶעקֶן דֶען וֶועג גֶען עֶגִיפְּטֶן , אוּנד נֶעהמֶען אִיבֶּער אַללֶע פַּאססַאשִׁירֶע אוֹיף דֶעם וֶועג, אוּנד נֶעהמֶען בַּאיי זֵיי אַלְסְדִינְג אַוֶועק, אוּנד אֶפְשָׁר מֵיינֶען זֵיי דֶער מִיט אוֹיךְ אָפְּצוּשְׁנַיידֶן פִינֶעם קֶאנִיג יֶעדֶע צוּפִיהרוּנְג פוּן פְּרָאווִיאַנְטֶן לְעֵת עַתָּה וֶועלל אִיךְ גֶעצְווּינְגֶען זַיין, אָט אָ דָאה צוּא פַארבְּלַייבֶּן בִּיז אַ מִלְחָמָה וֶועט גִישֶׁעהֶן, אוּנד דֶער וֶועג וֶועט גִיאֶפְּנֶט וֶוערֶן . וָואס וֶועט מִן הַסְּתָם שׁוֹין אִין עֶטלִיכֶע טָאג גֶעשֶׁעהֶן . —

דֶער קֶאנִיג אִיז שְׁטַארְק בַּאשֶׁעפְטִיגְט צִין אוֹיפְקְלוֹיבְּנְדִיק זַיינֶע אַרְמֶעע, אוּנד דֶער

פְּרִינְץ שְׁטִיצְט אִיהן. אִים פַאלל פוּן אַן אַנְגְרִיף פוּן דִיא דֶערְקְוִיטְשֶׁענְדִיקֶע שׂוֹנְאִים, וֶועלל אִיךְ צוּשְׁפְּרִינְגֶען מִיט מַיינֶע אַססִירֶער דֶעם קֶענִיג צוּא הִילף. אַ שְׁפְּיָאן מֶעלדֶעט אוּנז, אַז דִיא פְּלִשְׁתִּים זָאלְלֶן פַּאר חֶבְרוֹן, אִין דָרוֹם זַייט, אִיבֶּער צֶעהן טוֹיזְנד שְׁטַארק זַיין, דָאס בַּאוַוייזט אַז זַייא מֵיינֶען עֶפֶּעס וִויכְטִיגֶעס צוּא טְהִין. — דֶער קֶענִיג בַּאפֶּעסְטִיגְט דִיא שְׁטָאדט אוֹיף יֶעדן פּוּנְקְט, אוּנד חַיִל קוּמְט אָן פוּן אַללֶע טְהֵיילֶן פִּינֶעם לַאנד, לַייטֶע מִיט אַ בְּרַאוּן אוֹיסֶזעהן, אָבֶּער זֶעהר אָרִים בַּאוַואפְנֶט, וָוארם זַייט שְׁמוּאֵל הַנָּבִיא׳ס יוּגֶענד, וֶוען דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבּן גֶעהַאלְטֶן אִיבֶּער דִיא יוּדן דִיא אוֹיבֶּער הַאנד, אוּנד הָאבּן מִיט גְרוֹיס פָאְרזִיכְט אַוֶועק גֶענִימֶען בַּאיי יוּדן יֶעדֶעס שְׁטִיקל כְּלֵי זַיִן, הָאבּן זַייא זִיךְ נָאךְ נִיט אָנגִיגְרֵייט דָאס נוֹיטִיגֶע, אוֹיךְ הָאבּן דִיא עִבְרִים זֶעהר וֶוענִיג צוּא טְהִין מִיט דִיא אַנְדֶערֶע נַאצִיאָנֶען אִיז דָאס אוֹיךְ אַ סִיבָּה וָואס זַייא קֶענֶען נִיט אַזוֹי גִיךְ מַשְׁלִים זַיין זַייעֶר חִסָּרוֹן. כִּמְעַט דָאס עֶרְשְׁטֶע וָואס דֶער מֶלֶךְ שָׁאוּל הָאט מִיךְ גִיפְרֶעגְט, וֶוען אִיךְ בִּין אִיהם גִיוֶועזן פָאְרגִישְׁטֶעלט אִיז גִיוֶועזן „אוֹיבּ אִין אַססִירִיֶען אִיז דָאה אַסַךְ כְּלֵי זַיִן אוּנד אוֹיבּ אַייעֶרֶע מַאיֶעסטֶעט וֶועלְלֶן עֶרְלוֹיבּן אַייעֶרֶע סוֹחֲרִים צוּא פַארקוֹיפֶן צוּא דִיא עִבְרִים אַ הִינְדֶערט טוֹיזְנד. וַואפֶן פוּן אַללֶע מִינֵי כְּלֵי זַיִן?״

מוֹטה אוּנד אַייפֶער, קֶענֶען אִין אַ מִלְחָמָה נִיט אַסַךְ אוֹיסמַאכְן אָהנֶע גוּטֶע כְּלֵי זַיִן. — פַאר אַ שָׁעָה זֶענֶען דוּרכְגִינַאנְגֶען אַ טוֹיזְנד עִבְרִים גֶען חֶבְרוֹן. נִיט אַמָאהל דִיא הֶעלפְטֶע זֶענֶען גִיוֶועזן גִיט בַּאוַואפְנֶט, לְפִי סֵדֶר בְּנֵי חַיִל, דִיא מֵייסְטֶן הָאבּן גִיטְרָאגֶן מִינֵי שְׁטִיקְלַאךְ שְׁטָאהל, פֶּעסט גִימַאכְט אוֹיף דִיא עֶקן פוּן שְׁטֶעקְנס, אוּנד שְׁוֶוערְדֶער הָאבּן פִּיעלֶע גִיהַאט פוּן סֶערְפֶּן אוּנד פוּן קָאססֶעסס. מֶאג אַזַאן אַרְמֶעע נָאךְ אַסַךְ בְּרַאוֶוער זַיין, נָאר וִויא זַיא קֶאן הָאפְּן אוֹיף אַ נִצָּחוֹן אָהן כְּלֵי זַיִן פַארשְׁטֶעה אִיךְ נִיט. דַאגֶעגן דִיא פְּלִשְׁתִּים זֶענֶען גוּט גִיפַּאנְצֶערט, גֶעשִׁיצט מִיט הֶעלְם אוּנד קוּרַאסס, אַחוּץ דֶעם הָאבּן זַייא בַּאטַאללְיָאנֶע פוּן אַייזֶערְנֶע רַייט־וָואגן, מִיט בְּרֵייטֶע אוּנד הַאלְבַּקְיילַאכְדִיקֶע שַׁארְפֶע מֶעססֶערס, פֶּעסט גִיבּוּנְדן צוּא דִיא אַקְסן, מִיט טוֹיזְנדְטֶער פוּן רַייטֶערס בַּאדֶעקְט, זֶעלְבְּסט, אוּנד דִיא פֶּערד, פוּן קָאפּ בִּיז דִיא פִּיסס אִין שְׁטָאהל אוּנד אִין אַייזן, מִיט לַאנְגֶע שְׁטַארְקֶע אוּנד שַׁארְפֶע לַאנְצן אִין דִיא הֶענְט. אוּנד אַחוּץ דֶעם אַללֶעמֶען, זָאללֶן זַיי הָאבּן אַ לַייבּ־גַארְדֶע פוּן אַ הִינְדֶערט עֲנָקִים, וָואס בַּאלֵייטֶן זַייעֶר קֶענִיג, זֶעלְבְּסט אַן עֲנָק פוּן זֶעקס עֶלֶען לַאנג, כִּמְעַט צֶעהן פִּיסס הוֹיךְ! עֶר אִיז מִיט דֶער הוֹיפּט אַרְמֶעע, וֶועסט פוּן דַאגֶען, אַזוֹי זָאגְן דִיא שְׁפְּיָאנֶען, גֶעלֶאגֶערט אִין אַגְרוֹיסְסֶן פְּלַיין, וֶועלְכֶעס אִיז פַארפְנְצֶטֶערט פוּן זַיינֶע הֶעררשָׁארְן. דֶעם חֵלֶק פוּן זַייעֶר אַרְמֶעע פוּן דָרוֹם זַייט הָאבּ אִיךְ גִיזֶעהן, וָוארם אִיךְ הָאבּ מִיךְ גִיוָואלט אִיבֶּערצַייגן פוּן דֶעם אֶמֶתְדִיקֶן צוּשְׁטַאנד פוּן דִיא זַאכְן. אֶפְשָׁר אִיז עֶס נִיט אַזוֹי גִיפֶאהְרלִיךְ, הָאבּ אִיךְ גִיוָואלט תֵּיכֶף וּמִיַד אוֹיפְהֶעבּן מַיין לַאגֶער, אוּנד גֶען עֶגִיפְּטֶן צוּא מַארְשִׁירֶן. הָאבּ אִיךְ אַחַאפּ גֶעטְהִין אַ פִּיפְצִיק מַאן אוּנד אַגַאלָאפּ גֶעטהִין אַן עֶרֶךְ פוּן פִיער שָׁעָה, בִּין אִיךְ אָנְגֶעקִימֶען צִין אַ בַּארג וָואס הֶאנְגְט אִיבֶּערן וֶועג. וִויא אִיךְ הָאבּ דֶערלַאנְגְט אַקִיק אַרָאפּ אוּנְטֶן, הָאבּ אִיךְ בַּאלד דֶערזֶעהן אַז מַיינֶע הָאפְנוּנְגֶען, בַּאלד אָנצוּהוֹיבּן אַ מַארש גֶען עֶגִיפְּטֶן מוּזן גֶע־

טיישט ווערן. — אין א שמאלן פליין וואס איבער זיינעם גריענם ביזים, האט זיך גע־דרעהט אונד געווינדן, דער געלער שטויביגער וועג פון מצרים, זענען גיוועזן אויך אויס־גישטעלט אין אלאנגער ווייססן שורה, דיא גיצעלטער פון דיא אלפי פלשתים. ווערהרנד איך האב זייא דאה פון אויבן באטראכט, האבן זייא גראד זיך באשעפטיגט מיט זייערע מיליטארישע איבונגען. רייט־וואגן אין לאנגע שורות האבן זיך גיקויקלט איבערן פליין; פארטיען פון קאוואלעריע האבן זיך געיאגט אהין אונד אהער. אינפאנטעריע אין קא־לומנען (עמודים, שורות) האט מען מארשירט אונד צוריק מארשירט. רובי קשת האבן זיך געאיבט אין פיילן שיססן אונד צוא טרעפן אקוראט אין ציעל; לאנצערס האבן גיווארפן זייערע לאנגע לאנצן אויף איינגיבילדעטע שונאים. דגלים האבן גפלאטערט אין דער לופט. שפיזן האבן גיבלישטשעט העלמס האבן גיגלאנצט, אונד פון דער וייטן, דער קול פון דעם קלאפ פון טויזענטער פיס פון רכב ופרשים, דאס ווילדע גישריי פון קאמאנדאס, אונד דאס וויל־דערע ענטפערנדיקע גישריי פון דיא זאלדאטן, האט אנגעפילט דיא לופט. ווערהרנד איבער דער מערקווירדיגן אונד שלאכטארטיגן סצענע האבן זיך גיקאטשעט וואלקן פון שטויב וואס האבן נור אויסגיזעהן וויא גאלד שטויב פון דיא שטראהלן פון דער זיך־זעטצנדיקער זון. איך האב מיך פון דער סצענע אוועקגיקעהרט מיט דער איבערצייגונג אז אויף אקירצער צייט מינדסטנס מוז איך בלייבן גילאגערט אינעם שאנעם אלון ממרא.

איך בין אפילו שפעטער גיווארהר גיווארן אז סאיז נאך דאה אן אנדער וועג געגן עגיפטן, למשל: איך זאלל צוריק מארשירן צום ירדן, אונד איהם אריבערגעהנדיק, קאן איך געווינען דען מדבר אדום ומואב, אונד דורך אלאנגן אונד מיעדן־מארש, צווישן ווילדע ישמעאלים, קאן איך פארט דערגרייכן עגיפטן אנשטאט אזאן אימוועג צואמאכן אונד אין אזעלכע סכנות צוא געהן, וואללט איך שוין אסאך גיבער מיין וועג דורכגע־שניטן, א קאניג, מיט מיינע בראווען טויזנד גארדיסטן דורך דעם לאגער פון די פלשתים נאר איך מוז מיך ניט איבעראיילן, אונד דאה אויסווארטן איניגע טאג אונד מה יעשה הזמן יעשה השכל זאגט אן עברישעס שפריכווארט.

אצינד וועל איך אייערע מאיעסטאט דערצאהלן דיא פרטים פון מיין צוזאממענ־קימען מיט דעם עברישן מאנארך. — א טאג נאך מיין אנקימען אים לאגער, איז דער פרינץ יהונתן געקימען צוא מיר אים גיצעלט אונד האט גיזאגט, אז דער קאניג ווינשט מיך צוא זעהן. — צוא פיססגעהנדיק דורך דיא מאסיף גימאווערטע טויערן פון דער שטאדט וועלכע איז גיוועזן כמעט פילל מיט טרופן האב איך באלייט דען פרינצן דורך א שמאלע לאנגע גאס וואס שיינט ליגירט צוא זיין מיט באראקן פון שטיינער פאר דער גארניזאן. נאך זיי זענען מיר אריינגעקימען אין א סקווער (מקום מרובע) איינגישלאסן פון פאר־שיעדענע קאסטעללירטע פאלאטצן פארציערט מיט אסך טהורמלאך, אללעס זעהר אלט אונד בכבודיק. דער גאנצער סקווער איז פילל גיוועזן מיט זעהר שלעכט באוואפנטע עברים, איין געאיבט אין דעם מיסטער ביי דיא קאפיטאנע. ווערהרנד פון דיא אינווע־ניגע הויפן האט מען גיהערט דאס גערעש פון שווערע האמערס וואס שלאגן אונד הא־

מֶערן אַייזן צוא כְּלִי זַיין. אַרִיבֶּערגֶעהֶענדִיק דֶעם בַּאלֶעבְּטֶן אָרְט, זֶענֶען מִיר פַּאססִירט אַקִירצֶע שְׁטְרַאססֶע, וֶועלכֶע פִיהרְט אִין אַן עֶדֶעלן הוֹיף אַרַיין, אוֹיף צְוֶוייא זַייטן שֶׁאנֶע גאָרְטֶנֶער, דִיא דְרִיטֶע זַייט אִיז גִיוֶועזן אָפֶן אַקֶעגן דֶעם אֵלוֹן מַמְרֵא, מִיט זַיינֶע גְרִינֶע טְהָאלֶן אוּנד פֶעלְזֶנְדִיקֶע בֶּערג, וֶועהרֶנד דִיא פִירְטֶע זַייט הָאט אוֹיף זִיךְ גִיהַאט אַן אָנגֶע־הוֹיבֶּענֶעם פַּאלַאטץ, וָואס אַסַךְ מֶענְשֶׁן זֶענֶען גְרָאד גִיוֶועזן בַּאשֶׁעפְטִיגט אִין זַיין אַרְבֵּייט. גֶעבְּן דֶעם בִּנְיָן אִיז גִישְׁטַאנֶען יֶענֶער אַרְכִיטֶעקט, וָואס פַאר פִינף טֶאג הָאבְּן מִיר זִיךְ צוּשֵׁיידט, וֶועהרֶנד דֶער מַעֲשֶׂה פוּן דֶער שַׁיָירָא פוּן „שְׁבָא“. מִיךְ דֶערזֶעהנְדִיק אוּנד דֶערקֶענֶענְדִיק הָאט עֶר מִיךְ גֶעגְרִיסט מִיט כָּבוֹד, אוּנד הָאט פוּן מִיר גֶעווּנְשְׁט אִיךְ זָאלל בַּאוִוינדֶערן זַיין עֶדֶעלן בִּנְיָן, וֶועלכֶער אִיז גִיוֶועזן אִין גִיטְן גִישְׁמַאק אוּנד גִיט פְּרָאפָּארְצִי־אָנִירט, הָאבּ אִיךְ עֶס גֶעלוֹיבְּט וִויא עֶס הָאט פַארדִינְט. דַארוֹיף הָאט עֶר בַּאמֶערְקְט — „וֶוען מַיין בִּנְיָן וֶועט פַארְטִיג ווערן, וֶועט עֶר אִיבֶּערְטְרֶעפְן אַללֶע פַּאלַאטְצן פוּן דֶער וֶועלט.“ — אִיךְ הָאבּ נָאר גִימוּזט לַאכְלֶן, אַייֶערֶע מַאיֶעסטֶאט. אִיבֶּער דֶאס בִּיסל גַדְלוּת זַיינֶס, וֶוען אִיךְ הָאבּ מִיר דֶערמָאהנְט אִין דִיא הִינדֶערט אוּנד זִיבֶּעצִיק גְרֶאסטן פַּאלַאצן אִין נִינְוֵה, וָואס דֶער קְלֵיינְסטֶער פוּן זֵייא אִיז גְרוֹיסַארְטִיגֶער אוּנד עֶדֶעלֶער פוּן אַללֶע פַּאלַאצן וָואס אִיךְ הָאבּ נָאר בִּיז אַצִינד גִיזֶעהן אִין דֶעם לַאנד, וֶוער שְׁמִיעֶסט וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעדַאכְט אִין דֶעם „אַרְמוֹן הַמְלָכִים“ אוּנד אִין אַייֶערֶער קֶעגִיגְלִיכְן מִיטֶערְס אַלַא־בַּאסְטֶער פַּאלַאטְץ מִיט אַ דַאךְ פוּן גִישְׁלָאגֶענֶעם גָאלד, מִיט זַיילן פוּן זִילְבֶּער, שַׁיִשׁ אוּנד צֶעדֶער־הָאלץ אוֹיסס־אוּנד אַיינגֶעלֶעגְט מִיט עֶלְפֶנבֵּיין אוּנד פֶּערְל! הָאבּ אִיךְ גִימוּזט אִי־בֶּער זַיין גַאֲוָה־לַאכְלֶן. וִויא שְׁנֶעלל גְלוֹיבְּט דִיא אִיגְנָארַאנְץ, דָאס הֶאכְסטֶע דֶערגְרֵייכְט צוּא הָאבְּן, וֶועהרֶנד זִיא שְׁטֶעהט עֶרְשְׁט אוֹיף דֶער עֶרְשְׁטְן מַדְרֵגָה פוּן יֶענֶער מֶערְק־וִוירְדִיגְן לֵייטֶער, וֶועלכֶע פִיהרְט דֶעם עֶרְנְסְטְן פָארשֶׁער צוּם הִימְל־הוֹיכְן טֶעמְפּל פוּן דֶער אֱמֶתְן פָאלְקָאמֶענַקְייט?—

פוּן דָארט זֶענֶען מִיר וַוייטֶער גִיגַאנגֶען, אוּנד צוּגֶעקִימֶען צוּן אַ מֶערְקְוִוירְדִיגְן טְהוּרם, גְרוֹיסס אוּנד מְרוּבָּע אוּנְטְן בַּאיים יְסוֹד, אוּנד קַאיילַאכְדִיק אַרוֹיף צוּא, מִיט אַ שְׁטַארְקְן אַייזֶערְנֶעם טוֹיעֶר פַארן אֵיינגַאנְג.

„דָאס אִיז דָאס „בֵּית מִקְלָט“ וָואס דֶער רוֹצֵחַ אַנְטְלוֹיפְט אַהֶער זִיךְ צוּא שִׁיטְצְן פַארן גוֹאֵל הַדָם“ הָאט דֶער פְּרִינְץ גִיזָאגְט. וָוארם חֶבְרוֹן אִיז אֵיינֶע פוּן דִיא עָרֵי מִקְלָט. דָאהּ בְּלַייבְּן זֵיי נֶעכְטִיגן, זִיכֶער גִיהַאלְטְן פוּן אֶפְשָׁר אַ גֶעדִינגֶענֶעם מַייכל־מָארְדֶער, וָואס זָאלל זִיךְ אַרַיין גַנְבֶנ׳ן בַּאיי נַאכְט אִין דֶעם עִיר מִקְלָט דֶען רוֹצֵחַ בְּסוֹד צוּ דֶער הַרְגֶענֶען. בַּאיי טָאג בַּאשֶׁעפְטִיגְן זֵיי זִיךְ גְרָאד וִויא דִיא אַנדֶערֶע שְׁטָאט לַייט. זֶעהט אִין יֶענֶעם פַאר־גִיטָאטֶערְטְן פֶענְצְטֶער קִיקְט אַרוֹיס אַ פָּנִים, בְּלֵייךְ וִויא אַמֵת מוֹרָא דֶערלָאזְט אִיהם נָאךְ נִיט אוֹיף דֶער לִיכְטִיגְן וֶועלט אַרוֹיס צוּ גֶעהן.“ עֶנְדְלִיךְ הָאט זִיךְ דֶער פְּרִינְץ אַנִידֶער־גִישְׁטֶעלְט פַאר אַ פָארְטֶקֶע אִין אַ נִיעֶדֶערִיגֶער וַואנד, וֶועלכֶע הָאט אַפָּנִים אַיינגִישְׁלָאסְן אַ גָארְטְן, הָאבּ אִיךְ מִיר גִיקְלֶערְט זֶעהֶענְדִיק בְּלֶאטֶער אַרִיבֶּער קִיקְנְדִיק אִיבֶּער דֶער מָאוֶוער. אַ שׁוֹמֵר, אָנגֶעטְהִין אִין אַ פַּאנצֶער, מִיט אַן אַייזֶערְנֶער קָאפּ־בַּאדֶעקוּנג אוּנד

בַּאוַואפְנֶט מִיט אַ שְׁטְרַייט-הַאק הָאט פַאר דֶער פָארְטֶקֶע אַרִים גֶעשְפַּאצִירט הִין אוּנד צוּרִיק, וֶועהְרֶנד צְוֵויי עִבְרִישֶׁע זָאלְדַאטֶן, אַקוּרַאט אַזוֹי אָנגֶעטהִין זֶענֶען גִישְׁטַאנֶען אִינוֶוענִיג צוּא בַּאוַואכֶן דֶעם אַיינגַאנְג. דֶערזֶעהֶנדִיק דֶען פְּרִינְצֶן הָאט דֶער עֶרְשְׁטֶער שׁוֹמֵר פְּרֶעזֶענטִירט, אוּנד מִיר זֶענֶען אַרַיינגִיגַאנְגֶען אִין אַ גְרוֹיסְסֶן הוֹיף אוֹיסגִיפְלַאסטֶערט מִיט שְׁטֵיינֶער, מִיט אַ פָאנטֶענֶע אִין מִיטֶן, בַּאשְׁטֶעלְט פוּן אַן אֵיינצִיגֶן טֵייטְלבּוֹים. אַקֶעגֶן אִיבֶּער פִינֶעם אֵיינגַאנְג אִיז גִיוֶוען אַ גְרוֹיסֶער שְׁטֵיינֶערְנֶער בִּנְיָן, ווִיא דִיא מֵיינְסטֶן אֶפְּפְּנְטלִיכֶע בִּנְיָנִים פִינֶעם לַאנד, זֶענֶען מִסְתָּמָא אַ מָאהל גִיוֶוען טֶעמפְּלֶען אָדֶער פַּאלַאטצֶן פוּן דִיא אַלְטֶן כְּנַעֲנִים. צְווִישֶׁן צְוֵויי בֵּיימֶער אוֹיף בֵּיידֶע זַייטֶן, עַל פִּי רוֹב בְּלִיעהֶנְדִיקֶע אָלֶעאַנְדֶערס, נָאר דָאהּ אוּנד דָארְט אַ בְּלִיעהֶנְדִיקֶע אַקַאצִיֶע, זֶענֶען מִיר צוּגֶעטְרֶעטֶן צוּם פַּאלַאטץ. — אִין דֶער מַאסִסִיוְון אוּנד גֶעשְׁנִיצְטֶן אַלְטֶן טְהִיר זֶענֶען גִישְׁטַאנֶען צְוֵוייא בְּנֵי חַיִל הוֹיךְ אוּנד שְׁטַארק אַפָּנִים בְּנֵי הָרִים, בַּאוַואפְנְט מִיט קוּרְצֶע שְׁוֶוערְדְלַאךְ. גֶעטְרָאגֶן הָאבֶּן זֵיי הֶעלְמֶס מִיט נִיעדֶערִיקֶן קַאם, הֶעלל-רוֹיטֶע טוּנִיקֶס, שְׁטָאהלֶענֶע קָארזֶעטֶס (מָגִינֵי-לֵב) אָדֶער אַ קִירַאסס פוּן פָּאלִירְטֶן אַייזֶן, אָדֶער פוּן דִיקֶן לֶעדֶער פַארגִילְט אוּנד אִין בּוּלֶט'ע פַארצִיערוּנגֶען גִיאַרבֶּעט! אוּנד בְּרָאנְדזֶענֶע מִצְחוֹת אוֹיף דִיא פִיסס, אַגַאנץ מֶערְקוּוִירְדִיקֶע בַּאוַואפְנוּנג. דִיא דָאזִיגֶע בְּנֵי חַיִל הָאבֶּן גִיקֶעהֶרט צוּם שֵׁבֶט גָד, אוּנד אַ טְהֵייל פִינֶעם קֶאנִיגְס לֵייבּ גַארדֶע. מוּטהִיג, קוּרַאשִׁירט מִיט אַפָּנִים פוּן אַן אֶמֶתְדִיקֶן בֶּן חַיִל, וָואס קֶאן מְמַלֵא זַיין זַיין חוֹב אוֹיף דֶעם שְׂדֵי מִלְחָמָה. זֵיי הָאבֶּן זַאלוּטִירט מַיין פְּרִינְצְלִיכֶן בַּאלֵייטֶער, וֶועלְכֶער הָאט מִיךְ גֶעפִיהרט צוּן אַ בְּרֵייטֶן טְרֶעפֶּן-גַאנְג, וֶועלְכֶער אִיז אַזוֹי נִיעדֶערִיג גִיוֶוען, אַז אִיךְ הָאבּ מִיךְ נִיט פַארוִוינְדֶערט שְׁפֶּעטֶער הֶערֶנְדִיק, אַז דֶער קֶאנִיג אִיז אַמָאהל אִין אַן אַנפַאלל פִינֶעם רוּחַ רָעָה וָואס קִימְט אָפְּט אִיבֶּער אִיהם, רַייטֶנְדִיק, גְלַייךְ אוֹיף דֶער טְרֶעפּ אַרוֹיף גֶעפָאהרֶן. אוֹיבֶּן אוֹיף דֶער טְרֶעפּ אָנקִימֶענְדִיק זָענֶען מִיר אַרַיין אִין אַ קָארִידָאר, אוּנד אִיהן דוּרכְגֶעהֶענְדִיק זֶענֶען מִיר אָנגֶעקִימֶען צוּן אַ טְהִיר, פַאר וֶועלְכֶער אִיז גִישְׁטַאנֶען אַ שׁוֹמֵר. — פִילֶע מֶענְשֶׁן זֶענֶען דָאהּ אַרִים גִיגַאנְגֶען, אַללֶע וַוארְטֶענְדִיק אוֹיף אַן אַוודִיֶענְץ. אֵיינִיגֶע זֶענֶען גִיוֶוען אָפִּיצִירֶע אִין גָאלְשְׁטֶאנְדִיגֶער אוּנִיפָארם; אַנְדֶערֶע זֶענֶען גִיוֶוען עֶלְצְטֶע פוּן שְׁטֶאדט מִיט לַאנְגֶע בֶּארְד אוּנד אִין פַיינֶע קְלֵיידֶער; אוּנד אַנְדֶערֶע זֶענֶען גִיוֶוען רַייךְ גִיקְלֵיידֶעטֶע בִּירגֶער; אוּנד נָאךְ אַנְדֶערֶע זֶענֶען גִיוֶוען פָּשׁוּטֶע מֶענְשֶׁן, וֶועלְכֶע זֶענֶען גֶעקִימֶען צוּא בֶּעטֶן אַ חֶסֶד אָדֶער יוֹשֶׁר. אַללֶעמֶען הָאט דֶער פְּרִינְץ פְּרַיינְדלִיךְ גֶעגְרִיסט, אוּנד אַ גִיט וָוארְט גִיגֶעבֶּן, דֶעם עֶפֶּעס מַבְטִיחַ גִיוֶוען, יֶענֶעם אַ הָאפנוּנְג גִיגֶעבֶּן, אֵיינֶעם זִימְפַּעטִישׁ זַיין לֵייד אוֹיסגִיהֶערט אוּנד אַן אַנְדֶערְן גֶעטְרֵייסט. ווִיא גְרוֹיס אִיז אָבֶּער גִיוֶוען מַיינֶע פַארווִינדֶערוּנְג, וֶוען אִיךְ הָאבּ צְווִישֶׁן דִיא אַנוֶועזֶענְדֶן דֶען גוּבֶּערנֶער פוּן יְרִיחוֹ דֶערזֶעהֶן? עֶר אִיז גֶעקִימֶען אַבְּזִיכְטְלִיךְ צוּם קֶאנִיג, וֶועלְכֶער הָאט נָאךְ אִיהם גֶעשִׁיקְט. ווִיא עֶר הָאט מִיךְ דֶערזֶעהֶן הָאט עֶר מִיךְ זֶעהר פְּרַיינְדלִיךְ בַּאגְרִיססט, אוּנד וֶוען אִיךְ הָאבּ אִיהן גֶעפְרֶעגט וָואס מַאכְט זַיינֶע שֶׁאנֶע טָאכְטֶער אַדָארַא, אַ רַייכְסטֶע יוֹרֶשֶׁת אוּנד דָאס שֶׁאנְסְטֶע מֵיידְכֶען אִין יִשְׂרָאֵל, פוּן וֶועלְכֶער אִיךְ הָאבּ שׁוֹין גֶעשְׁרִיעבֶּן צוּא אַייעֶרֶער מַאיֶעסְטֶעט, הָאט

ער מיר הערצליך געענטפערט אז ער האט זיא מיט זיך געבראכט, אונד אז זיא שטעהט איין ביי זיינעם א ברידער, דער עלצטער פון דער שטאדט. איך מיז אייערער מאיעס-טאט מודה זיין, אז הערנדיק דיא חדשות האב איך מיך ניט ווייניג געפרייט אין מיינעם הארצן, ווארם דיא געגענווארט פון אזא ליעבליך קינד, האב איך געדאכט וועט פאר-טרייבן אסך פון מיינער לאנגוויילע, וועהרנד מיינען געצוואונגענעם אויפענטהאלט אין חברון; ווארם שוין אין יריחו האב איך זיא אפט געזעהן אין איהר פאטערס הויז, אונד איך האב געלערנט זייא ביידע צוא עהרן אונד צוא שאטצן אלס זעהר ווערטה-פאללע פריינדע. —

„ווייסס שוין דער קאניג אז איהר ווארט דאה?" האט איהן דער פרינץ יהונתן אפרעג געטהין.

„איך האב מיך געלאזט אן מעלדן שאן אגיטע שעה צוריק, ביי דעם עלצטן קאממערהערן" האט ער האפליך דעם פרינצן געענטפערט.

„איך וועל איהם דער מאהנען דער פון. איז אייער געשאפט זעהר נויטיג מיין הערר?" האט דער פרינץ פריינדליך געפרעגט דעם עדלן גובערנאר פון יריחו.

„עס קאן זיין נויטיג פאר זיינע מאיעסטאט דעם קאניג. ער ווינשט צוא בארגן זעכציג טאלענטע (ככר) גאלד פארן קריעג! איך בין געקימען צוא זאגן; אז איך מיט מיינע פריינד קאנען דאס גאנצע אין דיא האנדט פון זיינער מאיעסטאט אניעדער לעגן."

„עס פרייט מיך זעהר דאס צוא הארן, מיין גיטער גובערנאר; איך ווייס מיין פאטער דארף נויטיג האבן גאלד אויף דער מלחמה צוא צאהלן דער ארמעע. מיט אייער הילף דאף איך וועללן מיר גיט מאבן! איך וועלל איהם שוין זאגן אז איהר ווארט דאה."

דאה האב איך גראד געהערט, עמעצן זאגנדיק אין א שטילל קול, ניט ווייט פון מיר; „איך האב מורא ער וועט היינט קיינעם ניט זעהן. דער רוח רעה איז גראד איבער איהם געקימען."

„וויל מיין הערר פון אשור מיר מאכן דאס פארגניגן מארגן צוא מיטאגן מיט מיר אונד מיין טאכטער ביי מיין ברידער?" האט מיך דער גובערנער געפרעגט, אז מיר זענען פארביי געגאנגען.

„מיט גרויסער פרייד, עקסעללענץ, נעהם איך אן אייערע איינלאדונג," האב איך געענטפערט; ווארם איך ווייס גאהר ניט וואס צוא טהין מיט מיין לעדיגער צייט, נאר האב איך מורא, אז איהר וועט מיך האבן צוא אפט פאר א גאסט!"

„האט דער פאר קיין מורא ניט, מיין הערר ארבאצעס," האט דער עדלער אונד שאנער עברישער זקן געענטפערט מיט אן אנגענעהם געלעכטערל. —

מיר זענען דעם שומר הפתח פארביי געגאנגען, אונד איינטרעטנדיק האב איך מיך געפינען אין א גרויסן אונד שאנען חדר, אויס געפיצט מיט קולפטורן, מיט פאר-גילטע לייסטן, אונד רייך באמאהלט מיט זעלטענע בלומען. צווישן דיא פראכטפאללע

זײלֶן פון פָּאלירטן מַארְמָאר, אײנגֶעלֶעגט מִיט דֶעם פַּיינְסְטֶן עֶלְפֶנְבֵּיין, אונד פַּאר־שִׁיעֶדנפַּארבִּיגֶעס הָאלְץ, וֶוענֶען גֶעשְׁטַאנֶען טַהײעֶרע כֵּלִים מִיט דופּטִּוּנדִיקֶע פְרִישֶׁע בְּלוּמֶען, אונד דִיא פָּארהֶאנְגֶע זֶענֶען גֶעוֶוען רַייךְ פַּארבִּיג אונד אַם קוּנְצִיגְסְטֶן אויסגֶענֶעהט מִיט דֶער פַּיינְסטֶן נָאדְל־אַרבֵּייט . דִיא סְטֶעלַליע אִיז גֶעוֶוען גֶעמָאהלְט אַזורבְּלָאוו, וִויא דִיא הִימֶל־פַּארְבּ אונד אײנגֶעזֶעצט מִיט אַסַךְ גִילְדֶנֶע שְׁטֶערְנס . דִיא אַנטקֶעגֶנְדִיקֶע זַייט פון דֶעם נָאבֶּעלֶן זַאל, הָאט עֶנטְהַאלטֶן אַ טְהְרָאן אויף אַ מִין בִּימָה דְרַיי טְרֶעפּ הויךְ אִיבֶּער דֶער רִצְפָּה . אִיבֶּער וֶועלְכֶען אִיז גֶעוֶוען גֶעהַאלְטֶן אַ גְרויסאַרְטִיגֶע חוּפָּה פון שְׁוֶוערֶן זַיידֶן שְׁטָאף, מִיט קִינְצִיגֶער אַרבֵּייט אִין גָאלְד שְׁטִיקֶעררַייעֶן . הִינְטֶער דֶעם טְהְרָאן, וֶועלכֶער אִיז גֶעוֶוען אַ פְּרַאכְטפָּאללֶער שְׁטִיל פון עֶלְפֶן בֵּיין, אײנגֶעלֶעגְט מִיט זִילְבֶּערְנֶע בְּלוּמֶען אונד בַּאדֶעקְט מִיט אַ פְּהֶאנִיצִישֶׁן זַאמֶעט, פִּינֶעם טְהַייעֶרְסְטֶן תְּכֵלֶת, מִיט רַייךְ אויסגֶעשְׁטִיקְטֶער נָאדְל־אַרְבֶּעט, אִיז גֶעוֶוען אַגְרויסֶער פֶּענְצְטֶער דוּרךְ וֶועלְכֶן הָאט אַרַיין גֶעבְּלָאזֶן דִיא פְרִישֶׁע לוּפְט פון דִיא הויכֶע בֶּארג וֶועלכֶע מֶען הָאט גֶעזֶעהן נִיט ווייט מִיט זֵייעֶרֶע טוּנְקֶעלֶע פְּלֵייצֶעס, אונד טֵינְקֶל בְּרָאוְנֶע זַייטֶן, אָן גֶעפִּינְטֶלְט מִיט עֶדְרֵי בָּקָר וָצֹאן . —

דֶער טְהְרָאן אִיז גֶעוֶוען לֵיידִיג . אויף יֶעדֶער זַייט אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ הויכֶער בָּארְדִיגֶער מַאן אִין שְׁטָאהְלֶענֶעם פַּאנְצֶער אָן גֶעשְׁפַּארט אויף אַ צְווֵיי שְׁנַיידֶענְדִיקֶן שְׁוֶוערְדְט (חֶרֶב פִּיפִיוֹת) וָואס הָאט גֶעגְלַאנְצְט אַזוֹי וִויא זִילְבֶּער . לִפְנֵי הַכִּסֵּא, קְנִיעֶנְדִיק אויף אַן אויסגֶעשְׁטִיקְטֶן קִישֶׁן אִיז גֶעוֶוען אַן עֶטְהִיאָפִּישֶׁער פַּאשְׁזֶע (עֶבֶד כּוּשִׁי) זֶעהר רַייךְ גֶעקְלֵייט, וֶועלְכֶער הָאט גֶעדוּלְדִיג גֶעוַוארט אויף דֶעם בַּאפוֹיל פון זַיין קֶאנִיג. גֶעבֶּן אֵיינֶעם פון דִיא עַמוּדֵי שַׁיִשׁ, אויף וֶועלְכֶען אִיז גֶעהַאנְגֶען אַ בְּרָאנְדְזֶענֶער לוּחַ, צום פַּארשְׁרַייבֶּן, אִיז גֶע־שְׁטַאנֶען אַ לַאנְג־הֶאריגֶער אונד אָן אַ בָּארְד אַ זֶעקְרֶעטֶער, מִיטֶן קְנֵה־הַסּוֹפֵר אִין דֶער הַאנְד, אונד מִיט זַיינֶעם זִילְבֶּערְנֶעם טִינְטֶער שְׁטֶעקֶנְדִיק אִין זַיין גַארטֶל, וֶועלְכֶער הָאט צוּזַאמֶען גֶעהַאלְטֶן, מִיט אַ גִילְדֶענֶער שְׁנַאללֶע, דֶען לַאנְגֶן בְּלָאוֶוען בֶּגֶד, וָואס עֶר הָאט גֶעטְרָאגֶן אִינְטֶער אַ קִירְצֶן, גְרִינֶעם מַנְטִיק . עֶר הָאט גְרָאד נִיט גֶעשְׁרִיבֶּן, עֶר אִיז נָאר אַזוֹי גִישְׁטַאנֶען שְׁמִיעֶסְנְדִיק מִיט אַ רַייכְבַּאקְלֵייטֶן אונד מִיט אַ גַאוָה־פָּנִים טְרָאגֶנְדִיקֶן, קַאם מֶערהֶערֶרן, מִיט אַ גְרִינֶעם שְׁטַאבּ אִין דֶער הַאנְד , וָואס הָאט אויךְ גֶעוַוארט אויף דִיא בַּאפוֹילֶע פון זַיינֶעם קֶאנִיג . —

מִיט גְרויסֶן לַאנְגֶן שְׁרִיטֶן שְׁפַּאנֶענְדִיק דִיא לֶאנג פִּינֶעם זַאל , דִיא אויגֶן אויסגֶע־גְלָאצְט ווילְד אויף אַללֶעם קוּקֶנְדִיק, אונד גָאהר נִיט זֶעהֶענְדִיק, מִיט צִינְאוֹיף גֶעלֶעגְטֶע הֶאנְדְט, אויף דֶער הֶערקוּלַאנִישֶׁער בְּרוּסְט, אונד דֶער פַּיינֶער עֶדֶעלֶער פָּנִים, וִויא אִיבֶּער גֶעצוֹיגֶן מִיט אַ מִיטשֶׁנְדִיקֶן גֶעדַאנְקֶען, הָאבּ אִיךְ דֶערזֶעהן דֶעם קֶאנִיג אַלֵיין . דָאס הָאט נִיט גִיקָאנְט זַיין אַן אַנדֶערֶער! עֶס אִיז נִיט נוֹיטִיג גֶעוֶוען פַאַרן יוּנְגֶן פְּרִינְצֶן אויף מִיר אַ בְּרַחֲמָנוּתְדִיקֶן קוּק צוּא טְהוּן אונד אִין אַ שְׁטִילל קוֹל אײנגֶעטְוִינְקְט אִין שְׁמֶערְצֶן מִיר צוּא זָאגֶן : —

„דאס איז מיין פאטער!"

זיינע מאיעסטעט האט אונז ניט באמערקט, ווייט מיר זענען אריין געקומען האט ער רק געשפאנט דיא גאנצע לאנג פינ׳ים זאל, דריי מאהל האב איך איהן געזעהן קומענדיק וויא א טראוועריגן ריעז פינ׳ים טהראן צוא דער טהיר אונד פון דער טהיר ווידער צום טהראן, ביז עס איז איהם איינגעפאללן אז עמעצער איז דאה איינעם אוודיענץ זאל. דער ווייל האב איך געהאט דיא געלעגנהייט איהן גוט צוא באטראכטן. ער איז פון אויסזעהן דער פיינסטער אונד נאבעלסטער מענש פון אללע וואס איך האב ביז אהער געזעהן! הויך, כמעט מיט דיא פראפארציאנען פון אן עכטן ריעזן אונד פארט אללע גליעדער זיינע האבסט סימעטריש (מדה-שוה) אונד טראגט זיך מיט א פעסטיגקייט, חנעוודיקייט אונד אן עדעלקייט צום באווינדערן! זיין קאפ איז גרויס, מיט אסך קירצע געגרייזלטע לאקן, שווארץ וויא דיא סוף-חודשדיקע נאכט; זיין ברייטער שטערן האט מיך דערמאהנט אין דעם געטליכן פנים פינעם בילד פון זארדאנאפאלוס, וואס שטעהט פארנט פאר איער מאיעסטעטס פאלאץ. ער שיינט א יאהר זעקס אדער אכט אונד פופציק צוא זיין, וואס פאר אפאר זילבער ווייסע האר אין זיין געדיכטן שווארצן בארד בעוויזן. ער איז קאניגליך פראכטפאלל געקליידט אין אן אנצוג, האלב פון אבן חיל אונד האלב פון א בירגער. זיינע מאיעסטעטישע ברוסט איז געשיצט דורך א מערקווירדיגן קארזעט, פון געפלאכטענע זילבערנע קייטעלאך. וועהרנד א זילבערנער העלם מיט גילדענעם קאם באדעקט זיין קאניגליכן קאפ. איבער זיינע ברייטע קאניגליכע פלייצעס, איז געווען איבער געווארפן א קירצער קארטעזינפארביגער (תולעת-שני) מאנטל, פון פארנט צוזאמען געהאלטן פון א שנאללע פון שטאהלענע לאבן-נאגל. א קירצער דאלך, ניט אין א שיידל, האט געשטעקט אין א ברייטן גארטל, פון לעמפערטס-פעלל, וואס האט צוא געפאסט זיינע בגדים צום גוף. דאס אללעס האט אפנים געהאט האלב פון בארבארישן גלאנץ אונד האלב פון העפישען אנשטאנד אונד געמאכליכקייט. — בלתי שום ספק, אז ער איז א מאן פון גרויססן אינטעללעקט אונד פון שטארקער ליידנשאפט מיט אן אימבאשטריטענער קראפט איבער מענשן. אונד עס וואלט געווען משוגעת פון איינעם, אבזיכטליך איהם אקעגן צוא רעדן, אדער איהן תיקף ומיד ניט צוא פאלגן.—

אזוי וויא ער האט דאה געשפאנט הין אונד צוריק, האבן זיינע גרויססע אונד עדעלע אויגן געהאט אן אויסזעהן פון שווערער טראוועריקייט.. אזוי וויא זיי האבן פארלארן זייער ליכטיגקייט, וויא שטערן באדעקט מיט א פיינעם נעבל, אזוי האבן זייא געשיינט באדעקט צוא זיין מיט אוואלקענדיקן שלייער, וואס האט געהאנגען איבער דעם האריזאנט פון זיינער גרויסן נשמה! דיא שטאלצע צוזאמענגעפרעסטע ליפפן, דיא צינאויף געקוועטשטע ברעמען, דער שרעקליכער טראוועריגער אויסדריק פון דעם שמערצליכן פנים זיינעם, זענען געווען דיא עדות, פון דער שטארקייט פון דיא פורכטערליכע הערצנס-באוועגונגען, וואס האבן נעבייטשט אונד געשמיסן זיינען שטאלצן גייסט, גערייצט דורך דעם צארן פון זיין גאט, אונד פון דער אומציפרידנקייט פון זיינעם מאכטיגן

פְּרָאפֶּעטְן ! – עֶס הָאט וֶועה גֶעטְהִין צוּא קִיקְן אוֹיף דֶער חוּרְבָה, פוּן דֶעם אַמאהל שְׁטָאלְצְן עֶהרְוִירְדִיגְן אוּנד גְרוֹיסמִיטהִיגְן קֶאנִיג, מִיט דֶעם הַארְץ פוּן אַ לֶאבּ אוּנד מִיט דֶעם אוֹיג פוּן אַן אָדְלֶער, וָואס אִיז נִבְחַר גֶעוָוארן פוּן צְווִישְן כָּל יִשְׂרָאֵל גֶעזַאלְבְּט צוּא וֶוערֶן דֶער עֶרְשְׁטֶער מֶלֶךְ פוּן זַיין אוֹיסדֶערוַוואהלְטֶעם פָאלְק ! – מִיר הָאט זִיךְ אוֹיסגֶעדַאכְט, אַז אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהן דֶעם קוֹיקֶלְנְדִיקְן שְׁטוּרֶם טְרַייבְּן אִיבֶּער דֶעם פַארפִינְצְטֶערנְדִיקְן הִימְמְל פוּן זַיינֶע אוֹיגְן ; ווִיא אַיין פַייעֶרדִיקֶער גֶעדַאנְק שִׁיעֶסְט נָאךְ דֶעם אַנְדֶערְן, ווִיא פַייעֶרִיקֶע בְּלִיטְצְן, פוּן זַיין שְׁוַוארְץ בַּאהמַארֶעטְן גֶעהִירְן (מוֹחַ) : ווִיא עֶר וֶוערְט גֶעטְרָאפְן פִינֶעם דִינֶערשְׁלַאג פוּן דֶער מַחֲשָׁבָה ! אַז עֶר אִיז דָאס צִיעֶל פוּן זַיין גָאטְס כַּעַס, דֶער פַארלָאזְטֶער פוּן זַיין גַייסְט, דֶער אַוֶועקגֶעוָוארפְנֶער פוּן זַיין פָּנִים, אוּנד דֶער קָרְבָּן פוּן זַיינֶער נְקָמָה ! – אַיין מָאהל הָאט עֶס אַ פָּנִים גֶעהַאט, ווִיא דִיא שְׁוֶוערֶע מַשָׂא פוּן זַיין לֵייד הָאט אִיהם טִיעפֶער אַרָאפּ גֶעקְוֶועטְשְׁט, אוּנד זַיין קָאפּ הָאט זִיךְ גֶעבֵּייגט אוּנד גֶעבֵּייגְט, אוֹיף אַיין מָאהל פְּלֶאצְלִיךְ הָאט אַן אַנְדֶערע מַחֲשָׁבָה אַ בְּלִיטְץ גֶעטְהִין אִין זַיין קָאפּ, אוּנד זִיךְ אִין דֶער הוֹיךְ הֶעבְּנְדִיק הָאבּ אִיךְ אִין זַיינֶע אוֹיגְן ווִיעדֶער גִיקָאנְט לֵייעֶנְען, אוֹיף צִיא-לְהַכְעִיס" ! אוּנד „פֶערצְוֵייפְלוּנְג" ! – אִיךְ הָאבּ קֵיין טָעוּת נִיט גֶעהַאט . נֶעבְּן אוּנְז אִיז עֶר פְּלִיצִם גֶעבְּלִיבְּן שְׁטֶעהְן . אוּנד הָאט אַוָוארְף גֶעטְהָ‍ין מִיטְן קָאפּ, ווִיא אַ לֶאבּ, וָואס שָׁאקֶלְט אָפּ אַ נִיט אַזוֹי שְׁטַארְק טְרֶעפֶנְדִיקֶע פַייל, אוּנד מִיט אַשְׁרֶעקְלִיךְ צָארן הָאט עֶר דַארלַאנְגְט אַשְׁטְרֶעק אוֹיס דִיא הֶאנְד-טֶעללֶער אַקֶעגְן דֶעם הִימְמְל, אוּנד מִיט שְׁטַארְק פִינְקֶעלְנְדִיקֶע אוּנד בְּרֶענֶענְדִיקֶע אוֹיגְן, הָאט עֶר אָן גֶעהוֹיבְּן צוּא שְׁרַייעֶן מִיט הַארְץ-צוּא-רַייסֶנְדִיקֶע טֶאנֶער ! – „אִיךְ הָאבּ פַאר גָאט קֵיין מוֹרָא נִיט ! – אִיךְ זָאל וַוארְטְן מִיט דֶעם קָרְבָּן ? אִיךְ ? שָׁאוּל הַמֶּלֶךְ ? ! וֶוער הֵייסְסְט עֶס מִיר ? פַאר וָואס זָאלל אִיךְ נָאךְ לֶאנְגֶער וַוארְטְן ? – נִיט צוּא בַּעַל, נִיט צוּא עַשְׁתָּרוֹת, אוּנד אוֹיךְ נִיט צוּא דִיא גֶאטֶער פוּן דִיא פַארשָׁאלטֶענֶע פְּלִשְׁתִּים הָאבּ אִיךְ מַקְרִיב גֶעוֶועןְ, נָאר צִיא – וָואס ! בִּיסְטֶע דָאךְ גֶעקִימֶען מַיין זִין ? ! הָאט עֶר פְּלִיצִם אַזָאג גֶעטְהִין אִין אַ גַאנְץ נַאטִירְלִיכְן טָאן, אַזוֹי בַּאלְד ווִיא זַיינֶע אוֹיגְן הָאבְּן אוּנְז דֶערזֶעהְן . דֶער פְּלִיצִימְדִיקֶער אִיבֶּערגַאנְג פוּן דֶעם סוּבְּלִימֶען אוּנד שְׁרֶעקְלִיכְן אוֹיסרִיפוּנְג אַקֶעגְן גָאט, צוּא דֶעם מִילְדְן אוּנד זַאנְפְטְן פוּן אַ בַּאוָארגְטְן פַאטֶער אִיז גֶעוֶועןְ אַזוֹי גִיךְ אוּנד אַזוֹי גְרוֹיסאַרְטִיג עֶפֶּעס נָאר ווִיא אַכִּישׁוּף.– „אִיךְ הָאבּ דִיךְ גָאר נִיט בַּאמֶערְקְט ! אִיךְ–אִיךְ–" דָאה הָאט עֶר דֶערלַאנְגְט אַ פָּאר מִיט זַיין הַאנְד אִיבֶּערן שְׁטֶערְן, עֶפֶּעס ווִיא עֶר הָאט גֶעוָואלְט צִין אוֹיף נֶעהמֶען זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען, אוּנד אַוֶועק שַׁארְן דִיא שְׁוַוארְצֶע הַמַּרֶע, מִיט דֶעם שְׁטְרֶענְגְן רָצוֹן זַיינֶעס. אוּנד מִיט אַ רִיהרֶנְדִיק קוֹל, וָואס הָאט נָאךְ אַבִּיסל נָאךְ גֶעצִיטֶערְט פוּן דֶעם פְרִיעֶהֶערִיגְן שְׁטוּרֶם, הָאט עֶר גֶעזָאגְט ;–„אִיךְ הָאף דִיא הָאסְט נִיט לַאנג גֶעוַוארט! דִיעזֶער פְרֶעמְדֶער יוּנְגלִינְג אִיז אַוַודַאי דֶער פְּרִינְץ אַרְבַּאצֶעס פוּן אַשּׁוּר ! אִיךְ בַּאוִוילְקָאמֶע אַייךְ אִין מַיין אָרִימְן הוֹיף- עֶדֶעלֶער אַמְבַּאסַאדָאר . מַיין זִין הָאט מִיר פוּן אַייךְ אַזוֹי פִיעֶל גִיטְץ דֶערצֵיאהלְט, אַז אִיךְ בַּאטְרַאכְט אַייךְ שׁוֹין ווִיא אַפְרַיינד . אִיךְ פְרֵיי מִיךְ, וָואס אִיהר זֶענְט גֶעקִימֶען קֶען יוּדֶעא ! אִיךְ ווִינְשׁ זֶעהר, אַז צְווִישְן אַייעֶר מָאנַארְךְ אוּנד צְווִישְן מִיר

זָאלל עֶקְזִיסְטִירֶן אַ בִּינְדְנֶעס פוּן דֶער שְׁטַארְקְסְטֶן פְרַיינְדְשַׁאפְט ! אַצִינְד וֶוענֶען מִיר נָאךְ אַ יוּנְגֶעס קָאנִיגְרַייךְ, אוּנד עֶס וֶועט נָאךְ אַבִּיסֶל גֶעדָאוֶוערְן בִּיז מִיר וֶועלֶלן בַּאקִימֶען אַ פָּאזִיצִיָאן אוּנד אַ נָאמֶען צְווִישֶׁן דִיא מְלוּכוֹת פוּן דֶער וֶועלְט ! אִיךְ בִּין בָּטוּחַ אַז אַייעֶר מֶלֶךְ, בֶּעלְלוּס, אִיז גֶעזִינְד אוּנד שָׁלוֹם אִיז אִין זַיין גַאנְץ לַאנְד .״–

„עֶר אִיז גֶעזִינְט, אַייעֶרֶע מַאיֶעסְטֶאט״ הָאבּ אִיךְ הֶאפְלִיךְ גֶעעֶנְטפֶערְט . „אוּנד וָואלְט אַוַודַאי אַפֶּערְזֶאנְלִיךְ שְׁלִיחוּת צִין אַייךְ גֶעשִׁיקְט דוּרְךְ מִיךְ. אָבֶּער דֶער מִזְרָח הָאט אַזוֹי וֶוענִיג צוּא טְהִין מִיט דֶעם מַעֲרִיב אוּנד בֶּעלְלוּס אִיז עֶרְשְׁט אַזַא קִירְצֶע צַייט אוֹיפְן טְהְרָאן, אַז עֶר הָאט נָאךְ גָאר נִיט גֶעהֶערְט אֲפִילוּ אַז אַייעֶר פָאלְק הָאט אִיבֶּערְגֶעבִּיטְן אַייעֶרֶע בִּיזְאַהֶערִיקֶע רֶעגִירוּנְג אוֹיף אַ מָאנַארְכִיע, הָאטְשׁ אִיךְ בִּין גֶעוָואהר גֶעוָואהרְן אַז אַייעֶרֶע מַאיֶעסְטֶאט זֶענֶען שׁוֹין פִיעלֶע יָאהר קֶאנִיג !״

„פִיעלֶע יָאהר !״ הָאט עֶר אִיבֶּערְגֶעחַזֶר'ט בְּרוֹגֶזְלִיךְ, נָאר הָאט בַּאלְד אָן גֶעהוֹיבְּן צוּא לֶאכֶעלְן . „אֱמֶת, נָאר, חָאטְשׁ נִיט לַאנְג גֶענִיג, מַיין נָאמֶען בַּאקָאנְט צוּא מַאכֶן פוּן יֶענֶער זַייט חִדֶּקֶל, הָאבּ אִיךְ מוֹרָא אַז אוֹיךְ אִין דֶער צַייט, הָאבּ אִיךְ אוֹיךְ נִיט גֶענִיג גֶעטְהִין, וָוארְם בִּיז אַהֶער הָאבּ אִיךְ נָאךְ אֲפִילוּ נִיט אַרוֹיס גֶעטְרִיעבְּן דִיא פְּלִשְׁתִּים אִיבֶּער מַיינֶע גְרֶענֶעצְן ! אָבֶּער יוּנְגֶער פְּרִינְץ פוּן אַשּׁוּר,״ הָאט עֶר צִיא גֶעלֵייגְט, קְלָאפֶּנְדִיק מִיט דֶעם פִּיס אִין אַ פְּלִיצִימְדִיקְן כַּעַס . „וִויא קָאן אַ קֶאנִיג רֶעגִירֶן אוּנד בַּאצְווִינְגֶען אוּנד בֶּענְשְׁן זַיין מְלוּכָה, וֶוען דֶער הִימֶּל אִיז אוֹיף אִיהם בְּרוֹגֶז, אוּנד וֶוען דֶער גֵיהִנָּם אִיז אִין אַ בּוּנְד אַקֶעגְן אִיהם אוּנד דֶער מֶאכְטִיגְסְטֶער זֶעהר אוֹיף דֶער עֶרְד שְׁלַיידֶערְט נְבוּאוֹת רָעוֹת אוֹיף זַיין אָרִימֶן קָאפּ !״

„מַיין טְהַייעֶרֶער פַאטֶער״ הָאט יְהוֹנָתָן גֶעזָאגְט, בַּארִיהֶרֶנְדִיק זַיין הַאנְד אוּנד רֶעדֶנְדִיק צִין אִיהם אַזוֹי מִילְד אוּנד אַזוֹי זַאנְפְט וִויא צִין אַקִינְד . „דֶער הֵיילִיקֶר נָבִיא אִיז אוֹיף דִיר נִיט בְּרוֹגֶז ! עֶר רֶעדְט נָאר וָואס גָאט הֵייסְט אִיהם ! עֶר הָאט מִיט דִיר מִיטְלֵיידְן אוּנד״ –

„מִיטְלֵיידְן ! שְׁמוּאֵל פוּן רָמָה הָאט מִיטְלֵיידְן מִיט שָׁאוּלְן דֶעם קֶאנִיג ? דֶער שְׁטָאלְצֶער נָבִיא מֶעג זִיךְ אִין אַכְט גֶעהמֶען . אִיךְ שְׁוֶוער בַּאיי דֶעם קָאפּ פוּן מַיין פַאטֶער, וֶוען עֶר הָאט מִיט מִיר מִיטְלֵיידְן, וֶועלל אִיךְ אִיהם דֶער הַרְגֶ'נֶען אוּנד וֶוען עֶר זָאלל אֲפִילוּ אַנְטְלוֹיפְן פַאר אַ מִקְלָט אוֹיף דִיא פְלִיעגֶל פוּן דִיא כְּרוּבִים !״

דָאס אִיז גֶעוֶוען גֶערֶעדְט מִיט אַ מְשׁוּגַעְתְדִיקְן כַּעַס . זַיינֶע אוֹיגְן הָאבְּן גֶעשָׁאסְן פַייעֶר . זַיין פָּנִים אִיז גֶעוֶוען רוֹיט אוּנד הֵייסס פוּן קָאכֶנְדִיקְן בְּלוּט ! זַיין מֶאכְטִיגֶער גוּף שַׁיינְט בְּמַעַט נָאךְ בְּרֵייטֶער אוּנד הֶעכֶער גֶעוָוארְן מִיט דֶעם אוֹיפְבְּלָאזֶנְדִיקְן צָארְן ! פוּן דֶעם מוֹיל הָאט גֶעשְׁלָאגְן דֶער שׁוֹים אוּנד הָאט גֶעשָׁאקֶלְט זַיינֶע גֶעבַּאלְלְטֶע פוֹיסְט אַקֶעגֶן רָמָה, אַזוֹי וִויא עֶר וָואלְט גֶעזֶעהן דֶעם נָבִיא : אוּנד דֶערְנָאךְ הָאט עֶר דֶער־לַאנְגְט אַ לַאךְ, וָואס הָאט אַזוֹי ווִילְד אַזוֹי מֶערְקְווִירְדִיג שְׁרֶעקְלִיךְ גֶעקְלִינְגֶען ! מִיר הָאבּ פַאר אוּנְזֶערֶע אוֹיגְן אַמְשׁוּגָעְנֶעם דֶער זֶעהְן ! –

פְּלִיצִים הָאט דֶער פְּרִינְץ גֶעגֶעבְּן אָווִינְק צוּא עֶמֶעצֶען דָארְט אוֹיף יֶענֶעם עֶק פוּן

דֶעם זַאל, אונד מֶען הָאט אוֹיף אֵיין מָאהל גֶעהֶערְט מוּזִיק, נָאר אַפָּנִים נִיט פוּן קֵיין גְרוֹיסֶע בְּרִיוֹת · דֶער הֶערְצָארְנְטֶער קֶענִיג, ווָאס זַיין גַדְלוּת אִיז אַזוֹי שְׁטַארְק פַארווּינְדֶעט גֶעווָארן בַּיי דֶער מַחֲשָׁבָה אִיז זַיין גְרֶעסְטֶער שׂוֹנֵא זָאל אִיהן בַּאמִיטְלֵיידֶן, הָאט זִיךְ אוֹיף אַ מִינוּט אַנִיעדֶער גֶעשְׁטֶעלְט הֶערְנְדִיק דָאס שְׁפִּיעל, אוּנד הָאט זִיךְ דֶערְנָאךְ בַּאמֶעהלִיכֶן אַ דְרֶעה גֶעטְהִין צוּא דִיא שְׁפִּיעלֶערְס, אוּנד מִיט זַיינֶע שְׁרֶעקְלִיכֶן אוֹיגְן, ווָאס הָאבֶן גֶעפְלַאמְט מִיט אַן אִיבֶּערְנַאטִירְלִיכֶן גְלַאנְץ הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּן אַשְׁרֶעקְלִיכֶן קִיק אוֹיף דִיא ווַייססבַּאקְלֵיידְטֶן שְׁפִּיעלֶערְס, ווָאס הָאבֶּן גְרָאד גֶעשְׁפִּיעלְט אוֹיבֶן אוֹיף דֶער גַאלֶערִיע · עֶטְלִיכֶע מִינוּט הָאט עֶר זִיךְ צוּא גֶעהֶערְט, אָהן אַ בַּאוֶועגוּנְג, ווֶען דָאס אוּמְגְלִיק הָאט גֶעווָאלְט, אַז אֵיינֶער פוּן דִיא מְנַגְנִים זָאלל אָן גֶעשְׁלָאגְן הָאבֶּן אַ פַאלְשֶׁע נָאטֶע · דָאה הָאט דֶער מָאנַארְךְ גֶעגֶעבֶּן אַגִישְׁרֵיי ווִיא אַ פַארווּינְדֶעטֶער לֶאב, אַגִישְׁרֵיי פוּן נְקָמָה אוּנד טְרָאץ, אַגִישְׁרֵיי פוּן פַארשְׁפֶּעטִּיגוּנְג אוּנד פַאראַכְטוּנְג, אוּנד אַרוֹיסהַאפֶּנְדִיק דֶעם דָאלְךְ פִינְגֶעם גַארְטֶל הָאט עֶר דֶערלַאנְגְט אַשְׁפְּרִינְג פָארוֶוארְטְס מִיט טוֹיט, פַאר דִיא אִימְגְלִיקְלִיכֶע שְׁפִּיעלֶערְס אִין זַיינֶע פְלַאקֶערְנְדִיקֶע אוֹיגְן ·

„שְׁפֶּאטְסְטֶע פוּן מִיר! דִיא לַאכְסְט מִיךְ אוֹיס! דִיא דֶערוֶואגְסְט זִיךְ עֶס? ! הָאט עֶר ווִילְד דֶערלַאנְגְט אַגִישְׁרֵיי צוּא דֶעם אוּמְגְלִיקְלִיכֶן מוּזִיקַאנְטֶן · אוּנד אִין אַ רֶגַע בִּין אִיךְ גֶעשְׁטַאנֶען פַאר אִיהם · נִיט אוֹיס אִיבֶּערלֶעגוּנְג, נָאר עֶפֶּעס פְּלוּצְם הָאט עֶס מִיךְ גֶעגֶעבֶּן אַטְרָאג צוּא ·

„אָה קֶענִיג, דֶער קְלִיגְסְטֶער אוּנד דֶער בֶּעסְטֶער! דִיא בִּיסְט צוּא גֶערֶעכְט, אַז דִיא זָאלְסְט ווֶעה טְהִין אַן אוּמְשִׁילְדִיקֶן מֶענְשֶׁן, אָדֶער בַּאפְלֶעקֶן דִיא רֵיינִיקְייט פוּן דַיין צֶעפְּטֶער דוּרךְ בְּלוּט פוּן אַזֶעלְכֶע אָרִימֶע, קְרַאפְטְלָאזֶע מוּזִיקַאנְטֶן, דַיינֶע שְׁקְלַאוֶוען! דָאס הָאבּ אִיךְ אַזָאג גֶעטְהִין מִיט אַ כֹּחַ אוּנד אַ פֶעסְטִיגְקֵייט, ווָאס אִיךְ הִידוּשׁ מִיךְ נָאךְ הַיינְט דַארִיבֶּער אוּנד נָאךְ מֶעהר אִיבֶּער דֶעם רֶעזוּלְטַאט · אֶקֶעגְן אַ מִינוּט, אַזוֹי ווִיא אִיךְ בִּין דָאה גֶעשְׁטַאנֶען אִיהם אִים וֶועג, הָאט דֶער גְלַאנְצְנְדִיקֶער דָאלְךְ גֶעשְׁווֶעבְּט אִיבֶּעם קֶענִיגְס הַאנְד אוּמֶענְטְשְׁלָאסְן אִיבֶּער מַיין הַארְץ! אִיךְ הָאבּ אִיהם גְלַייךְ גֶעקִיקְט אִין זַיינֶע אוֹיגְן · יְהוֹנָתָן ווָאלְט בַּאלְד מִן הַסְּתָם, אוֹיךְ אוּנְטֶער גֶעשְׁפְּרִינְגֶען מִיךְ צוּא רַאטֶאוֶוען, ווִיא עֶס הָאט גֶעשַׁיינְט פוּן אַ גֶעווִיססֶן טוֹיט, נָאר פְּלוּצְם הָאט דֶער קֶענִיג בַּאמֶעהלִיכֶן אַרָאפְּגֶעלָאזְט דִיא הַאנְד אוּנד הָאט צוּרִיק אַרַיין גֶעשְׁטֶעקְט דֶעם נִיט בַּאבְּלוּטִיקְטֶן דָאלְךְ · דֶער פָּנִים הָאט נָאךְ גֶעלָאזְט דִיא כַּעסְדִיקֶע מִיעֶנֶע, דָאס פִינְקֶלְדִיקֶע פַייֶער פוּן זַיינֶע אוֹיגְן אִיז פַארשְׁווִינְדְן גֶעווָארן, אוּנד מִיט אַ מִילְדְן אוּנד זַאנְפְטֶן אוֹיסדְרִיק, אוּנד מִיט אַ לִיעבְּלִיכֶער אַכְטוּנג הָאט עֶר אַנִיעדֶער גֶעלֶעגְט זַיינֶע הַאנְד אוֹיף מַיין אַקְסֶל אוּנד הָאט פְרַיינְדְלִיךְ צוּא מִיר אַזָאג גֶעטְהִין · –

„דִיא הָאסְט רֶעכְט, פְּרִינְץ! שָׁאוּל דֶער מֶענְשׁ אִיז נָאךְ נִיט אַזוֹי מְשׁוּגָע אַז שָׁאוּל דֶער קֶענִיג זָאל פַארגֶעססֶן מִשְׁפָּט וְצֶדֶק! אִיךְ זֶעה אַז דִיא הַאלְטְסְט מִיךְ נִיט פַאר אַזוֹי מְשׁוּגָע, ווִיא שְׁמוּאֵל אוּנד דִיא אִיבְּרִיגֶע עִבְרִים! דִיא זֶעהְסְט אִין מִיר נָאר דֶעם אִימְגְלִיקְלִיכֶן קֶענִיג · – דַיין קוֹל הָאט נִיט אִין זִיךְ נִיט קֵיין פָארוָוארְף אוּנד נִיט קֵיין

בַּאמִיטוּלַייִדן ! — אִיךְ בִּין אַצִינְדֶערט רִיהִיג . דֶער שְׁוַוארְצֶער רוּחַ, וָואס קִימְט אָפְּט אִיבֶּער מַיין נְשָׁמָה, אִיז אַצִינְדֶערט אַוֶועק ! עֶר קֶאן נִיט פַארטְרָאגן פְרַיינְדלִיכֶע וֶוארְטֶער! פְּרִינְץ, זַיי מִיר מוֹחֵל מַיינֶע אוּמְהֶאפְלִיכְקַייט אַקֶעגְן דִיר !״

וִויא הָאט מִיר גֶעבְּלִיטֶעט מַיין הַארץ פַאר אִיהם ! אִיךְ הָאבּ טִיעף זִימְפַּאטִיזִירְט מִיט דֶעם אָרִימֶן מָאנַארְכְן, וָואס שַׁיינְט צוּא פִיהלֶן אַז עֶר אִיז אָפְּט מְשׁוּגָע, אוּנד אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ גֶעקְרֶאנְקְט פוּן דִיא אַנְפֶאללֶע . אָבְּוֶועקְסֶלְנְדִיק (בִּסִירוּגִין) גֶעקְוֶואלְט פוּן דֶעם גֶעדַאנְקֶען, אַז נָאט הָאט אִיהם פַארְלָאזְט, אוּנד גֶעשְׁמֶערְצְט פִינֶעם חֵטְא, וָואס הָאט דִיא שְׁוֶוערֶע שְׁטְרָאף אַפִּירְגֶעבְּרַאכְט . — בַּאלְד אִיז עֶר מֶעלַאנְכָאלִישׁ פוּן פֶערצְוֵוייפֶעלוּנְג אַ כַּפָּרָה צוּא בַּאקִימֶען, אוּנד בַּאלְד אִיז עֶר מְשׁוּגָע פוּן דֶער גֶעוִויסְסְהַייט אַז זַיין מְלוּכָה וֶועט פוּן אִיהם אַוֶועק גֶענִימֶען וֶוערְן אוּנד זַיין צֶעפְּטֶער וֶועט אִיבֶּערְגֶעגֶעבְּן וֶוערן אִין דֶער הַאנד פוּן אַ ווִילְדפְרֶעמְדְן ! אִיךְ בִּין בָּטוּחַ אַז אַייֶערֶע מַאיֶעסְטֶעט וֶועלְלֶן טִיעף מִיט פִיהלֶן מִיט דֶעם אוּמְגְלִיקְלִיכֶן עִבְרִישְׁן קֶאנִיג אוּנד וֶועלְלֶן גֶעוִויסס וִוינְשְׁן אַז זַיינֶע גְרוֹיססֶע שְׁטְרָאף זָאלל זִיךְ בַּאלְד עֶקְן אוּנד אַז גָאט זָאלל אִיהם עֶנְדְלִיךְ מוֹחֵל זַיין אוּנד דִיא מְלוּכָה זָאלל אִיבֶּערְגֶעהְן פַאר אַ יְרוּשָׁה צוּא זַיינֶע קִינְדֶער .

אַצִינְד אִיז עֶר גַאנְץ רוּהִיג · מֶען הָאט אוּנְז אֲפִילוּ עֶרְקְלֶערט דִיא סִיבָּה פוּן זַיינֶער אוֹיף גֶעבְּרַאכְטְקַייט . אַשָׁעָה פְרִיעֶהר פַאר אוּנְזֶער אָן קִימֶען, הָאט עֶר דֶערְהַאלְטֶן אַ הוֹצְפָּא'שֶׁע אַרוֹיספָאדֶערוּנְג פוּן דֶעם רֹאשׁ פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, גֶעשְׁרִיעבֶּן מִיטְן בְּלַיט פוּן אַיינֶעם פוּן זַיינֶע מְרַגְלִים, (וֶועלְכֶן דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבְּן גֶעפַאנְגֶען אוּנד דֶער הַרגֶ'ט) אוּנד גֶעשְׁרִיעבֶּן אוֹיף אַשְׁטִיקל פַארמֶעט, דָאס אִיז גֶעוֶוען צוּא גֶעבִּינְדן צִין אַ פַייל, וֶועלְכֶן מֶען הָאט אַרַיין גֶעשָׁאסְסֶן דוּרכְן פֶענְסטֶער, אוּנד אִיז אַקוּרַאט אַנִידֶער גֶעפַאללֶן גֶעבְּן קֶאנִיג, זִיצֶנְדִיק אוֹיפְן מַהְרָאן אוּנד גִיעבֶּנְדִיק אָוְדִיעֶנְץ .

דָאס עַזוּת פִינֶעם פְּלִשְׁתִּישְׁן מְרַגֵל, אַזוֹי נָאהֶנְט צוּא צוּא קִימֶען צוּא דִיא מָאוֶוערְן אוּמְגֶעוֶוהן׳ אַזוֹי אַרַיין צוּא שִׁיססֶן אַ פַייל אִין פֶענְסְטֶער אַרַיין הָאט דֶעם קֶאנִיג נָאךְ מֶעהר דֶער רַגְזְנְט . אוּמְזִיסְט הָאט מֶען אִיבֶּערְגֶעקֶעהְרְט דִיא אוּמְגֶעבּוּנְג פוּן חֶבְרוֹן זוּכֶנְדִיק דֶעם מוּטְהִיגְן מְרַגֵל ! דֶער וַוייל הָאט דֶער קֶאנִיג בַּאפוֹילְן יֵינֶעם שְׁרַייבֶּער דִיא אַרוֹיס פָאדֶערוּנְג פָארְצוּאלֵייעֶנֶען . —

צוּא שָׁאוּל בֶּן קִישׁ, קֶאנִיג פוּן שְׁקְלַאוֶוען. שִׁיקְט גָלְיַת הַפְּלִשְׁתִּי מִנְחַת אַ שֶׁאנֶעם גְרִיסס : מִיט אָ דֶעם שְׁרַייבְּן פָאדֶערְט עֶר אִיהְן אַרוֹיס אוֹיף אַ דוּעֶל (צְוֵויי קַאמְפְּף) פַאר זַיין קְרוֹין ! אִין אֶפֶס דָמִים, פַאר שׁוֹבָה, וַוארט עֶר אוֹיף אִיהם, גָלְיַת דֶער פְּלִשְׁתִּי הַארְט אוֹיף שָׁאוּלן דֶען עִבְרִי קֶאנִיג פוּן שְׁקְלַאוֶון ! פַאר וָואס זָאלל אַ גַאנְצֶע אַרְמֶעע פַארְלָארְן וֶוערְן ? קִים אַרוֹיס פוּן דֶער שְׁטָאדְט לָאמִיר זִיךְ צְווִישְׁן אוּנז אוֹיסְקְלוֹיבְּן צְוַויא סָאלְדַאטְן וֶועלְכֶע זָאלְלֶן עֶנְטְשַׁיידְן אוּנְזֶער מַחֲלוֹקֶת . דֶער, וָואס וֶועט מְנַצֵחַ זַיין, זָאלל הָאבְּן בֵּיידֶע מְלוּכוֹת אוּנד דִיא בֵּיידֶע קְרוֹינֶען . שִׁיק מִיר גִיךְ דַיין אַנְטְוָוארט דִיא עִבְרִישֶׁער כֶּלֶב, דִיא זִין פוּן קִישׁ דֶעם פַּאסְטוּךְ .״

אִיז עֶפֶּעס דָאה זִיךְ צוּא פַארְהִידוּשְׁן אַז שָׁאוּל זָאלל זִיךְ אָנְצִינְדְן אוֹיף אַזַאן אוֹיס־

פָּארדֶערוּנְג ! אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶן דֶעם פַיל מִיטֶן פַּארמֶעט לִיעגֶן אויף דֶער רִצְפָּה , אַרַיין גֶעהֶנְדִיק נָאר אִיךְ הָאבּ קֵיין שׁוּם אִידֶעֶע נִיט גִיהַאט פוּן זַיין בַּאדַייטוּנְג . — מִיךְ צוּא פִיהְרֶנְדִיק צִין אַשְׁטִיל נֶעבֶּן דֶעם טְהְרָאן , הָאט מִיט מִיר דֶער קֶענִיג רוּהִיג אוּנד גֶעמִיטְהלִיךְ בַּאשְׁפְּרָאכֶן אַסַךְ עִנְיָנִים אִיבֶּער אַשּׁוּר , דִיא צָאהל פוּן מֶרְכָּבוֹת , פָּרָשִׁים אוּנד אִישׁ־רַגְלִי פוּן אַייעֶרֶער מַאיֶעסטֶעטְס אַרמֶעֶע . הָאט זִיךְ נָאךְ גִיפְרֶעגְט נָאךְ אַייעֶרֶער מַאיֶעסטֶעטְס פֶּערְזֶענְלִיכְקֵייט , וִויא אַלט , וִויא שֵׁאן וִויא גִיט אוּנד קְלוּג אוּנד אִיז גֶעוֶועזֶען גַאנְץ פַארְוִוינְדֶערְט , צוּא הֶערֶן וִויא גְרוֹיס אִיז אַייעֶר מְלוּכָה אוּנד וִויא גְרוֹיסאַרְטִיג נִינְוֵה אַלֵיין אִיז מִיט אִיהר מִילְלְיָאן אַיינְווָאהנֶער . דָאט גָאךְ גִיפְרֶעגְט אִיבֶּער דִיא שְׁמִידֶען פוּן וַואפֶן . אִיבֶּער דִיא מִינֶען פוּן מֶעטַאל , וִויפִיעל אַייזֶן , קוּפְּפֶער , זִילְבֶּער אוּנד גָאלד עֶס גֶעפִינְט זִיךְ אִין זֵיי . וֶועגֶן דִיא פֶּערְל פִישֶׁערַייֶען אִינֶעם יַם הַדְרוֹמִי , וֶועגֶן אַייעֶרֶע שִׁיפֶּפֶע וָואס גֶעהֶן נָאכֶן וַוייטֶן תַּרְשִׁישׁ , הַיינְט בַּאקַאנְט אִינְטֶער דֶעם נָאמֶען סֵיילָאן , (Ceylon) אִין מִזְרָח לַאנד אוּנד נָאךְ עֶצְיוֹן־גֶבֶר אויף דֶעם רֵייטֶן יַם פוּן עֶטְהִיאָפִּיֶען . — עֶר הָאט גִיזָאגְט עֶר וָואלְט מִיט פְרֵיידֶן גִיקוֹיפְט וַואפֶן אִין אַשּׁוּר פַאר זַיין פָאלְק , אוּנד דָאט מִיךְ גֶעבֶּעטֶן פַאר אַייעֶרֶער מַאיֶעסטֶעט פָארְצִילֶעגֶן אַזוֹי פִיעל וַואפֶן אִיהם אָפּ צוּא לָאזֶן , וָואס וָואלְט גִיקָאנְט פָאלְשְׁטֶענְדִיק בַּאוַואפֶענֶען זַיין גַאנְץ חַיִל , וָואס אִיךְ הָאבּ מַבְטִיחַ גִיוֶועזֶען צוּא טְהוּן . אוּנד עֶר הָאט זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶן מִיט מִיר מִיט צוּא שִׁיקֶן אַקַארַאוַואנֶע בְּשׁוּבִי בְּשָׁלוֹם פוּן עֶגִיפְּטֶן גֶעגֶן אַשּׁוּר נָאךְ כְּלֵי זַיִן . מִיר הָאבֶּן אַשְׁמִיעֶס גֶעטְהִין אַגַאנְצֶע שְׁטוּנְדֶע . דֶער פְּרִינְץ יְהוֹנָתָן זֶעהֶענְדִיק זַיין פָאטֶער אִין אַן אַנגֶענֶעהמֶער שְׁטִימוּנְג , הָאט עֶר זִיךְ אַרוֹיס גֶעגַנְבֶעט פִינֶעם זַאל , מִיטֶן פַיל אוּנד דֶער אַרוֹיספָארְדֶערוּנְג . אוּנד הָאט אוֹיסגֶעטְהֵיילְט תְּשׁוּבוֹת צִין אַלֶע וָואס הָאבֶּן דָארְטֶן אִים קָארִידָאר אויף דֶעם קֶענִיגְס תְּשׁוּבָה גִיוַוארְט , זָאגֶענְדִיק אַז דֶער קֶענִיג אִיז הַיינְט אַזוֹי שְׁטַארְק פַארְנוּמֶען אַז עֶס אִיז אוּמְמֶעגְלִיךְ אַז עֶר זָאלל עֶמִיצֶן הַיינְט אוֹיפְנֶעהמֶען . —

אַרמֶער יוּנְגֶער פְּרִינְץ ! וִויא שְׁוֶוער רִיהְט אויף אִיהם זַיין פָאטֶערְס אוּמְגְלִיק ! אוּנד זַיין מַעֲמָד אִיז אוֹיךְ אַמֶערְקְווִירְדִיגֶער , וָוארְם וֶוער הָאט נָאךְ בֶּעסֶער גֶעוִויסְט , אוּנד נָאךְ מֶעהר גֶעגְלוֹיבְּט אִין דֶעם וָואס שְׁמוּאֵל הַנָּבִיא הָאט גִיזָאגְט וִויא עֶר אַז דִיא מְלוּכָה גֶעהֶערְט שׁוֹין אַן אַנדֶערֶן . אוּנד דֶער אַנדֶערֶע אִיז אַ לִיעבֶּער פְרַיינְד זַיינֶער ; וָואס זָאל עֶר זִיךְ צוּא מִישֶׁן אִין דֶער רֶעגִירוּנְג פוּן אַן אַנדֶערֶן ; שָׁאוּל הָאט בֶּאֱמֶת אויף גִיהֶערְט צוּ רֶעגִירֶן . דָאס פָאלְק הָאט גִיהָאפְט אַז יְהוֹנָתָן וֶועט מְמַלֵּא מְקוֹמוֹ זַיין פוּן שָׁאוּלֶן אוּנד דְרוּמְאוֹיךְ הָאבֶּן זֵייא אוֹיךְ גֶעדוּלְדִיק עֶרְוַוארְטֶעט דֶעם סוֹף .

אויף דֶער נַאכְט , אַזוֹי וִויא אִיךְ בִּין מִיר גִיזֶעסֶן אִין מַיין גִיצֶעלְט מִיךְ דֶערְמָאהנֶענְדִיק אוּנד בַּאטְרַאכְטֶנְדִיק אַלֶע דִיא סְצֶענֶען וָואס זֶענֶען פַארְבַּייא גִיפְלוֹיגֶן פַאר מִיר דֶעם הַיינְטִיגֶן טָאג , וֶועהְרֶנְד מַיינֶע וִויזִיטֶע בַּאיִם קֶענִיג , אִיז דֶער פִירְהַאנְג פוּן מַיין גִיצֶעלְט אוֹיפְגִיהֶעבֶּן גִיוָוארֶן אוּנד דֶער פְּרִינְץ אִיז אַרַיין גֶעטְרֶעטֶען . אִיךְ הָאבּ אִיהְן עֶמְפְּפַאנְגֶען נָאךְ מִיט מֶעהר וַוארְמְקֵייט אוּנד פְרַיינְדְלִיכְקֵייט וִויא גֶעוֶועהנְלִיךְ , עֶר הָאט זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט נֶעבֶּן מִיר . נָאךְ אַן אוֹיגֶן בְּלִיק שְׁוַוייגֶן רִיפְט עֶר זִיךְ אָן צוּ מִיר :

„מַיין טְהַייעֶרעֶר אַרְבַּאצֶעס, אִיהר הָאט אַצִינד גְיזֶעהן מַיין פָאטֶער אוּנד קֶאנְט פַארְשְׁטֶעהן זַיין אוּמגְלִיק. אִיךְ בִּין זִיכֶער אַז אִיהר זִימפַּאטִירט מִיט מִיר אוּנד פִּיהלְט טִיעף מִיט אַייעֶר גְרוֹיסמוּטהִיגן קַאראַקְטֶער פַאר דֶעם טְרָאוֶועריגן קֶאנִיג. אַמָאהל, וִויא הֶערָאִיש, וִויא עֶדל, מַאיֶעסטאֶטִיש וִויא אַן עֶרְשְׁטֶער קֶאנִיג פוּן גָאט גְיזַאלְבּט הָאט בַּאדַארְפט זַיין, בִּיז יֶענֶעם אוּמגְלִיקלִיכן טָאג אִין וֶועלְכן עֶר הָאט עוֹבֵר גְיוֶועזן אוֹיף גָאטְס גֶעבָאט! דָאס הָאט אִיהם גְיקָאסט זַיין שָׁלוֹם, זַיין פַארְשְׁטַאנד, דֶעם פַארלוּסְט פִינֶעם רוּחַ ה׳ אוּנד עֶנְדלִיךְ דֶעם כִּסֵא הַמְלוּכָה אוֹיךְ! נָאר לָאמִיךְ אוּנזֶערֶע צָרוֹת נִיט אַרוֹיף לֶעגן אוֹיף דַיין הַארץ. אִיךְ בִּין גֶעקִימֶען דִיר צוּא זָאגן אַז דֶער פַאטֶער הָאט זִיךְ עֶנְטשְׁלָאסְן תֵּיכֶּף וּמִיַד אַרוֹיס צוּאמַארְשִׁירן אַקֶעגן דִיא פְּלִשְׁתִּים. מִיר הָאבן אִין חֶבְרוֹן אַן עֶרֶךְ פוּן צוואַנצִיג טוֹיזֶנד בְּנֵי חַיִל. דִיא עֶרשְׁטֶע דִיוִויזְיָאן (אָפְטֵיילוּנג) וֶועט מָארְגן גַאנץ פְרִיה אַרוֹיס רִיקן. וִוילְלסטֶע אֶפְשֶׁר מִיךְ בַּאלֵייטן וָוארְם אִיךְ מוּז מִיטגֶעהן! אוּנד אַזוֹי וִויא דוּא הָאסט בְּלוֹיז נִיט וָואס צוּא טְהִין הָאבּ אִיךְ גְימֵיינְט אַז דוּא וָואלְלסְט אֶפְשֶׁר גְיוָואלט אָן קִיקן אַ מִלְחָמָה, וָוארְם מִיר הָאבּן בְּרֵעָה אִין דְרַייא טאֶג זִיךְ אַנֶעהם צוּא טְהִין צוּא דֶער מִלְחָמָה, אוֹיסֶער אִין יֶענֶעם פַאלל, וֶוען דִיא צָאהל פוּן אוּנזֶערֶע שׂוֹנְאִים וֶועט צוּ גְרוֹיס זַיין פַאר אוּנז. זֵיי לָאגֶערן אַ פִינְף אוּנד פֶערצִיג וֶוערְשְׁט גֶען נָארְד־וֶועסט אִין אַ בְּרֵייטן פְלֵיין אַרִים גֶערִינְגְלְט פוּן בּאֶרג. אוּנְזֶערֶע מְרַגְלִים מֶעלְדן אַז דֶעם שׂוֹנֵא׳ס חַיָלוֹת דַארְף זֶעהר גְרוֹיס זַיין. מִיר וֶועלן אַרוֹיס מַארְשִׁירן מִיט אַזוֹי פִיעל חַיִל וִויא עֶס גֶעפִינט זִיךְ מִיט אוּנְז אַצִינְד אוּנד מִיר וֶועלְלן אִיבֶּערְלָאזן אַן אָרְדֶערֶע (פְּקוּדָה) אַז מֶען זָאלל אוּנז פְרִישֶׁע חַיָלוֹת צוּשִׁיקן.״ —

„מַיין טְהַייעֶרער פְּרִינץ, אִיךְ וֶועלל נִיט נָאהר מִיט דִיר גֶעהן, אֲפִילוּ זֶעקס הִינְדֶערְט פוּן מַיינֶע בְּרַאוֶוע אַססִירִיער״ הָאבּ אִיךְ מִיט פְרֵיידן גֶעזָאגט, „וֶועלל אִיךְ מִיט נֶעהמֶען, זֵיי בָּטוּחַ זֵיי וֶועללן זִיךְ נִיט לָאזן אַרַיין שְׁפַּייען אִין דֶער קַאשֶׁע.״

דֶער פְּרִינץ הָאט מִיר זֵייעֶר הֵייסס גֶעדַאנְקט אוּנד הָאט זִיךְ אָנגֶערִיפן אִיךְ וֶועלל מֶעלְדן דֶעם קֶאנִיג דַיינֶע פְרַיינְדלִיכע אָפפֶערטֶע, חָאטְש אִיךְ וֵייסס אַז זַיין שְׁטָאלץ וֶועט אִיהם הֵייססן עֶס אָפצוּשְׁלָאגן. וָוארְם, וֶועט עֶר מְנַצֵחַ זַיין וָואללט עֶר גְיוָואלט דֶעם נִצָחוֹן אַלֵיין הָאבּן, זָאלל עֶר אָבֶּער חַס וְשָׁלוֹם פַאללן וָואללט אִיהם דֶאס הַארץ שְׁרֶעקְלִיךְ וֶועה גֶעטְהִין אַנדֶערֶע לַייט אִינֶעם אוּמְגְלִיק אַרַיין צוּצִיעהן וָואס גֶעהן נָאר דוּרְךְ זַיין לַאנְד אוֹיף אַ שְׁלִיחוּת פוּן שָׁלוֹם, צוּא אַפְרֶעמְדֶער מְלוּכָה.״ —

„אִיךְ זֶעה אַרוֹיס מַיין טְהַייעֶרער פְּרִינץ, אַז דוּא רֶעדסְט דַיינֶע אֵייגֶענֶע גֶעפִיהלֶע אַרוֹיס אוּנד מֵיינְסְט אַז דָאס וֶועללן זַיין דִיא גֶעפִיהלֶע פוּן דַיין קֶאנִיגְלִיכן פַאטֶער,״ הָאבּ אִיךְ גֶעעֶנְטפֶערט מִיט אַ לֶאכלן. אוֹיף יֶעדן פַאלל, וֶועלל אִיךְ דִיךְ בַּאלֵייטן מִיט מַיינֶע הִינְדֶערְט שׁוֹמְרֵי־נַפְשִׁי אוּנד וֶוען מֶאן וֶועט זֵייא נִיט בַּאדַארפְן וֶועללן זֵייא זִיךְ גַאנץ רוּהִיג זַיין.״ — אִין דֶעם אוֹיגְן בְּלִיק הָאט דֶער פְּרִינץ גְרָאד דֶערזֶעהן אַ קְלֵיינֶע מְגִלָה „מַעֲשֵׂה רוּת״ לִיעֶגְנְדִיק, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעלֵייעֶנְט אִין מַיין גֶעצֶעלט בַּאיים לִיכְט פוּן אַ לָאמְפּ, וֶוען דֶער פְּרִינץ אִיז גְרָאד אַרַיין גֶעקִימֶען. — „אִיךְ זֶעה עֶדעֶלֶער אַרְבַּאצֶעס, אִיהר אִינְ-

טֶערֶעססִירט אַייךְ זֶעהר שְׁטַארק מִיט אוּנזֶערֶע כְּתָבִים" הָאט עֶר אַזָאג גֶעטְהִין . — „זַיי הָאבֶּן פַּאר מִיר אַגְרוֹיס אִינְטֶערֶעס אוּנד זֶענֶען מִיר אוֹיךְ גַאנץ נַאיי", הָאבּ אִיךְ גֶעעֶנטְפֶערְט. „אַייעֶרֶע גַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע אִיז ווּנדֶער פִּילל ! אָנהוֹיבְּנדִיק מִיט אַבְרָהָם'עֶן וָואס גָאט הָאט גֶערִיפֶן מֵאֶרֶץ כַּשְׂדִים אִין אַשּׁוּר אוּנד זַיין מַארְשׁ פִינֶעם פְּרָת בִּיז צוּם יַרְדֵן, מִיט זַיינֶע מִלְחָמוֹת אוּנד זַיין הֶערְשַׁאפְט טַאקִי דָאה אִין חֶבְרוֹן, וֶועהרֶנד אִין אֵט דֶעם פְּלֵיין פוּן מַמְרֵא אִין דֶער מְעָרַת הַמַכְפֵּלָה הָאט עֶר זִיךְ גֶעגְרִינְדֶעט אַ בֵּית־עוֹלָם . מִיט דֶער שֶׁאנֶען רָאמַאנטִישֶׁן גֶעשִׁיכְטֶע פוּן זַיין זִין יִצְחָק , וִויא עֶר הָאט גֶעשִׁיקט גֶען כַּאלְדֶעאַ נָאךְ אַ ווייבּ אוּנד אִיהר קִימֶען פַארשְׁלֵייעֶרט, דֶער נָאךְ דִיא מֶערְקְווירדִיגֶע קַארִיעֶרֶע פוּן יַעֲקב'ן, דִיא מְכִירָה פוּן יוֹסֵף'ן . דֶער הִינגֶער וָואס הָאט גֶעטְרִיעבֶּן זַיינֶע בְּרִידֶער אוּנד דֶער נָאךְ דִיא גַאנְצֶע פַאמִילְיֶע גֶען מִצְרַיִם, יוֹסֵף'ס פְּלֶאצלִיכֶעס עוֹלֶה לִגְדוּלָה זַיין . דִיא טְרַאגִישֶׁע דֶערקֶענוּנְגְס־סְצֶענֶע, מִיט דֶעם דֶערשְׁרֶעק פַאר אַשְׁטְרָאף אוּנד דֶער פְרַייד וֶוען יוֹסֵף הָאט מוֹחֵל גֶעוֶועזֶן דֶעם גְרוֹיססֶן חֵטְא וָואס זַיינֶע בְּרִידֶער הָאבֶּן אַקֶעגֶן אִיהם גֶעזִינְדִיגְט.— זַיין טוֹיט אוּנד דִיא מֶערקְווירדִיגֶע צְווָאָה זַיינֶע וָואס אִיז נִיט אַנדֶערְס וִויא אַנְבוּאָה, אַז אַמָאהל זָאלל מֶען זַיינֶע בֵּיינֶער בַּאגְרָאבֶּן אִין דֶעם לַאנְד פוּן דִיא אָבוֹת וָואס אִיז אַקוּרַאט מְקוּיָם גֶעוָוארֶן אִין אֵיין הִינדֶערְט אוּנד אַכְצִיג יָאהר שְׁפֶּעטֶעד אוּנד דָארט לִיעגְט דִיא מְעָרַת הַמַכְפֵּלָה, וָואס אִיךְ קָאן זֶעהֶן פוּן דֶער טְהִיר פוּן מַיין גֶעצֶעלט . דֶער כּוֹחַ פוּן אַייעֶר גָאט וָואס הָאט זִיךְ בַּאוִויזֶן בַּאיים קְרִיעַת יַם סוּף אוּנד דֶעם יַרְדֵן אוּנד נָאךְ אַסַךְ אַנדֶערֶע זַאכֶן ! אַללֶעס דָאס זֶענֶען נָאר קְלֵיינֶע חֲלָקִים אִין דֶער מֶערְק־ווירדִיגֶן אוּנד ווּנדֶער פָאללֶן גֶעשִׁיכְטֶע פוּן אַייעֶרֶער נַאצְיָאן . פוּן אָנהוֹיבּם אָן בִּיז צוּם סוֹף אִיז אֵיין גְרוֹיסֶע קֵייט פוּן מַעֲשִׂים, וָואס אִיהרֶע רִינגֶען זֶענֶען אָן גֶעטְשֶׁעפֶּעט אֵיינֶער אִינֶעם אַנדֶערן, אֵיין עוּבְדָא פִיהרְט צוּא דֶער אַנדֶערן. יֶעדֶער פֶּעהלֶער , יֶעדֶער חֵטְא בַּאקִימְט זַיין עוֹנֶשׁ אוּנד זַיין מוּסָר, אוּנד אַיעדֶע צְדָקָה אֵיעדֶע מִצְוָה אִיז בַּאלָאהנְט אוּנד גִיט בַּאצָאהלְט, נִיכְטְס אִיז אִין אַייעֶר גֶעשִׁיכְטֶע עַל פִּי מִקְרֶה, אַלסדִינְג גִיט אוֹיס־גֶעטְרַאכְט אוּנד גְרוֹיסאַרטִיג אוֹיסגֶעפִיהרט, וִויא עֶס קָאן נָאר אַזָא ווּנדֶערבַּארֶער גָאט , וָואס ווייסס פוּן אָן הוֹיבּ, וָואס עֶס וֶועט זַיין צוּם סוֹף ! אַללֶע לֶעגֶענדֶן (הַגָדוֹת) פוּן אוּנזֶערֶע פֶּערזִישֶׁע פְּאֶעטֶן הָאבֶּן אַפָּנִים וִויא קַארלִיקְלַאךְ אַקֶעגֶן אַ רִיזֶן אוּנד אַללֶע אוּנזֶערֶע גְאטֶעטֶער גֶעשִׁיכְטֶן הָאבֶּן אַפָּנִים אַקֶעגֶן דִיא נִפְלָאוֹת'דִיקֶע מַעֲשִׂים פוּן אַייעֶר גָאט אַזוֹי וִויא אַן אָפְּשַׁיין אַקֶעגֶן דֶעם שְׁטַארְקֶן גְלַאנץ פוּן אַ מִיטָאגְס זִין ! — וָואס וֶועט זַיין דֶער סוֹף מִיט אַייךְ קָאן קֵיינֶער אַוַודַאי נִיט ווִיססֶן, נָאר אַזוֹי פִּיעל קָאן אִיךְ מִיךְ שׁוֹין אָן שְׁטוֹיססֶן אַז פַאר אַייךְ לִיעגְט אַגְרוֹיססֶע צוּקוּנפְט אֶפְשַׁר נָאךְ גְרָאסאַרטִיגֶער וִויא אַייעֶרֶע פַארגַאנגֶענְהַייט, וֶועלכֶע אִיז נָאר אַזוֹי וִויא אַרֶמֶז פוּן דֶעם, וָואס עֶס וֶועט זַיין . וֶוען אַזָא גָאט וִויא אַייעֶרֶער גֶעמְט זִיךְ פָאר עֶפֶּעס צוּא טְהִין , וֶועט עֶר מִסְתָּמָא נִיט רִיהֶען בִּיז עֶר וֶועט עֶס אוֹיספִיהרְן ! "

אַז אִיךְ הָאבּ אוֹיפגֶעהֶערט, הָאט מִיךְ דֶער פְּרִינְץ אַן אוֹיגְן בְּלִיק גִיט בַּאטְרַאכְט אוּנד דֶער נָאךְ גֶעזָאגְט ;

„אִיהר פַארשְׁטֶעהט אוּנְזֶער נַאצְיָאן, בִּלְתִּי שׁוּם סָפֵק קְלֶעטֶערְן מִיר זִיךְ אַרוֹיף אַ לַייטֶער, וָואס פִיהְרְט עֶרגֶעץ אוֹיף אַ הוֹיךְ אָרְט, מִיר וֶוערֶן גֶעפִיהְרְט וִויא בְּלִינְדֶע פוּן אוּנְזֶער אַללְזֶעהֶנְדִיקֶען גָאט. אוּנְזֶערֶע נְבִיאִים רֶעדֶן בֶּעגַייסְטֶערְט פוּן אַ קִינְפְטִיגֶער צַייט, וֶוען אַללֶע אוּנְזֶערֶע הֵיילִיקֶע צֶערֶמָאנִיֶעס, וָואס זֶענֶען אֵייגֶענְטְלִיךְ נָאר רְמָזִים, וֶועללֶען אוֹיפְהֶערֶן אוּנד מֶענְשֶׁן וֶועללֶען אַסַךְ קְלִיגֶער זַיין, אַסַךְ בֶּעססֶער זַיין, אוּנד וֶועללֶען דִיא גָאטְהֵייט זֶעהְן קָאנֶען מִיט זַייעֶרֶע עֵינֵי שֵׂכֶל. וֶוען אַיֶעדֶער וֶועט אַנָבִיא זַיין, אוּנד אַ יֶעדֶער אַכֹּהֵן. וֶוען עֶס וֶועט זַיין אַ דוֹר פוּן פִיעל וִויסֶן, פוּן טִיעפְן פַארשְׁטַאנְד אוּנד פוּן אִימַאִיבֶּערטְרֶעפְלִיכֶער טוּגֶענד. זַיי לֶערְנֶען אוּנְז אַז אוּנְזֶערֶע גַאנְצֶע נַאצְיָאן אִין אֵיינֶעם אִיז דֶער יְסוֹד צִין אַ פְּרַאכְטפָאלְן גַייסְטִיגֶן מִקְדָשׁ, וָואס אוּנְזֶערֶע גָאטְהֵייט בָּאוֶועט זִיךְ אוֹיף פוּן טְרַייֶע הֶערְצֶער אוּנד עֶדֶעלֶע נְפָשׁוֹת, אוּנד וִויא דִיא עֶדֶעלְסְטֶן מֶעטַאללֶע מוּזֶן זַיי גֶערֵיינִיגְט אוּנד גֶעלַייטֶערְט וֶוערֶן אִין פַייעֶרְדִיקֶע צָרוֹת, אוּנד פוּן אַבְּרֶען, אוּנד אַקְלָאפּ טְהִיט מֶען עֶס אַנֶעם צוּם פָּאלִירֶן אוּנד דַאן גְלַאנְצְט עֶס וִוינְדֶערשֶׁאן! וֶוען אָט דֶער מֶענְשְׁלִיכֶע גָאטֶעס טֶעמְפֶּעל, דֶער אֱמֶתְדִיקֶער בֵּית הַמִּקְדָשׁ אִין דֶעם מֶענְשְׁלִיכֶן הֶערְצֶן וֶועט פַארטִיג וֶוערֶן דֶענְסְטְמָאלט וֶועט זַיין אַן עֶק פוּן אוּנְזֶער גֶעשִׁיכְטֶע, דֶענְסְטְמָאלְט וֶועט אַנֶעק זַיין פוּן דֶער גַאנְצֶן וֶועלט, וָוארְם דֶער הִימֶעל וֶועט זַיין דָאה אוֹיף דֶער עֶרְד. מַלְאָכִים, וֶועללֶען דִיא מֶענְשֶׁן זַיין, אוּנד גָאט! וֶועט זַיין אִין זַייעֶרֶע הֶערְצֶער! אָט אָדָאס וָועט זַיין אוּנְזֶער לֶעָתִיד לָבֹא. אַזוֹי וֶועט זַיין אוּנְזֶר עוֹלָם הַבָּא!

„מִיט גְרוֹיס פַארגְנִיגֶן הֶער אִיךְ אַייךְ, מַיין פְּרִינְץ אַזוֹי בֶּעגַייסְטֶערְט רֶעדֶן" הָאבּ אִיךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט.

מִיט עֲנָווֹת הָאט זִיךְ דֶער פְּרִינְץ וַוייטֶער אָן גֶערִיפֶן. „מִיר הָאבֶּן דָאה פְּרִיעהֶער גֶעשְׁמִיעסְט פוּן דֶער מְגִילָּה „רוּת" דָאס הָאט גֶעשְׁרִיבֶּן דֶער יוּנְגֶער דָוִד, וֶועלְכֶן אִיהר הָאט גֶעזֶעהֶן אִין רָמָה. דָאס אִיז אַן עֶדֶעלֶער אוּנד זִיססֶער שִׁיר חָאטְשׁ עֶס אִיז נִיט מְּעטְרִישׁ, עֶס אִיז אָבֶּער אַזוֹי שָׁאן אוּנד אַזוֹי אַיינְפַאךְ רִיהְרֶענְדִיק מִיט אַזוֹי פִיעל פַיינֶעם גֶעשְׁמַאק אוּנד טִיעפֶן גֶעפִיהל אַז מֶען מוּז עֶס אָן רִיפֶן אַ שִׁיר. וָוארְם יֶענֶער אִיז אַ מְשׁוֹרֵר, אַ פָּאעֶט, וָואס פַארשְׁטֶעהט מִיט זַיין פֶּען צוּא בַּארִיהְרֶן דֶעם מֶענְשְׁנְס הַארְץ! וֶוען אִיךְ דֶער מַאהן מִיךְ אִין אָט דֶעם דָוִד, גֶעהט מִיר פָּשׁוּט אוֹיס דָאס הַארְץ נָאךְ אִיהם! אַזַא לִיעבְּלִיכֶער קָארַאקְטֶער אִיז עֶר! אַמֶענְשׁ וָואס בַּאזִיצְט דִיא קוּרַאשְׁזֶע פוּן אַ מַלְאַךְ, שַׁיינְט עֶר אַייךְ אַזוֹי וִויא עֶר וָואלְט גָאר מוֹרָא גֶעהַאט פַאר אַפְלִיעֶג! אַן אֱמֶת'עֶר גָאטְלִיכֶער פָּאעֶט, שַׁיינְט עֶר אוֹיךְ אַזוֹי וִויא עֶר קָאן קֵיין צְוֵויי נִיט צֵיאהְלֶן. זַיינֶע גְבוּרָה בַּאדֶעקְט עֶר מִיט אַ קִינְדלִיכֶער הַכְנָעָה. אוּנד דִיא הֶאכְסְטֶע עֶדְלְקֵייט פוּן אַ זֶעהר גְרוֹיססֶן זֶעעלֶע פַארשְׁלֵייעֶרְט עֶר מִיטֶן אַיינְפַאכֶן שְׁלֵייעֶר פוּן עֲנָווֹת! אַךְ פְּרִינְץ אַרבַּאצֶעס, וֶוארטֶער זֶענֶען גָאר נִיט אִים שְׁטַאנד צוּא בַּאשְׁרַייבֶּן וִויא שְׁטַארְק אִיךְ הָאבּ אִיהם לִיעבּ. מִיט קֵיין גֶעשְׁטַאלְט קָאן אִיךְ אַייךְ נִיט אוֹיסמָאהלְן דֶעם פַייעֶר מִיט וֶועלְכֶן מַיין הַארְץ אִיז אָן גֶעפִילְט פוּן אַ בְּרֶענֶענְדִיקֶער לִיעבֶּע צִין אִיהם אֲפִילוּ דִיא שְׁטַארְקסְטֶע, הֵייסֶעסְטֶע אוּנד דִיא אַללֶערזִיסֶעסְטֶע פְרוֹיעֶן לִיעבֶּע קָאן זִיךְ נִיט פַארגְלַייכֶן צוּא דֶער הֵיילִיקֶן לִיעבֶּע

וָואס אִיךְ דֶער פְּרִינְץ יְהוֹנָתָן פִיהְלְט פַאר֗ן פַּאסְטִיךְ דָוִד . אונד דֶער הָעלד, גִבּוֹר אונד גָאטְלִיבֶער פָּאעֶט דָוִד פִיהְלְט דִיא אֵייגֶענֶע לִיעבֶּע צוּא שָׁאוּל'ס זִין . מַיינֶע לִיעבֶּע אִיז אִיהם אוֹיךְ גַאנְץ נֶאטִיג צוּא זַיינֶער עֶקְזִיסְטֶענְץ . מִיר זֶענֶען בֵּיידֶע אַם גְלִיקְלִיכְסטֶן וֶוען מִיר זֶענֶען אִין אֵיינֶעם ! " —

„אִיךְ פִיהל אַן אִינְטֶערֶעסס עֶפֶּעס מֶעהר פוּן אִיהם צוּא ווִיסְּסֶן" , הָאבּ אִיךְ גֶע-עֶנטְפֶערט . „וָוארְם עֶר הָאט אוֹיף מִיר אוֹיךְ אַטִיעפֶן אֵיינְדְרִיק גֶעמַאכְט נִיט נָאהר וֶועגֶן זַיינֶער מֶערְקְווִירְדִיגֶן שֶׁאנְקֵייט אונד זַיינֶע אוֹסֶערָארְדֶנְטְלִיכֶע בַּאהֶנ'וְודִיקֶע בַּא-נֶעהמוּנג, זָאנדֶרן מֵיינְסְטֶן טְהֵיילס וֶועגֶן זַיין גֶאטְלִיכֶעם שְׁפִּיעל אוֹיף דֶער הַארְפֶע, אונד דֶער זִיסְקֵייט פוּן זַיין קוֹל, וָואס גַנֶבֶעט זִיךְ אַרַיין אִין דִיא טִיעפְסְטֶע חֲדָרִים פוּ דֶער נְשָׁמָה . "

„אִיהר זָאללט אַללְסְדִינג פוּן אִיהם הֶערן, וָואס עֶס וֶועט אַייךְ קָאנֶען אִינְטֶערֶעסִירֶן, מַיין טְהַייעֶרֶער פְּרִינְץ" הָאט דֶער קֶאנִיגְלִיךְ אִיזְרַאעֶלִיטִישֶׁער פְּרִינְץ גֶעזָאגְט, צוּרִיק אַנִיעדֶערלֶעגֶענְדִיק דָוִד'ס מְגִלַת-רוּת אִין דֶעם קִינְסְטְלִיךְ אוֹיסְגֶעאַרְבֶּעטֶן זִילְבֶּערְנֶעם קֶאסְטֶל . „מַיין פְרֵיינְד אִיז דֶער זִין פוּן אַן עִבְרִישֶׁן עֶלְצְטֶן יִשַׁי גֶעבּוֹירֶן אִין בֵּית-לֶחֶם. יֶענֶער הַר-סֶלַע בַּאזֶעצְט מִיט טְהִירְמֶעלֶאךְ וָואס מִיר זֶענֶען פַּארְבַּאיי גֶעפָּאהרן אַן עֶרֶךְ פוּן אַשָׁעָה שְׁפֶּעטֶער נָאכְן פַארלָאזְפִין יֶענֶער אִימבַּאצְווִינגֶענֶער פֶעסְטוּנג פוּן דִיא יְבוּסִים , פוּן דֶער רֶעכְטֶן הַאנד . זַיין פָאטֶער אִיז אַ רַייכֶער בַּעַל הַבַּיִת אונד אִיז אוֹיךְ אַשֵׁאפֶער , דִיאזֶעלְבִּיגֶע בַּאשֶׁאפְטִיגוּנְג וָואס אונזֶערֶע פַּאטְרִיַארְכַאלִישֶׁע אָבוֹת הָאבֶּן גֶעטְהִין . יִשַׁי אִיז דֶער וַוייל אוֹיךְ טַאקִי אַן אֵיינִיקֶל פוּן רוּת וָואס אִיז גֶעוֶוען דִיא פְרוֹי פוּן בּוֹעַז צוּא וֶועמֶען עֶס הָאט גֶעהֶערט יֶענֶעם פֶעלְד וִויא רוּת הָאט גֶעקְלִיבֶּן זַאנגֶען נָאךְ זַיינֶע שְׁנִיטֶערְם . לָכֵן, וִויא אִיהר זֶעהְט אִיז יִשַׁי נִיט אַ זִין פוּן רֵיינֶע עִבְרִישֶׁע עֶלְטֶערן, וָוארְם דִיא שְׁאנֶע אונד לִיעבְּלִיכֶע רוּת אִיז גֶעוֶוען פִינֶעם לַאנְד מוֹאָב . " —

„וֶוער אִיז דָאס גֶעוֶוען דֶער מוֹאָב . ? " הָאבּ אִיךְ אַפְרֶעג גֶעטְהִין . „אונד וִויא אִיז עֶס זַיין לַאנְד ?" „פוּן מִזְרָח זַייט פִינֶעם יַם סְדוֹמִי ." הָאט פְרַיינְדְלִיךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט דֶער פְּרִינְץ . „מוֹאָב אִיז גֶעוֶוען אֵיינֶער פוּן לָט'ס קִינְדֶער גֶעבּוֹירֶן פוּן זַיין עֶלְטְסְטֶער טָאכְטֶער נָאךְ דֶער צֶערשְׁטֶערוּנג פוּן דִיא פִינְף שְׁטֶעדְט פִינֶעם פְּלַיין . דָאס אִימְנַאטִירְלִיךְ קִינְד אִיז גֶעוָוארֶן דֶער רֹאשׁ פוּן אַ מֶעכְטִיגֶער נַאצְיָאן . מוֹאָב אִיז גֶעבּוֹירְן גֶעוָוארֶן אַרוּם דֶערזֶעלְבֶּן צַייט, וִויא אֵיינֶער פוּן אונזֶערֶע אָבוֹת יִצְחָק ." —

„אַז עֶס אִיז יָא אַזוֹי" הָאבּ אִיךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט, ווִיללֶנְדִיק מִיךְ גוּט בַּאקַאנְט צוּא מַאכֶן מִיט דֶער גֶעשִׁיכְטֶע פוּן דֶעם דָאזִיגֶן פָאלְק . „אַז לוֹט אִיז גֶעוֶוען אַ פְּלִימֶעגִיק פוּן אַבְרָהָם'עֶן אונד מוֹאָב אִיז גֶעבּוֹירֶן פוּן לוֹט'ס טָאכְטֶער, שְׁטַאמְט דָאךְ רוּת-הַמוֹאֲבִיָה אוֹיךְ פוּן אַבְרָהֶמֶען, לָכֵן פַארְשְׁטֶעה אִיךְ נִיט פַאר וָואס הַאלְט אִיהר רוּת'ן פַאר אַפְרֶעמְדֶער אַדְרַבָּה לָאז עֶמֶעצֶער מִיר בַּאווַייזֶן אַז אַן אֵיינִיקֶל פוּן רוּת הָאט אִין זִיךְ נִיט דָאס אֵייגֶענֶע בְּלוּט וָואס אַבְרָהָם הָאט גֶעהַאט ? ! "

„אֱמֶת, " הָאט דֶער פְּרִינְץ הָאפְלִיךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט . נָאר אַללֶע זַייטִיקֶע קְרוֹבִים

פוּן אַבְרָהָם׳ען זֶענֶען דוּרְךְ אַ בַּאפֿוּיל פוּן גָאט פוּן אִיהם אָפּ גֶעטְהֵיילְט, „בְּיִצְחָק יִקָּרֵא לְךָ זָרַע״ נָאר דִיא גְלַייכֶע אָבְּשְׁטַאמוּנְג פוּן אַבְרָהָם׳ען דוּרְךְ יִצְחָקן װערן בַּאטְרַאכט אַלְס דִיא קִינְדֶער װָאס גָאט הָאט זִיךְ אוֹיס דֶערוָועהלט פַאר אַפָאלְק. גָאט הָאט זִיךְ קֵיין מָאהל גִיט גֶעלָאזט רִיפֶען אֱלֹהֵי לוֹט, אֱלֹהֵי מוֹאָב, נָאר אֱלֹהֵי אַבְרָהָם, יִצְחָק וְיַעֲקֹב. ״ דָאס אִיז פַאר אוּנְז זַיין נָאמֶען אִין דֶער פַארגַאנגֶענְהֵייט! אִין דֶער גֶעגֶענְוַוארט אוּנד לְעוֹלְמֵי עוֹלָמִים! — דֶער וַוייל הָאבּן זִיךְ אָפּגֶעטְהֵיילְט דִיא קִינְדֶער פוּן לוֹט׳ס טָאכְטֶער דוּרְךְ אִיהר זִין מוֹאָב אוּנד הָאבּן זִיךְ קֵיין מָאהל נִיט מֶעהר פַארמִישְׁט מִיט אַבְרָהָמס שוּרָה אַרִיבֶּער נַיין הוּנדֶערְט יָאהר! ״ — „עֶנטְשוּלְדִיגט מִיר פְּרִינְץ, וָואס אִיךְ הָאבּ אַייךְ אַייעֶרֶע דֶערצֵיהלוּנְג פוּן דָוִד׳ן אִיבֶּערגֶעשְׁלָאגן,״ הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט, „זַייט אַזוֹי גִיט אוּנד דֶערצֵיהלְט נָאר וַוייטֶער.״ —

„וֶוען מַיין פָאטֶער הָאט פַארשְׁפִּיעלט זַיין חֵן אִין גָאטְס אוֹיגְן דוּרְךְ פַארשִׁיעדֶענֶע פֶעהלֶערס הָאט גָאט בַּאפוֹילן זַיין נָבִיא שְׁמוּאֵלן ער זָאלל גֶעהן אוּנד זַאלְבּן אַן אַנדֶערן קֶאנִיג אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל, זָאגֶענְדִיק, „אִיךְ הָאבּ אַוֶועק גֶעוָוארפן שָׁאוּלן פוּן צוּא זַיין אַקֶאנִיג״ „וֶוער אוּנד וָואס אִיז גֶעוֶוען שָׁאוּל, דַיין קֶאנִיגְלִיכער פַאטֶער, אַ פְּרִינְץ, אִין זַיין יוּגֶענד? הָאבּ אִיךְ גֶעפְרֶעגְט. „אִיז עֶר אוֹיךְ גֶעוֶוען עֶפֶּעס פוּן אַגְרוֹיססן יִחוּס? אֶפְשָׁר אָפּשְׁטַאמֶענְדִיק פוּן משֶׁה, יְהוֹשֻׁעַ אָדֶער אַיינֶעם פוּן דִיא שׁוֹפְטִים. וָואס גָאט הָאט אִיהם אוֹיסגֶעקְלוֹיבּן צוּא זַיין דֶער עֶרְשְׁטֶער מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל? ״

„נֵיין״ הָאט עֶר גֶעעֶנְטפֶערְט. „מַיין פַאטֶער קוּמְט דַוְקָא אַרוֹיס פִינֶעם קְלֵיינְסטן שֵׁבֶט (דֶעם יוּנגְסטן בְּרִידֶער בִּנְיָמִינס שֵׁבֶט) פִינֶעם פָאלְק. זַיין פַאטֶער אִיז גֶעוֶוען קְלִיג בְּעֵצָה, בְּרַאוו אִין אַ מִלְחָמָה אוּנד בַּארִיהמְט פַאר זַיין גְרוֹיססן כֹּחַ אוּנד מַעֲשִׂים פוּן גְבוּרָה. עֶר אִיז גֶעוֶוען אַן עוֹבֵד אֲדָמָה, אוּנד אַ בַּעַל מִקְנֶה אוֹיךְ מִיט עֶטְלִיכֶע מְשָׁרְתִים אוּנד דִיעְנסְטן אוּנד עֶטְלִיכֶע זִין וָואס הָאבּן אוֹיךְ גֶעהָאלְפן צוּא בַּאזָארְגן דִיא שָׁאאף. — בַּאיי אוּנְזֶער גָאט, מַיין לִיעבֶּער פְּרִינְץ אַרְבַּאצֶעס, הָאט יִחוּס גָאר קֵיין שוּם וֶוערְטָה נִיט אַשְׁטֶערבְּלִיכן מֶענְשׁ קֶאן אָפּנַארְרן אַגְלַאנְצִינְדִיקֶער נָאמֶען, אָבֶּער גָאט וָואס זֶעהט, וָואס עֶס טְהִיט זִיךְ אִינֶעם טִיעפְן הַארְצן פוּן אַ מֶענְשׁן, גָאט וָואס מִשְׁפָּט נִיט אֲפִילוּ נָאךְ דֶער עוּבְדָא זָאנדֶערן נָאךְ דֶער כַּוָּונָה, וָואס פַאר אִיהם זֶענֶען אַנְטְפְּלֶעקְט דִיא פַארבָּארגֶנסְטן מַחֲשָׁבוֹת, בַּאיי אִיהם הָאט אַ וֶוערְטְה אַ גֶעטְלִיךְ הַארְץ אָבֶּער יִחוּס? דָאס אִיז אֵיינְס פוּן דִיא אֱלִילִים וָואס נַארִישֶׁע מֶענְשׁן הָאבּן לִיעבּ צוּא דִיעֶנֶען! —

אַזוֹי וִויא גָאט הָאט אַ מָאהל אוֹיסדֶערוָועהלְט אַבְרָהָמן, דֶער זִין פוּן אַ גָאטְצִין־שְׁנִיטְצֶער מֵאֶרֶץ כַּשְׂדִּים דֶער פַאטֶער צוּא וֶוערן פוּן אַ גַאנְצֶער נַאצְיָאן, אוּנד משֶׁה׳ן אוֹיךְ נִיט קֵיין מְיוּחָס אַרוֹיס צוּא פִיהְרן דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל מֵעַבְדוּת לְחֵרוּת, אוּנד יְהוֹשֻׁעַ, אַ זִין פוּן אָרִימֶע עֶלְטֶערן, אַרַיין צוּא פִיהְרן דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל אִינֶעם אֶרֶץ הַהַבְטָחָה אוּנד עֶס צוּא בַּאצְווִינְגֶען אוּנד קֵיינֶער פוּן זֵיי אִיז נִיט גֶעוֶוען אַבֶּן מֶלֶךְ אַזוֹי הָאט גָאט בּוֹחֵר גֶעוֶוען שָׁאוּל בֶּן קִישׁ אַ פַאסְטִיךְ פִינֶעם טְהָאל פִינֶעם הַר אֶפְרַיִם צוּא רֶעגִירן אִיבֶּער זַיין פָאלְק, וֶוען זֵיי הָאבּן זִיךְ צוּשְׁרִיען גְוָואלְד אַ קֶאנִיג! אִין גֶעשְׁטַאלְט, אִין כָּבוֹד אוּנד אִין

קוּרַאשְׁז אוּנד אִין אַנדֶערֶע גְרוֹיסאַרטִיגֶע אֵייגֶענשַׁאפְטֶן, אִיז מַיין פַאטֶער וֶוערְטה גֶעוֶועזֶען אַזַאן אויסצֵייכְנוּנְג, אַזוֹי הָאבֶּן מִיר אַלְטֶע לַייט גֶעזָאגְט, וָואס הָאבֶּן מַיין פַאטֶער קֶענֶען גֶעלֶערְנְט אִין אַמָאהלֶעדִיקֶע צַייטֶען ! —

„אִיךְ הָאבּ עֶס מִיר אַזוֹי גֶעדַאכְט” הָאבּ אִיךְ גֶעעֶנְטפֶערְט . „פוּן דֶער מַאיֶעסְטֶעט פוּן זַיין גֶעשְׁטַאלְט נָאךְ אַצִינְד, אוּנד זַיינֶע מֶערקְוִוירְדִיגֶע עֶרשַׁיינוּנְג, חָאטְשׁ עֶס אִיז דָאךְ גַאנְץ גֶעוִויסס אַז וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶן אִיז דָאךְ נָאר דִיא חוּרְבָּה פוּן יֶענֶעם חֵן אוּנד גְרוֹיסְקֵייט וָואס עֶר הָאט אַ מָאהל בֶּעזֶעססֶען . ”

„נִיט מֶעהר וִויא דִיא חוּרְבָּה, נִיט מֶעהר מַיין פְּרִינְץ !” הָאט יְהוֹנָתָן גֶעעֶנְטפֶערְט מִיט אַ טְרָאוֶערְדִיקֶען קִיק, וָואס הָאט פַארפִינְצְטֶערְט זַיין שֶׁאן פָּנִים . „שְׁמוּאֵל הַנָבִיא הָאט אִיהְן עֶרְשְׁט גֶעזַאלְבְּט אוּנד שְׁפֶּעטֶער גֶעקְרֶאנְט פַאר אַקֶענִיג אוּנד דִיא עֶרְשְׁטֶע יָאהְרֶען פוּן זַיין מְלוּכָה זֶענֶען גֶענִיג גְלִיקְלִיךְ גֶעוֶועזֶען, עֶר הָאט זִיךְ גִיט בַּאפֶעסְטִיגְט אִין זַיין קֶאנִיגְרַייךְ, עֶר הָאט פַארטְרִיעבֶּען דִיא פַיינד פוּן זַיינֶע גְרֶענֶעצֶען, וֶועלְכֶע דִיא פַיינְד הָאבֶּן אִיבֶּערגֶעטְרֶעטֶען וֶועהרֶנְד דֶער שְׁלֶעכטֶען רֶעגִירוּנְג פוּן שְׁמוּאֵל הַנָבִיא׳ס קִינְדֶער . אוּנד אִין אַלֶע מִלְחָמוֹת הָאט עֶר מְנַצֵחַ גֶעוֶועזֶען . נָאר אֵיינֶע פוּן דִיא פַיינדלִיכֶע נַאצְיָאנֶען דִיא עֲמָלֵקִים, וָואס הָאבֶּן שׁוֹין אַמָאהל אוּנזֶערֶע עֶלטֶערְן שְׁטַארק דֶערקִיטְשֶׁעט נָאךְ אִין דֶער מִדְבָּר, הָאט שְׁמוּאֵל הָרוֹאֶה אִיהם בַּאפוֹלֶן, אַז עֶר זָאלל קֵיין אֵיינְצִיגֶען נֶפֶשׁ אַ לֶעבֶּעדִיקֶען נִיט אִיבֶּערלָאזֶען, אַזוֹי הָאט גָאט בְּפֵירוּשׁ דוּרְךְ דֶעם נָבִיא בַּאפוֹילֶען . דֶער קֶאנִיג מַיין פַאטֶער הָאט מְנַצֵחַ גֶעוֶועזֶען דֶעם עֲמָלֵק, הָאט אָבֶּער דֶעם קֶאנִיג זֵייעֶרֶן אַגַג לֶעבֶּען גֶעלָאזְט אוּנד הָאט אוֹיךְ עֶפֶּעס שָׁלָל אִיבֶּער גֶעלָאזְט אַקֶעגֶען גָאטֶס בַּאפוֹיל , דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען אַן עֲבֵירָה, גָאט הָאט דַאדוּרְךְ מְמַאֵס גֶעוֶועזֶען מַיין פַאטֶער פוּן צוּא זַיין אַקֶענִיג ! דָאס פָאלְק הָאט אִיהְן נָאךְ שְׁטַארק לִיעבּ גֶעהַאט אַלְס אַגְרוֹיסֶען בֶּן חַיִל אוּנד אַ גִיטֶען אוּנד קְלִיעגֶען רֶעגִירֶער . נָאר וֶוער קָאן בַּאשְׁטֶעהְן אַקֶעגֶען גָאטְס מִשְׁפָּט ? וֶוער קָאן גְלִיקְלִיךְ זַיין וֶוען גָאט אִיז אוֹיף עֶמֶעצֶען בְּרוֹגֶז . ? —

„אַיֶיער גָאט אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ אִין זַיינֶער מַאכְט אוּנד אִיז גְרוֹיסאַרְטִיג הֶערְלִיךְ אִין זַיינֶער מַאיֶעסְטֶעט,” הָאבּ אִיךְ גֶעעֶנְטפֶערְט מִיט אַ גֶעפִיהל פוּן עֶהרפוּרְכְט (יִרְאַת הַכָּבוֹד) „וֶוער קָאן אִיהם מֵעִיז זַיין אוּנד זָאלל נִיצָל וֶוערֶן פוּן בַּאשְׁטְרָאפוּנְג ? אַהֲרֹן זַיין כֹּהֵן גָדוֹל וִויא שְׁטַארְק אִיז עֶר בַּאשְׁטְרָאפְט גֶעוָוארֶן, וַוייל עֶר הָאט צִיגֶעלָאזְט דִיא בְּנֵי הַמִדְבָּר חוֹטֵא צוּא זַיין בְּעֵגֶל הָאט עֶר גֶעמִיזְט שְׁטַארְבֶּען אִין דֶער מִדְבָּר אוּנד הָאט נִיט בַּאדַארְפְט אַרַיין גֶעהֶן אִין דֶעם פַארשְׁפְּרָאכֶענֶעם לַאנְד ! אוֹיף מִיר הָאט עֶס גֶעמַאכְט אַ גַאנְץ בַּאזִינְדֶערֶן מֶערקְוִוירְדִיגֶען אַיינְדְרִיק דִיא גֶעשִׁיכְטֶע פוּן דֶעם זֶעלטֶענֶעם כה”ג, וִויא עֶר הָאט גֶעמִיזְט אַרוֹיף גֶעהֶן אוֹיף דֶעם הוֹר הָהָר דָארְט צוּא שְׁטַארְבֶּען פַאר זַיינֶע זִינְד! לְעֵינֵי כָּל הָעָם הָאט עֶר גֶעמִיזְט בַּאוַוייזֶען, אַז גָאט דַארְף מֶען נִיט אִימְגֶעשְׁטְרָאפְט בַּאלֵיידִיגֶען ! זֵיי זָאלֶען לֶערְנֶען אַז גָאט פַארשָׁאנְט נִיט זַיין כֹּהֵן גָדוֹל וֶועט עֶר אַוַודַאי בַּאצָאהְלֶען אַ יֶעדֶען וִויא עֶר וֶועט פַארדִינֶען ! —

אִיךְ שְׁטֶעלל מִיר פָאר, אַיֶיערֶע מַאיֶעסְטֶעט, דֶעם עֶדֶעלֶען כֹּהֵן גָדוֹל פוּן דֶעם דָאזִיגֶען

פָּאלְק , אָן גֶעטְהִין אִין זַיינֶע פְּרֶאכְטִיגֶע בִּגְדֵי כְּהוּנָּה , מִיט דֶעם שֶׁאנֶען לַאנְגֶן צִילַאוּזְטֶן וַוייסֶן בָּארְד, מִיט זַיינֶע זִילְבֶּערְנֶע לָאקֶן . זַיינֶע מַאיֶעסְטֶעטִישֶׁע גֶעשְׁטַאלְט אַבִּיסֶל גֶע-בֵּייגְט אוּנְטֶער דֶער מַשָּׂא פוּן אַ הִינְדֶערְט אוּנד צְוָואנְצִיג יָאהר, טְרָאוֶערִיג אַרוֹיף גֶעהֶנְדִיק דֶעם הר הָהָר . אִיךְ זֶעה דִיא גְרוֹיסֶע מֶענְגֶע פָּאלְק אִיהם נָאךְ טְרָאוֶערִיגֶער נָאךְ גֶע-הֶנְדִיק . אוֹיפֶן וֶועג אַבִּיסֵל מִיעד וֶוערְנְדִיק לֶעגְט עֶר זִיךְ אָן אוֹיף דֶעם אָרִים פוּן דֶעם הוֹיךְ גֶעוַואקְסֶענֶעם זִין זַיינֶעם אֶלְיעָזֶר . וֶועהרֶנְד זַיין פַּאטְרִיאַרְכַאלִישֶׁער אוּנד בְּכָבוֹדִיקֶער בְּרִידֶער מֹשֶׁה וָואס אִיז אַבִּיסֶל שְׁפֶּעטֶער אוֹיף דֶעם פִּסְגָּה גֶעשְׁטָארְבֶּן גַאנְץ אַלֵיין נָאר מִיט דִיא מַלְאָכִים פוּן זַיין גָאט אָרִים אִים) גֶעהט נֶעבֶּן אִיהם שְׁמֵיעֶססֶנְדִיק אִיבֶּער יֶענֶע סוֹדוֹת אוּנד אִיבֶּער יֶענֶע נִסְתָּרוֹת פוּן אַן אַנְדֶער לֶעבֶּן נָאכְן טוֹיט פִינֶעם גוּף, אִין וֶועלְכֶן דִיא עִבְרִים גְלוֹיבֶּן . וֶוען דִיא דְרַיי דֶער גְרֵייכֶן דֶעם שְׁפִּיץ פִינֶעם בַּארְג מִיט דֶעם בְּלָאוֶוען הִימֶעל אִיבֶּער זֵייעֶרֶע קֶאפּ, אוּנד מִיט דֶעם גְרוֹיססֶן פְּלֵיין מִיט דִיא טָאהלֶן פַאר זֵיי, גַאנְץ שְׁוַוארְץ פוּן דֶעם פַארזַאמֶעלְטֶן פָּאלְק . זֶעה אִיךְ וִויא דֶער אַלְטֶער כה״ג הוֹיבְּט אָן מִיט צִיטֶערְנְדִיקֶע הֶאנְד פוּן זִיךְ אַרָאפּ צוּא נֶעהמֶען דִיא בִּגְדֵי כְּהוּנָּה אוּנד דִיא פְּרֶאכְטִיג גְלַאנְצֶנְדִיקֶע צֵייכֶן פוּן זַיין הוֹיכֶן שְׁטַאנְד ! צִיעֶרְשְׁט נֶעהמְט עֶר אַרָאפּ פִינֶעם גְרַייז גְרָא-וֶוען קָאפּ דֶעם ,,כּוֹבַע״ מִיט דֶ׳נֹם פְּרַאכְטפָאללֶן שְׁלֵייעֶר גֶעאַרְבֶּעט קִינְצְלִיךְ אִין לַיינֶען אוּנד תְּכֵלֶת אִין גֶעקְלִיבֶּענֶע פַאלְטֶן צוּזַאמְמֶנגֶעהַאלְטֶן מִיט אַגִילְדֶענֶעם בְּלֶעךְ אוֹיף וֶועלְכֶן אִיז גֶעוֶוען אוֹיס גֶעגְרָאבְּן דִיא וֶוערְטֶער ״ק ו ד ש ל ה ׳,,עֶר טְהִיט עֶס אָן בַּהַכְנָעַת אוֹיף דֶעם קָאפּ פוּן זַיין זִין אוּנד זַיין מְמַלֵּא מְקוֹמוֹ, וֶועלְכֶער קְנִיעט אַצִינְד צוּא דִיא פִיסֶס פוּן זַיין גְרוֹיססֶן פַאטֶער . דֶער נָאךְ גֶעהמְט עֶר פוּן זִיךְ אַ רָאפּ דֶעם חשֶׁן וְאֵפוֹד מִיט דִיא בְּלִישְׁטְשֶׁענְדִיקֶע צְוֶועלְף אֲבָנִים טוֹבוֹת אוּנד וֶועלְכֶעם אִיז וִוינְדֶערְפָאלל אוּנד קִינְסְטְלִיךְ גֶעווִירְקְט אוּנד אוֹיסגֶעשְׁטִיקְט מִיט גִילְדֶענֶע,תְּכֵלֶתדִיקֶע שַׁארְלַאכְדִיקֶע אוּנד פּוּרְפּוּר-וָואללֶענֶע פָּאדִים, זַיינֶע אַלְטֶע פִינְגֶער קֶאנֶען אָבֶּער נִיט אָפּ שְׁפִּיעלִיעֶן דִיא שְׁנַאלְלֶן פוּן דֶעם פְּרֶאכְטִיגֶן אֵפוֹד׳ס גַארְטֶל אוּנד דֶער טְהַייעֶרֶער גֶאטְלִיכֶער בְּרִידֶער מוּז אִיהם בַּאהִילְפְלִיךְ זַיין, אִיהם וֶוערְט עֶס אוֹיךְ נִיט אַזוֹי גְרִינְג, וָוארְם זַיינֶע אוֹיגֶן זֶענֶען אַוַדַאי פִילל מִיט בְּרִידֶערלִיכֶע טְרֶערְן . אַצִינְד וֶוערְן פוּן זַיינֶע אַקְסֶל אַרָאפּגֶענִימֶען דִיא וִוינְדֶערלִיךְ לִיכְטִיגֶע אָנִיקְסֶע, אַיינגֶעפַאסְסְט אִין גָאלד, וָואס הָאבֶּן צוּזַאמֶען גֶעהַאלְטֶן דִיא גִילְדֶענֶע קֶעט, וָואס הָאט צִינְאוֹיף גֶענִימֶען דֶעם חשֶׁן אוּנד בַּאהֶעפְטֶעט זֵיי אוֹיף דִיא קְנֶאפּ פִינֶעם אֵפוֹד . אַצִינְד קִימְט דָאס לַאנְגֶע וַוייססלִינֶענֶע קְלֵייד, וָואס הָאט בַּאצֵייכְנֶט דֶעם הוֹיכֶן גְרַאד פִינֶעם כה״ג, אוּנד אַ רֶמֶז פוּן זַיין רֵיינְקֵייט, וָואס טְרָאגְט נָאךְ דֶעם שְׁטַארְקֶן רֵיחַ פוּן דֶעם שֶׁמֶן הַמִּשְׁחָה, עֶר טְהִיט עֶס אוֹיס אוּנד זַיין עֶדֶעלֶער זִין לָאזְט עֶס זִיךְ אָן טְהִין, מֹשֶׁה וַואהרֶן טְהִיעֶן אִים אָן אֵיין בֶּגֶד נָאכְן אַנְדֶערן אֵיין תַּכְשִׁיט נָאכְן אַנְדֶערְן, מִיט דִיא אָנִיקְסֶע אוֹיף דִיא אַקְסל צוּא זֵיי בַּאפֶעסְטִיגְט מֶאן דֶעם חוֹשֶׁן מִיט דִיא צְוֶועלְף עֶדֶעל שְׁטֵיינֶער אִין פִיעֶר שׁוּרוֹת .

אִין דֶער עֶרְשְׁטֶן שׁוּרָה אַ רוּבִּין , אַ טָאפַּאז אוּנד אַ קַארְבּוּנְקֶל (גֶארְפִינְקֶל)

„ „ צְוֵוייטֶן „ אַ זַאמַארַאגְד , אַ סַאפִּיר אוּנד אַ דִיעֶמַאנְט .

אין דער דריטן „ אַ ליגור , אַן אַגאַט, אונד אַן אַמעטהיסט .
„ „ פערטן „ אַ בעריל , אַן אָניקס, אונד אַ יאַספּער

אַללע אֲבָנִים טובות געזעצט אין ריינעם גאָלד . אונד יעדער שטיין האט אויף זיך גע-
האט אויסגעקריצט אַ נאָמען פון אַ שבט . אַללע בִּגְדֵי כְּהוּנָּה מיט אַללע תַּכְשִׁיטִים האט
דער כֹּהֵן גָּדוֹל פון זיך אַראָפּ גענימען אַקעגן דאס גאַנצע פאָלק אונד אָן געטהין אויף
אֶלְיעָזָר׳ן זיין זון, וואס ווערט אַצינד כה״ג אויף דעם פאָטערס אָרט . ווען דיא אַרבּייט
פינעם איבּערגעבּן פון דער פְּקוּדָה איז נִשְׁלַם געוואָרן . פאַללט ער אויף דיא קניע אונד
מים ביידע האנדט אויפהעבענדיק אַקעגן הימעל בענשט ער נאָך זיין פאָלק צום לעצטן
מאָהל, עס דאָווערט ניט לאַנג דיא שנעללע ווייסע האנד זינקן זיך באַמאָהליכן אַראָפּ ,
זיין לעצטער אָטהם איז אויסגעאָטהימט אונד זיין גאָט איז מְקַבֵּל דיא נְשָׁמָה פון זיין
כֹּהֵן גָּדוֹל ! —

„אין דער געשיכטע פינעם טויט פון גרויסע לייט״ האָב איך געזאָגט צום
פּרינצן יְהוֹנָתָן . גלייכט קיינע דערצאהלונג דעם זעלטענעם שוישפּיל פינעם טויט פינעם
כֹּהֵן גָּדוֹל אַהֲרֹן ! משה׳ם טויט שפּעטער איז אויך גרויסאַרטיג, דאָרט איז אָבער ניט גע-
ווען דער טיעפער אונד ריהרענדיקער איינדריק פון אַן אָפּדאַנקען אונד איבּערגעבּן פון
אַ פְּקוּדָה מיט אַ ברידער אונד אַזין שטעהנדיק דערבּאַיי .״

„מיין טהייערער פּרינץ אַרבּאַצעס,״ האָט זיך יְהוֹנָתָן אָן געריפן . „איך פריי מיך
זעהר צוא זעהן אַז איהר קאָנט אַזוי גוט אונזערע געשיכטע ! נאָר וואס האָט אונז עפּעס
געפיהרט צוא דעם געגענשטאַנד ? האָבּן מיר פריהער ניט גערעט פון דוד׳ן ?״

„איך האָבּ באַמערקט איבּער דעם שטרענגקייט פון אייער גאָט אין באַשטראָפן
ווען דיא רעדע איז געוועזן דער פון וויא גאָט האָט מְמָאֵס גיווען אין דער מְלוּכָה פון
אייערן אומגליקליכן פאָטער,״ האָבּ איך געענטפערט .

„אֱמֶת, אַרבּאַצעס,״ האָט ער געזאָגט : „אונזער גאָט איז אַפאַרברענענדיקער
פייער צוא דיא וואס זענען עוֹבֵר אויף זיין געבּאָט, ער איז אָבער אויך אַ מַאֲרִיךְ אַף
אונד איז פילל מיט רַחֲמָנוּת אונד ליעבּע פאַר דיא וואס געהן אין זיינע דְרָכִים, זיין כֹּחַ
איז גרענצינלאָז צוא שטראָפן אונד צוא בענשן . נאָר איך וויל אַצינדערט ווייטער דער
צאהלן פון מיין יונגן פריינד הֹרן בֶּן יִשַׁי ״ —

אָבער אייער מאַיעסטעט, איהר וועט מיר מוֹחֵל זיין, אַז איך וועלל אָפּלעגן דיא
דערצאהלונג פינעם פּרינצן אויף אַן אַנדער בְּרִיו . איך פיהל מיך גאַנץ זיכער אַז
אַללעם וואס איך באַשרייב אייך פון דעם אֱלֹהֵי הָעִבְרִים, וואס, וויא מיר שיינט איז
תָּמִיד מיט זיין פאָלק, אימגעזעהן, זעהט ער אַלסדינג וואס זיי טהיען, מאַכטיג צוא
שיטצן אונד שרעקליך צוא באַשטראָפן, וועט אייערע מאַיעסטעט אינטערעססירן, דרום
אויך בין איך אַמאָהל אַביסל מַאֲרִיךְ, ווייל דער געגענשטאַנד איז צוא גרויסאַרטיג
אונד עס איז אַן עֲבֵירָה מְקַצֵּר צוא זיין . זייט געזינד, אונד מאָגן דיא אֱלֹהֵי אַשּׁוּר

בְּלייבּן אַייעֶרער מַאיֶעסְטֶאטְס פְּרַיינְד, אונד דֶער פַיינְד פוּן אַייֶערֶע שׂוֹנְאִים ;
אַייֶער אונטֶערטְהֶאנִיגְסְטֶער אַרְבַּאצֶעס .

---

## זעקסטער בריוו

אַרְבַּאצֶעס צוּא דֶעם קֶאנִיג בֶּעלוּס.

אִין דֶעם לֶאגֶער פַאר חֶבְרוֹן.

אַייֶער מַאיֶעסְטֶאט . – אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער זַאמד שְׁטוּרם פוּן דִיא זִידְלִיכן מִדְבָּרִיוֹת, הָאט זִיךְ צוּלָאזְט אִיבֶּער דֶעם קֶאנִיגס שְׁטָאדט אונד אִיבֶּער דֶעם פְּלֵיין מַמְרֵא, הַיינְטִיגן טָאג מִיט אַ פִּירְכטֶערלִיכֶער קְרַאפט . דִיא לופְט אִיז אַזוֹי פִּינְצטֶער גֶעוָוארן, אַז דִיא זִין הָאט נָאר אַזוֹי גֶעלַייכְט וִויא דִיא שְׁטֶערן אִין מוּטֶער נַאכְט . אוּנְזֶער לָאגֶער הָאט עֶס גֶעבְּרַאכְט אִין דֶער ווִילְדֶסְטֶן קָאנפוּזִיאָן . הַאלְבּ פוּן אוּנְזֶערֶע גֶעצֶעלְטן הָאט דֶער שְׁטוּרם אִיטְגֶעוָוארְפן אונד אַוֶועק גֶעבְּלָאזְן וִויא שְׁטִיקְלַאךְ פַּאפִּיער, דִיא צֶערְשְׁטָארוּנג אונד דָאס גֶעפִּילדֶער הָאט גֶעדָאוֶערְט אַשְׁטִיקל צַייט, דֶער ווִינד הָאט גֶערַעשט מִיט אַשְׁרֶעקְלִיכֶער וִוילְדַקייט . בּוֹימֶער הָאט עֶס אוֹיסגֶערִיסְן מִיטן וָוארְצֶל, אונד עֶס הָאט זֵייא גֶעטְרִיעבְּן וִויא בְּלֶאטֶע-לַאךְ אִין הֶערְבְּסְט אִיבֶּער דֶעם בְּרֵייטְן פְּלֵיין . אונד אֲפִילוּ דִיא טְהִירְמֶער פוּן חֶבְרוֹן הָאבּן זִיךְ גֶעשָׁאקְלְט אונד אֵיינֶער פוּן זֵיי אִיז טַאקֶע אוּמגֶעפַאלְן מִיט אַשְׁרֶעקְלִיךְ גֶערַעשׁ אִינֶעם גְרַאבּן פוּן דֶער פֶעסְטוּנג. דִיא גַאנצֶע אַטְמָאספֶערֶע אִיז גִיוֶוען פִּילל מִיט אַגֶעלן זַאמְד וָואס הָאט גֶעמַאכְט דָאס פְרִיֶיע אָטְהֶמֶען גַאנְץ אִימֶעגְלִיךְ , עֶס הָאט גֶעפְּרֶעסְט אוֹיפן הַארְצן מַאן אִיז שִׁיעוּר נִיט דֶערשְׁטִיקְט גֶעוָוארן . עֶס הָאט נָאר גֶעדָאוֶערְט אִין גַאנְצן אֵיינֶע אַיינְצִיגֶע שָׁעָה , אַשָׁאדְן אַבֶּער הָאט עֶס אָן גֶעטְהָון, וָואס אִין עֶטלִיכֶע טָאג צֶערשְׁטֶערוּנג אונד פַארדַארבּוּנג הָאט עֶס נִיט גֶעקָאנְט אֶרגֶער זַיין . שָׁאוּלְס מַחֲנוֹת וֶועלְכֶע זֶענֶען גֶעוֶוען שׁוֹין כְּסֵדֶר אוֹיסגֶעשְׁטֶעלְט אִין דֶער מִלְחָמָה צוּא גֶעהְן, זֶענֶען פוּן דֶעם שְׁטוּרְם פוּן אַן אַנדֶער גֶעטְרִיעבְּן, אָדֶער הָאבְּן זִיךְ צוּא לָאפְן זִיךְ שִׁיץ צוּא זִיכְן אונד אֵיינִיגֶע הָאבְּן זִיךְ דֶערלַאנגְט אֶוָוארְף אוֹיף דֶער עֶרְד אונד זֶענֶען אָט אַזוֹי גֶעלֶעגְן מִיטן פָּנִים אַרָאפּ גְלַאט אוֹיסגֶעצוֹיגְן בִּיז דֶער שְׁטוּרְם הָאט אוֹיף גֶעהֶארט . אַװַדַאי הָאט דִיא אַללְגֶעמֵיינֶע צִישְׁטֶערוּנְג אוֹיפגֶעהַאלְטן דָאס אַװַאנסִירן פוּן דֶער אַרְמֶעע אוֹיף אַ טָאג אָדֶער נָאךְ מֶעהר, מַיין אֵייגֶענֶער גֶעצֶעלט אִיז אֲפִילוּ אוֹיסגֶעשְׁטַאנֶען דֶעם שְׁטוּרְם, עֶר אִיז אֲפִילוּ נִיט אִימגֶעפַאללן, נָאר עֶר אִיז דָאךְ אוֹיךְ נִיט אָן שָׁאדְן- . עֶס אִיז אַצִינְד שׁוֹין זִין-אִינטֶערגַאנְג, אונד מִיר הָאבְּן שׁוֹין אַללֶע אוֹיסגֶעבֶּעסֶערְט אוּנְזֶערֶע שָׁאדְנְס, וֶועלְכֶע מִיר הָאבְּן גֶעלִיטְן . רִיה אונד אָרדוּנְג אִיז ווִיעדֶער אַרִים מִיר, וֶועלל אִיךְ ווִיעדֶער אַפִּירְנֶעהמֶען מַיין פֶּען אונד וֶועלל אַייֶערֶער מַאיֶעסְטֶאט אִיבֶּערגֶעבְּן דָאס וָואס אִיז אִיבֶּערגֶעבְּלִיבְּן פוּן מַיינֶער קָאנוֶוערזַאצְיָאן מִיטן פְּרִינְצן גֶעכְטן בַּאיי נַאכְט אִין מַיין גֶעצֶעלְט . –

„אִיךְ וֶועל אַייךְ זָאגְן" הָאט יְהוֹנָתָן צוּא מִיר גֶעזָאגְט . „וִויא אונד וֶוען אִיךְ הָאבּ

דורן ציערשט באגעגנט. איך אונד מיין יונגער ברידער איש בושת זענען געווען אויף דער יאגדט נאך אילות, ווארום ער האט צוא געזאגט צוא ברענגען זיינער שוועסטער מיכל אן עופר האילים א לעבעדיקס, אלס מיר זענען גראד אן געקימען אין א שמאלן טהאל פון מעריב זייט פון בית-לחם. אויף איין מאהל איז אונז איבערן וועג אריבער געלאפן א ווילדער בראונער קאנינכען, גאך וועלכן דאט זיך צוא לאזט מיט אללע כחות מיין ברידערס עגיפטישער יאגד-הינט. אין דעם אייגענעם אויגן בליק האב איך גראד דערזעהן א פראכטיגע גאזעללע שטעהנדיק אויף א שפיץ פון פעלזנס גאהר ניט ווייט אביסל האבער אין דער שלוכט. אונד אן פאססנדיק דעם פייל אויפן שנירל פון מיין בויגן אונד איך מיט מיין ברידער האבן געאיילט נאך דער ריכטונג פון דעם הינדט ענדליך זענען מיר אן געקימען צין אן ארט וואס איז כמעט ארימגערינגלט מיט וואנדמי-גלייכע פעלזנס, אויף דיא זייטן פון דיא ארויס שטעקנדיגע פעלזן שפרינגט דאס דערשראקענע קאנינכען אימער האבער אונד אימער ווייטער. וועהרנד דיא גאזעללע שטעהט נאך אלין אויף דעם אייגענעם ארט, אונד עס האט אפנים געהאט וויא זיא באוואכט מיט גרויסער נייגירדע עפעס אזאך פון דער אנדערן זייט אונד דרומאויך זעהט זיא אונז ניט. מיין ברידער גרינג אונד שנעללפיססיג האט זיך באלד דערלאנגט א קלעטער ארויף אונד איז שוין געווען אויף דער העלפט וועג פון דיא פעלזענס, איבערלאזנדיק דעם בילענדיקן הינדט אינטן, איך בין איהם אין דער גיך נאך געקימען, אונד אזוי וויא איך האב דערגרייכט דעם אייבערשטן שפיץ, האב איך נאר וואס געוואלט ארויף לעגן דען פייל אויף דעם שנירל פינעם בויגן, כדי איהן אפציא שיססן אויף דער גאזעללע, ווען מיין ברידער, וואס איז אביסל פאראויס פון מיר געווען, האט פליצם דערלאנגט א געשריי. „קים אין דער גיך אהער! מהיע נאר אקיק וואס עס טהיט זיך דארט. ינטן אים טהאל!״

אויפן ערשטן קוק האב איך נאר גיקאנט אינטן זעהן אן עדער שאאף, וואס יאגן זיך אנטלויפנדיק פאר עפעס אשרעקליכע זאך, וואס איז אימגעזעהן פון מיר. אבער וויא איך בין נאהנטער געקימען צום ברעג פון דער פעלזן-וואנד, האב איך דערזעהן, אפשר א פאר הינדערט פיסס טיעף אינטער מיר אונד א דריי בויגן שיסס ווייטער אין טהאל, א מראה, וואס האט מיך כמעט פאראלעזירט (געלאהמט). אין מיטן פינעם שמארק באשאטעטן טהאל, ראנגלט זיך, איינער, נאר וויא איונגלע אויסזעהנדיק מיט א גרויסן אונד מאכטיגן בארן, אונד קאמפפט פאר זיין יונגעם לעבן. צוא זיינע פיסס ליגט א בליטנדיק לאמעלע אונד ער איז דאריגער געשטאנען אזוי וויא דער פארטהיידיגער דער פון. אין איין לאפע האט דער באר געהאלטן די שרייענדיקע מיטער-שאאף אונד מיט דער אנדערן טאצע. האט ער געפאטשט עפעס נאר וויא אמענש, דעם יונגן שאפער, זיינע קליידער האבן באוויזן אז ער איז א רועה צאן, וועלכער אהן מורא פארן טויט, האט מיט זיינעם ברייטן אונד שארפן מעססער דעם גרויסן בארן אויסגעטיילט שטאך אויף שטאך, אונד שניט אויף שניט אין דער גיך איינס נאכן אנדערן, דאה האט ער איהן אקיצל גיטהין מיטן מעססער אינטער דער פאחווע ביז א האלבע קלינג איז

כּמְעט אַריין, אונד דאָה דאָט ער איהם דערלאַנגט אַ טְרייבּער געבּן דעם מאָגן, אונד אַז האָט ער איהם געטְראָפן אַ פּנים גראָד אין דעם גרויסן פּאָרן האָרן, וואָרם דיא מיטעלשאָפף איז איהם אויס דער לאַפּע אַרויסגעפאַללן אונד דער גרויסער, מאַכטיגער בּאָר האָט זיך איבּערגעקעהרט אונד איז ניט געפאַללן אַ פּגר אויף דער ערד. קוים האָט דער יונגער פּאַסטוך אויסגעפיהרט דעם נצחון, אונד האָט זיך אָן געבויגן אויף צוא העבּן דאָס לאָמעלע, וואָס איז נאָר געוועזן אַבּיסל פּאַרווינדעט האָט אַ שרעקליך געבּרילל געמאַכט ציטער דיא פעלזן, אונד דער בּת קול האָט זיך צוגעאָסן אינטן אינעם טהאָל אַזוי וויא הינדערטער פון דונערס. אונד נאָכי בּאַלד איז אַ פיר געקומען אַ יונגער לייבּ וואָס האָט זיך צוא לאָזט שפּרינגענדיק צוא דוידן צוא אונד אין אַן ערך פון צוואַנציג שריט פון איהם האָט ער זיך אַניעדער געהאָוערט, אַזוי וויא ער וואָלט זיך גרייט מאַכן צום שפּרינגן אויפן יונגן שעפּער. ווערענדיק דיא סכּנה, האָבּ איך אָפּ־געשאָסן דען פייל, וואָס איך האָבּ אָן געגרייט פאַר דער גאַזעללע, גלייך ציעלענדיק אויפן לייבּ. דער פייל איז אָבּער ניט דער פלויגן אונד האָט זיך אַריין געשטעקט אין דער ערד אפשר אַפערציג שריט פון איהם ניט דער גרייכענדיק, איש בּושת האָט אויך אָפּ געשיקט אַ פייל מיט דעם זעלבּן אומגליקליכן ערפאָלג, אונד האָט דערלאַנגט אַשרעקליך געשריי מזהיר צוא זיין דעם יונגן רועה אויף זיין סכּנה, אונד נאָכי אפשר וועט זיך דער לייבּ דער שרעקן. עס איז פּשוט אומעגליך געוועזן פאַר אונז אין דער גיך צוא הילף צוא קומען, האָטש דאָס איז דאָך געוועזן אונזערע ערשטע מחשבה, וואָרם דער פעלזן אויף וועלכן מיר זענען געשטאַנען אונד האָבּן אַראָפּ געקוקט אינעם טהאָל אַריין, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט גלייך וויא אַן אויפגעמאַוערטע וואַנדט ענגליבע הינדערט פיס פון בּיידע זייטן. דער שאָפער דער האָרנדיק מיין בּרידערס קול האָט צין אונז אַרויף געדרונגן. זיין שאָן פּנים איז אַפילו געוועזן בּלייבלאַך, נאָר פון זיינע אויגן האָט געפינקלט יענעם ליכט, וואָס איז דער זיגנאַל פון אַן אומדערשראָקן האַרץ אונד פון אַ נשמה, וואָס נצחון איז עפּעס נאַטירליכעס פאַר איהר. מיר האָט געשיינט אַזוי וויא איך האָבּ געזעהן זיינע רויזן־רויטע פריישע ליפּן האָבּן זיך צוזאַמענגעצויגן אַזוי וויא צו אַ לאָכעלן פון אַ זיכערקייט, אונד אָפּוואַרטענדיק דען שפּרינג פון דעם מלך החיות האָט ער אַ האַפּ געטהין מיט דער רעכטן האַנד זיין בּלוט־געפאַרבּטן מעסער, אונד גיכער האָט ער פאַר־דיקט אין בּוזם דאָס פאַרווינדעטע לאָמעלע. גליקליכע אויגנבּליקע האָבּן זיך בּיידע גבּורים שטאַרק אַריין געקוקט אין דיא אויגן מיט יענער זיכערקייט אונד שטאַרקייט וויא דיא זין אין מיטן טאָג. קיינער פון זיי האָט ניט אַפילו געטהין מיט דיא פייעריקע אויגן! דער יונגער מענש, האַלטענדיק אויפן לייבּ שטאַרענדיק דעם גלייכן קוק האָט זיך אָנגע־הויבּן שטאַרקליכן צוריק ציהענדיק, ווענדענדיג זיינע מענשליכע אויגן האָבּן געשיינט אַן אויגנבּליק צוא באַהעררשן דעם גלאַנץ פון דעם שרעקליכן בּלאַוען ליכט אין דיא אויגן פון דער חיה רעה. אויף איין מאָהל האָט דאָס לאָמעלע אַמעקקע געגעבּן, דאָס האָט אַפּנים דער מאַרנט דעם הינגעריגן לייבּ אַז ער דאַרף עסן, אונד פּליצם האָט ער דערלאַנגט

צווייא גרויסע שפרינג אונד איז שוין געוועזן נעבן דודן–אָבער נאר געבן איהם! וואָרום אַזוי וויא דער לאָב האָט דאָס געלערנט דען שרעקליכן שפרינג, מיט דער כוונה אַרויף צוא פאַללן מיט זיינע ביידע נאָגעל אויף דעם יונגען מענשנס ברוסט האָט דער יונגלינג גראד אין יענעם אויגנבליק, ווען דיזע חיה איז אָפּגער נאָר געוועזן אַ צוויי פיס אין דער לופט ווייט פון איהם, מיט קאַלטן בלוט אונד מיט אימבעשרייבליכער בריהשקייט, זעך אַהאַפּ געטהאָן אויף דער זייט. דער לאָב איז נאַטירליך אויס פאַרבייגעשפרונגען אונד טאַקי מיניה וביה האָבן מיר געזעהן דאָס לאַנגע אונד ברייטע שאַרפע-מעססער דער לאַנגען אַבליץ אין דער הויך אַ רגע אונד אין דער אַנדערן רגע איז דאָס מעססער שוין געוועזן באַגראָבן ביז איינעם הענדטל אין דעם יונגן לאָבס האַרץ. דיא חיה האָט זיך דאַרלאַנגט נאָך אַ וואָרף פאָרוועררטס אונד האָט זיך געגעבן אַקעהר איבער איבערן גרויסן פּגר; דעם טויטן באָרן. דער יונגער גבור איז דער נאָך צוא געלאָפן צום טויטן לאָבן אונד האָט פון זיינעם האַרצן אַרויסגעצויגן דאָס מעססער. אונד אויף העבנדיג זיין אָרם אַקעגן דעם הימל, מיט דעם שיין פינקלדיגן מעססער אַראָפּגעקעהרט, אונד מיט אַ קיק פון אַ כהן, וואָס האָט ערשט געשעכט אַ קרבן. האָט ער אָפּגעגעבן אַ שבח והודיה צוא גאָט פאַר דער רעטונג פון זיין לעבן אונד פאַר דעם נצחון איבער אַזעלכע צוויי פיינד!

„אַזאַ קוראַשע, גייסטעס געגענוואַרט, מענשליכקייט אונד פרימקייט אין איינעם נאָך אַזוי יונג, וואָרום ער איז נאָך ניט איבערצוואַנציג יאָהר אַלט געוועזן.“ האָט דער פּרינץ ווייטער דערצאָהלט. „האָט אין מיר אויף איין מאָהל אויפגעוועקט אַ טיעפּעס אינטערעסע אין דעם יונגען העלד, וועלכער גאַנץ אַלליין האָט ער דערהרגט אַ בער מיט אַ לאָב אונד האָט זיין לעבן איינגעשטעלט פאַר אַן אָרים לאָמטעלע! מיין ברידער אונד איך זענען אַזוי באַגייסטערט געוואָרן פון דער אומבעשרייבליכן גבורה אַז מיר האָבן געמוזט אויף שרייען פאַר שמחה! אַזוינד האָבן מיר געצאָהלט צום ברעג פון דער פעלזענוואַנדט, אונד ערשט נאָך אַ האַלבער שעה האָבן מיר געפינען עפּעס אַמין קרים שטעשקעלע, וואָס האָט אונז ענדליך געבראַכט אין טהאָל אַריין. אונד נאָך אַביסל זיכנדיג זענען מיר באַלד אָן געקומען צוא דעם אָרט וויא דיא צוויי טויטע חיות ליגן. אַלעס אָרים אונד אַרים איז אַבער שטיל אונד רואיג, אומזיסט האָבן מיר זיך אַרים געקוקט מיט אונזערע אויגן דען גבור זיכנדיג, אונד ער איז ניט צוא זעהן! האָבן מיר זיך גענומען באַטראַכטן דיא צוויי חיות זיי זענען ביידע געוועזן פון דיא גרעסטע מינים. דער בער האָט ניט ווייניגער געהאַט וויא אַכט טיעפע ווינדן אויף זיין גוף, וועהרנד אויף דיא נעגל פון איין לאַפּע איז בלוט געוועזן, אַ סימן אַז דער מנצח איז ניט פטור געוואָרן בלא כלום. דאָס האָט אונז ווידער אָן געטריבן אונזערן גבור תומ״י אָפּצוזוכן, דער געדאַנקען אַז ער קאָן ליגן אָפּשר ערגעץ אונד בליטן פון זיינע ווינדן האָט מיר אויס געריסן אַ שטיק האַרץ אונד דאָס האָט געגעבן פליגל צוא אונזערע פיסס.

„מיר האָבן פאַרלאָזט דען שמאָלן טהאָל, אונד צווינגענדיג אַ הויכן פעלזן, דאָבן

מִיר בָּאלְד דֶערזֶעהֶן אַ קְלֵיינֶע אַנהֶאהֶע, אוֹיף װעלכֶער אִיז גִישְׁטַאנֶען אַן עֶדֶר שָׁאף שְׁטַארק צִיטֶערְנְדִיק, גְאהנטֶער קוּמֶענְדִיק הָאבּ אִיךְ דֶער הֶערְט דֶעם קוֹל פוּן אַ שֶׁאפֶּערְס־לִירֶע . אוּנד אַ שֶׁאנֶע קְלָארֶע שְׁטִימֶע זִינְגֶענְדִיק אַ מִין גֶעזַאנְג, װאס הָאט זִיךְ נָאר אָן גִיהֶערְט אַזוֹי װִיא אַ שִׁיר נִצָחוֹן . פֶארװֶוערְטְס גֶעהֶנְדִיק הָאבֶּן מִיר גִיזֶעהֶן, װִיא צְווִישֶׁן אַגְרוּפֶּע פוּן פֶעלְזֶנְס אִיז דֶער עֶדֶר צֹאן פֶארזַאמֶעלְט אוּנד דֶער רוֹעֶה הַגִבּוֹר אִיז גֶע־שְׁטַאנֶען מִיט אַ דְרַיי עֶקִיגֶער הַארְפֶע, װאס הָאט גִיהַאט קִירְצֶע אוּנד לַאנְגֶע זַייטֶן, אוֹיף װעלכֶער עֶר הָאט גִישְׁפִּיעֶלְט דִיא דָאזִיגֶע װֶוארְטֶער, װעלכֶע עֶר הָאט אַפָּנִים טַאקִי אַלֵיין פֶארפַאסְט, אִין דֶעם אוֹיגֶן בְּלִיק : —

"אִיךְ װעל זָאגֶן פוּן מַיין גָאט אַז עֶר אִיז מַיין מִקְלָט אוּנד מַיינֶע פֶעסְטוּנְג !<br>עֶר אִיז מַיין גָאט, אוּנד אִין אִיהם װִיל אִיךְ פַאר טְרָאוֶוען .<br>מִיט זַיינֶע פֶעדֶערֶן װֶעט עֶר מִיךְ בַּאדֶעקֶן<br>אוּנד אוֹיסְרִיהֶן װעלל אִיךְ מִיךְ אִינְטֶער זַיינֶע פְּלִיעגְל .<br>טוֹיזֶענְדֶער װעללֶן פַאללֶן אוֹיף יֶעדֶער זַייט ,<br>אוּנד צֶעהֶן טוֹיזֶענְדֶער אוֹיף דֶער רֶעכְטֶן הַאנְד ,<br>פוּן אִיהם, װאס מַאכְט גָאט צוּא זַיין מִקְלָט ,<br>אוּנד דֶעם אֵייבֶּערְשְׁטֶן, פַאר זַיין װָאהנוּנְג .<br>עֶר װֶעט טְרֶעטֶן אוֹיפֶן לֶאבֶּן אוּנד דֶען בֶּארֶן ,<br>דֶען יוּנְגֶן לֶאבּ אוּנד דֶען דְרַאבֶּן װִעט עֶר צִיטְרֶעטֶן מִיט דִיא פִּיסְס ;<br>װָארְם דֶער װאס װָאהְנְט אִין דֶער מוֹרָא פַאר גָאט<br>װֶעט פַארבְּלַייבֶּן אִינְטֶערֶן שָׁאטֶן פוּנֶעם אֵייבֶּערְשְׁטֶן<br>גֶעבֶּענְשְׁט זַיי גָאט אוֹיף אֵייבִּיג אוּנד אֵייבִּיג .<br>אָמֵן וְאָמֵן . "

„אִינְטֶער דֶעם זִיסֶן אַיינְפְלִיסְס פוּן דֶער מֶעלָאדִישֶׁן שְׁטִימֶע הָאבֶּן דִיא שָׁאף , װִיא עֶס שַׁיינְט, פַארלָאזְט זַייעֶר מוֹרָא, אוּנד הָאבֶּן זִיךְ פְרִיעדְלִיךְ צוּא גֶעהֶערְט .

„װֶען דֶער מִזְמוֹר הָאט זִיךְ גֶעעֶנְדְט, הָאט עֶר דֶערזֶעהֶן אוּנְז נָאהנְט שְׁטֶעהֶנְדִיק, בַּאטְרַאכְטֶנְדִיק דֶעם מַלְאַכדִיקֶן פָּנִים זַיינֶעם, בְּלֵייךְ אוּנד שֶׁאן מִיט אַ רֵייץ פוּן טִיעפֶן אִינְטֶערֶעסְס . אַנִידֶערלֶעגֶנְדִיק דִיא הַארְפֶע אוֹיף אַ פֶעלְזֶן, אִיז עֶר צוּ אוּנְז צוּא גִיקוּמֶען זַיינֶע לִינְקֶע הַאנְד אִיז גִיוֶוען אַיין גֶעהִילְט אִין זַיין שֶׁאפֶּערְס מַאנְטְל .

"אִיהר זַייט פְרֶעמְדֶע„ הָאט עֶר צִיעֶרְשְׁט אַזָאג גֶעטְהִין . הָאט אִיהר פַארלָארֶן אַייעֶרן װעג ? „ אוּנד דֶער נָאךְ הָאט עֶר צוּא גִיזֶעצְט "מִיר שַׁיינְט גָאהר אַז אִיךְ זֶעה פַאר מִיר דִיא בְּנֵי הַמֶלֶךְ ?„

"דִיא הָאסְט רֶעכְט , מִיר זֶענֶען בְּנֵי שָׁאוּל, הָאבּ אִיךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט, עֶר הָאט אוּנְז גִיקֶענְט פוּן מִצְפָּה אוֹיס'„ מִיר הָאבֶּן נִיט פַארלָארֶן אוּנְזֶערֶן װעג יוּנְגֶער שֶׁאפֶּער . מִיר זֶענֶען אָבֶּער גִיוֶוען עֵדוּת פוּן דַיין מִלְחָמָה מִיטֶן בֶּאר אוּנד מִיטֶן לֶאבּ ; מִיר הָאבֶּן נִיט גִיקָאנְט אַהֶער פְרִיעהֶער קוּמֶען כְּדֵי דִיר צוּא הֶעלְפֶן . גָאר דֶער אִימְגְלַייבֶער קַאמְפְף

דָאט זִיךְ גִיךְ גֶעעֶקְט צוּא דַיין גְרוֹיססֶן כָּבוֹד . אִיךְ הָאבּ מִיךְ אַהֶער בֶּע אַיילְט צוּא דִיר בְּרַאֲווער יוּנְגְלִינְג דִיךְ צוּ צוּא גֶעדְהֶמֶען בַּא דֶער הַאנְד אוּנד דִיר צוּא זָאגְן, וִויא שְׁטַארְק אִיךְ בַּאוְוינְדֶערֶע דַיינֶע קְרַאשְׁוֶע אוּנד אַז דִיא אוּנד יְהוֹנָתָן בֶּן שָׁאוּל מִיןְ וֶוערֶן פוּן אָט דֶער שָׁעָה אָן דִיא בֶּעסְטֶן פְרַיינְד אוֹיף דֶער וֶועלְט ! אִיךְ וֶועה אִין דַיין פָּנִים אַז אִיךְ וֶועלל דִיךְ שְׁפֶּעטֶער נָאךְ מֶעהר לִיעבּ הָאבֶּן פַאר דַיינֶע טוּגֶענְדְן וִויא אִיךְ הָאבּ דִיךְ אַצִינְד לִיעבּ פַאר דַיין גְבוּרָה . קֵיין זַאלְדַאט קֵיין בֶּן חַיִל אִין אוּנְזֶערֶער גַאנְצֶן אַרְמֶעע הָאט נִיט גִיקָאנְט גֶעוְוינֶען אַ בְּרִילְלִיַאנְטֶערְן נִצָחוֹן ! וִויא רִיכְטִג מֶען דִיךְ ? דַיין נָאמֶען וֶועט אַוַדְאַי נָאךְ בַּארִיהמְט וֶוערֶן אִין אוּנזֶער לַאנד אוּנד וֶועט נָאךְ גִירֶעכֶנְט וֶוערֶן צְוִוישֶׁן דִיא גְרֶאסטְן אוּנד בֶּעסְטֶן פוּן אוּנזֶערֶער נַאצְיָאן ,,, –

אִיהר לוֹיבְּט מִיךְ, אָ פְּרִינְץ, מֶעהר וִויא אִיךְ פַארְדִין" הָאט עֶר שֶׁאמֶעוְודִיק גֶע-עֶנְטְפֶערְט . ,,אִיךְ הָאבּ נָאר גֶעטְהִין מַיינֶע פְּפְלִיכְט, וִויא אַ יֶעדֶער גִיטֶער בַּאסְטִיךְ, וָואס אִיז מְחוּיָב צוּא פַארְטְהֵיידִיגֶן זַיינֶע לֶאמֶעלַאךְ פוּן זַיינֶערֶע שׂוֹנְאִים . נָאר מִיט גָאטְס כֹּחַ, אוּנד נִיט מִיט מַיינֶעם הָאבּ אִיךְ דֶער הַרְגֶ'ט דִיא חַיּוֹת, אוּנד דְרוּמְאוּיךְ גֶעהֶארט דֶער שֶׁבַח נָאר דֶעם אֵייבֶּערְשְׁטֶן ! אִיךְ הֵייסס דָוִד דֶער זִין פוּן יִשַׁי פוּן בֵּית לֶחֶם, אוּנד בִּין אַן אַיינְפַאכֶער רוֹעֶה צֹאן . "

,,אוּנד אַ גִיטֶער קִינְסְטְלֶער אוֹיף דֶער הַארְפֶע אוֹיךְ אוּנד אַ גִיטֶער פָּאעֶט," הָאבּ אִיךְ מִיט אַ לֶאכֶעלֶן מִיךְ אָן גֶערִיפֶן ,,וֶוען אָט דֶער מִזְמוֹר אִיז דַיינֶע אֵיינְגֶענֶע אַרְבֵּייט. "

,,עֶס אִיז גִיוֶועֶן אַן אָרִימֶער שֶׁבַח אוּנד דַאנְק צוּא גָאט פַאר מַיין רֶעטוּנְג אוּנד נִצָחוֹן." הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט אַהוֹיץ דֶעם הָאבֶּן מַיינֶע שֶׁאפֶּעלַאךְ לִיעבּ צוּא הֶארן דֶעם קוֹל פוּן אַ מוּזִיק, וִויא אָרִים אוּנד פְרָאסְט זִיא אִיז אוֹיךְ, וֶוען זֵייא זֶענֶען הֶערשְׁרָאקְן, זֵיי פִיהְלֶן זִיךְ רַאבַּאיי זִיכֶערֶער אוּנד זֶענֶען צוּפְרִיעדְן . "

,,מִיר שַׁיינְט אַז דִיא הָאסְט שְׁמֶערְצֶן" הָאבּ אִיךְ גִיזָאגְט, בִּיסְטֶע אֶפְשֶׁר פַארְווינְדֶעט אִיךְ הָאבּ גִיזֶעהְן בְּלִיט אוֹיף אֵיינֶער פוּן דֶעם בֶּארִים צַאצְן . "

,,אֱמֶת ! דָאס פְלֵיישׁ פוּן מַיין אָרִים אִיז אַבִּיסל גֶערִיססֶן" הָאט עֶר זִיךְ גָאר לַייכְט אַזָאג גֶעטְהִין, נָאר עֶס וֶועט בַּאלְד גֶעזִינְדְט זַיין, מִיר פַאסְטִיכֶער זֶענֶען שׁוֹין גֶעוְואהנְט פוּן אַ ווִילְדֶער חַיָה אַקְרַאץ צוּא בַּאקִימֶען אִין דֶער פַארְטְהֵיידִיגוּנְג פוּן אוּנזֶערֶע שֶׁאפֶּעלַאךְ"

,,וָואס מֶעהר אִיךְ הָאבּ אִיהם גִיהֶארְט רֶעדְן, אָ פְּרִינְץ אַרְבַּאצֶעס, דֶעסְטָא מֶעהר אִיז מַיין הַארְץ אוֹיסגֶעגַאנְגֶען נָאךְ אִיהם . אִין זַיין גֶעזֶעללְשַׁאפְט הָאבּ אִיךְ פַארְגֶעססֶן גַאזֶעללֶן יָאגְן אוּנד אַללֶעס אַנְדֶערֶע . בִּיז אוֹיף דֶער נַאכְט זֶענֶען מִיר גֶעבְּלִיבֶּן מִיר גֶעבְּן אִיהם גְעבְּלִיבֶּן דֶער נָאךְ הָאבֶּן מִיר אִיהן בַּאלֵייט אַהֵיים, זַיינֶע שָׁאף פִיהְרֶענְדִיק אִיבֶּערְן מִדְבַּר צוּא זַייעֶר אַפְּרִיה . טַאקִי נִיט וַוייט פוּן יִשַׁי'ס הוֹיז . עֶס אִיז שׁוֹין שְׁפֶּאט גִיוֶועֶן, וֶוען אִיךְ מִיט מַיין בְּרִידֶער זֶענֶען צוּרִיק אַהֵיים גֶעקִימֶען גֶען בֵּית לֶחֶם, וָוארְם מַיינֶע שֶׁאנֶע שְׁוֶועסְטֶער מַיין בְּרִידֶער אוּנד אִיךְ זֶענֶען גְרָאד דֶענְסְטְמָאהלְט גִיוֶועֶן צוּא גַאסְט בַּייא אוּנזֶער פַאטֶערס אָנְקֶל, דֶען גִבּוֹר הֶחָיִל אַבְנֵר. אוּנד דֶער הוֹיפְּט קָאמַאנְדֶער פוּן אוּנזֶערֶע טְרוּפְּפֶּן . מִיכַל , אִיז אָבֶּער גָאר נִיט צוּפְרִיעדְן גִיוֶועֶן, וָואס מִיר הָאבֶּן פַארְגֶעססֶן אִיהרֶע גַאזֶעללֶן, וֶועגְן

אַ לעב-באַצווינגענדיקן יונגן פּאַסטיך, אונד האט געזאָגט אַז עס הויבט זיא גאר ניט אָן צוא האַרן וויא שאָן אונד וויא בראַוו ער איז געוועזן, אַז ער האט איהר קאַליע געמאַכט אַגרוים פאַרגניגן. — אויף מאָרגן האב איך געמוזט מיין שוועסטער פאַרשפּרעכן אַז דען נאָכסטן טאָג זאל איך פון איהרטוועגן האָפּן אַ גאַזעללע. אַזוי וויא איך האב דאָס מיט איהר גערעדט, האט זיך דער יונגער פּאַסטיך געלאָזט מעלדן באַיים טויער טראָגנדיק אַן עופר האַילים אויף דעם אַקסל. איך האב תיכף אַשפּרינג געגעבן מיט גרוים פרייד איהן צוא באַגריסן.

מיט ענוות האט ער זיך אָן געריפן. „איך האב גיהערט פון דיין ברידער, אָ פּרינץ, נעכטן זאָגנדיג וויא שטאַרק עס וועט פאַרדריסן דיא יונגע פּרינצעסין מיכל, ווען זיי וועלן איהר ניט ברענגען אַן עופר (אַ גאַזעללן-קעלבל). אַט האט איהר איינס איך האב עס היינט אין דער פריה גיכאַפּט, אונד האב עס אַהער גיבראַכט אין דער האָפּנונג ערלויבנעס צוא באַקימען דעם קעניגס טאָכטער אַגעשענק צוא מאַכן”.

דאַרויף איז מיין שוועסטער זעהר פערלעגן געוואָרן, אונד איהר אַללע מאָהל רויט ווערנדיק האט באַוויזן וויא עס האט איהר וועה געטהין אים דאַרצן פאַר וואס זיא האט נעכטן אַזוי אַראָפּוואַרפנדיק גירעדט פינעם יונגן שאָפער, וואס שטעהט אַצינדערט פאַר איהר מיט דעם שאָנסטן פּנים אונד מיט שוואַרצן אונד אויסדריקספאָללן אונד דאָך שאַמהאַפטיגן אויגן, מיט דעם שאָנען, יונגן, אונד פרישן אונד אומשולדיג-ליעבליכן הערשעליע אויפן אַקסל · אונד פאַר אַוויילע האט זיא איהרע אַראָפּגילאָזטע אויגן ניט גיקאָנט אויפהעבן. ענדליך, וויא איך האב גראַד אָנגיהויבן איהם צוא דאַנקען, האט זיא זיך אָט אַפּנים ענטשלאָסן תשובה צוא טהין אויפן נעכטיגן גישפּרעך, אונד אויפשטעהענדיק איז זיא צוא איהם צוגיגאַנגען האט איהם הערצליך גידאַנקט פאַר זיינער פריינדליכקייט אונד מיט חן וחסד האט זיא מקבל גיוועזן דיא מתנה וואס ער האט איהר גע-בראַכט. אונד האט איהם דערפאַר באַשענקט מיט אַ גילדן פינגערל, וואס זיא האט אַראָפּגענימען פון איהר האַנד. זיינע יוגענדליכע שיכטערנקייט וואָלט איהם אפּשר ניט דערלאָזט דיא געגן-מתנה אָנצונעהמען האב איך אָבער דאַרויף בעשטאַנען אַז ער זאל עס בעהאַלטן פאַר אַן אַנדענקען. — אַז מיין שוועסטער האט אין זינען גיהאַט דעם עופר מיט צוגעהמען געגן מצפּה, ווען זיא וועט אויף דער נעכסטן וואָך ווידער צוריק אַהיים קימען, האט איהר דער יונגער שאָפער גיזאָגט אונד זיא באַלערנט וויא זיא זאל דאָס בהמהלע אויפציעהן, פאַר דעם האט זיא איהם גאַנץ נאַטירליך אויסגעדריקט איהרע דאַנקבאַרקייט.

איך האב איהם דערנאָך געוויזן דעם אָנקלס פּאַלאַץ מיט דיא פּראַכטפאָללע גאָרטנער אונד אַללעס, וואס איז גיוועזן אינטערעסאַנט, דערנאָך האב איך איהם אַרוים באַגליט פון דעם טויער פון דער שטאָדט אונד נאָך ווייטער, האב מיך מיט איהם גע-זעגינט אונד דאָה האָבן מיר זיך אָרנטליך צוא קישט אונד דאָה טאַקי האָבן מיר אונז ביידע גישוואָרן עביגע ליעבע אונד טרייע, וואָרום אונזערע הערצער האָבן זיך באַמאָהליכן איהר בליט צוזאַמענגינאָססן אונד זענען גיוואָרן איינס. איז ער דאָך אַזוי עדל,

אַזוי האָפליך, אַזאַ שְׁעֶנִיע אונד אַזוי בַּאשֵׁידן, אַזוי קלִיעג אונד אַזוי לִיעבלִיך, אַחוץ אַלל דֶעם מִיט אַזאַ גְבוּרָה אונד מִיט אַזאַ מֶענְשׁלִיכקייט. מִיט אַ כֹּחַ וָואס דֶער הַרְגט אַ לאֶב נָאך אַ בֶּער אונד מִיט אַזאַ רַחֲמָנוּת פַאר אַלאֶמֶעלֶע, אִיהן נִיט-צוּא לִיעבְּן וָואלט גִיהֵייסְן צוּא הַאסְן יֶענֶע עֶדֶעלֶע אַיְגֶענשַאפְטן, וָואס הָאבן גִישַׁיינט אַזוי נַאטִירלִיך אִין אִיהם.

דָאה אַייֶערֶע מַאיֶעסטאֶט הָאט זִיך דֶער עִבְרִישֶׁער פְּרִינץ וֶועלכֶער שַׁיינט אַלֵיין אויך צוּא בַּאזִיצן אַללֶע יֶענֶע מַעֲלוֹת וָואס עֶר הָאט עֶרְשׁט אויסגִירֶעכְנט. אַבִּיסל אָפּגֶע-רִיהט פוּן זַיין דֶערצאֶהלוּנג, וָוארם אִינֶעם זֶעלְבּן אוֹיגֶן בְּלִיק הָאבן מִיר דֶערהאֶרט אַ טְרָאמפֶּעטן שַׁאלל דוּרְך דֶער נַאכט לוּפט, וֶועלכֶעס אִיז אַרִיבֶּער גֶעקִימֶען צוּ אונז פוּן דִיא צִינֶען פוּן דֶער שְׁטָאדט, אונד אַן אַנדֶער טְרָאמפֶּעט שַׁאל הָאט אָפּגֶענְטפֶערט פוּן דֶער צִיטַאדֶעללֶע אונד פוּנֶעם לָאגֶער, וֶועהְרֶנד דִיא בֶּארג אונד דִיא פֶעלְזן הָאבן עֶס אִיבֶּער גֶחַזֶר'ת אִין אוּמצאֶהלִיגֶע עֶכָאס (בַּת-קוֹל).

„עֶס אִיז נָאר דֶער זִיגְנַאל אִיבֶּערצוּבֵייטן דִיא שׁוֹמְרִים אויף דִיא מָאוֶוערן אונד אַ הוֹדָעָה אַז „הַכֹּל בְּשָׁלוֹם' אִין דֶער שְׁטָאדט וִויא אִים לָאגֶע" הָאט דֶער פְּרִינְץ אַזָאג גֶעטהִין, נָאך אַ פָּאר אוֹיגְן בְּלִיקן זִיך צוּהאֶרְנדִיק צוּא דִיא קוֹלוֹת. — צוּא עֶרְשׁט הָאבּ אִיך אֲפִילוּ מוֹרָא גִיהַאט אַז דִיא קוֹלוֹת זָאללן נִיט זַיין אַ מִין אַזְהָרָה אַז דֶער שׂוֹנֵא אִיז גָאר נָאהנְט. נָאר אַזוי וִויא אוּנזֶערֶע וַוייטֶעסטֶע וַואכן גְרֵייכן כִּמְעַט בִּיז אִין דֶעם פְּלִישְׁתִּימִשְׁן לָאגֶער, וָואלְטן מִיר מִסְתָּמָא שׁוֹין גֶעהַאט אַ יְדִיעָה פוּן דָארט, וֶוען אַ סַכָּנָה זָאלל פוּן יֶענֶער זַייט עֶקְזִיסְטִירן.

„אִיך וֶועל וַוייטֶער אָנהוֹיבְּן צוּא דֶערצאֶהלְן" הָאט דֶער פְּרִינְץ גִיזָאגט זִיך צוּ מִיר קֶעהרֶנדִיק." אִין דֶער צַייט פוּן עֶטלִיכֶע חֳדָשִׁים פְּלֶעג אִיך מִיטן יוּנְגן דָוִד זֶעהר אָפט צוּזַאמֶען קִימֶען אונד אוּנזֶערֶע פְרַיינְדשַׁאפט אונד אוּנזֶערֶע לִיעבֶּע אִיז נָאר שְׁטַארְקֶער אונד טִיעפֶער גִיוָוארן — דֶערוַוייל הָאט זִיך בַּאמֶאכטִיג אִיבֶּער מַיין פָאטֶער אַ רוּחַ רָעָה; דָאס גֶעוִויסְן זַיינס הָאט אִיהם אָנגִיהוֹיבִּן שְׁטַארק צוּא פְּלַאגְן דַארִיבֶּער, וָואס עֶר הָאט עוֹבֵר גִיוֶוען אויף גָאטְס גִיבָּאט דוּרך דֶעם הֵיילִיקן נָבִיא'ס מויל, עֶר הָאט גִיפִיהְלְט אַז גָאטס גַייסט הָאט זִיך פוּן אִיהם אָפְּגֶעטהִין, אונד זַיין צָארן אִיז אויסגִיגָאסן אויף אִיהם, אונד עֶר הָאט גִיהאֶרט פוּנֶעם נָבִיא אַז זַיין צֶעפְטֶער אַז זַיין קְרוֹין אִיז שׁוֹין פַאר אַנדֶערֶע אונד פַאר אַן אַנדֶערְן קָאפּ גְרֵייט. אַקְרוֹין אונד אַצֶעפְּטֶער צוּא פַארלִירן! הָאט אויף מַיין פָאטֶער אַרוֹיפגִיוָוארְפן אַ מֶעלַאנְכָאלִישֶׁען גַייסט. שְׁטוּנְדן לַאנג פְּלֶעגט עֶר אַזוי צִיא זִיצן מִיט דִיא הַאנְד אויף דִיא קְנִיעֶס אונד דֶען קָאפּ אַרָאפּגִילָאזט נִיט וַואכֶענְדִיק אונד נִיט שְׁלָאפְנדִיק. פְּלִיצְם הוֹיבְּט עֶר אויף דֶען קָאפּ אונד גְלָאצְט אוֹיס אַפָּאר אוֹיגְן וָואס פִינְקֶעלְן וִויא אַ פַייעֶר אונד קִיקט גְלַייך אִין דֶער לוּפְט אַרַיין אונד וָואס עֶס דְרֶעהט זִיך אִיבֶּער בַּאיי אִיהם אִין קָאפּ בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה וַוייסט נָאר גָאט אִין הִימל. אויף אֵיינְמָאהל חַאפּט עֶר זִיך אויף מַאכט עֶטלִיכֶע גְרוֹיסֶע שְׁפַּאן אונד הוֹיבְּט אָן צוּ שְׁרַייֶען מִיט אַ לאֶבן קוֹל אִיבֶּער גָאט אונד אִיבֶּער שְׁמוּאֵלן אַז דִיא הָאר שְׁטֶעלְן זִיך אויף קַאפּוּיֶה, אִין אַזֶעלכֶע.

מאָמענטע דערקאַנט ער קיינעם ניט אַפילו ניט זיין ווייב און קינדער. אונד דיא קליינ-סטן רופאים האָבן זיך שוין מיאש געווען פון צוא העלפן איהם׳ –

„איין מאָהל האָב איך אַ וויזיטע געמאַכט דעם איש האלקים שמואלן דעם נביא, האַנדיק אויף הילף. דער זעהער איז גראָד דענסטמאָהלט געווען אין גבעה, ניט ווייט פון דאַנען. דער נביא האָט אָבער מיר געענטפערט, גאָט האָט גערעדט אונד זיין וואָרט ווערט מקוים, גאָט איז קיין מענש ניט ער זאָל חרטה האָבן אָדער אַליגן זאָגן. גאָט האָט זיין גייסט פון שאולן אַוועקגענומען אונד האָט איהם איבערגעענטפערט צו אַ רוח רעה. שאול האָט גאָט ניט געוואָלט פאָלגן, אַצינד מיז ער אָפּקומען אַשטראָף דער פאַר.

אַזוי האָט מיר דער נביא געענטפערט, האָב איך מיך געלאָזט אַהיים געהן מיט אַ טראָוועריגן האַרצן, וויא איך בין אַהיים אָנגעקומען האָב איך געפינען געבן דעם קאָניגס פּאַלאַטץ אַן אַלטן מאַן שטעהנדיק אָנגעטהין אין אויסלאַנדישע קליידער אונד ווילד פרעמד׳ האָט ער צוא מיר אַזאָג געטהין: „ביסטע דעם קאָניגס זין?״ האָב איך געזאָגט „אמת״, האָט ער ווייטער געזאָגט: „אייערע זקנים אונד רופאים זיכן נאָך אַ רפואה פאַר אייער פאַטערס קרענק. איך בין אַפרעמדער וואָס האָט דורך גערייזט אַסך לענדער. זעקציג יאָהר צוריק בין איך גראָד געווען אין דעם לאַנד שבא, פון וואַנען דיא פערל אונד זעהר רייכע סחורות קומען, דער דאָרטיגער קאָניג וואָס זיין הויפּטשטאָדט הייסט מעראָע, האָט אַ זין דער איינציגער יורש פון יענער מלוכה, וואָס איז אויך געווען בע-פאַללן מיט אַ קרענק ניט פיעל אַנדערש וויא דיא דאָזיגע וואָס האָט איבער דער נשמה פון דיינעם קאָניגליכן פאַטער; ער האָט ממאס געווען אַללע מאכלים, אונד פלעגט שטעהן שטונדן-ווייס, נייַן, גאַנצע טעג אונד געבט אין אַ ווייט ווינקעלע פון זיין חדר אונד פלעגט קייען דיא נעגל פון זיינע פינגער אונד פלעגט אויסגלאָצן אַ פּאָר אויגן, וואָס האָבן געברענט וויא פייער אונד קוקן אַראָפּ אויף דער ערד אונד ניט אַמאָהל אַ-פינטל פלעגט ער טהין מיט זיי, נאַטירליך איז ער לגמרי אויסגעדאַרט געוואָרן וויא אַ שפּענדל אונד איז געוואָרן נאָר אַ קנאָכנדקער שקעלעט, אונד עס איז שרעקליך געווען אָנקוקן צוא טהין אויף דעם לאַנגן שמאָלן פּנים מיט דיא איינגעפאַללענע אויגן, מיט אַן אויס-דריק פון שרעקליכער פערצווייפלונג.״

„קאָנט איהר מיר זאָגן, וואָס איז געווען דיא אורזאַכע״ האָב איך דעם אַלטיטשקן אַפרעג געטהין.

„דיא אורזאַכע איז געווען, ליעבשאַפט צו אַ שאָן מעדל, וועלכע איז צעררינסן גע-וואָרן פון לאַבן, וועהרענד זיא האָט גערייזט אין אַ פּאַלאַנקווין צוא איהר פאָטערס פּאַלאַץ נעבן דעם ים!״ האָט ער מיר געענטפערט. ענדליך האָט איינער פון דעם קאָניגס רופאים אַן עגיפּטישער אמגושי (מאַגיקער), זעהנדיק אַז אַללע זיינע אָפּשפּרעכענצן קענען דעם פרינצן גאָר ניט העלפן, האָט ער צום קאָניג אַזוי געזאָגט:

„ווען מיין גרויסער קאָניג פינעם דרום וויל זעהן זיינען געליעבטן זין געהיילט פינעם רוח רעה זאָלט איהר באַפוילן אַז מען זאָל איהם פאַרשפּילן דיא זיסעסטע אונד

אַנגֶענֶעהמְסטֶע מוּזִיק, וָואס דֶער קֶאנִיג קֶען נָאר גִיפִינֶען אִין זַיין לַאנד, דֶער פוּן וֶועט דֶער פְּרִינְץ גֶעזִינְט וֶוערן, וָוארְם דִיא ווִילדֶעסְטֶן הַארְצֶער זֶענֶען וַוייךְ גִיוָוארן אוּנד בַּאצֶעהמְט פוּן גִיטֶער מוּזִיק. עֶס אִיז גִיוֶוען אַ פֶּערזִישֶׁע פְּרִינצֶעסִּן, וֶועלכֶע מַאן הָאט פֶערלָארן אִין אַ וַואלד, הָאט זִיא בֶּעגֶעגְנֶט אַ הִינגֶערִיקֶער לֶאבּ, דִיא חַיָּה רָעָה הָאט זִיךְ שׁוֹין גְרֵייט גִימַאכט צוּם שְׁפְּרִינְג אוֹיף דֶעם אוּמְגְלִיקְלִיכֶן קִינד, הָאט זִיא אָנגִיהוֹיבֶּן צוּא זִינְגֶען דֶעם טוֹיטֶן-גִיזַאנְג, וֶועלכֶעס אִיז אַ מִנְהַג-אָבוֹת אִין אִיהר לַאנד, וָוארְם זִיא הָאט גִיהֶערט צוּא דֶער סֶעקטֶע זַאבֶּאֶער (אָנבֶּעטֶער פוּן דִיא שִׁבְעָה כּוֹכְבֵי לֶכֶת)! אִיהר קוֹל אִיז אָבֶּער גִיוֶוען אַזוֹי זִיסס, אַזוֹי זַאנְפְט, מִילד אוּנד לִיעבּלִיךְ, אַז עֶס הָאט זִיךְ צוּגָאסְסֶן אֲפִילוּ אִין דֶעם ווִילְדֶן הַארְצֶן פוּן דֶעם הִינגֶערִיקֶן לֶאבֶּן, וֶועלכֶער אִיז נִיט נָאר גִיבְּלִיבֶּן רוּהִיג זִיךְ צוּהֶערְנְדִיק צוּא דֶער גֶאטלִיכֶן שְׁטִימְמֶע, נָאךְ מֶעהר זַיינֶע פַייֶערִיקֶע אוֹיגֶן הָאבֶּן פַארלָארן דֶעם בְּרֶענֶענְדִיקֶן גְלַאנְץ אוּנד זֶענֶען אַזוֹי לִיֶעבּלִיךְ גִיוָוארן ווִיא פוּן אַ הֶערְשׁ-קֶאלְבּל. זַיינֶע בַּאוֶועגוּנְגֶען הָאבֶּן פָאלְלְשְׁטֶאנְדִיק אִיבֶּערגִיצַייגְט דִיא פְּרִינְצֶעסִּין אַז עֶר אִיז לְגַמְרֵי פַאר כִּישׁוּפְט פוּן אִיהר גִיזַאנְג. דָאס קֶאנִיגְלִיכֶע קִינד הָאט אִיהר גַייסְטֶעס גֶעגֶענְוַוארט נִיט פֶערלָארן, אוּנד הַאלְטְנְדִיק אִין אֵיין זִינגֶען, אִיז זִיא בַּאמֶעהלִיכֶן צוּגֶע-גַאנְגֶן צוּם מַאֶכְטִיגֶן לֶאבֶּן הָאט אִיהרֶע ווַייכֶע הֶאנְטֶעלִיךְ אַרוֹיפגִילֶעגְט אוֹיף זַיינֶער שְׁטַאר-קֶען מֶעהנֶע (קְבוּצַת שֵׂעָר עַל עָרְפּוֹ) אוּנד הָאט אִיהם גִיפִיהרְט נֶעבֶּן זִיךְ בִּיז זִיא אִיז גֶעקִימֶען פַאר דֶעם טוֹיעֶר פוּן אִיהר פָאטֶערס פַּאלַאץ, וָוען דִיא וַואכֶע הָאט עֶס דֶערזֶעהֶן הָאבֶּן זֵיי אִיהְן דֶערשָׁאסְסֶן מִיט זֵייעֶר פַייל-אוּנד-בּוֹיגֶן. אָבֶּער נָאךְ שְׁטַארְבְּנְדִיק הָאט דֶער מַאֶכְטִיגֶער קֶאנִיג פוּן דֶער ווִיסטֶע נָאךְ בַּאלֶעקְט דִיא צַארטֶע הֶאנְדטֶעלִיךְ פוּן דֶער בַּא-טְרִיבְּטֶן פְּרִינְצֶעסִּן, ווִיא אֵיינֶער וָואלְט גִיזָאגְט, אִיךְ דַאנק דִיר פַאר דֶעם פֶערגֶענִיגֶן. אוּנד אִיךְ בִּין אִיבֶּערצַייגְט אַז דוּא בִּיזט נִיט שׁוּלְדִיג אִין מַיין טוֹיט!" — "וֶוען דֶער קֶאנִיג פוּן שְׁבָא הָאט דָאס גִיהֶערט." הָאט דֶער אַלְטִיטְשְׁקֶער וַוייטֶער דֶערצֶעהלט. אוּנד וֶוען דֶער מַאגִיקֶער הָאט דֶעם קֶאנִיג וַוייטֶער דֶערקְלֶערט, אַז וֶוען מֶענְשֶׁן פֶערלִירֶן זֵייעֶר פֶער-שְׁטַאנד זֶענֶען זֵיי מֵיינְסְטֶן טְהֵיילְס גְלַייךְ צוּא דִיא חַיּוֹת רָעוֹת פִינֶעם מִדְבָּר. הָאט עֶר תֵּיכֶף וּמִיַּד בַּאפָאלְגְט דִיא עֵצָה אוּנד דֶער סוֹף דֶער פוּן אִיז דָאס, אַז דֶער פְּרִינְץ אִיז לְגַמְרֵי קוּרִירְט גִיוָוארן אוּנד הֶערְרְשְׁט נָאךְ עַד הַיּוֹם אַ מַאֶכְטִיגֶער אוּנד אַקְלִיעגֶער קֶאנִיג פוּן שְׁבָא. אַצִינד מַיין הֶערר פְּרִינְץ, הָאט דֶער אַלְטִיטְשְׁקֶער וַוייטֶער גִיזָאגְט: "לָאזט עֶמֶעצֶן קִימֶען, וָואס קֶען גִיט שְׁפִּיעלֶן אוֹיף דֶער הַארפֶע אוּנד הָאט אַזִיסס קוֹל דֶער צוּא, לָאז עֶר שְׁפִּיעלֶן אוּנד זִינגֶען פַארן קֶאנִיג אַייעֶר פַאטֶער, וֶועט עֶר בִּלְתִּי שׁוּם סָפֵק גֶע-הֵיילט וֶוערן, וָוארם מוּזִיק הָאט אַ כֹּחַ צוּא שְׁטִילְלֶן דִיא ווִילְדַקֵייט פוּן אַ מֶענְשֶׁן, וָואס פֶערצְווֵייפֶעלוּנְג הָאט אִין אִיהם אוֹיפגִיבְּרַאכט אַשְׁרֶעקְלִיךְ שְׁוַוארְצֶן שְׁטוּרם."

"אֶט אָ דָאס אִיז גִיוֶוען דִיא עֵצָה פִינֶעם ווִילְדְפְרֶעמְדֶן מֶענְשִׁין. הָאט דֶער פְּרִינְץ וַוייטֶער דֶערצֶעהלְט. וֶועלְכֶן אִיךְ הָאבּ קֵיינְמָאהל נִיט פְרִיעהֶער אוּנד קֵיינְמָאהל נִיט דֶער נָאךְ גִיזֶעהְן, נָאךְ דֶעם ווִיא עֶר הָאט זִיךְ פוּן מִיר הָאפלִיךְ אָפּגִיזֶעגְנְט. אִיךְ הָאבּ אָבֶּער בַּאלד מוֹדִיעַ גִיוֶוען דֶעם פְּלַאן צוּא דִיא רוֹפְאִים אוּנד זְקֵנִים אוּנד אַללֶע הָאבֶּן מַסְכִּים

גיוועזן צוא פְּריוון מִיט מַיין פָּאטֶער דִיא קוּר פון מוּזִיק. צְווייא פון זיי הָאב אִיךְ גִיבֶּעטְן זֵייא זָאלְלן דֶעם פַּאטֶער עֶס פָּארלֶעגן. וָוארם מִיךְ הָאט עֶר אַם מֵיינְסטן נִיט גִיקֶענט לַיידן, עֶר אִיז תָּמִיד אַסַךְ ווִילדֶער נָאךְ גִיוָוארן וֶוען אִיךְ בִּין נָאהֶנְט צוּא גֶעקִימֶען.

„אֶפְשֶׁר אִיז עֶס דְרוּמְאוּיךְ“ הָאבּ אִיךְ אַזָאג גֶעטְהִין, וַוייל עֶר הָאט גֶעפִיהלט אַז עֶר אִיז גִיוֶועזן דִיא אוּרְזַאכֶע, פון דֶעם וָואס דוּא פֶערלִירְסט דִיא קְרוֹין, וָואס וָואלְלט גֶעווִיסס גִיוֶועזן דַיין יְרוּשָׁה, אוּנד דָאס פֶערבִּיטֶערט אַזוֹי זַיין הַארץ אַז עֶר קֶען דִיךְ נִיט אָן קִיקְן.“

„בִּלְתִּי שׁוּם סָפֵק אִיז עֶס אַזוֹי, מַיין טְהַייעֶרֶער אַרְבַּאצֶעס“ הָאט דֶער פְּרִינְץ טְרָא-וֶוערִיגַלאךְ גִיעֶנְטפֶערט.“ נָאר אִיךְ פִיהל גָאר נִיט אַז מַיין פָּאטֶער הָאט מִיר עֶפֶּעס אַרָעה גֶעטְהִין! אִיךְ הָאבּ קַיין פַּארלַאנְגֶען נִיט צוּא רֶעגִירן, וֶוען גָאט ווִילל עֶס אַזוֹי הָאבּן. דָוִד אִיז גַאנְץ גְלִיקְלִיךְ אַלס אַ שָׁאפֶער. אוּנד דִיא קְרוֹין פון אַקאֶנִיג אִיז אוּנטֶערְגֶעשְׁלָאגן מִיט קְרָאפָּאוֶוע אוּנד זַיין גִילדֶענֶער צֶעפְּטֶער אִיז אָפּט ווִיא אַשְׁוֶוערֶע בְּלַייֶענֶע מַשָּׂא אִין זַיינֶע הַאנד! וֶוען דִיא זְקֵנִים אוּנד דִיא רוֹפְאִים זֶענֶען אַרַיין גִיטְרֶעטְן צוּם קאֶנִיג אִיז עֶר גְרַאד גִיזֶעסְסן אוֹיף דֶער עֶרד מִיט אוֹיסְגֶעגְלָאצְטֶע אוֹיגְן אוֹיף דֶער לוּפְט קִיקְנְדִיק, מִיט אַ פָּנִים וָואס טְרָאגט דֶען אוֹיסְדְרוּק פון דִיא שְׁוֶוערְסְטֶע לַיידן. ווִיא עֶר הָאט זֵיי דֶערזֶעהן הָאט עֶר זִיךְ פְּלִיצִם דֶערלַאנְגט אַחַאפּ אוֹיף אוֹיף דִיא פִיס אוּנד הָאט גִיגֶעבּן אַ ווִילדן גֶעשְׁרַייא: „וֶוער דֶערוּוֶואגט עֶס זִיךְ? נָאךְ בִּין אִיךְ קאֶנִיג! אוּנד בַּאיים אָרוֹן פון גָאט שְׁוֶוער אִיךְ, אַז אִיךְ וֶועל עֶס נִיט צוּאלָאזן אַז עֶמִיצֶער זָאל זִיךְ פון מִיר אוֹיסלַאכן! זֵיי זָאגן אַז אִיךְ בִּין מְשׁוּגָע! נֵיין, נֵיין זָאג אִיךְ שָׁאוּל הַמֶּלֶךְ!“ אוּנד דָאה אִיז דֶער קוֹל אַרָאפְּגִיפַאללן צִין אַרִיהרְנְדִיקן פַּאטְהָאס. „אִיךְ בִּין נָאר קְרַאנק, מַיין הַארץ אִיז קְרַאנְק- אִיז גִיבְּרָאכן – דָאס – דָאס אִיז אִין גַאנְצן! אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגט, אִיךְ הָאבּ תְּשׁוּבָה גֶע-טְהִין, אִיךְ קַאטשֶׁע מִיךְ אִין אַשׁ, אִיךְ שְׁרַייא פַּאר רַחֲמָנוּת, חֶסֶד וְרַחֲמִים בֶּעט אִיךְ, אָבֶּער דֶער גְרוֹיסֶער הִימֶעל אִיז הַארט ווִיא בְּרָאנְדז, מַיינֶע קוֹלוֹת לָאזט עֶס נִיט דִירךְ. הַארט אִיז מַיין מִשְׁפָּט! – דֶער נָבִיא זָאגט מַיינֶע תְּשׁוּבָה אִיז נִיט אוֹיפְרִיכְטִיג, גָאט ווִיל מַיין תְּשׁוּבָה נִיט מְקַבֵּל זַיין וַוייל מַיין חֲרָטָה אִיז נִיט פון הַארְצן עֶס אִיז נָאר פֶערבִּיס-סֶענֶער כַּעַס! אִיז דָאס נִיט קַיין חֲרָטָה? טְהִיט אַ קִיק זֶעהט ווִיא טִיעֶף זֶענֶען אַיין גֶע-זִינְקֶען גִיוָוארן מַיינֶע אוֹיגִין! בִּין אִיךְ נִיט מָאגֶער גִיוָוארן! זֶענֶען מַיינֶע הֶאנד נִיט גֶענִיג דַאר? אִיז דָאס פַּארבִּיסֶענֶער כַּעַס? – נֵיין! נֵיין! אִיךְ הָאבּ תְּשׁוּבָה גֶעטְהִין! אִיךְ הָאבּ מַיין קאֶנִיגְס קָאפּ בִּיז אִין דֶען שְׁטוֹיבּ גֶעבֵּייגט, מַיין פָּנִים הָאבּ אִיךְ בַּאגְרָאבּן דָארט ווִיא דִיא ווָארם קְרִיכן אַרִים, אִיךְ וַוארף מִיךְ צוּא דֶער עֶרְד, טִיעף אַרֶאפּ אַרָאפּ פַּאלט שָׁאוּל דֶער קאֶנִיג. אָבֶּער אוּמְזִיסט אִיז דָאס אַללֶעס! דֶער שְׁטָאלְצֶער נָבִיא זָאגט אַז דָאס אִיז קַיין תְּשׁוּבָה נִיט, עֶס אִיז נָאר פֶערבִּיססֶענֶער כַּעַס אוּנד אַזַא תְּשׁוּבָה נֶעהְמְט גָאט נִיט אָן! אוֹיף כַּפָּרוֹת דַארף אִיךְ אַלְסדִינג! נָאר בֶּעט אִיךְ אֵיין זַאךְ; דִיא מְלוּכָה זָאלל בְּלַייבּן פַאר מַיין זִין, וֶוען אִיךְ זָאלל אֲפִילוּ פֶערלָארן וֶוערן! „וָואס פֶערלַאנְגט אִיהר?“ הָאט עֶר פְּלִיצִם אַפְרֶעג גֶעטְהִין. אַזוֹי ווִיא עֶר הָאט זֵייא דֶערזֶעהן עֶרְשְׁט אַרַיינְטְרֶעטְנְדִיק!.

„מַיין קֶאנִיג״ . הָאט זִיךְ אָן גֶערִיפֶן דֶער עֶרשְׁטֶער דָאקְטָאר, דֶען אִיךְ הָאבּ אַלֶעס גִיהֶערְט אוּנד גֶעזֶעהֶן, חָאטְשׁ קֵיינֶער הָאט מִיךְ נִיט בַּאמֶערְקְט . בִּלְתִּי שׁוּם סָפֵק גָאט הָאט עֶרלוֹיבְּט אַ רוּחַ רָעָה זָאלל דִיךְ פְּלָאגְן, לָאז דֶער קֶאנִיג בַּאפוֹילֶן דַיינֶע דִינֶער אוֹיף צוּא זִיכֶן אַמֶענְשׁן, וָואס שְׁפִּיעֶלט קִינְצְלִיךְ גִיט אוֹיף דֶער הַארְפֶּע אֶפְשֶׁר וֶועט דִיא זִיסֶע מוּזִיק אִים שְׁטַאנְד זַיין דֶען רוּחַ רָעָה צוּא פַּארְטְרַייבֶּן פוּן דִיר .״

„וִויא בַּאלְד מַיין פָאטֶער הָאט דָאס דֶערהֶערְט הָאט עֶר זִיךְ מִיט אַ הַאסְטִיגְקֵייט אָן גֶערִיפֶן ! ׳גִיךְ בַּא אַיילְט אַייךְ אוּנד בְּרֶענְגְט מִיר אַ הֶער אַזַא מֶענְשְׁן . וָוארְם דַיינֶע רְפוּאוֹת אָ רוֹפֵא בַּארִיהְרְן נִיט מַיין מַכָּה, לָאמִיר זֶעהן וֶועלכֶער כֹּחַ לִיעגט אִין דֶער מוּזִיק?— הָאבֶּן זִיךְ וִויעדֶער דִיא לַייטֶע אָנְגֶערִיפֶן צִין אִיהם, וִויא אִיךְ הָאבּ שׁוֹין פְרִיעהֶער מִיט זֵיי אָפְּגֶערֶעדְט . „עֶס אִיז דָאה אַיוּנְגֶער מֶענְשׁ דֶער זִין פוּן יִשַׁי בֵּית הַלַחְמִי, אַן אוֹיסגֶע־צֵייכֶנטֶער שְׁפִּיעלֶער אוֹיף דֶער הַארְפֶּע, אַ בְּרִיָה אַיוּנְגֶל, בֶּעשַׁיידְן אִין בַּאנֶעהמֶען, קְלִיעג אִין אוֹיפְפִיהרוּנְג, אוּנד וִוינְדֶער שֶׁאן פוּן גֶעשְׁטַאלְט אוּנד גָאט אִיז מִיט אִיהם !״

„וֶוער וֵייסס וִויא וָואהְנְט דֶעם יוּנגְלְס פָאטֶער״ הָאט דֶער קֶאנִיג אוֹיסגֶערִיפֶן .״

„מִיר וֶועללֶן אִיהן שׁוֹין בַּאלְד גֶעפִינֶען״ הָאט זִיךְ דֶער רֹאשׁ הָרוֹפְאִים אָן גֶערִיפֶן . דָאס לִיכְט פוּן דֶער הָאפְנוּנְג בַּאלְד גֶעזִינְד צוּא וֶוערן הָאט לִיכְטִיגֶער גֶעמַאכְט דֶעם פָאטֶערְס פָּנִים אוּנד הָאט בַּאלְד בַּאפוֹילֶן זַיין שְׁרַייבֶּער אַזוֹי צוּא שְׁרַייבֶּן אַבְּרִיוו!„

פִין דֶעם קֶאנִיג שָׁאוּל :

צִיא יִשַׁי בֵּית הַלַחְמִי פִינֶעם שֵׁבֶט יְהוּדָה . שָׁלוֹם .

„אִיךְ הֶאר, אַז דִיא הָאסְט אַ זִין, וֶועלכֶער הֵייסט דָוִד, אַפַּאסְטִיךְ, וָואס קֶאן אוֹיךְ גִיט שְׁפִּיעלְן אוֹיף דֶער הַארְפֶּע . אוֹיבּ דָאס אִיז אֱמֶת, שִׁיק שְׁזֶע אִיהם תֵּיכֶף וּמִיַד צוּא מִיר . אִיךְ בַּאדַארְף אִיהן . עֶס זָאלל אִיהם בַּאיי מִיר גִיט גֶעהן, אוּנד דִיא וֶועסְט אִיהן וִויעדֶער זִיכֶער צוּרִיק בַּאקִימֶען .״

דֶער קֶאנִיג אַלֵיין הָאט דֶען בְּרִיוו אִינטֶער גִישְׁרִיעבְּן, אוּנד בַּאלְד הָאט דֶער רוֹפֵא מִיר דֶען בְּרִיוו אִיבֶּערגִיגֶעבְּן . אוּנד מִיט פְרֵיידְן בִּין אִיךְ גֶעלָאפְן צוּא יָענֶעם טְהָאל וִויא דָוִד הָאט גֶעהַאלְטן זַיינֶע שָׁאף . נִיט וַוייט פוּן אִיהם הָאבּ אִיךְ בַּאגֶעגֶענְט דֶען שְׁטַאטלִיכְן יִשַׁי מִיט זַיינֶע זִין אַרבַּייטְן אִין אַ פֶעלְד אָן גְרֵייטֶענְדִיק אַפְּלַאץ אוֹיס צוּא דְרֶעשְׁן זַייעֶרֶע תְּבוּאוֹת . הָאבּ אִיךְ אִיהן אַפְרֶעג גֶעטְהִין, צוּא אִיז נִיט דָוִד מִיט דִיא שָׁאף דָארְט אִין טְהָאל? יִשַׁי הָאט אַשְׁמֵייכֶעלֶע גֶעטְהִין אוּנד הָאט גֶעזָאגְט : „עֶדֶעלֶער פְּרִינְץ, אִיךְ הָאבּ מוֹרָא אַז דַיינֶע אֶפְּטֶערֶע בַּאמֶערְקוּנְג פוּן מַיין דָוִדן וֶועלֶן אִיהם מַאכְן אַייטְל · אִיךְ וִוינְדֶער מִיךְ אַז אַזַא פְרַיינְדשַׁאפְט זָאלל עֶנְטשְׁטֶעהן צְווִישְׁן אַ זִין פוּן אַקֶענִיג אוּנד דֶעם זִין פוּן אַ פַּאסְטִיךְ? ״זֶענֶען אַבְרָהָם, יִצְחָק, וְיַעֲקֹב, אוּנזֶערֶע אָבוֹת עֶפֶּעס אַנְדֶערְס גִיוֶוען אַלְס פַּאסְטִיכֶער„? ״ הָאבּ אִיךְ גֶעמוּטְהְלִיךְ גֶעעֶנְטפֶערְט . „נָאר אִיךְ הָאבּ אַשְׁלִיחוּת צוּא דִיר פִינֶעם קֶאנִיג שָׁאוּל !״ הָאבּ אִיהם דֶען בְּרִיוו אִיבֶּערגֶעגֶעבְּן, וֶועלכְן עֶר הָאט מִיט גְרוֹיס רֶעשְׁפֶּעקְט אִיבֶּערגֶעלֵייעֶנְט אוּנד דַארוֹיף גֶעעֶנְטְפֶערְט ;

״דֶער קֶאנִיג טְהִיט אוּנְז צִיא גְרוֹיס כָּבוֹד אָן !„

„וָואס אִיז דָארְט?“ הָאט אַפְּרֶעג גֶעטְהִין דֶער שְׁוַוארְץ-בָּארְדִיגֶע אֱלִיאָב, דֶער עֶלְטְסְטֶער זִין, מִיט אַ מִין גַדְלוּת, וֶועלכֶעס הָאט אִיהן נִיט אַזוֹי הוֹיךְ גֶעהוֹיבְּן אִין מַיינֶע אוֹיגֶן.

„דֶער קֶאנִיג הָאט גֶעשִׁיקְט נָאךְ דָוִדן“ הָאט יִשַׁי גֶעעֶנְטְפֶערְט מִיט פַּאטֶערְלִיכְן שְׁטָאלְץ. „דָאס יוּנְגְל, וֶועט זִיךְ בַּאלְד אַיין רֶעדְן אַז זַיין פַּאסְטִיךְ-שְׁטֶעקְן אִיז אַ צֶעפְּטֶער, אוּנד וֶועט זִיךְ בַּאלְד אוֹיספְּלֶעכְטְן אַקְרוֹין פוּן דַארֶע צְוַוייגְלַאךְ.“ הָאט אֱלִיאָב מִיט אַ בִּיטְטֶערְקֵייט זִיךְ אָן גֶערִיפְן. „אוּנד עֶס וֶועט נִיט לַאנְג דָאוֶוערְן וֶועט עֶר זִיךְ מִיט גַדְלוּת אַרִים שְׁפַּאצִירְן, וִויא אִין אַלְטְן צַייטְן יוֹסֵף, אוּנד אוּנְז בַּאפוֹילְן מִיר זָאללן זִיךְ בִּיקְן פַאר אִיהם אוּנד אוֹיס שְׁרַייעֶן אַשְׁרֶה, דָוִד מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל!“

„זַיי שְׁטִילל מַיין זִין!“ וֶוען דַיין בְּרִידֶער אִיז גֶעעֶהרְט פִינֶעם קֶאנִיג אוּנד דֶען פְּרִינְצְן יְהוֹנָתָן, אִיז עֶס קֵיין כָּבוֹד נִיט פַאר דִיר אוֹיךְ? אִיךְ מֵיין אַז פוּן אָט דֶעם בָּחוּר וֶועלל אִיךְ נָאךְ גְרוֹיסס נַחַת הָאבְּן. הָאסְטֶע שׁוֹין פַארְגֶעססְן דִיא וִויזִיטֶע פוּן שְׁמוּאֵל הַנָבִיא פַאר צְוֵויי יָאהְרֶן, אוּנד וִויא עֶר הָאט אִיהן גֶעזַאלְבְּט?“

„אוּנד וָואס אִיז דֶער פוּן אַרוֹיסגֶעקוּמֶען?“ הָאט אֲבִינָדָב דֶער צְוֵוייטֶער זִין זִיךְ אָן גֶערִיפְן מִיט אַשְׁפֶּאטִישׁ לֶאכֶעלְן אִין זַיינֶע שְׁמָאלְן נַיידִישְׁן אוֹיגֶעלַאךְ. „הַאלְט עֶר זִיךְ נָאךְ נִיט בַּאיי דִיא שָׁאף?“ —

„מִיר הָאבְּן גֶעהָאפְט עֶפֶּעס וֶועט אַרוֹיס קִימֶען פוּן אַזַא קְוָואקֶען וִויא דֶענְסְטְמָאהלְט אִיז גֶעוֶוען גֶעמַאכְט וֶוען דֶער זָעהֶער הָאט אוּנְז זִיבְּן בְּרִידֶער פַארשְׁפֶּאט אוּנד הָאט אוֹיסגֶעלֵיידִיגְט זַיין הָארן אוֹיף יֶענֶעם טַשְׁאטְשְׁקֶעלֶע פוּן אַ יוּנְגְל“ הָאט אַבְרִים גֶעטְהִין דֶער דְרִיטֶער בְּרִידֶער מִיט אַגְרָאבּ קוֹל! „דֶער נָבִיא אִיז אָבֶּער זַייט דֶענְסְטְמָאהלְט בַּאיי אוּנְז נִיט מֶעהר גֶעוֶוען. אוּנד דֶעם יוּנְגְלְס גַאֲוָה אִיז אַוֶועק, וִויא דִיא וָואל פוּן דִיא שָׁאף צוּא הֶענְגֶען אוֹיף דִיא פְּלֵייטְן.“ „שְׁשְׁט מֶאנֶער-“ הָאט יִשַׁי אַזָאג גֶעטְהִין. „דָאס יוּנְגְל הָאט גָאר קֵיין שוּם גַדְלוּת נִיט. עֶר הָאט דֶעם כָּבוֹד נִיט גֶעזִיכְט. אוֹיבּ סְוֶועט עֶפֶּעס אַרוֹים קִימֶען דֶער פוּן אָדֶער נֵיין.“ אוּנד זִיךְ קֶעהרֶענְדִיק צוּא מִיר הָאט עֶר וַוייטֶער גֶעזָאגְט „גֶעה מַיין פְּרִינְץ צוּא דָוִדן אוּנד נֶעהם אִיהן מִיט דִיר צוּם קֶאנִיג.“ אִיךְ בִּין פוּן זַיי אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען אוּנד הָאבּ טַאקִי בַּאלְד גֶעפִינֶען דָוִדן שְׁטֶעהֶנְדִיק נֶעבְּן אַ קְוָועלֶע אָן טְרִינְקֶענְדִיק זַיינֶע שָׁאף. —

אַייעֶרֶע מַאיֶעסְטֶעט, אַצִינְד הָאבּ אִיךְ דֶען פְּרִינְצְן אַפְּרֶעג גֶעטְהִין. „וֶוען דֶער נָבִיא שְׁמוּאֵל הָאט דָוִדן גֶעזַאלְבְּט הָאט עֶר אִיהם גֶעזָאגְט צוּא וָואס עֶר טְהוּט עֶס? הָאט זַיין פָּאטֶער יִשַׁי אוּנד זַיינֶע זִיבְּן בְּרִידֶער גֶעוואוּסְט צוּא וֶועלכְן צְוֶועק דָוִד אִיז גֶע-זַאלְבְּט גֶעוָוארְן?“

„אִיךְ מִיז אַבִּיסֶל צוּרִיק אַתְּאַפּ טְהִין מַיין דֶערְצֵיאהלוּנְג, אוּנד דִיר מַיין טְהַייעֶרֶער אַרְבַּאצֶעם אַלְסדִינְג דַארִיבֶּער דֶערְצֵיאהלֶן“. הָאט דֶער פְּרִינְץ גֶעעֶנְטְפֶערְט. — „נָאךְ דֶעם טוֹיט פוּן אֲגַג הָעֲמָלֵקִי, הָאט גָאט גֶערִיפְן שְׁמוּאֵלְן אוּנד הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: אִיךְ הָאבּ מְמַאֵס גִיוֶוען אִין שָׁאוּלְן צוּא זַיין אַ קֶענִיג, נֶעהם פִיל אָן דֶעם קֶרֶן הַמִשְׁחָה אוּנד גֶעה גֶען בֵּית-לֶחֶם צוּא יִשַׁי דֶעם אֶפְרָתִי, וָוארִים אִיךְ הָאבּ מִיר אוֹיסגֶעקְלִיבְּן אַקֶענִיג אֵיינֶעם

פון זַיינֶע קִינְדֶער ! דֶער נָבִיא הָאט אָבֶּער פַּחַד גֶעהַאט. אַז שָׁאוּל זָאלל עֶס נִיט גֶעוָואהר וֶוערֶן . הָאט אִיהם גָאט בַּאפוֹלֶן, עֶר זָאל דָארְט אִין בֵּית לֶחֶם מַקְרִיב זַיין אַ קָרְבָּן , אוּנד צוּם קָרְבָּן זָאל עֶר אַיינלַאדְן יִשַׁי מִיט דִיא קִינְדֶער וֶוען שְׁמוּאֵל אִיז אָן גֶעקִימֶען גֶען בֵּית-לֶחֶם הָאט זִיךְ דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאדְט דֶער שְׁרָאקְן, מֶען הָאט גֶעצִיטֶערט אַז דֶער נָבִיא זָאלל עֶפֶּעס נִיט שְׁרֶעקְלִיכֶעס נְבִיאוֹת זָאגן . הָאבּן דִיא זְקֵנִים אִיהן אַפְּרֶעג גִיטְהִין . „קִימְסְטִי נָבִיא צוּא אוּנְז בְּשָׁלוֹם ?" „בְּשָׁלוֹם הָאט דֶער עֶרְנְסְטֶער נָבִיא גֶעעֶנְטְפֶערט . אוּנד גֶעהְט מַאכְט אַיךְ גְרֵייט (לְהִתְקַדֵּשׁ) אוּנד קִימְט לָאמִיר מַקְרִיב זַיין פַּאר גָאט אַקָרְבָּן. אוּנד רִיפְּט מִיר צוּם קָרְבָּן אוֹיךְ דֶען יִשַׁי מִיט זַיינֶע קִינְדֶער . – וֶוען דֶער נָבִיא הָאט דֶען אֱלִיאָב דֶערְזֶעהן הָאט עֶר זִיךְ גֶעטְרַאכְט גֶעוִויסס דָאס אִיז דֶער מָשִׁיחַ וָואס וֶועט רֶעגִירֶן אַן שְׁטָאט פוּן שָׁאוּלְן . וָוארְם עֶר אִיז הוֹיךְ גֶעוואַקְסְן אוּנד גְרוֹיס קוּרָאשְׁן שְׁפִּיעֶלְט זִיךְ אִיהם אָפּ אִין פָּנִים . אָבֶּער גָאט הָאט צוּם נָבִיא גֶעזָאגְט . קִיק נִיט אוֹיף זַיין שֶׁאן פָּנִים, אִיךְ וִויל אִיהן נִיט ! אִיךְ גָאט דֶער הַארר קִיק נִיט וִויא מֶענְשְׁן, אִיךְ קִיק אַרַיין טִיעֶף אִין דֶעם הַארְצְן . – דֶענְסְטְמָאהלְט הָאט שְׁמוּאֵל אַיין גֶערוֹימְט אַסוֹד אִין דִיא אוֹיעֶרן פוּן יִשַׁי, אִיךְ הָאבּ אַגְרוֹיס כָּבוֹד פוּן גָאט פַּאר אַיינֶעם פוּן דַיינֶע זִין, וִויא הֵייסְט דַיין צְוֵייטֶער זִין ? יִשַׁי הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט ! אֲבִינָדָב ! אוּנד הָאט אִיהם גֶעהֵייסְן אוֹיף שְׁטֶעהן אוּנד פַארֶן נָבִיא פַּאר אִיבֶּערגֶעהן . דֶער זֶעהֶער הָאט אָבֶּער פַּארְנֶעהמֶען גָאטְס רָצוֹן אַז „עֶר הָאט דֶען אוֹיךְ נִיט גֶעוָואהלְט . דֶער נָאךְ אִיז אַיין בְּרִידֶער נָאכְן אַנְדֶערן דֶעם נָבִיא פָארגֶעשְׁטֶעלְט גִיוֶוען אוּנד פַארבַּאיי גֶעפִיהרְט בִּיז אַלֶלֶע זִיבּן . וֶוען דֶער נָבִיא הָאט עֶרְנְסְט אַזָאג גֶעטְהִין צוּא יִשַׁי בֵּית-הַלַּחְמִי . גָאט הָאט קֵיינֶעם נִיט גִיוָואהלְט פוּן אַלֶלֶע דִיא. זֶענֶען דָאס שׁוֹין אַללֶע דַיינֶע זִין ?" אוּנד יִשַׁי הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט עֶפֶּעס אִימְוִוילֶנְדִיק אוּנד מִיט אַ זָאוֶוער פָּנִים ! עֶס אִיז נָאךְ אִיבֶּערגֶעבְּלִיבְּן דֶער יוּנגְסְטֶער דָוִד . נָאךְ גָאר אַיוּנְגֶל, עֶר אִיז מִיט דִיא שָׁאף „רֶיעֶף שְׁוֶע אִיהם טַאקִי תֵּיכֶּף וּמִיַד אַהֶער . וָוארְם אִיךְ וֶועל מִיךְ נִיט אַנִיעדֶער זֶעצְן צוּא טִישׁ בִּיז עֶר קִימְט ." וֶועהרנְד דָוִד אִיז זִיךְ דָארְט גֶעזֶעסן גֶעבְּן זַיינֶע שָׁאף אִין פֶּעטְן גְרָאז זִיךְ אַמִיזִירְנְדִיק אוֹיף זַיינֶער פְּרַאכְטְן הַארְפֶּע אוּנד צוּא זִינְגֶענְדִיק מִסְתָּמָא אַנַייעֶם זֶמֶר, וועלכֶען עֶר הָאט עֶרְשְׁט אוֹיסגֶעטְּרַאכְט, זֶענֶען זַיין פָּאטֶערְס דִיענֶער פְּלִיצִם אָן גֶעקִימֶען, אוּנד אֵיינֶער הָאט אַזָאג גֶעטְהִין מִיט אַגְרוֹיס אִימְפֶּעט, קִים אִין דֶער גִיךְ, דַיין פָּאטֶער שִׁיקְט נָאךְ דִיר ! אִיךְ וֶועלל דָאה דֶער ווַייל בְּלַייבְּן מִיט דִיא שָׁאף בַּא אַייל דִיךְ דָוִד, וָוארְם דֶער מֶאכְטִיגֶער נָבִיא פוּן גָאט , שְׁמוּאֵל הָרָמָתִי אִיז בַּאיי אוּנְז, גֶעקוּילֶעט אִיז שׁוֹין דֶער קָרְבָּן, מֶען וַוארְט נָאר אוֹיף דָוִד! דַיינֶע בְּרִידֶער זֶענֶען אוֹיךְ אַללֶע דָארְט ! –

דָוִד הָאט זִיךְ בֶּע אַיילְט צוּא זַיין פָּאטֶער. זִיךְ אַוַודַאי פַּארוִוינְדֶערנְדִיק, וָואס זָאלל דָאס אַללֶעס בֶּעטַייטְן ? וִויא בַּאלְד דָוִד אִיז אַרַיין גֶעטְרֶעטְן, הָאבּן דֶעם נָבִיא'ס אוֹיגְן אַקְלֵיינֶע ווַיילֶע גֶערִיהט אוֹיף דֶעם רוֹיטְלִיךְ גֶעזִינְטְן אוּנד זֶעהר שֶׁאנֶעם פָּנִים, וֶועלכֶעס אִיז גָאר אַבִּיסל גֶעטִינְקֶלְט פוּן דֶער זִין אוּנד דֶעם וִוינְד פִינֶעם מִדְבָּר . אִין גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּם נָבִיא שְׁטֶעה אוֹיף, זַאלְבּ אִיהם וָוארְם דָאס אִיז עֶר !

שְׁמוּאֵל דֶער גְרֵייזְגְרָאוֶוער נָבִיא דֶער אִישׁ הָאֱלֹקִים אִיז אוֹיפְגִישְׁטַאנֶען, הָאט בַּא-פוֹילֶן דֶעם זִיךְ שֶׁעמֶענדִיקֶן אוּנד פַארלֶעגֶנפֵיהְלֶנדִיקֶן יוּנְגֶל פַאר אִיהם צוּא קְנִיעֶן. אוּנד אוֹיף זַיין קָאפּ הָאט עֶר אַרוֹיפְגִיגָאסֶן דֶען הֵיילִיקֶן אֶהל, דֶען שֶׁמֶן הַמִּשְׁחָה פוּן דֶעמְזֶעלְבֶּן הָארן פוּן וֶועלְכֶן אִיז גִיזַאלְבְּט גִיוָארֶן מַיין פָאטֶער דֶער קֶענִיג שָׁאוּל אָסַף יָאהרן פְרִיהֶער. אַזוֹי בַּאלד וִויא דָאס אִיז גִישֶׁעהֶן אִיז דֶער גַייסְט פוּן גָאט, וֶועלכֶער אִיז גִיוֶועֶן אוֹיף שָׁאוּלֶן, פוּן אִיהם אַוֶועק אוּנד הָאט אַצִינְד גֶערִיהט אוֹיף דָוִדֶן. — אוּנטֶער דֶען אַיינְפְלוּסס פוּן דֶעם רוּחַ ד׳ הָאט דָוִד אַחַאפּ גֶעטהָין זַיינֶע הַארפֶע הָאט דֶערלַאנְגְט אַפָּאר אוֹיף דִיא זַייטֶן אוּנד הָאט אַשְׁפִּיעל אָפּ גִיגֶעבֶּן אַ מֶערְקְווירְדִיגֶע זִימְפָאנִיע, נָאר וִויא אַ שִׁיר מַלְאָכִים הִימְלִישׁ זִיסס אוּנד גְרוֹיסַארְטִיג הָאט עֶס גִיקְלִינְגֶען, אַללֶע הָאבֶן זִיךְ פֶערְווּנְדֶערְט, וִויא זַיין שֶׁאן פָּנִים הָאט זִיךְ אוֹיף אֵיינְמָאהל פֶערְבִּיטֶן צוּא כִּמְעַט אַ גֶאטְלִיכֶער גֶע-שְׁטַאלְט, אוּנד אַ הִימְלִישׁ פַייעֶר הָאט אַרוֹיסְגִישְׁטְרַאהְלְט פוּן זַיינֶע שֶׁאנֶע אוֹיגֶן. דָאס הָאט נָאר אַקְלֵיינֶע ווַיילֶע גִידָאוֶוערְט, אוּנד דֶערנָאךְ הָאט עֶר זִיךְ בַּאמֶאהְלִיכֶן אַרוֹיסגֶע-רִיקְט פִינֶעם הוֹיז אוּנד שְׁמוּאֵל אִיז אִיהם נָאכְגִיגַאנגֶען, אוּנד הָאט אִיהם אִין דְרוֹיסְּן בְּסוֹד גִיזָאגְט: „דָוִד בֶּן יִשַׁי, דוּא בִּיסְט אַצִינְד דֶער אוֹיסֶדערְוֶואהְלְטֶער אוּנד גִיזַאלְבְּטֶער פוּן גָאט, צוּא רֶעגִירֶן אוּנד צוּא פִיהְרֶן זַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל. בַּאהַאלְט דֶעם סוֹד אִין דַיין הַארְץ בִּיז דִיא צַייט וֶועט קִימֶען, וֶוען דוּא וֶועסְט גִירוּפֶן וֶוערֶן מְמַלֵא צוּא זַיין דַיין חוֹב. זַייא אֶמֶתְדִיק אוּנד טְרַייא צוּא דִיר אַלֵיין אוּנד צוּא גָאט, אוּנד אַלְסְדִינג וֶועט רֶעכְט זַיין מִיט דִיר. וֶוען דוּא וֶועסְט אָבֶער אָפּטְרֶעטֶען פוּן גָאטס וֶועג וֶועט אָט דֶער הֵיילִיגֶער גַייסְט וֶועלְכֶער אִיז דִיר הַיינְט גִיגֶעבֶּן גִיוָארֶן, פוּן דִיר אַוֶועק גֶענִימֶען וֶוערֶן. — גָאט הָאט אִין דִיר בּוֹחֵר גִיוֶועֶן פַאר דֶער שֵׁיינְקַייט פוּן דַיין הַארְץ, אוּנד נִיט פַאר דַיין גֶע-שְׁטַאלְט. וָוארֶם גָאט בַּאטְרַאכְט נָאר דָאס הַארְץ, פַאר דַיין צִדְקוֹת, אֱמֶת, גֶעהָארְכְזַאמ-קַייט צוּא דַיינֶע עֶלְטֶערְן, אוּנד דֶער רֵיינְקַייט פוּן דַיין נְשָׁמָה. הַאלְט דִיךְ רֵיין, אוּנד דַיין מְלוּכָה, וֶוען דִיא צַייט וֶועט קִימֶען, וֶועט שֵׁם-עֶן אוֹיף דֶער וֶועלְט וֶועגֶן אִיהר גְלַאנְץ כֹּחַ, אוּנד כָּבוֹד. דַיינֶע וַואפֶן וֶועלֶן מְנַצֵּחַ זַיין אַקֶעגֶן אַללֶע שׂוֹנְאִים פוּן דַיין לַאנְד. דַיין לֶעבֶּן וֶועט זַיין לַאנְג אוּנד דַיינֶע בַּארִיהְמְטְקַייט-גְרוֹיס. אוּנד אַ נָאמֶען וֶועסְטִי אִיבֶּער-לָאזֶן לְדוֹרֵי דוֹרוֹת, וָואס וֶועט זַיין גְרֶעסֶער פוּן דִיא גְרֶעסְטֶע מְלָכִים פוּן דֶער וֶועלְט! וֶוען דוּא וֶועסְט אָבֶער אִין דַיין גְלִיק פֶערְגֶעסֶן אִין דַיין גָאט, וֶועט עֶר אוֹיף דִיר בְּרֶענ-גֶען צָרוֹת בִּמְקוֹם בְּרָכוֹת, אוּנד דַיינֶע גְרָאוֶוע הָאר וֶועלֶן אַרָאפּ גֶעהֶן מִיט יִסוּרִים אוּנד דְאָגוֹת, מִיט טְרָאוֶוערְקַייט אוּנד שִׁפְלוּת אִין דֶער עֶרד אַרַיין.

וֶוען דֶער נָבִיא הָאט גִיעֶקְט דִיא אַנְדֶערֶע צִין אִיהם הָאט עֶר אִיהן פַארלָאזְט אוּנד אִיז זִיךְ וִויעֶדער צוּרִיק גִיגַאנְגֶען גֶען רָמָה. דָוִד אָבֶער אִיז צוּרִיק גִיגַאנְגֶען צוּא זַיינֶע שָׁאף אִין אַצוּשְׁטַאנד עֶפֶּעס צְווִישֶׁן שְׁרֶעק אוּנד פְרֵייד, אוּנד עֶרְשְׁט וֶוען עֶר אִיז מִיט זַיינֶע שָׁאף אַלֵיין גִיוֶועֶן הָאט עֶר מִתְפַּלֵּל גִיוֶועֶן פַאר גָאט פִינֶעם טִיעֶפֶן הַארְצֶן אַז עֶר אַלֵיין זָאלל אִיהם וַוייזֶן דֶעם רֶעכְטֶן וֶועג וִויא צוּא גֶעהֶן אוּנד וָואס צוּא טְהִין הַיינְט אוּנד תָּמִיד.“

„אַזוֹי, הָאט אַפָּנִים יִשַׁי אוּנד זַיינֶע זִין גָאר נִיט גֶעוואוּסט דֶען צְוֶועק פוּן דֶער מְשִׁיחָה !“ הָאבּ אִיךְ דֶעם פְּרִינְצֶן דָאה בַּעמֶערְקְט .“

„מִסְתָּמָא נִיט,“ הָאט דֶער פְּרִינְץ גִיעֶנְטְפֶערט . „זֵיי הָאבֶּן גִימֵיינְט אַז דִיא מְשִׁיחָה אִיז גִיוֶועֶן, אַז פוּן דָוִדְן זָאל אַנָבִיא וֶוערן . אוּנד אַזוֹי וִויא דֶער זֶועהֶער הָאט אִיהם דֶערְ־נָאךְ גֶענִימֶען גֶען רָמָה צְווִישֶׁן דִיא בְּנֵי הַנְבִיאִים, מֵיינֶען זֵיי אַצִינְגֶערט אַוַדַאי נִיט אַנְ־דֶערש . פוּן יֶענֶער צַייט אָן הָאט יִשַׁי בַּאטַראכְט זַיין יוּנְגְסְטֶן זִין מִיט דֶעם גְרֶעסְטְן כָּבוֹד אוּנד הָאפְנוּנג ׳ זַיינֶע בְּרִידֶער אָבֶּער וֶועלכֶע דֶער נָבִיא הָאט מְמַאֵס גִיוֶועֶן אוּנד הָאט גִישִׁיקְט נָאכֶן רוֹעֶה צֹאן, זֶענֶען אוֹיס קִנְאָה אוֹיף אִיהם אִין כַּעַס אוּנד בֶּעהַאנְדֶעלְן אִיהם זֶעהר אוּמבְּרִידֶערלִיךְ . נָאר מַיינֶע פְרַיינְדשַׁאפְט שְׁטַארקְט נָאךְ זַיין עֶדל הַארץ אִין זַיינֶעם אֵיינזַאמֶען מַעֲמָד .

„אוּנד דוּא, מַיין עֶדעלֶער פְּרִינְץ, דוּא,“ הָאבּ אִיךְ אַזָאג גֶעטהִין בַּאוִוינְדֶערלִיךְ דֶען אִימְעֶגָאאִיסטִישֶׁן תַאְרַאקְטֶער זַיינֶעם, וִויסְסְנְדִיק אַללֶעם דָאס, הָאסְטוּ אִיהם גֶענִימֶען צוּא דַיין בִּיזם אַלס דַיין בֶּעסְטְן פְרַיינד . וִויא וִוינְדֶערפִילל אִיז דָאס ? וִויא אַנְדֶערש זֶענֶען דִיא טְרִיֶעבֶּע פוּן אוּנְזֶערֶער נַאטוּר ! אִיז עֶס גִיוֶועֶן פַאר דֶער מְשִׁיחָה, עֶהֶדער דַיין קִינְפְטִיגֶע מְלוּכָה אִיז אִיהם פֶערְשְׁפְרָאכֶן גִיוָוארן, וֶוען דוּא הָאסְט אִיהם צוּעֶרשְׁט גִיזֶעהֶן בַּאיִם נִצָחוֹן פוּן דֶעם בֶּערֶן אוּנד דֶען לֶאבּ ?“

„יָאה, דִיא מְשִׁיחָה אִיז גִיוֶועֶן נָאכֶן נִצָחוֹן, אַרבַּאצֶעס, אוּנזֶערֶע פְרַיינְדשַׁאפְט אִיז שׁוֹין לַאנג פְרִיעהֶער נָאךְ גִיוֶועֶן פֶערְקְנִיפְּט אוּנד פֶערְבִּינְדן מִיט אוּמצֶערְרַייסבַּארֶע בֶּאנְ־דֶער, אוּנזֶערֶע הֶארצֶער זֶענֶען שׁוֹין גִיוֶועֶן פֶערוַואקְסֶן אִין אֵיינֶעם.׳ הָאט עֶר גִיעֶנְטְפֶערט.

„אוּנד וֶוען דוּא הָאסְט דֶערהֶערְט אַז דַיין פְרַיינד אִיז גִיוָוארן דַיין רִיוַואל אוּנד וֶועט דֶער מְמַלֵא־מָקוֹם־הַמְלוּכָה זַיין. הָאט עֶס דַיינֶע פְרַיינְדשַׁאפְט צוּ אִיהם גָאר נִיט שְׁוָואכֶער גִימַאכְט ?“ הָאבּ אִיךְ מִיט סְפֵקוֹת אַפְרֶעג גֶעטהִין .

„נֵיין, אָבֶּער גָאר נִיט, אַדְרַבָּה פֶערקֶעהרט, מַיין אַרְבַּאצֶעס“ אִיז גִיוֶועֶן דֶער שֶׁא־נֶער אוּנד פְרַייֶער עֶנְטְפֶער“. אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעפִיהלט גְלִיקְלִיךְ אַ פְרַיינד צוּא זַיין פוּן דֶעם, וֶועלְכֶן גָאט הָאט לִיעבּ, אוּנד אִיז נָאךְ בַּאיי מִיר אִים הַארְצֶן נָאךְ טַייֶערֶער גֶע־וָוארן, אִיךְ הָאבּ פוּן שְׁמוּאֵלן אַלֵיין גִיהֶערְט, אוּנד אוֹיךְ פוּן עֶטְלִיכֶע ווָארְטֶער וֶועלכֶע דֶער פַאטֶער הָאט גִילָאזְט פַאלְלְן, אַז גָאט הָאט דִיא מְלוּכָה פוּן שָׁאוּלן אַוֶועקגֶענִימֶען אוּנד הָאט זִיא עֶמֶעצן אַנְדֶערס אַוֶועקגִיגֶעבְּן. אַוַודַאי הָאט עֶס מִיר אִין אָנְהוֹיבּ אַבִּיסְל וֶועה גֶעטְהִין דִיא הָאפְנוּנג אוֹיף דֶער מְלוּכָה צוּא פֶערלִירֶן, נָאר עֶרְשְׁטְנְס אִיז עֶס דָאךְ גָאט וָואס וִוילל אַזוֹי, אוּנד אִיךְ הָאבּ שׁוֹין פְרִיה אִין מַיינֶער קִינְדהַייט גִילֶערְנְט, אַז גָאטְס וִוילְלֶן קֶען קַיין שְׁטֶערְבְּלִיכֶער מֶענְשׁ עֶנְדֶערְן הָאבּ אִיךְ מַצְדִיק גִיוֶועֶן אֶת הַדִין אוּנד צְווֵיי־טֶענס אַז אִיךְ בִּין גִיוָואהר גִיוָוארן אַז מַיין דָוִד מַיין בֶּעסְטֶער אוּנד טְהַייֶערְסְטֶער בִּיזם פְרַיינד אִיז גִיזַאלְבְּט גִיוָוארן פוּן שְׁמוּאֵל הַנָבִיא צִים קִינְפְטִיגֶן מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל, מִיז אִיךְ דִיר זָאגְן , מַיין אַרבַּאצֶעס, אַז אָט דִיא בְּשׂוּרָה הָאט מִיךְ אֶמֶת מְחַיֶה גִיוֶועֶן , וָוארם פוּן דֶעם כִּסֵא הַמְלוּכָה הָאבּ אִיךְ מִיךְ שׁוֹין לַאנְג מְיָאֵשׁ גִיוֶועֶן , הָאבּ אִיךְ מִיךְ נָאר גֶעקָאנְט

פְרֵייעָן, וָואס גָאטס בְּחִירָה אִיז גֶעפַאלְלֶן אוֹיף אַזַא פֶערדִינְטֶן פֶּערזָאן וִויא מַיין פְרֵיינְד דָוִד."

„דִיא הָאסְט אַן עֶדֶעלֶעס הַארְץ אוּנד אַ גֶאטְלִיכֶע נַאטוּר, מַיין טְהַייעֶרער פְּרִינְץ." הָאבּ אִיךְ אַגִישְׁרֵיי גֶעטִין מִיט עֶנְטהוּזִיאַסְמוּס, חַאפְּנְדִיק זַיינֶע הַאנְד אוּנד זִיא הֵייסס צִיקְוָועטשְׁנְדִיק צוּא מַיין הַארְץ. „אִין אַזַא נִסָּיוֹן הַאנְדְלְט אָפְּט אַ מֶענְשׁ גַאנְץ אַנְדֶערְשׁ וִויא עֶר זָאלל. אֶפְּטֶערְס בְּעוַוייזְט עֶר אַרוֹיס דֶעם שֵׁד אִין זַיין הַארְצֶן, אַמָּאהל אָבֶּער וַוייזְט עֶר אוֹיךְ אַז עֶר הָאט אַ גָאט אִים הַארְצֶן! דִיא הָאסְט אִיבֶּער מֶענְשְׁלִיךְ גֶעהַאנְדְלְט, וִויא פְלֶעגְט אִיהר נָאךְ דֶעם זִיךְ בַּאגֶעגְנֶען? וִויא פְלֶעגְט זִיךְ דֶער יוּנְגֶער שֵׁאפֶער בַּאנֶעהמֶען אַקֶעגֶן דִיר, נָאךְ דֶעם, וֶוען עֶר הָאט גֶעוְויסְסְט, צוּא וָואס פַאר אַ הוֹיכֶער פָּאזִיצְיָאן עֶר אִיז בַּארִיפְן?"

„אִיךְ הָאבּ צִיעֶרְשְׁט גֶעהֶערְט פוּן דֶער זָאלבּוּנְג," הָאט יְהוֹנָתָן גֶעעֶנְטְפֶערְט. „פוּן אֵיינֶעם וָואס אִיז דָארְט גֶעוֶועזֶען בְּעֵת הַמְשִׁיחָה אִין בֵּית לֶחֶם. דָאס אִיז גִיוֶוען אַ לֵוִי אוּנד אַ פְרֵיינְד. עֶר הָאט גֶעוְויסְט אַז דִיא זַאלבִּינְג אִיז גִיוֶוען אַמְשִׁיחַת-מֶלֶךְ אוּנד נִיט אַ מְשִׁיחַת-כְּהוּנָה, וּנְבִיאָה. אוּנד אַז דָאס יוּנְגֶל, וָואס דֶער נָבִיא הָאט אוֹיף זַיין קָאפּ דֶעם שֶׁמֶן הַמִשְׁחָה גֶעגָאסְסֶן, וֶועט וֶוערֶן אַ קֶענִיג אוּנד נִיט אַ כֹּהֵן! דָאס הֶערְנְדִיק הָאבּ אִיךְ אִיהן גִיבֶּעטֶען אַז עֶר זָאלל דִיא זַאךְ שְׁטַארְק הַאלְטֶן בְּסוֹד אִין זַיין הַארְצֶן, כְּדֵי מַיין פָאטֶער זָאלל עֶס חַס וְשָׁלוֹם נִיט גֶעוָואהר וֶוערֶן (הָאטְשׁ עֶר הָאט גֶעוְויסְט אַז גָאט וֶועט בּוֹחֵר זַיין אַן אַנְדֶערְן פַאר אַמֶלֶךְ, הָאט עֶר אָבֶּער נִיט גֶעוְויסְט וֶוער עֶס אִיז.) אוּנד דַאן הָאבּ אִיךְ מִיךְ בֶּעאַיילְט צוּא גֶעפִינֶען דֶען שֵׁאפֶער-קֶאנִיג אִיהם צוּא גְרַאטוּלִירֶן, מַזָּל טוֹב צוּא ווִינְשֶׁן צוּא דֶעם גְרוֹיסֶן כָּבוֹד וָואס עֶר הָאט פוּן גָאט בַּאקִימֶען. אִיךְ הָאבּ אִיהן גֶעפִינֶען צְווִישֶׁן זַיינֶער טְשֶׁערֶעדֶע שָׁאף. וִויא עֶר הָאט מִיךְ דֶער זֶעהן גֶאהנטֶער צִין אִיהם קִימֶענְדִיק, הָאט עֶר זַיין פָּנִים אַבִּיסל אָפְגִיקֶערֶאוֶועט אוּנד הָאט אַרָאפּ גֶעלָאזְט דֶעם קָאפּ אַזוֹי וִויא אִין אַשְׁטַארְקֶער טְרָאוֶוערִיגְקֵייט, אִיךְ הָאבּ גִיט פַארשְׁטַאנֶען וָואס עֶס קָאכְט זִיךְ בַּאיי אִיהם אִין הַארְצֶן אוּנד דִיא אוּרְזַאכֶע פוּן זַיין בַּאטְרִיבְט זַיין, בִּין אִיךְ שְׁנֶעלל צִין אִיהם צִיגֶעטְרֶעטֶען אוּנד כְּדֵי אִיהם גִיךְ צוּא דֶערְלֶאזֶן פוּן זַיינֶער שְׁמֶערצלִיכֶן לַאגֶע, הָאבּ מַיינֶע אָרִים אַרִים זַיין הַאלְז גֶעוָוארְפֶן מִיט דֶער רִיהרֶענְדִיגְסְטֶן הֶערְצְלִיכְקֵייט אוּנד טִיפְסְטֶן לִיעבֶּע!"

„וִויא גִיט, וִויא עֶדֶל אוּנד וִויא גְרוֹיס אִיז עֶס פוּן דִיר גֶעוֶועזֶען אָ יוֹנָתָן, דִיא עֶדֶעלסְטֶער פוּן פְּרִינְצֶן!" הָאבּ אִיךְ אוֹיסגֶערִיפֶן, נִיט מֶעהר אִים שְׁטַאנְד אַיינצִיהַאלְטֶן מַיינֶע בַּאוְוינְדֶערִינְג פוּן דֶער עֶדֶלקֵייט אוּנד הוֹיכְקֵייט פוּן אַזַא גֶאטְלִיכֶן קַארַאקְטֶער. —

אִין אַללֶע מַעֲשׂוֹת, וָואס אוּנזֶערֶע פָאעֶטֶן גֶעבֶּן אוּנְז פוּן אוּנְזֶערֶע גְרוֹיסֶע אוּנד גֶאטְלִיכֶע הֶערָאס (גִבּוֹרֵי-אֵל) אִיז אֲפִילוּ נִיט אֵיינֶער, אַיינֶערֶע מַאיֶעסְטֶעט, וָואס הָאט גֶעגְרֵייכְט אֲפִילוּ צוּא דִיא קְנֶאכֶל פוּן אַזַא רֵיעֶזֶן-קַארַאקְטֶער פוּן צִדְקוֹת, וִויא אָט דֶער יוּדִישֶׁער פְּרִינְץ יְהוֹנָתָן בַּזִיצְט. עֶרְשְׁט עֶטְלִיכֶע טֶעג צוּרִיק הָאבּ אִיךְ דָאךְ אַללֵיין מִיט מַיינֶע אוֹיגְן גִיזֶעהֶן אֶצֵייכֶן פוּן דֶער לִיעבֶּע וָואס דֶער יוֹרֵשׁ-עֶצֶר, פְּרִינץ יְהוֹנָתָן טְרָאגְט אִין זַיין הֶערְצְן

צוּא זַיינֶעם רִיוַואלְלְן, דֶען קִינִפְטִיגְן מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל דָארְט אִין רָמָה, הָאבּ אִיךְ מִיךְ אִיבֶּער־צַייגְט, וִויא יְהוֹנָתָן אונד דָוִד זֶוענֶען נֶפֶשׁ אַחַת !

זֶעךְ נִיט קֶעהרֶנְדִיק צוּא מַיינֶע שְׁבָחִים,הָאט דֶער פְּרִינְץ וַוייטֶער דֶערצֵיאהלְט זַיין מַעֲשֶׂה.

מַיין טְהַייעֶרֶער דָוִד, הָאט, אָנְשְׁטַאט אוֹיךְ מִיךְ אַרִים צוּא נֶעהמֶען וִויא גֶעוֶואהנְלִיךְ, גָאר דַארלַאנגְט אַגָאס אַקוֶועלל מִיט טְרֶערִין אונד הָאט זִיךְ פוּן מִיר אָפּגֶערִיקְט, טִיעֶף בַּאוֶועגְט אונד אוֹיסְרִיפֶנְדִיק . אַךְ ! פְּרִינְץ יְהוֹנָתָן, וֶוען דִיא וָואלְטְסְט נֶעוִויסְט אַלְסְדִינְג, וָואס אִיז פָּארגֶעפַאלְלְן, וָואלְטסְט דִיא פַאראַכְטֶעט דַיין דָוִדן אַנְשְׁטָאט אִיהן אַזוֹי הֶערְצְלִיךְ אַרִים צִיא נֶעהמֶען !"

„וָואס אִיז דֶען אַזוֹינְס שְׁרֶעקְלִיכֶעס פָּארגֶעפַאללְן ?" הָאבּ אִיךְ גֶעפְרֶעגְט .

„אִיךְ הָאבּ דִיךְ רוּאִינִירְט, מַיין טְהַייעֶרסְטֶר פְּרַיינְד ! אִיךְ הָאבּ דִיךְ בַּארוֹיבְּט דַיין יְרוּשָׁה, אִיךְ הָאבּ אַקֶעגְן דִיר שְׁלֶעכְטֶער גֶעהַאנדְלְט אונד גְרוֹיזַאמֶער וִויא יַעֲקֹב הָאט גֶע־טְהִין צוּא עֵשָׂו'ן ! אָבֶּער" הָאט עֶר פְּלִיצִם אַגִישְׁרֵיי גֶעטְהִין, זִיךְ צוּא מִיר קֶעהרֶנְדִיק אונד מִיךְ הֵייסס אָנְהַאפֶּנְדִיק בַּאיי דֶער הַאנְד אונד מִיךְ בֶּעטְנְדִיק, "זַיי מִיר מוֹחֵל! אִיךְ וֶועלל דִיר אַלְסְדִינְג מוֹדֶה זַיין . עֶס אִיז אַזוֹי פְּלִיצִם גֶעקִימֶען אִיבֶּער מִיר אַז אִיךְ הָאבּ עֶס נִיט גִיקָאנְט אָפְּזָאגְן, נָאר דִיא זָאללְסְט אַלְדִינְג וִויסְסְן אונד וֶוען אִיךְ זָאלל אֲפִילוּ דַאדוּרְךְ פַארְלִירְן דַיין פְּרַיינְדשַׁאפְט אונד פֶערדִינֶען דַיינֶע פַאראַכְטִינְג ! הֶערשְׁזֶע !"

„הֶער זִיךְ אוֹיף צוּא גְרֶאמֶען, טְהַייעֶרֶער דָוִד" הָאבּ אִיךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט, גֶערִיהרְט וִויא אִיךְ בִּין גֶעוֶועזְן בִּיז צוּא טְרֶערְן . „אִיךְ וֵוייסס אַלְסְדִינְג, דִיא בִּיסְט זֶעהר הוֹיךְ גֶע־עֶהרְט גֶעוָוארְן פוּן גָאט ! דֶער נָבִיא הָאט דִיךְ דָוִד מַיינֶער, גֶעזַאלְבְּט מִיטְן שֶׁמֶן הַמִשְׁחָה אִיבֶּער דַיינֶע בְּרִידֶער, אונד דִיא וֶועסְט רֶעגִירְן יִשְׂרָאֵל נָאךְ דֶעם טוֹיט פוּן מַיין פָאטֶער ! דִיא זֶעהסְט אַז אִיךְ וֵוייס אַלְסְדִינְג . לָאז עֶס דִיךְ אָבֶּער גָאר נִיט קְרֶאנְקֶען ! אוֹיסדֶערְ־וֶועהלְטֶער פוּן גָאט בִּיסט דוּא גִיוֶוען פְּרִיעהֶער אונד זָאלְלסְט אוֹיךְ בְּלַייבְּן אַצִינד מַיין בֶּעסְטֶער אונד טְהַייעֶרסְטֶער פְּרַיינד . דֶער אוֹיסדֶערוֶועהְלְטֶער פוּן מַיין הַארץ !."

„וֶוער הָאט עֶס דִיר גֶעזָאגְט ?" הָאט עֶר מִיךְ גֶעפְרֶעגְט מִיט אַבִּיק פוּן סָפֵק אונד פַארוִינְדֶערִינְג . „עֵלִי הַלֵוִי, וֶועלְכֶער אִיז דֶערבַּאיי גֶעוֶועזְן" הָאבּ אִיךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט , מִיט אַ פְרַיינְדְלִיךְ שְׁמֵאכֶעלֶע אִין מַיינֶע אוֹיגְן . „דֶער רֵיחַ נִיחוֹחַ פוּן דֶעם שֶׁמֶן הַמִשְׁחָה שְׁמֶעקְט נָאךְ פוּן דַיין פְּרִינְצְלִיכְן קָאפּ מַיין אֵיינְצִיגֶער דָוִד ! "

„אונד דִיא פַאראָכְטְסְט מִיךְ נִיט ?" הָאט עֶר מִיט פְרֵייד אַגִישְׁרֵיי גֶעטְהִין . „נֵיין , נָאר כֵּפֶל כִּפְלַיִים הָאבּ אִיךְ דִיךְ לִיעֶבּ, זֶעהנְדִיק אַז גָאט הָאט דִיךְ אַזוֹי שְׁטַארְק לִיעֶבּ !"

„וֶועסְטֶע מִיר עֶס קָאנֶען מוֹחֵל זַיין ? " הָאט עֶר נָאךְ בִּסְפֵיקוֹת אַפְרֶעג גֶעטְהִין .

„אִיךְ הָאבּ דִיר גָאר נִיט וָואס מוֹחֵל צוּא זַיין, מַיין דָוִדל, דִיא בִּיסְט אִין דֶעם גָאר נִיט שׁוּלְדִיג ! " „אונד אִיךְ וָואלְט פָּארְט עֶס נִיט בַּאדַארפְט אָנֶעהמֶען, אִיךְ הָאבּ מִיךְ גִיקָאנְט אָפְּזָאגְן — . „רֶעד נִיט אַזוֹי" הָאבּ אִיךְ דֶער שְׁרָאקְן אַגִישְׁרֵיי גֶעטְהִין, דִיא הָאסְט נִיט גֶעטָארט עוֹבֵר זַיין אוֹיף גָאטְס בַּאפוּיל, עֶר הָאט דִיךְ אוֹיסגֶעקְלוֹיבְּן צוּא רֶעגִירְן אִיבֶּער זַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל ! וֶוען דִיא וָואלסְט זִיךְ אָפְּגֶעזָאגְט, וָואלְט אַן אַנדֶערֶער גֶעזַאלְבְּט

גֶעוֶוארן אוֹיף דַיין אָרְט . וָוארְם דִיא גְזֵירָה אִיז אֵיין מָאהל אַרוֹיס אַז דִיא מְלִיכָה זָאל צוּא גֶענִימֶען וֶוערֶן פוּן מַיין פָּאטֶערְס הוֹיז, אַזוֹי וִוילל עֶס גָאט, אוּנד זַיין רָצוֹן בַּייט זִיךְ קֵיין מָאהל נִיט . לָאמִיר זִיךְ בֵּיידֶע אוּנְטֶערוַוארְפֶן אִינְטֶער זַיין רָצוֹן . לָאמִיר אִין גֶעדוּלְד טְרָאגֶן אוּנזֶערֶע שְׁמֶערְצֶן, וָוארְם אִיךְ וֵויים אַז דַיינֶע שְׁמֶערְצֶן זֶענֶען נָאךְ אַסַךְ טִיעפֶער וִויא דִיא מַיינֶע; מֶען זָאלל קֵיין טָעוּת נִיט הָאבֶּן אוֹיף דִיר אַז דִיא קָאנְסְט זַיין אַפַיינְד דַיינֶעם פְרַיינְדֶע ! “

„בִּיסְטֶע מִיר אַלְזָאה מוֹחֵל ? “ הָאט עֶר אַפְרֶעג גֶעטְהִין מִיט אַקִיק פוּן פְרֵאהלִיכְקֵייט אוּנד גְלִיק . „פוּן מַיין גַאנְצֶן הַארְצֶן ! “ הָאבּ אִיךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוֹיסשְׁפְּרֵייטֶנְדִיק מַיינֶע אָרְים . „אִיךְ וִויל בֶּעססֶער הֶעררשֶׁן אִין דַיין הַארְץ, אוּנד דִיא וֶועסְט רֶעגִירֶן אוֹיף מַיין טְהרָאן אַזוֹי וֶועללֶן מִיר בֵּיידֶע מְלָכִים זַיין . ! “

„עֶר אִיז מִיר פָּשׁוּט אַרַיין גֶעשְׁפְּרִינגֶען אִין דִיא אָרִים, אוּנד אִיךְ הָאבּ אִיהם צִיאגִיקְוֶועטשְׁט צוּא מַיין הַארְץ הָאבּ גֶעקִישְׁט זַיין שֶׁאנֶען שְׁטֶערְן . אוּנד אִין דֶעם אוֹיגְן בְּלִיק הָאבּ אִיךְ צוּא גְחַתְמְ'ט אוּנזֶערֶע פְרַיינְדשַׁאפְט אוֹיף אַללֶע צַייטֶן, אוּנטֶער אַללֶע אוּמְשְׁטַאנְדֶן אוּנד אוֹיף יֶעדְן פַאלל ! “

„וֶוערְטְה אֵיינֶער דֶעם אַנדֶערן, עֶדֶעלֶע בְּרִידֶער, טְרַייא אִיז אַייֶער פְרַיינְדשַׁאפְט אוּנד הֵיילִיק אִיז אַייֶער לִיעבֶּע .“ הָאבּ אִיךְ אוֹיסגֶערִיפֶן, טִיעף גֶערִיהרְט, אַייעֶרֶע מַאיֶעסְטֶאט, פוּן אַזַא לִיעבֶּע וָואס אִיז גַאנְץ אָהן קֵיין שׁוּם אִינְטֶערֶעססֶע, וָואס שְׁטֶעהט אַזוֹי הוֹיךְ אִיבֶּער דֶער מֶענשְׁלִיכֶן נַאטוּר ! – נָאךְ אֵיינִיגֶע אוֹיגְן בְּלִיקֶע פוּן שְׁטִילשְׁוַוייגְן הָאט זִיךְ דֶער פְּרִינְץ וַוייטֶער אָן גֶערִיפֶן .

אִיךְ הָאבּ דִיר מַיין טְהַייעֶרֶער אַרְבַּאצֶעס דִיא גֶעשִׁיכְטֶע פוּן מַיינֶער בֶּעקַאנְטשַׁאפְט מִיט דָוִדן אַבּזִיכְטְלִיךְ אַזוֹי לַאנְג אוּנד אַזוֹי בְּרֵייט דֶערצֵאהלְט, כְּדֵי דִיא זָאלְסְט אַקוּרַאט פַארשְׁטֶעהן מַיין פַארהֶאלְטְנִים צִין אִיהם. וֶוען, אַפָּאר יָאהר שְׁפֶּעטֶער נָאךְ דֶער מְשִׁיחָה . הָאבּ אִיךְ אִיהם גֶעבְּרַאכְט דִיא שְׁלִיחוּת פוּן מַיין פָּאטֶער עֶר זָאלל צִין אִיהם קִימֶען מִיט זַיין הַארְפֶּע . וֶוען עֶס אִיז נִיט צוּא שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט, וֶועלל אִיךְ מַיינֶע דֶערצֵאהלוּנְג נָאךְ הַיינְט עֶנְדִיגֶן . – וִויא אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אִין אָן הוֹיבּ גֶעזָאגְט הָאבּ אִיךְ אִיהם גְרָאד גֶעטְרָאפֶן גֶעבְּן אַ קְוֶועלֶע אָן טְרִינְקֶענְדִיק זַיינֶע שָׁאאף, אַקוּרַאט וִויא אוּנזֶערֶע אָבוֹת , וִויא אַבְרָהָם, וִויא נֹחַ, אוּנד וִויא כְּנַעַן דֶער זִין פוּן חָם הָאבֶּן גֶעלֶאשְׁט זֵייעֶר דוּרשְׁט . אִיךְ בִּין צִיגֶעקִימֶען, מִיר הָאבֶּן זִיךְ אַרִים גֶענִימֶען צִיקִישְׁט, אוּנד הָאבּ אִיהם מוֹדִיעַ גִיוֶועֶן מַיין פָּאטֶערְס שְׁלִיחוּת .

„אִיךְ וֶועלל גֶעהָארְכְן וֶוען מַיין פָּאטֶער וֶועט מִיר הֵייססֶן גֶעהן“ הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט, וָוארְם דִיא וֵוייסט אַז עֶס פַּאסְט פַאר מִיר אַלְסדִינְג צוּא טְהִין אַבִי דֶען קֶאנִיג גְלִיקְלִיךְ צוּא מַאכֶן . אָבֶּער מַיין בְּרִידֶער אוּנד מַיין פְרַיינְד“ הָאט עֶר אַזָאג גֶעטְהִין מִיט עַנִוּוֹת . אִיךְ בִּין נָאר אַ בֶּערגמַאן, אוּנד מַיין שְׁפִּיעל אִיז עֶפֶּעס נִיט אַזוֹי חֲרִיפוּתְדִיק . פַאר דִיא שָׁאף אִיז עֶס שׁוֹין גֶענִיג . אָבֶּער וִויא וֶועלל אִיךְ קֶאנֶען שְׁפִּיעלן פַאר אַ קֶאנִיג ? “

„דֶער רוּחַ ה' אִיז אוֹיף דִיר מַיין דָוִד“, הָאבּ אִיךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט . „מוּזִיק אִיז

אַ מַתְּנַת אֱלֹקִים, וָואס גָאט הָאט גֶעשֶׁענקְט דֶעם מֶענְשֶׁן אונד דִיר הָאט עֶר דִיא מַתָּנָה מִיט פִּילֶלֶע הָאנד גֶעגֶעבֶּן. קִים מִיט מִיר אונד בְּרֶענְג טַאקִי דַיינֶע אֵייגֶענֶע הַארְפֶּע מִיט דִיר !" אִיךְ הָאבּ אִיהְן אִיבֶּערגֶערֶעדְט, הָאבּ אִיהָם גֶעבְּרַאכְט צוּא זַיין פָאטֶער יִשַׁי, וֶועלכֶער הָאט אִיהם נִיט נָאר גֶעהֵייסֶן צוּא פָאלְגֶן דֶעם קֶענִיג זָאנְדֶערְן הָאט אוֹיךְ גֶעשִׁיקְט דוּרךְ דָוִדם הַאנְד אַ שֶׁענֶע מַתָּנָה צוּא שָׁאוּלְן פוּן בְּרוֹיט, וַויין, אונד פְלֵייש. — וֶוען אִיךְ בִּין מִיט דָוִד צוּרִיק גֶעקִימֶען צוּא מֵיין פָאטֶער אונד מִיר וֶוענֶען אַרַיין גֶעקִימֶען אִין זַיין חֶדֶר אַרַיין הָאבֶּן מִיר אִיהְן גֶעפִינֶען זִיצֶנְדִיק נֶעבֶּן זַיין טִישׁ, גַאנְץ קְלָאהר אִין קָאפּ אונד הָאט גְרָאד גֶעוָואלְט אָן הוֹיבְּן צוּא עֶסֶן, דְרִימְאוֹיךְ הָאבּ אִיךְ קֵיין מוֹרָא נִיט גֶעהַאט פַאר אִיהם צוּא קִימֶען. מִיךְ דֶער זֶעהְנְדִיק, הָאט עֶר צוּא מִיר זֶעהר זַאנְפְט גֶערֶעדְט אונד הָאט מִיךְ גֶערִיפֶן „מֵיין גִיטֶער זִין" אונד הָאט פַארלַאנְגְט אִיךְ זָאלל מִיךְ נֶעבְּן אִיהם אַנִיעדֶערזֶעצֶען צוּא טִישׁ, זָאגֶנְדִיק „אָי וָואלְט אִיךְ אַצִינד הֲנָאָה גֶעהַאט וֶוען אִיךְ וָואלְט פַאר דִיר אַצִינְד גִיקָאנְט אַנִיעדֶער לֶעגְן אַגִיט שְׁטִיקֶעלֶע פְלֵייש אונד דִיךְ מְכַבֵּד זַיין מִיט אַגִיט גְלֶאזֶעלֶע נַייעֶן וַויין ! —

אִין דֶעם גְלִיקְלִיכְן אוֹיגֶן בְּלִיק הָאבּ אִיךְ אַרִיעף גֶעטְהִין דָוִדן, אונד אִיהְן פָאר־שְׁטֶעלֶלֶנְדִיק פַארן קֶענִיג הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט. „דָאס אִיז דֶער בֶּן יִשַׁי, נָאךְ וֶועלכְן מֵיין פָאטֶער הָאט גֶעשִׁיקְט. עֶר הָאט גֶעפָאלְגְט דֶעם קֶענִיגְס בַּאפוּיל, אונד בְּרֶענְגְט מִיט אִיהם אַ מַתָּנָה פוּן זֵיינֶעם פָאטֶער דֶעם אֶפְרָתִי."

דָאה הָאט זִיךְ דָוִד, טַאקִי אַבִּיסל פַארלֶעגֶען, זִיךְ גֶעבִּיקְט פַארן קֶענִיג מִיט אַ בְּחֵןְ'עוְודִיקְן כָּבוֹד, אונד הָאט אִיהם אִיבֶּערגֶעגֶעבֶּן דִיא מַתָּנָה, זָאגֶנדִיק, "מֵיין פָאטֶער אִיז מִתְפַּלֵל פַאר דֶעם קֶענִיגְס גֶעזוּנְדְהֵייט, אונד בֶּעט דֶעמִיטְהִיג צוּא עֶמְפְּפַאנְגֶען דִיא קְלֵיינֶע מַתָּנָה פוּן זַיין זִינְס הַאנְד !"

„דֶער קֶענִיג הָאט אַן אוֹיגְן בְּלִיק בַּאטְרַאכְט דָאס לִיכְטִיגֶע פָּנִים פִינֶעם שֶׁאמֶעוְודִיקְן שֵׁאפֶער, אונד הָאט נֶעשַׁיינְט בַּאטְרָאפְן צוּא זַיין פוּן דֶער שֶׁאנֶקְייט אונד עֶדלֶקֵייט פִינֶעם אוֹיסדְרִיק, הָאט עֶר אַזָאג גֶעטְהִין מִיט נַחַת אונד פַארגְנִיגֶן.

„זַאיי ווִילקָאמֶען, יוּנְגֶער מַאן ! אִיךְ בִּין מְקַבֵּל דִיא מַתָּנָה מִיט פַארגְנִיגֶן, אונד בַּאפוּיל דִיר דַיין פָאטֶער צוּא דַאנְקֶען אִין מֵיין נָאמֶען ! — וִויא רִיעפְט מֶען דִיךְ ?"

דָוִד, מַיין הֶערר אונד קֶענִיג. הֶאט עֶר גֶעעֶנטְפֶערט. „מִיר גֶעפֶעלְט זֶעהר דַיין אָנבְּלִיק, וָואס וָואלְטְסְטֶע גֶעזָאגְט, וֶוען אִיךְ וָואלְט גֶעוָואלט אַז דִיא זָאלְסְט וֶוערן מַיין נוֹשֵׂא כֵּלִים (וַאפֶן טְרֶעגֶער) ? הָאסְטֶע שׁוֹין גֶעטְרָאגֶן וַואפְּן ?"

„אַפָּאר מָאהל מִיט מַיין פָאטֶער אונד בְּרִידֶער אַקֶעגֶן דִיא פְּלִשְׁתִּים, אַיָאהר דְרַיי צוּרִיק !" הָאט עֶר זִיךְ רִיהִיג גֶעעֶנטְפֶערְט „נָאר מַיינֶע בֶּעשֶׁעפְטִיגוּנְג אִיז אַ שֵׁאפֶער אָ קֶענִיג !" אִיךְ הָאבּ גֶעהֶארט אַז דִיא בִּיסְט אַ בַּארִיהמְטֶער הַארפְן שְׁפִּיעלֶער" הָאט דֶער קֶענִיג גֶעזָאגְט „אִיךְ אַמִיזִיר מִיךְ אִין דִיא לֵיידִיגֶע שְׁטוּנְדְן אִין דֶער מִדְבָּר מִיט מַיין אָרִימֶעס אִינסְטְרוּמֶענְט אַייֶערֶע מַאיֶעסְטֶעט," הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט.

„מַיין פָאטֶער הָאט דֶען בַּאפוּילְן אַ הַארפֶּע צוּא בְּרֶענְגֶען, אונד שְׁטֶעהֶנְדִיק פַאר

איהם האט ער געשפּיעלט אזוי קינציג אזוי ווינדער שאן אונד האט דאס שפּיעל באַ-
לייט מיט אַ קול אזוי זאנפט, אזוי זיסס אונד אזוי ווייך קלינגענדיק, אז ווען ער האט
געענקט האט איהם דער קאניג אויסגעדריקט זיין פארגניגן מיט דיא וואַרמסטן ווארטער.
אונד אַראפּגעהמענדיק אן ארים-באַנד פון זיין ארים האט ער דאס אן געטהין אויף
דעם ארים פון דעם הארפיסטן, זאגנדיק מיט דעם פריינדליכסטן טאן אין דער וועלט :
„דיא וועסט שוין מיט מיר בלייבן ! דיא זאלסט ווערן מיין וואפפן טראגער אונד
דער המנצח בנגינות (ערשטער זינגער) אונד שטעהן פאר מיין פּנים, אונד זאלסט תמיד
זיין מיט מיר אונד געבן מיר, דער ארוים אונד דער אריין געהער פאר מיר. " —

אונד אט אזוי האט געמיזט דער באשטימטער יורש פון מיין פאטערס טהראן
געבראכט ווערן פאר איהם, אונד אריין טרעטן אין זיין דיענסט, דאה זאלל דער קינפטיגע
קאניג פון ישראל זיך געוואהנען, מיט זיינע קאניגליכע פפליכטן, אבעסערע גע-
לעגענהייט האט גאר ניט ניקאנט עקזיסטירן .

דעם נעכסטן טאג האט דעם קאניג באפאלן דער רוח רעה · דוד האט א האפּ
געטהין דיא הארף אונר האט אן געהויבען צוא שפּיעלן א מלחמה שטיק, אונד באלד
איז באריהרט געווארן דאס הארץ פינעם גיבור מלחמה . תיכף דער נאך האט ער
איבער געביטן דיא מעלאדיע אויף א טראַוועריגער אונד קלאגנדיקער, אונד באלד
שפּעטער האט ער גענעבן א פּרעהליכס, א לעבעדיגס אלס צושפּיעל . — דער קאניג
האט זיך גאנץ דערקוויקט אונד דער שווארצער רוח רעה האט איהם פארלאזט, אונד
איז באלד וויעדער צוא זיך געקימען . — פון אט דער צייט אן איז איהם דוד שטארק
נויטיג געווארן . ער האט איהן באדארפט האבן וועגן זיינער געזינדקייט אונד גליק-
ליכקייט . האט זיך אשווארצע חמארע פון ארוה רעה ארויף געריקט אויף דעם קאניגס
קאפּ אונד הארץ, איז תמיד דוד'ס הארפע געוועזן אים שטאנד, דיא חמארע צוא פאר-
טרייבן אונד דעם קאניגס פּנים האט וויעדער געשיינט . ענדליך איז מיין פאטער גאנץ
קורירט געווארן . אונד דוד האט באיי איהם געפועלט, צוריק צוא קעהרן צוא זיין
פאטער . מיר האט ער געזאגט, אז ער פיהלט זיך גאר ניט באקוועם אין דער גע-
גענווארט פון דעם מענשן, וועלכן גאטס פארבארגענער גזר האט געמשפּט, אונד ער זאלל
ממלא מקומו זיין ! "

א לאנגע צייט דערנאך האט ער געוואהנט אין בית-לחם, אונד האט זיך באשעפ-
טיגט מיט אללע דעם וויא פריעהער פארגעססנדיק דען הויף מיט אללעס ארום אונד
ארום מיינע ליעבע אבער צין איהם איז מיט יעדן טאג שטארקער אונד הייסער געווארן
אונד אפילו דאס הארץ פון מיינער שיינען שוועסטער מיכל האט ער אויך מיט זיך פאר-
פיהרט. איך האב ניט געוויסט," האט יהונתן ווייטער דערצעהלט: „אז דער נביא האט
איהן אוועקגעריפן גען רמה אין דער שולע פון דיא בני הנביאים , ביז איך האב איהן
דארטן פּליצם. דערזעהן עטליכע טאג צופאר אין דיין געגענווארט . נאר דער נביא זיכט

אִיהן פָארצוּגְרייטן צוּא דֶער הוֹיכְן שְׁטֶעללוּנְג, צוּא וֶועלכֶער גָאט הָאט אִיהן שׁוֹין לַאנג בַּאשְׁטִימְט.״ –

פְּרִינְץ יְהוֹנָתָן הָאט אַצִינד גִיעֶקְט זַיינֶע לַאנגֶע אוּנד פַאר מִיר זֶעהר אִינְטֶערֶעסַאנְטֶע דֶערצֶעהלוּנג. דִיא מִיטֶערְנַאכְט לְבָנָה אִיז שׁוֹין אַרִינְטֶערגִיגַאנגֶען פוּן יֶענֶער זַייט בַּארג פוּן מֶעָרָב זַייט פוּן חֶבְרוֹן, אוּנד אַרְקְטוּרוּס הָאט גִישַׁיינְט אִים נָארְדְן וִויא אַגרוֹיסֶער דִימֶענְט, מִיט אַפְלַאטֶערְנְדִיקֶן שַׁיין אוּנד צְווִישְׁן אַללֶע גְלַאנְצֶענדִיקֶע שְׁטֶערן הָאט זִיךְ גֶעצוֹיגְן דִיא גְרוֹיסֶע מִילךְ-שְׁטְרַאססֶע אִיבֶּערן גַאנְצְן לוֹיטֶערן הִימְמֶל. שְׁטִילל אוּנד רוּהִיג אִיז גִיוֶוען דִיא נַאכְט. מִיר זֶענֶען גְרַאד גִיזֶעסְן פַאר דֶער טְהִיר פוּן מַיין גִיצֶעלט אוּנד הָאבְּן מִיט פַארוּוינְדֶערוּנג בַּאטְרַאכְט דֶען גְלַאנְץ פִינֶעם אוֹיסְגִישְׁטֶערְנְטְן אוּנד פְּרַאכְטפָאלל בֶּעלַייכְטֶעטְן הִימְמֶל, אוּנד אִיךְ הָאבּ אַנְדֶערְשׁ נִיט גִיקֶענְט אַלס צוּא דַאנְקֶען דֶעם פְּרִינְצְן אוֹיפְרִיכְטִיג אוּנד הֶערְצְלִיךְ פַאר דֶעם פֶערגֶענִיגְן וָואס עֶר הָאט מִיר גִישֶׁענְקְט מִיט זַיינֶער דֶערצֶעהלוּנְג אוּנד הָאבּ אִיהם פַארזִיכֶערְט אַז פוּן הַיינְט אָן אוּנד וַוייטֶער, וֶועל אִיךְ פִיהְלֶן אַ פִיעל טִיעפֶערן אִינְטֶערֶעסס אִינֶעם לֶעבְּן אוּנד אִינֶעם גְלִיק פוּן זַיין גְרוֹיסְן פְרַיינד דֶעם יוּנְגְן שָׁאפֶער אוּנד קִינְפְטִיגְן קֶענִיג דָוִד.

„עֶס טְהִיט מִיר זֵייעֶר לֵייד״ הָאט זִיךְ דֶער פְּרִינְץ אָנְגֶערִיפְן. „צוּא זָאגְן אַז דֶעם קֶענִיגְס רְפוּאָה הָאט נִיט זֶעהר לַאנג גִידָאוֶוערְט זַייט דָוִד הָאט אִיהם פֶערלָאזְט. עֶרְשְׁט זַייט עֶטְלִיכֶע טָאג, זַייט דִיא פְּלִישְׁתִּים הָאבְּן זִיךְ ווִיעדֶער אָנגִיהוֹיבְּן צוּא רִיהְרְן, אִיז דֶער קֶענִיג ווִיעדֶער קְרַאנְק גִיוָוארְן, בִּיסְטִי דָאךְ אַלֵיין, פְּרִינְץ אַרְבַּאצֶעס אַן עֵדוּת גִיוֶוען פוּן דֶעם שְׁרֶעקְלִיכְן אַנְפַאלל פִינֶעם רוּחַ רָעָה אוֹיפְן קֶענִיג. דוּא הָאסְט גִיזֶעהְן וִויא אִיךְ הָאבּ אַווִינְק גִיגֶעבְּן צוּא דִיא שְׁפִּיעלֶערִים זֵיי זָאללְן עֶפֶּעס שְׁפִּיעלְן, אִין דֶער הָאפְנוּנג דֶעם קֶענִיג צוּא בֶּערִיהִיגְן, וָואס דֶער סוֹף אִיז גִיוֶוען ווֵייסְסְטֶע דָאךְ. וָוען דֶער פַאטֶער וֶוערְט נִיט עֶפֶּעס בֶּעססֶער וֶועלל אִיךְ מִיזְן שִׁיקְן נָאךְ דָוִדְן גֶען רָמָה אַז עֶר זָאלל קִימֶען אוּנד דֶען קֶענִיג בַּארִיהִיגְן מִיט זַיין שְׁפִּיעל אוּנד גִיזַאנְג.״

דֶער פְּרִינְץ אִיז אַצִינד אוֹיפְגִישְׁטַאנֶען אַהֵיים צוּא גֶעהְן, אוּנד אַז אִיךְ הָאבּ אִיהם נִיט גִיקֶענְט אִיבֶּערֶערֶעדְן עֶר זָאלל בַּייא מִיר אִיבֶּערנֶאכְטִיגְן, הָאט עֶר נָאר וָואס גִיוָואלְט אַוֶועקגֶעהְן מִיט זַיין נוֹשֵׂא כֵּלִים, זֶענֶען דְרַיי הוֹיכֶע קְרֶאפְטִיגֶע אוּנד גִיט בַּאוַואפְנְטֶע מֶאנֶער גְרַאד דוּרְכְגִיגַאנְגֶען נִיט וַוייט פוּן מַיין גִיצֶעלט, מַיין שׁוֹמֵר הָאט נָאר וָואס זֵייא גֶעוָואלְט בַּאפְרֶעגְן וֶוער אוּנד וָואס, הָאט דֶער פְּרִינְץ אַווִינְק גֶעגֶעבְּן צוּא שְׁוַוייגְן אוּנד הָאט זִיךְ זֶעלבְּסְט צוּא זֵיי אַקֶעהר גֶעטְהִין אוּנד גִיזָאגְט: „וָואס? בְּנֵי יִשַׁי! גֶעפִין אִיךְ אַייךְ דָאה, פַארְטִיג בַּאוַואפְנְט אוּנד גְרֵייט צוּם קְרִיעג?״

„יָאה מַיין הֶערר פְּרִינְץ,״ הָאבְּן זֵייא גִיעֶנְטְפֶערְט–דָאס זֶענֶען מִיר אֱלִיאָב, אֲבִינָדָב אוּנד שַׁמָּה מִיר גֶעהְן גֶען חֶבְרוֹן, מִיר ווִילְלְן אַיינְטְרֶעטְן אִינֶעם קֶענִיגְס דִיעֶנְסְט-צוּא קַאמְפְפְן אַקֶעגְן דִיא פְּלִשְׁתִּים״.

„קִימְט שְׁוֶוע מִיט מִיר״ הָאט דֶער פְּרִינְץ גִיזָאגְט–„אִיךְ גֶעה אוֹיךְ גֶען חֶבְרוֹן. מַיין

פּאטֶער דֶער קֶענִיג וֶועט זִיךְ גַאנץ גֶעווִיסס זֶעהר פְרֵייעֶן אֲוֶעלְכֶע בְּרִיוֹת וִויא אִיהר אִין זַיין דִיעֶנְסט צוּא נֶעהמֶען .״

„יָאה, מִיר זֶענֶען נִיט בֶּעוָואפנט מִיט הַארְפֶן אוּנד מִיט מוּזִיקַאלִישֶע אִינְסְטְרוּמֶענְטֶן, מִיר טְרָאגֶן שַארפֶע שְׁוֶוערדטֶער אוּנד שְׁטַארקֶע קְרִיעגס־הֶאקְ אוּנד מִיר פֶערשְׁטֶעהֶן צוּ שְׁפַּאלְטֶן הֶעלְם אוּנד קִירַאסס, וֶוען נוֹיטִיג.״ דָאס הָאט אֵיינֶער פוּן זֵיי גִיזָאגט, אֵייעֶרֶע מַאיֶעסטֶאט, אַלס אַ שְׁטִיךְ וָוארְטל אוֹיף זֵייעֶר יוּנְגֶערן בְּרִידֶער דָוִדן, זֵייא הָאבֶן אַפָּנִים נָאכגִיטְרָאגֶן קִנְאָה אוּנד שִׂנְאָה אִין זֵייעֶרֶע הֶערצֶער אֶקֶעגֶן אִיהם. וִויא וֶועניִג הָאט זִיךְ זֵיי גֶחָלוֹמט פוּן זַיינֶער הוֹיכֶן שְׁטֶעללוּנג אוּנד זַיינֶער גִיקְרוֹינטֶען צוּקוּנְפט? וִויא וֶועניִג הָאט זִיךְ שָׁאוּלֶן גֶעחָלוֹמט אַז דִיא קוּנְסטלִיכֶע הַאנד, וָואס הָאט אַזוֹי וְוינדֶערשֵׁיין גֶעשְׁפִּילט אוֹיף דֶער הַארפֶע, וֶועט שְׁפֶּעטֶער הַאלְטֶן דֶעם שֵׁבֶט מַלְכוּת!

דִיא דְרַיי מַאנֶער פָאלְגֶנדִיק דֶעם פְּרִינְץ זֶענֶען אַרִיבֶּערגִינַאנגֶען דֶען פְלַיין אוּנד בַּאלד הָאבּ אִיךְ זֵיי אַללֶע נִיט מֶעהר גִיקָאנט זֶעהן. –

אַייעֶרֶע מַאיֶעסטֶאט טְרַייֶעסטֶער אַרְבַּאצֶעס. !–

---

## זיבעטער בריוו

אַרְבַּאצֶעס דֶרע גֶעזַאנְדטֶער צוּא בֶּעלוּס קֶאנִיג פוּן אַססִירִיעֶן. שָׁלוֹם!–

שָׁאוּלס לַאגֶער, עֵמֶק אֵלָה .

מַיין קֶאנִיגלִיכֶער קָאזֶען אוּנד קֶאנִיג,–נִיט מִיט וֶועניִג פֶערגְנִיגֶן הֵייבּ אִיךְ אָן אָט דֶעם דָאזִיגֶן בְּרִיוו צוּא שְׁרַייבֶן, וַוייל אִיךְ וֵוייסס וִויא גִיךְ אַייעֶרֶע מַאיֶעסטֶאט וֶועללֶן אִיהן עֶרהַאלְטֶן. אִיבֶּערמָארְגֶן וֶועט פוּן דַאנֶען אַוֶועקְגֶעהֶן אַ קַארַאוַואנֶע גֶען סִירִיעֶן; דֶער קֶאנִיג פוּן דַאמַאסְקוּס הָאט נֶאמְלִיךְ אַ קוּרִיעֶר גֶעשִׁיקט צוּם קֶאנִיג שָׁאוּל אוּנד הָאט אִיהם פָּאר־גֶעלֶעגט צוּם פֶערְקוֹיף אַללֶערלֵייא כְּלֵי זַיִן פוּן זַיינֶע בַּארִיהמְטֶע וַואפֶּן־וֶוערק־שְׁטֶעללֶן מִיט אִיהם שִׁיק אִיךְ אַפַּאק בְּרִיוו, וֶועלכֶע עֶר וֶועט בְּרֶענְגֶן בִּיז גֶען בָּבֶל, פוּן דָארט וֶועסטִי שׁוֹין דָאס פַּאקֶעט עֶרהַאלְטֶן מִיט דֶער גִיוֶואהנְלִיכֶן פָּאסט, וֶועלכֶע דַיין וִויצֶע־קֶאנִיג בֶּעלֶעזִיס שִׁיקט דִיר רֶעגְלמֶאססִיג גֶען נִינְוֵה. – עֶס וֶועט אַייעֶרֶע מַאיֶעסטֶאט זֶעהר פְרֵייעֶן צוּ הֶערן אַז אִיךְ גֶעפִין מִיךְ זֶעהר וָואהל אוּנד מֵיינֶע קַארַאוַואנֶע וֶועלכֶע אִיז גֶעצְווינגֶען זִיךְ גִיט אוֹיסצוּרִיהֶען אִיז גִילָאגֶערט אִין דֶעם זֶעהר גֶעזִינְטֶן אוּנד עֶרקְוִויקֶנדִיקֶן אֵלוֹן מַמְרֵא, וִויא עֶס גֶעפִינט זִיךְ גִיט וַואסֶער אוּנד אַסַךְ פֶעט גְרָאז פַאר דִיא פֶערד. – אַייעֶרֶע מַא־יֶעסטֶאט הָאבֶן שׁוֹין וָואהל בַּאמֶערקט דִיא אֶנדֶערוּנג פוּן מַיינֶער אַדרֶעססֶע. כְּדֵי עֶס קְלָאר צוּא מַאכֶן, מִיז אִיךְ אָנְהֵייבֶן דָארט וִויא מַיין לֶעצטֶער בְּרִיוו הָאט זִיךְ גִיעֶנְקט. אַייעֶרֶע מַאיֶעסטֶאט הָאבֶן פִינֶעם לֶעצְטֶן בְּרִיוו אַרוֹיסגִיזֶעהֶן אַז שָׁאוּל הַמֶּלֶךְ הָאט זִיךְ פַּארטִיג גֶע־מַאכט צִין אַ מִלְחָמָה מִיט דִיא פְּלִשְׁתִּים. דְרַיי טָאג נָאךְ יֶענֶעם זַאמֶר־שְׁטוּרֶם, פוּן וֶועלְכֶן אִיךְ הָאבּ שׁוֹין גִימֶעלְדֶעט, הָאט זִיךְ דִיא יוּדִישֶׁע אַרְמֶעע אַשִׁיטט גֶעטְהִין פוּן דֶער שְׁטָאט אִין דֶעם אֵלוֹן מַמְרֵא, אוּנד הָאבֶּן זִיךְ אוֹיסגִישְׁטֶעלְט אִין מַארש־קָאלָאנֶען. תָּאטְשׁ זֶעהר

שְׁלֶעכְט בַּאוַואפְנְט, אוּנד אַסַךְ וֶועניגֶער וִויא בְּרִילְלִיַאנְטִיש אויסזֶעהֶנְדִיק זֶענֶען זֵיי דָאךְ גֶעוֶועןְ קֵיין מַעֲשֶׂה נִיט פוּן אַ מַחֲנֶה , הַאלב פַארפִינְצְטֶערְנְדִיק דֶען בְּרֵייטֶן פְלֵיין מִיט זֵייעֶר צָאהל . —

פַאר אֵיינֶעם, וָואס אִיז גֶעוָואהנְט צוּא זֶעהן דִיא פְּרֶאכְטִיגֶען אַרְמֶעֶען פוּן אַיְיעֶרֶער מַאיֶעסְטֶאט, פַארְטִיג צִין אַ מִלְחָמָה ; דֶעם גְלַאנְץ פוּן דִיא וַואפְּן ; דִיא מֶערְקְוִוירְדִיגֶע , גְרוֹיסאַרְטִיגֶע פֶערשִׁיעֶדֶענַקֵייט פוּן דִיא קָאסְטְיָאמֶען (בַּאקְלֵיידוּנְג) ; דִיא פְלַאם פוּן צֶעהֶען טוֹיזֶענד הֶעלְמְס , זֵייעֶרֶע שְׁנֶעעוַוייססֶע קָאמֶען , דֶען בְּלִישְׁטְשׁ פוּן אַ וַואלד שְׁפִּיעֶזְן, דִיא רַייךְ גֶעהַארְנִישְׁטֶע עֶפְּרַאטִישֶׁען (מִמְּחוֹז פְּרָת) פֶערד אויסגִישְׁטֶעלט אִין סְקְוַואדְרָאנֶען אַ טוֹיזְנְד טִיעֶף, דִיא שְׁרֶעקְלִיכֶע שׁוּרָה פוּן עֶלֶעפַאנְטֶן מִיט זֵייעֶרֶע הוֹיכֶע טְהִירְמֶער אָנ־גִישְׁטָאפְּט מִיט בֶּעוַואפְנְטֶע מַאנֶער ; דִיא מַחֲנוֹת פוּן דִיא אויסלֶאנְדִישֶׁע רוֹבֵי־קֶשֶׁת , פוּן וַוארף־שְׁפִּיעֶז וַוארְפֶער, פוּן חִידֶעקְלִשֶׁע בַּעֲלֵי רוֹמַח, פוּן דֶער אַייזֶערְנֶער פַהאלַאנְקְס, פוּן בָּבֶלְשֶׁע בַּעֲלֵי קַרְדוּם ; דִיא פַיינְסְטֶן בַּאטַאלְלִיָאנֶע פוּן רַייטוֶועגְן גִיאַרְבֶּעט פוּן עֶלְפֶנְבֵּיין אוּנד גָאלד ; דֶער אוּנֶענְדְלִיכֶער פָארְרַאטה פוּן אַללֶערְלֵיי מַאשִׁינֶען פַארן קְרִיעֶג אוּנד פַאר אַבַּאלַאגֶערוּנְג, מִיט דִיא צֶעהן טוֹיזְנְד פָאנֶען פוּן אַיֶעדֶער פַארב פְלַאמֶענְדִיק אִיבֶּער דֶעם מִיט חַיִל בַּאלָאדֶענֶעם טְהָאל – פַאר אֵיינֶעם וָואס זַיינֶע אוֹיגְן זֶענֶען אַזוֹי גִיוָואהנְט מִיט אַזֶעלכֶע סְצֶענֶע . הָאט דִיא נִיט בְּגַאֲוָהדִיקֶע יוּדִישֶׁע אַרְמֶעע וֶוענִיג אִינְטֶערֶעססֶע .

רַייטֶער זֶענֶען זֶעהר וֶוענִיג גִיוֶועןְ , וֶועהְרֶנד דִיא פִים־זָאלְדַאטֶן הָאבְּן גִיטְרָאגְן אַללֶערְלֵיי וַואפְן אוּנד מֶען הָאט זִיךְ וֶוענִיג חֶשְׁבּוֹן אָפְּגִיגֶעבְּן, אִין בַּאצוּג אוֹיף דִיא אַיינ־הַייט פוּן דֶער בַּאקְלֵיידוּנְג . אוּנְד קֵיין אֵיינְצִיגְן עֶלֶעפַאנְטֶן הָאבּ אִיךְ נִיט גִיזֶעהן אִין דֶער גַאנְצְן אַרְמֶעע : נָאר דֶעם קֶאנִיגס אוּנד דֶען פְּרִינְצְן יוֹנָתָנְס לַייבּ־גַארְדֶע זֶענֶען גִיוֶועןְ אַן אויסנֶעהם פִינֶעם כְּלָל . דִיא גַארְדִיסְטֶן זֶענֶען גִיוֶועןְ גִיט בַּעהֶלְמְט מִיט אויסגִיצֵייכְנְטֶע קוּי־רַאססֶע אוּנד רַייטְנְדִיק ׳ יֶעדֶער מַאן הוֹיךְ גִיוַואקְסֶן אוּנד פוּן פַיינֶער גִישְׁטַאלְט, טְרָאגְנְדִיק אַ הֶעלם פוּן פָּאלִירְטֶן קִיפֶּער (נְחוֹשֶׁת־קָלָל) אַ זִילְבֶּערנֶעם קָארֶזֶעט . אוּנד אִיבֶּער דֶער בְּרוּסְט אַבְּרֵייט קַארְמֶעזִינֶענֶעם בַּאנְד בַּאזֵיימְט מִיט גָאלְד אוּנד לַאנְג, אוּנד וֶוען זֵיי פְלֶעגְן זִיךְ צוּא לָאזְן אוֹיף זֵייעֶרֶע גַאלָאפִּירְנְדִיקֶע פֶערְד אוּנד דָאס רוֹיטֶע בַּאנְד פְלִיעֶנְדִיק אִין דֶער לוּפְט הִינְטֶער זֵיי, הָאט עֶס אויסגֶעזֶעהן זֶעהר רֵייצְנְד . אַמַאלֶערִישֶׁער אָנְבְּלִיק .

עֶנְדְלִיךְ אִיז דֶער קֶאנִיג אָן גֶעקִימֶען רַייטְנְדִיק מִיט זַיינֶע אָפְּפִיצִירֶע גֶענֶערָאללֶע אוּנד אוֹבֶּערבַּאפֶעהלְסהָאבֶּער אוּנד אִיז צוּא גֶערִיטֶן צוּא מִיר נֶעבְּן מַיין גֶעצֶעלט, וִויא אִיךְ בִּין שׁוֹין גֶעשְׁטַאנֶען גְרֵייט, זִיצְנְדִיק אִין מַיין זָאטְל אוּנד הִינְטֶער מִיר מַיינֶע פִינְף הִינדֶערְט אַססִירִישֶׁע לַייבּ־גַארְדֶע, וֶועלכֶע אִיךְ הָאבּ גֶעוָוואלְט דֶעם קֶאנִיג פָּארלֶעגְן צוּם דִיעֶנְסְט . דֶער קֶאנִיג הָאט מִיךְ בַּאגְרִיסְט מִיט קֶאנִיגְלִיכְן חֵן אוּנד כָּבוֹד . אוּנד הָאט צוּא מִיר אַזוֹי גֶעזָאגְט !

„מַיין הֶער פוּן אַשּׁוּר ! עֶס טְהִיט מִיר לֵייד אִיבֶּער צוּא לָאזְן אַגַאסְט, וֶועלכְן אִיךְ וִוינְשׁ צוּא עֶהרְן וֶועגְן זַיינֶער זֶעלבְּסְט אוּנד וֶועגְן זַיינֶעם קֶאנִיגְלִיכְן הֶערְרְן ׳ דִיא וֵייסְט אָבֶּער אַז אַ פַיינְד אִיז אַרִיבֶּער אִיבֶּער מַיינֶע גְרֶענֶעצִין אוּנד מֶען מִיז אִיהם בַּאגֶעגֶענֶען

אונד בַּאזִיעגן . אִיךְ הָאף אִיךְ וֶועלל זַיי בַּאלד אַוֶועקיאָגן צוּרִיק צוּא זַייעֶר בְּרֶעג פִינֶעם יַם, אונד אַזוֹי וֶועלל אִיךְ אֶפְּעֶנֶען פַאר דִיר אַוֶועג גֶען מִצְרַיִם ."

„אִיךְ בֶּעאַבּזִיכְטִיגֶע, מִיט אַייֶער קֶאנִיגְלִיכֶער עֶרלוֹיבְּנִיס, מִיט אַייךְ צוּא גֶעהן אָ קֶאנִיג," הָאבּ אִיךְ גִיזָאגט : „אִיךְ לֶעג אַייךְ פָאר מַיינֶע דִיענְסְטֶע אונד דֶען דִיעֶנסְט פוּן מַיינֶער לַייבּ-גַארְדֶע !".

דֶעם קֶאנִיגס אוֹיגֶן הָאבּן בַּאמֶאהלִיכְן דוּרךְ גִימִישְׁטֶערט דֶען גַאנְצֶן פְּרָאנְט פוּן מַיינֶע פְּרַאכְטִיגֶן אַססִירֶער, אונד וָואס וַוייטֶער וַוייטֶער הָאבּן זַיינֶע אוֹיגֶן לִיכְטִיגֶער אונד פַּייֶערדִיקֶער גִיגְלַאנְצְט פוּן דֶעם נַחַת אונד תַּעֲנוּג וָואס אַ מֵבִין פִיהְלְט פוּן אַ פָּאלְקָאמֶען-נֶער זַאךְ, אונד וֶוער שְׁמִיעֶסְט אַזאַ מֵבִין וִויא קֶאנִיג שָׁאוּל !— וִויא עֶדְל אונד וִויא גְרוֹיס-אַרְטִיג הָאט עֶר אוֹיסגִיזֶעהן זִיצֶנְדִיק אִין דֶעם קְרִיעֶגס-זָאטְל אִין גַאנְצֶן בַּאוַואפְנֶט ! גֶע-טְרָאגֶן הָאט עֶר אַ רָאק פוּן שׁוּפְּפֶן-פַּאנְצֶער, וֶועלכֶער הָאט אַזוֹי גוּט גִיפַּאסְט צוּא זַיינֶעם עֶדעלְן גִיבֵּייגִיקְן אונד עֶלַאסְטִישְׁן גוּף אַז אַרוֹיסצוּאוַוייזן דִיא אֶמֶתְדִיקֶע פָארְם פוּן זַיינֶער קֶאנִיגְלִיכְן גִישְׁטַאלט, דִיא סִימֶעטְרִישֶׁע אונד פָאלְקָאמֶענֶע גְלִיעדֶער, אונד דִיא פְּרַאכְטְפָאל עֶנְטְוִויקְלְטֶן מוּסְקֶעלן . פִיס-פַּאנְצֶער פוּן פָּאלִירְטֶע שְׁטָאהל-פְּלַאטְן, אוֹיסגִיבֵּייגְט אונד אוֹיפְ-גִיבְּלָאזְן אוֹיף דֶעם קְנִיע, וֶועגֶן אוּמְגֶעהִינְדֶערְטֶער בַּאוֶועגוּנג, הָאבּן בַּאדֶעקְט זַיינֶע פִיסס וֶועלכֶע זָענֶען גִיוֶוען אַרַיינגֶעטְהִין אִין הַאלְבֶּע שְׁטִיוִיל פוּן קִיפֶּער אונד בַּאיי דִיא פִינְגֶער שְׁפִּיצֶן הִיפְּשׁ אוֹיסגִיבּוֹיגֶן נָאךְ אוֹיבְּן צוּא, אונד אַללֶעס אִיז גִיוֶוען פֶּעסְט צוּאגִיבִּינְדְן צוּא דִיא קְנָאכְל מִיט אַשְׁטַארק גִילְדְן קֵייטְל, וָואס הָאט אוֹיךְ פֶּעסְט גִיהַאלְטְן זַיינֶע קִיפֶּערְנֶע שְׁפָּארן . — בַּאיים דִיךְ הָאט גִיהֶאנְגְט דִיא קֶאנִיגְלִיכֶע שֵׁייד , פוּן אַ לֶאבּס הִינְטֶער-חֵלֶק לֶעדֶער, בַּאדֶעקְט מִיט בְּלֶאטְלַאךְ פוּן זִילְבֶּער אונד מִיט בְּרָאנדזֶענֶע קְנֶאפּ, וֶועהרֶנְד אַ בְּרָאנדזֶענֶע שְׁלַאנְג הָאט זִיךְ אַרִים-אונד-אַרִים גִידְרֶעהט אִין פִיעֶללן פַיין-גִישְׁנִיצְטְן פַּאכֶער.— דָאס שְׁוֶוערֶע שְׁוֶוערְדְט, פִיֶער פִיסס לַאנְג, אִיז גֶעוֶוען אַיין גֶעשְׁלָאססן אִין דֶער שֵׁייד , אַרוֹיסגֶעזֶעהן הָאט מֶען דָאס מַאססִיוֶוע הֶאנְדְטְל פוּן עֶלְפֶנְבֵּיין גֶעצִירְט מִיט צְוֵויי לֶאבּן-קֶאפּ אוֹיף בֵּיידֶע זַייטֶן, דָארְט וִויא דָאס הֶאנְדְטְל אִיז בַּאהֶעפְט גֶעוֶוען צוּא דֶער קְלִינְג . בְּרָאנְדזֶענֶע קֵייטְלַאךְ הָאבּן גֶעהַאלְטֶן שֵׁייד אונד שְׁוֶוערְדְט הֶאנְגֶענְדִיק אַרָאפּ פוּן אַ בְּרֵייטֶן גַארְטל פוּן לֶעמְפֶּערְטְס-פֶעלל, מִיט גִיהֶאכְטֶער גִילְדֶענֶער אַרבֵּייט אונד בַּאקְנֶאפְּט מִיט עֶדֶעל שְׁטֵיינֶער . — אִיבֶּער זַיינֶע מַאיֶעסְטֶאטִישֶׁע אַקְסְלֶען אִיז גִיוֶוען אַרִיבֶּערְגֶע-וָוארפְן אַ קִירְצֶער רוֹיט זַיידֶענֶער מַאנטְל, אָפְן פוּן פָארנְט , אוֹיסגִישְׁטִיקְט מִיט בְּלָאוֶוע, רוֹיטֶע אונד גִילדֶענֶע פָּאדֶם, דִיא גִישְׁטַאלְט פוּן שַׁארלַאכְדִיקֶן גְרַאנַאט-אֶפֶּל אונד אַנְדֶערֶע פֵּירוֹת אונד אַרִים גִישְׁלָאנגְלְט מִיט גְפָנִים צְווַייגֶעלַאךְ, אוֹיף וֶועלכֶע הָאבּן גִיהֶאנְגְט וויין-טְרוֹיבְּן זִיךְ שֶׁאמֶעוְוִדִיק בַּאהַאלְטֶנְדִיק אִינְטֶער וויין-בְּלֶאטֶער . דֶער בְּרֶעג פִינֶעם מַאנטְל אִיז גִיוֶוען אִינְטֶערגִישְׁלָאגֶן מִיט פֶּעלְץ . — אַרִים זַיין נַאקְן אִיז גִיוֶוען אַ קָאלְנֶער בַּאזֶעצְט מִיט עֶדלשְׁטֵיינֶער , בְּרִילְליַאנְטְן אונד פֶּערְל . — דֶער קֶאנִיגְלִיכֶער הֶעלְם פוּן פָּאלִירְטְן בְּרָאנדז הָאט מִיט זַיינֶער הוֹיכְקֵייט אונד זַיינֶער עֶלֶעגַאנטְן פָארְם צוּגִיגֶעבְּן אַגְרוֹיס שְׁטִיק חֵן צוּא דֶעם טְרֶאגֶער, אַרִים דֶעם הֶעלְם אִיז גִילָאפְן אַ גִילְדְן בַּאנְד אוֹיף וֶועלכְן אִיז גִיוֶוען

אויסגֶעשְׁלָאגן הֵיילִיקֶע וֶוארְטֶער . אַ וָואלְקְן פוּן אָדלֶערְס-פֶעדֶערן הָאט גֶעטַאנצְט פִינֶעם גְלַאנְצנְדִיקְן קַאס, דָאס ווִיזִיר אִיז גֶעוֶוען אוֹיף גֶעהֶעבְּן אוּנד הָאט אַנטְפְּלֶעקְט זַיינֶען מַאיֶעסְטֶעטִישְׁן פָּנִים, וֶועלכֶער, הָאטְשׁ בְּלַייךְ אוּנד טְרָאוֶוערִיג, אִיז דָאךְ גֶעוֶוען אַפָּנִים פוּן אַמֶלֶךְ גִבּוֹר חַיִל . נֶעבְּן דֶעם זָאטְל-בּוֹיגְן אִיז גֶעהַאנגֶען אַ מֶעכְטִיגֶע קְרִיעֶגס-הַאק, אוּנד אַ שְׁוֶוערֶע קַיילֶע מִיט אַן אוֹיסגֶעשְׁנִיצְטְן וָואלְפְּס-קָאפּ אִיז גֶעהַאנגֶען אוֹיף אַ לֶעדֶערן שְׁטְרִיקל . — זַיין בְּארִיטֶענֶער נוֹשֵׂא כֵּלִים הָאט גֶעטְרָאגן זַיינֶען גְרוֹיסְן, בַּאזֶעצְטְן אוּנד בַּאלֶעגְטְן שִׁילְד . זַיין וָוארְף-שְׁפִּיעז, זַיין שְׁפִּיעז מִיט דֶעם קֶאנִיגְלִיכְן פִיטֶערפַאסס מִיט פַיילְן אוֹיפְן רִיקְן . — דָאס עֶדֶעלֶע פֶערְד אוֹיף וֶועלכְן דֶער שְׁטַאטְלִיכֶע קֶאנִיג אִיז גֶעזֶעסְן, הָאט אוֹיךְ גֶעהַאט פַאנְצֶער-הוֹיזְן, פֶעדֶערן, וֶועהרְנְד זַיין בַּאקַאמטְן קָאפּ הָאט פַארצִירְט פַארשׁיֶערנפַארבִּיגֶע קָאטֶעשְׁלַאךְ מִיט זִילבֶּערנֶע גְלֶאקֶעלַאךְ, וֶועלכֶע דָאס אִימְ-גֶערוּלְדִיגֶע טְהִיר הָאט גֶעהַאלְטְן אִין אֵיין שָׁאקְלֶען, אוּנד קְלִינגְן, אִין אֵיין צַיים-בַּייסְן אוּנד הָאט גֶעקְרִימְט דֶען פַיין גֶעבָּאגֶענֶעם נַאקְן, אַזוֹי ווִיא פִיהלֶנְדִיק דֶעם כָּבוֹד פוּן דֶעם מַאיֶעסְטֶעטִישְׁן רַייטֶער : —

„דִיא הָאסְט אַ בְּרִיללִיַאנְטֶענֶע לַייבּ גַארְדֶע, פְּרִינְץ אַרְבַּאצֶעס“, הָאט דֶער מָאנַארְךְ אַזָאג גֶעטְהִין מִיט אַ פַארגֶענִיגְטְן קִיק, אַז עֶר הָאט גֶעקְט זַיינֶע בַּאטְרַאכְטוּנג . אִיךְ וֶועלל אֶפְשָׁר נִיט דַארפִין דַיין הִילְף אוּנד נִיט דִיא הִילְף פוּן דַיינֶע לַייט ! נָאר אִיךְ לָאר דִיךְ אַיין מִיךְ צוּא בַּאלַייטְן צוּא דֶער מִלְחָמָה . מַיין זִין הַאלְט דִיךְ פַאר אַפְרַיינְד , וֶועט עֶר דִיר אוֹיךְ דַאנקֶען דֶערפַאר ! “

דֶער פְּרִינְץ הָאט גֶעלֶאכֶלְט, אוּנד וַוארְם גֶעדַאנקְט דֶעם קֶאנִיגְלִיכְן פָּאטֶער, מִיר הָאבְּן זִיךְ בַּאלְד צִיאלָאזְט אִיבֶּערן פְּלַיין, אוּנד גֶעגְרַייכְט דָאס עִבְרִישֶׁע חַיִל, אוּנד דֶער קֶאנִיג הָאט בַּאלְד גֶעגֶעבְּן אַבַּאפוֹיל זִיךְ פָארְוֶוערטְס צוּא בַּאוֶועגן . אוּנזֶער מַארְשׁ הָאט אוּנְז נָאהנְט גֶעבְּרַאכְט צִין אַן עֶק פוּן דֶער שְׁטָאדְט . ווִיא עֶס זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אַ גְרוֹיסֶע צָאהְל פוּן בִּירגֶער, אוּנד כֹּהֲנִים, לְוִיִּם, אוּנד דִיא וַוייבֶּער אוּנד טָאכְטֶער פוּן דִיא אָפִּיצִירֶע וַוארְטנְדִיג אַ "פָּארְט גֶעזִינְד„ צוּא זָאגן . נֶעבְּן מַיין זַייט אִיז גֶערִיטְן דֶער שֵׂאנֶער אוּנד זֶעהר פַיין אוֹיסזֶעהנְדִיקֶער גוּבֶּערנֶאר פוּן יְרִיחוֹ „אִיזִרִילִיד“ רַייטנְדִיק אוֹיף אַ גְרוֹיסאַרטִיג גֶעהַארנִישְׁטְן פֶערְד, אוּנד מִיט שְׁטָאלְץ הָאט עֶר מִיר גֶעזָאגְט אַז דִיא פְּרַאכְטפָאלֶע אַרבֵּייט פוּן דֶעם פֶערדְס קָאפּ-פַארצִיֶערוּנג, אַ מַייסְטֶערשְׁטִיק פוּן אוֹיסשְׁטִיקֶערַאיי, אִיז דִיא אַרבֵּייט פוּן זַיין טָאכְטֶער . אַזוֹי ווִיא מִיר זֶענֶען אָן גֶעקִימֶען נִיט וַוייט פִינֶעם עוֹלָם, הָאבּ אִיךְ דֶער זֶעהן אַדָארַא אַפִירקִימֶענדִיק מִיט אִיהרֶע צְוֵייא מֵאדְכֶענס צוּם קֶאנִיג צוּא . זִיא הָאט גֶעטְרָאגן אַקְרַאנְץ, אוּנד זַיי קֶארְב מִיט בְּלוּמֶען, וֶועלכֶע זַיי הָאבְּן אוֹיסגֶעשְׁפְּרַייט אוֹיפְן וֶועג פוּן דֶעם מָאנַארְךְ . חֵן, עֲווֹדִיק מִיט אִיהרֶע אַלֶאבַּאסטֶערְנֶע הֶאנְדטֶעלַאךְ אָנְגֶעהמְנְדִיק דִיא פַארגִילְטֶע צוּם פוּן זַיין קְרִיעֶגס פֶערְד . הָאט זִיא אִיהם אָפּגֶעשְׁטֶעלְט אַבִּיסֶל אוּנד הָאט אַנִיעדֶער גֶעלֶעגְט דֶעם קְרַאנְץ אוֹיף דֶעם קַאפ פוּן דֶען הֶעלְם אוֹיפְן פֶערדְס קָאפּ :

"נֵיין, שֵׁאנֶעס קִינְד„ הָאט דֶער קֶאנִיג אַזָאג גֶעטְהִין . קְרֶאנְט מֶען נִיט גֶעוֶואהנְלִיךְ נָאכְן נִצָחוֹן ? "

"אוֹיף דֶעם קָאפּ פוּן דֶעם גִבּוֹר הַחַיִל ! אָבֶער פַאר דֶעם נִצָחוֹן אוֹיפְן קָאפּ פִּינֶעם עֶדֶעלְן פֶערְד וָואס טְרָאגְט דֶען קֶאנִיגלִיכְן בֶּן חַיִל אִין דִיא מִלְחָמָה„ הָאט זִיא חֵנֶעוְודִיק אוּנד לֶאכֶעלְנְדִיק גֶעעֶנטְפֶערט . דֶער קֶאנִיג הָאט אַבּוֹיג גֶעטְהִין מִיטְן קָאפּ וִויא אַהֶסְכֵּם חָאטְשׁ אָן וֶוערטֶער הָאט דָאךְ אַ צוּפְרִיעֶדֶנְקַייט גֶעשַׁיינְט פוּן זַיינֶע אוֹיגְן וֶועהרְנְד עֶר הָאט זִיךְ וַוייטֶער גֶערִיטְן, אַדְאַרַאס פָּאטֶער אִיז אָבֶער צִין אִיהר צוּא גֶערִיטְן אוּנד הָאט צוּא אִיהר גֶעזָאגְט, "אַז דִיא בִּיסְט יָאה אַהֶער גֶעקִימֶען צוּא זֶעהן אוּנזֶערְן מַארְשׁ מַיינֶע לִיעבֶּע טָאכְטֶער, אוּנד אָן טְהִין דֶעם קֶאנִיג אָט דֶעם גְרוֹיסְן כָּבוֹד מִיז אִיךְ דִיךְ קִישְׁן זַיי גֶעזִינְד נָאךְ אַמָאהל ! „ —

"וֶועסְטֶע צוּרִיק קִימֶען אִין דְרַיי טֶעג אַרִים„ הָאט זִיא אֶנגְסְטְלִיךְ דֶען פָּאטֶער אַפְרֶעג גֶעטְהִין מִיט קִינְדְלִיכֶער לִיעבֶּע . "גֶעוִויסס, טָאכְטֶער זִיסֶע, וִויא בַּאלְד אִיךְ וֶועל הָאבְן גֶעזֶעהן וִויא דִיא פְּלִשְׁתִּים זֶענֶען פָּאסְטִירְט„ הָאט עֶר אִיהר גֶעעֶנטְפֶערְט . "גֶעה נִיט אִין קֵיין סַכָּנָה„ הָאט זִיא לִיעבְלִיךְ גֶעזָאגְט, "אִיךְ וֶועל בֵּייטְן דֶען פְּרִינְצְן עֶר זָאלל דִיךְ נֶעהמֶען אִינטֶער זַיינֶע פְלִיעגֶעל" הָאט זִיא אַזָאג גֶעטְהִין מִיט אַבַּאצוֹיבֶּערְנְדִיק לֶאכֶעלְן ,

„אִין דֶעם פַאלל טָאכְטֶער וֶועל אִיךְ מִיזְן זַיין אִין מִיטְן דֶער מִלְחָמָה" הָאט עֶר אִיהר גֶעפֶאללִיג אָפּ גֶעעֶנטְפֶערט, „וָוארְם זַיי גֶעוִויסס אַז דֶער פְּרִינְץ וֶועט נִיט הַאלטְן זַיין שְׁוֶוערְד אִין דֶער שֵׁייד, וֶועהרנְד אַ מִלְחָמָה וֶועט זִיךְ בַעשְׁן, וֶוען אִיךְ פַארְשְׁטֶעה אִיהן גִיט."

„דָאס אִיז נִיט דֶען פְּרִינְצְנס מַחֲלוֹקֶת, טְהַייעֶרֶער פָּאטֶער" הָאט דָאס לִיעבְּלִיכֶע מֵאדְכֶען גֶעעֶנטפֶערְט, וֶועהרנְד זִיא הָאט אוֹיף מִיר אַקִיק גֶעטְהִין מִיט אִיהרֶע בְּרִילְלְיַאנטֶענֶע אוֹיגְן . „עֶר אִיז אִין אַשְׁלִיחוּת פוּן שָׁלוֹם, אַ כַּלָה צוּא בְּרֶענְגֶען זַיין קֶאנִיג טָאר עֶר זִיךְ נִיט רֶעזִיקִירְן אִין קְרִיעֶג, וָוארוּךְ עֶר קֶען פַארלִירְן דֶען גַאנְצְן גֶעגֶענשְׁטַאנְד, וָואס עֶר מוּז אוֹיספִיהרְן . אִיךְ בִּין זֶעהֶער נַייגִיעֶרִיג, פְּרִינְץ אַרְבַּאצֶעס," הָאט זִיא אַזָאג גֶעטְהִין מִיט אַשְׁקָצִישֶׁער מִיענֶע, צוּא זֶעהן דִיא שֶׁאנֶע עֶגִיפְּטִישֶׁע פּרִינצֶעסְן וֶוען אִיהר וֶועט צוּרִיק קִימֶען" . „מֶאן דַארְף נִיט גֶעהן עֶרשְׁט גֶען מִצְרַיִם צוּא זֶעהן שֶׁאנֶע בְּתוּלוֹת" הָאבּ אִיךְ גֶעעֶנטְפֶערְט, אָן כַּוָנָה, אוּנד דָאךְ אַזוֹי דַייטְלִיךְ אַז דִיא שֵׁאמֶעוְודִיקֶע רוֹיטְקֵייט הָאט אַפְּלִיעָה גֶעטְהִין אִין אִיהר זִיסס פָּנִים, אוּנד זִיא הָאט עֶס גֶעפִיהלְט, אוּנד אִיז גֶעוֶוען פַארלֶעגֶען . אִיךְ הָאבּ מוֹרָא אַז אִימְגֶערִיכְט הֶאבּ אִיךְ אִיהר אַצִי שְׁטַארקְן קָאמפְּלִימֶענְט גֶעמַאכְט, אוּנד אַייעֶרֶע מַאיֶעסְטֶאט וִויססְן זֶעהר גִיט אַז צוּא חַנְפֶענֶען אִיז נִיט מַיינֶע שְׁוַואכְקֵייט, בַּאיי מִיר אִיז גָאר אַדְרַבָּה פַארֶקעהרְט, אַז בַּאיי דֶעם אָנבְּלִיק פוּן אַשֵׁאנֶער בְּתוּלָה, הוֹיבְּט מִיר אָן צוּא קְלָאפְּן דָאס הַארְץ מִיט אַ מִין פַּחַד, אוּנד עֶס אִיז מִיר גָאר קֵיין מָאהל נִיט פְּרִיעהֶער אַיינגֶעפַאללְן דָאס עַזוּת צִיא בַּאזִיצְן, אַשֵׁאנֶעם פְּרוֹיעֶנְצִימֶער קָאמפְּלִימֶענְטֶע צוּא מַאכְן, אוּנד דָאךְ הָאבְן זִיךְ מַיינֶע וֶוארטֶער אַרוֹיס גֶעחַאפְּט פִּינֶעם מוֹיל אַ סַךְ פְּרִיעהֶער עֶהדֶער עֶס אִיז מִיר אַיינגֶעפַאללְן אַז עֶס אִיז אֶפְשָׁר נִיט רֶעכְט גֶעוֶוען .

אוּנטֶערדֶעסְן אִיז דִיא אַרְמֶעע נָאהנְטֶער צוּא גֶערִיקְט אוּנד אַדָארַא הָאט זִיךְ גֶע-

מיזט באגגינגן מיט אגיכן ויגעזינד אונד אפטרעטן אויף דער זייט צווישן דעם ווארטנדיקן עולם וויא דיא הינדערטער פון חליפען נדיקן ווייבער זענען געשטאנען,וועלכע זעהן היינט אפשר צום לעצטן מאהל דאס טהייערסטע אונד דאס ליעבסטע .

„א זיסע, טהייערע טאכטער, מיין הערר !" האט דער שטאלצער פאטער אזאג געטהין, אונד מיט זיינע אויגן האט ער זיא פארפאלגט, נאך קיקנדיק ביז זיא איז פאר־שווינדן געווארן צווישן דער גרויססן מענגע . „זיא איז דער אוצר פון מיינעם הארץ ! אזוי ריין , אזוי שעלדיק, אזוי זאנפט אונד דאך אזוי קוראשזירט, אזוי מיטהיג, אונד אזוי בהארצט ! זיא האט אמתדיק גע־ירשת דיא עדלסטן איינגענשאפטן פון איהרע פרינצליכע אבות ! " —

„וואס רעדט איהר, מיין טהייערער גובערנער ? " האב איך געפרעגט . „זענען דען שוין אמאהל געוועזן פרינצן אין יודעא, עהדער שאול איז מלך געווארן ? " —

„ניין ! איך רעד נאר פון איהר מיטערס צד," האט ער געענטפערט . „אדארא איז קיין עברית ניט פון איהר מיטערס צד . איהר מיטער איז געוועזן א פרינצעססן פון תדמור אין סיריא ! איהר זיידע איז געוועזן דער קאניג פון דער בארידהמטן טייטל שטאדט . דאס בליט פון א העראישן ראסע פון קאניגע שטרוימט אין איהרע אדערן . זיא איז נאר דיא דריטע צום רעכט פון דער תדמורשן קרוין . קאנסטע דיא געגענד , א פרינץ ! דיא הויפט שטאדט איז 15 , ווערשט אין דעם אומפאנג חאטש אין דער לעצטן צייט האט זיא פארלארן אסך פון איהר אמאלעדיקן גרויסקייט . "

„איך וויים אז דאס לאנד פון תדמור," האב איך געענטפערט, אזוי ווייטער רייטנדיק איינער נעבן אנדערן, ווערהנד דער קאפ פון דער־מחנה איז גראד אריין גע־טרעטן אין אלאנגן טהאל אריין . „איז א פראווינץ פון אשור, אונד איהר קאניג צאהלט מס דעם קאניג בעלום פון נינוה ! אונד אז זיא איז נאר איין רייזע טאג פאר א קאראוואנע פון דעם פרת, אונד בארימט זענען איהרע טעמפלן, דיא גרויסארטיגקייט פון איהרע פאלאטצע אונד דיא אויסנעהמנדיקע שאנקייט פון איהרע גארטנער חאטש זיא ליעגט אין מיטן פון אן אאזיס אין דער מדבר פון אריענט־סיריען ! ביסטי דארט אמאל גע־וועזן א איזרילד ? " האב איך געפרעגט, טיעף אינטערעססירט אין דער אימערווארטן בשורה . אז דיא פראכטיגע אדארא איזרילד איז א טאכטער פון דער ראססע פון דיא עפראטשן קאניגע, וועלכע האבן געבאוועט תדמור, דיא דריטע שטאדט פון דער וועלט . אייערע מאיעסטאט וועללן באגרייפן, אז איך האב געמיזט פיהלן אפריש אויפוואכנדיקעס אינטערעססע אין איהר . —

„ווען איך בין געוועזן נאך איונגער מאן," האט איזרילד געענטפערט — „בין איך געוועזן אויך רייך אונד פארשייט האט זיך מיר געגליסט אביסל דיא וועלט צוא זעהן . זייענדיק אין דאמאסקוס אונד הערנדיק פון דיא נפלאות פינעם ארץ המזרח בין איך צוא געשטאנען צין א שירא וואס האט זיך געלאזט איבערן מדבר ערב צוא געהן גען תדמור . דארט בין איך געווארן, נאך א סך פארשיעדענע אונד ווינדערליכע טרעפאכצן,

סֶעקְרֶעטֶער בַּאים קֶאנִיג ! אַדַאנְק מַיין פָאטֶערְס זָארְג, וֶועלכֶער הָאט נִיט גֶעקַארְגְט מִיט מַיינֶער אויסבִּילדוּנְג אִין דִיא לְשׁוֹנוֹת הַמִזְרָח . דֶער קֶאנִיג זֶעהֶענְדִיק וִויא טְרַייא אִיךְ בִּין אִיהם הָאט עֶר מִיךְ גֶעהֶאכֶערְט פוּן מַדְרֵגָה צוּא מַדְרֵגָה, בִּיז אִיךְ בִּין גֶעוָוארְן זַיין מִשְׁנֶה . ווָארְם עֶר הָאט גֶעפִיהלְט אַז עֶר הָאט קֵיינֶעם נִיט גֶעקָאנְט זִיךְ אַזוֹי גוּט פַארטְרָאוֶוען אַזוֹי וִויא זַיין שֵׁנִי לְמַלְכוּת אִיזְרִילִיד . עֶנְדְלִיךְ הָאבּ אִיךְ חַתוּנָה גֶעהַאט פַאר זַיין יוּנְגְסטֶער טָאכְטֶער . אַ מֵיידִיל, פוּן אַזַא גְלַאנְצֶנְדִיקֶער שֶׁאֵנְקֵייט וִויא אַדָארַא, וֶועלכֶע אִיז אִיהר טָאכְטֶער ! – דֶער קֶאנִיג אִיז גֶעשְׁטָארבְן, אוּנד זַיין זִין פוּן קִנְאָה, וֶועגְן מַיין גְרוֹיסְסְן אַיינְפְלוּס הָאט מִיךְ אַיין גֶעזֶעצְט . מִיט דֶער הִילְף פוּן מַיין גֶעלִיעבְּטֶע וַוייבּ בִּין אִיךְ נִמְלָט גֶעוָוארְן . פַארְשְׁטֶעלְט אוּנד בַּאמָאהלְט זֶענֶען מִיר צוּא גֶעשְׁטַאנֶען צִין אַ קַארַאוַואנֶע, וֶועלכֶע אִיז גֶעגַאנגֶען גֶען צוֹר . אוּנד נָאךְ פִיעלֶע יָאהְרְן אִין דֶער פְרֶעמְד אוּנד נָאךְ פִיעלֶע מִקְרוֹת שְׁלֶעכְטֶע אוּנד גוּטֶע בִּין אִיךְ עֶנְדלִיךְ צוּרִיק אַהֵיים גֶעקִימֶען . אַדָארַא אִיז גְרָאד דֶענְסטְמָאהל גֶעוֶוען אַ זִיסס קִינְד פוּן זִיבְּן יָאהר . אִין דֶער הֵיים אִיז מִיר אָפּ־גֶעשְׁטָארבְן דֶער פָאטֶער אוּנד צְווֵיי אָנקֶעל מִיךְ אִיבֶּערלָאזְנְדִיק דֶעם אֵיינְצִיגְן יוֹרֵשׁ צוּא דְרַייא גְרוֹיסַארְטִיגְן נַחֲלָאוֹת, ווָארְם זֵיי זֶענֶען רַייךְ וִויא פְּרִינְצְן . פִּינֶעם קֶאנִיג שָׁאוּל בִּין אִיךְ גֶעווֵעהלְט גֶעוָוארְן אוּנד דֶער סֶענַאט פוּן דִיא זִיבֶּצִיק הָאט עֶס בַּאשְׁטֶעטִיגְט, אַלְס גוּבֶּערְנֶאר אָדֶער „אֲדוֹנֵי־יְרִיחוֹ“ אוּנד דִיא פְּרָאוִוינְץ שׁוֹין פַאר צְוֶועלְף יָאהְרְן צוּרִיק . אַט אָ דָאס אִיז דִיא קִירְצֶע מַעֲשֶׂה פוּן דַיין פְרַיינְד אִיזְרִילִיד ! אוּנד אָט אַזוֹי קוּמְט עֶס אוֹיס אָ פְּרִינְץ אַז אַדָארַא אִיז אַן אֶמֶתְדִיקֶע פְּרִינְצֶעסִין מִיט אַן אֱמֶתֶן רֶעכְט אוֹיף דֶער קְרוֹין פוּן תַּדְמוֹר ! “

וֶוען דֶער גוּבֶּערְנֶער הָאט גֶעעֶנְדִט זַיינֶע דֶערְצֵעהלוּנְג הָאבּ אִיךְ אִיהם אוֹיסגֶעדְרִיקְט מַיין גְרוֹיס פַארְגְנִיגְן עֶס הֶערְנְדִיק . נָאךְ אַבִּיסֶל הָאבּ אִיךְ אַזוֹי גֶערִיטְן אִין מַחֲשָׁבוֹת בִּיז פְּרִינְץ יְהוֹנָתָן אִיז צוּא גֶערִיטְן צִין אוּנְז . עֶר אִיז גֶעוֶוען גוּט אוֹיפגֶעלֶעגְט נִיט נָאר וֶועגְן דֶער הָאפְנוּנְג בַּאלְד דֶעם פַיינְד צוּא בַּאגֶעגֶענֶען, זָאנְדֶערְן אוֹיךְ וֶועגְן דֶעם רִיהִיגְן צוּשְׁטַאנְד פוּן זַיין גֶעלִיעבְּטְן פָאטֶער . אִיךְ הָאבּ פְרִיעהֶער קֵיין מָאהל נִיט גֶעזֶעהְן דֶעם פְּרִינְצְן אִין פָאלֶער בַּאוַואפְנוּנְג . נָאר אַנְשְׁטָאט פוּן אַזוֹי אַגְרוֹיסַארְטִיגְן אוֹיסְשְׁטַאפִירוּנְג אוּנד אַזַא רַייכְן בַּאוַואפְנוּנְג מִיט וֶועלכֶער אִיז גֶעוֶוען אָן גֶעטְהִין דֶעם קֶאנִיגְס קְרִיעגְס פֶערְד פוּן קָאפּ בִּיז צוּא דִיא פִּיס, הָאט זַיין עֶלֶעגַאנְטֶער פֶערְד, אָן קֵיין שׁוּם הַמְצָאוֹת אוּנד מַחֲזָקוֹת אוּנד צֶערֶעמָאנִיעֶם גֶעטְרֶעטְן אַזוֹי גְרִינְג אַזוֹי וִויא אַן אַנְטִילָאפֶּע מִיט פְרַייעֶ פִּיסס אוּנד פְרַיי אִימֶעדִים נָאר מִיט אַ קִיפֶּערְנֶער בְּלֶעךְ פַאר דֶעם שְׁטֶערְן אוּנד אוֹיף דֶער בְּרוּסְט . אוּנד גֶעזֶעסְן אִיז דֶער עִבְרִישֶׁע פְּרִינְץ אִים זָאטְל אוּנד אַזוֹי קִינְצִיג אוּנד אַזוֹי עֶלֶעגַאנְט הָאט עֶר גֶערִיטְן, אַז וֶוען אַ ווִילְדֶער פַארְטְהִיאַן־רַייטֶער זֶעהְט עֶס טְהִיט עֶר זִיךְ שִׁיעֶר אַמַעֲשֶׂה נִיט אָן . עֶר זֶעלבְּסְט אִיז גֶעוֶוען אָן גֶעטְהִין אִין אַ טִינְקֶל־גְרִינֶעם וַואפְּן־קָאסְטִיוּם, אָן מְלָאכוֹת אוּנד אָן עֶדֶעל שְׁטֵיינֶער, נָאר אַנְשְׁטֶענְדִיג אוּנד עֶלֶעגַאנְט, וָואס אִיז אוֹיף זַיין חֵנ'עוודִיקְן גֶעשְׁטַאלְט אַזוֹי גוּט אַזוֹי פַּאסֶענְדִיק גֶעזֶעסְן וִויא גֶעוֶועבֶּטֶע זַייד, חָאטשׁ עֶס אִיז גֶעפְלָאכְטְן גֶעוֶוען פוּן שְׁטָאהלֶענֶע רִינגֶעלַאךְ .

אַ טִינְקֶל־גְרִינֶע שַׁארְפֶע הָאט בְּאַלַכְסוֹן אַרִיבֶּערגִיהַאנגֶען אִיבֶּער זַיין בְּרוּסְט, אוּנד פוּן דֶער זַייט אִיז אַרָאפּגִיהַאנגֶען זַיין לַאנגֶער אוּנד שְׁמָאלֶער שְׁוֶוערד אָן אַ שֵׁייד גַאנץ נַאקֶעט, אָנגֶעהֶעפְט צוּא זַיינֶעם שְׁוַוארְצֶן גַארְטֶל מִיט אַ זִילבֶּערנֶער קֵייטֶעלֶע. אוֹיפְן קָאפּ הָאט עֶר גִיהַאט אַ שְׁפִּיצִיגֶן גִיט צוּגִימַאכְטֶן הֶעלְם פַאר בְּרָאנְזְ אוּנד מִיט אַ וִויזָאר, גָאר אָן אַ קַאם אוּנד אָהנֶע פֶעדֶערן. נֶעבֶּן זָאטֶל אִיז גִיהַאנגֶען אַ פִּיטֶערפַאסס מִיט פַיילֶן מִיט שְׁטָאהֶלֶענֶע שְׁפִּיטְצֶן אוּנד אַ פָּאלִירטֶעטֶער בּוֹיגֶן פוּן אֶרֶז־הָאלְץ. עֶר הָאט נִיט גִיהַאט נִיט קַיין צוּים אִי נִיט קַיין בִּיעֶגֶל, עֶר הָאט נָאר רֶעגִירְט דָאס עֶדֶעלֶע טְהִיר מִיטְן קוֹל. אִין דֶער הַאנד הָאט עֶר גִיהַאלְטֶן אַ לַאנגֶע לַאנצֶע, פוּן וֶועלכֶער דֶער שְׁפִּיץ הָאט גֶעגְלַאנְצְט אִין דֶער זִין אַזוֹי וִויא אַ פְלַאם פַייעֶר. זַיין שֶׁאנֶער, אָפֶענֶער אוּנד פְרַייעֶר פָּנִים הָאט גֶעשַׁיינְט מִיט פַארְגְנִיגֶן. אִין מִיטְן פוּן דֶער גְרוֹיסְסֶן מַחֲנֶה הָעִבְרִים. בְּרֶענֶענְדִיק פַאר אַ מִלְחָמָה דָאה הָאבּ אִיךְ מִיךְ צִין אִיהם אָנְגֶערִיפֶען:

מַיין טְהַייעֶרֶער פְּרִינְץ, אַייעֶרֶע בַּאוַואפְנוּנג, זַייט מִיר מוֹחֵל, אִיז אַסַךְ אֵיינְפַאכֶער וִויא עֶס פַּאסְט אֵיינֶעם פוּן אַייעֶרֶער מַדְרֵגָה. עֶרלוֹיבְּט מִיר אַייךְ צוּא שֶׁענְקֶען צוּא אָט דֶעם דָאזִיגֶן קְרִיעֶג אַ קָאסְטִיוּם פוּן אַססִירִישֶׁער בַּאוַואפְנוּנְג, וֶועלכֶעס אִיךְ הָאבּ אִין מַיין פַּאוִוילְיָאן. אִיךְ קָאן שִׁיקֶן מַיין נוֹשֵׂא כֵּלִים נִינוּס עֶר וֶועט עֶס תֵּיכֶף וּמִיַּד בְּרֶענְגֶען. אִיךְ הָאבּ עֶס טַאקִי לְכַתְּחִלָּה אַרוֹיסְגֶעלֶעגְט כְּדֵי בַּאיי אַ פַּאסְנְדִיקֶער צַייט עֶס אַייךְ אַן צוּא בִּיטֶן." —

דֶער פְּרִינְץ הָאט זִיךְ רוּהִיג אַלֶעבֶּעלֶע גֶעטְהִין, אוּנד גִיזָאגְט: „אִיךְ דַאנְק דִיר זֶעהֶער פְּרִינְץ אַרְבַּאצֶעס פַאר דַיין פְרַיינְדְשַׁאפְט, נָאר דִיא בַּאוַואפְנוּנְג קֶען אִיךְ נִיט אָנְנֶעהמֶען. מִיר פַּאסְט אַ פָּשׁוּטֶע בַּאוַואפְנוּנְג אוּנד נִיט מֶעהר. אַזַא קֶענִיגְלִיכֶע בַּאוַואפְנוּנג וִויא דוּא דֶערְצֶעהלְסְט פַּאסְט מֶעהר פַאר דֶעם אֶמֶת'ן פְּרִינְצֶן פוּן יִשְׂרָאֵל, מַיין פְרַיינְד דָוִד, אַלְס פַאר מִיר אַן אֵיינְפַאכֶער בִּירְגֶער. וֶוען מַיין פָאטֶער וָאלְט מָארְגֶן פַאלְלֶן אִין דֶער מִלְחָמָה, וָואלְט אִיךְ שׁוֹין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶן טָאג נִיט מֶעהר זַיין קֵיין פְּרִינְץ! נֵיין קֵיין אֵיינְצִיג דָאכֶל אִים לַאנד יִשְׂרָאֵל, וִויא נִידֶערִיק עֶס אוֹיךְ זַיין מֶעג, וָואלְט מִיךְ נִיט גֶעקָאנְט רִיעֶפֶן אָדוֹן וּמֶלֶךְ. אִיךְ וָואלְט דֶענְסְטְמָאהלְט נָאר גִיוֶוען אַן אָרִימֶער בֶּעטְלֶער, וָוארְם אַלְסדִינְג וָואס מַיין פָאטֶער הָאט, אִיז זַיין! קְרוֹין אוּנד שְׁוֶוערד!."

מִיט שְׁמֶערְצֶן הָאבּ אִיךְ גֶעפִיהלְט דִיא קְרַאפְט פוּן זַיינֶע וֶוערְטֶער. שְׁטִילֶל הָאבֶּן מִיר וַוייטֶער גֶערִיטְן בִּיז מִיר זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען אִין אַ פַיינֶעם פְלַיין, וֶוען שָׁאוּל מִיט זַיינֶער לַייבּ־גַארְדֶע הָאבֶּן מַארְשִׁירְט פָאראוֹיס אוּנד דִיא גַאנְצֶע אַרְמֶעע נָאךְ, אֵיין קַאלָאנֶע נָאךְ דֶער אַנְדֶערֶן אַרִיבֶּער דֶעם גְרִינֶעם טְהָאל. דֶער רֹאשׁ פוּן דֶער מַחֲנֶה אִיז שׁוֹין דָארְט וַוייטֶער וִויעדֶער אַרַיין אִין אַן אַנדֶער טְהָאל צְווִישֶׁן יֶענֶע הוֹיכֶע בֶּערְג, וֶועהְרֶנד דֶער עֶק פוּן דֶער מַחֲנֶה קְרִיכְט עֶרְשְׁט אַרוֹיס פוּן דֶעם טְהָאל פוּן מִזְרַח זַייט פוּן דֶעם טְהָאל. — דִיא דָאזִיגֶע נַאכְט הָאט שָׁאוּל גֶעלָאגֶערְט אַ חֵלֶק אִינֶעם טְהָאל אוּנד אַ חֵלֶק אוֹיף דִיא זַייטֶן פוּן דִיא בֶּערְג, נָאר אֵיין טָאגֶס־מַארְשׁ פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים. בַּאיי נַאכְט זֶענֶען מִיר נִיט וֶוענִיגֶער לֶעבֶּעדִיק גִיוֶוען וִויא בַּייא טָאג. אוּנזֶער לָאגֶער הָאט

פָארגִישְׁטֶעלט אַ סְפֶּעקְטַאקְל׳ אונד אַגְרוֹיס שוֹישְׁפִּיל, מִיט אַ מֶענגֶע צֶעלט-לִיכט, מִיט דִיא אוֹיף פְלַאקֶערְנְדִיקֶע פַייֶערס וִויא שְׁטֶערן אִימְצֶאהלִיג. דָאס גֶערַעשׁ פוּן דִיא פִיעלֶע מֶענשֶׁען הָאט זִיךְ אוֹיס גִיגֶעבּן אִיבֶּערן בְּרֵייטן טְהָאל וִויא דָאס גֶערַעשׁ פִינֶעם חְדֶקֶל וֶוען עֶר אִיז גַאנץ פִילל. — עֶהֶדֶער מִיר זֶענֶען אוֹיף מָארְגן נָאךְ וַוייטֶער גִיגַאנגֶען זֶענֶען נָאךְ פָארגֶעפַאלְלן אֵיינִיגֶע אַלְלַיאַרְמְס, דִיא פְלִיעגֶל פוּן דֶער מַחֲנֶה, הָאבּן זִיךְ אַבִּיסל גֶעהַאט אָפּצוּשָׁאקְלן פוּן אֵיינִיגֶע רוֹיבֶּער-בַּאנְדְן פוּן דֶעם פַיינד וָואס הָאבּן גֶעזִיכט עֶנְטוֶועדֶער דִיא מַחֲנֶה פוּן הִינְטן צוּא רוֹיבְּן וָואס מַאן קֶען, אָדֶער זֵייא הָאבּן גִיוָואלט בְּרֶענגֶען דִיא נָאווִיצן אִין אוּמְאָרְדנוּנְג. גַאנץ פְּרִיה הָאבּן דִיא שׁוֹפְרוֹת גֶערִיפְן צוּם אַוַואנסִירְן. אוּנד וַוייטֶער גֶעהט עֶס אִין פַיינְסטֶער שְׁלַאכט-אָרְדנוּנְג, דִיא פְלַאנְקֶען (זַייטן) פוּן דֶער אַרְמֶעע גִישִׁיטְצט פוּן וָואלְקֶען פוּן רוֹבֵי-קֶשֶׁת אוּנד דִיא עֶטלִיכֶע פָּרָשִׁים, וָואס הָאבּן זִיךְ גִיהַאלְטן גְרֵייט אָפּצוּטְרַייבּן דִיא ווִילדֶע רַייטֶער פִינֶעם מִדְבָּר וָואס הָאבּן בַּאקִימֶען גֶעצָאהלְטְס פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים צוּא דֶערקִיטְשׁן שָׁאוּלן נָאךְ מֶעגְלִיכַקייט. דֶעם גַאנְצן טָאג אַזוֹי וִויא מִיר הָאבּן וַוייטֶער מַארשִׁירט אֶקעגן יָפוֹ, הָאבּן מִיר גֶעזֶעהן קְלֵיינֶע קָאמְפַּאנִיֶען פוּן ווִילְדן רַייטֶערס לָאקֶערן אוֹיף דִיא קַאמֶען פוּן דִיא בּאֶרג אָפּהִיטְנְדִיק יֶעדֶע גִילֶעגְנהַייט אָפּצוּשְׁנַיידן אַלֶע זוֹימֶענדִיקֶע קְלֵיינֶע פַּארטִיֶען פוּן אוּנזֶערֶער אַרְמֶעע. אֶקעגן אוֹיפדֶערנַאכט הָאבּן מִיר אִיבֶּערגֶעלָאזט אוֹיף אִינְזֶערֶער רֶעכְטן פְלַאנְקֶע דִיא פֶּעלזִיקְן הֶאהן פוּן בֵּית לֶחֶם אוּנד קְרַייצְנְדִיק אַ ווִילדֶע שׁוּרָה פוּן בֶּערג קַאמֶען, הָאבּן מִיר אוֹיפְגִישְׁלָאגן אוּנְזֶערֶע גֶעצֶעלטֶער אִין זֵייעֶרֶע טְהָאלן. אַצִינד זֶענֶען מִיר שׁוֹין טַאקִי גַאנץ נָאהנְט פוּן דֶער הוֹיפְּט אַרְמֶעע פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים. דִיא גְרֶעסטֶע וַואכזַאמְקֵייט הָאט מֶען גִיהַאלְטן דוּרךְ דִיא גַאנְצֶע נַאכט אִין אִינְזֶער לָאגֶער. דִיא אַרְמֶעע הָאט גִישְׁלָאפְן מִיטן שְׁוֶוערְדט אִין דֶער הַאנְדט אִין דֶעם אוֹפָן פוּן אַן אִיבֶּערפַאלל. נָאר דִיא גַאנְצֶע נַאכט אִיז זִיךְ גַאנץ רוּהִיג אַוֶועק. — אִיךְ הָאבּ גִיהַאט מַיין פַּאווִילְיָאן נֶעבּן דֶעם קֶענִיגס; יְהוֹנָתָן אוּנד אִיזְרִילִיד זֶענֶען גִיוֶוען מַיינֶע גֶעסט, אַזוֹי וִויא דֶער מָארְגן-שְׁטֶערן הָאט זִיךְ אָנגִיהוֹיבּן צוּ פַארבְּלֵייכן אִין אַבֶּערְנְשְׁטֵיינֶערנֶער-הִימְמֶעלס פַארבּ פִינֶעם פַארטָאג אִיז שׁוֹין דֶער פְרִיהאוֹיפְשְׁטֶעהֶנְדִיקֶער קֶענִיג גִישְׁטַאנֶען פַאר מַיין טְהִיר אוּנד הָאט גִיזָאגט: „קִים מִיט מִיר פְּרִינץ, אַרבַּאצֶעס אוּנד לָאמִיר בַּאטְרַאכְטן דֶעם לָאגֶער פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים.“ —

מִיר זֶענֶען אַרוֹיפגֶעשְׁטִיגְן אַ הוֹיךְ פוּן מַעֲרָב זַייט פוּן אוּנְזֶער לָאגֶער, אַזוֹי וִויא דִיא זִין אִיז אַרוֹיס אִין וָואלְקְנְלָאזֶען גְלַאנץ, הָאבּן מִיר פַאר אוּנְז גִיזֶעהן אַ מֶאכְטִיגן פְּלֵיין אוֹיף וֶועלְכן דֶער וַוייסֶער נֶעבּל הָאט זִיךְ אָנגִיהוֹיבּן בַּאמֶאהלִיכן אִים צוּבַּייטן אִין רֵיינֶער אַטמָאספֶערֶע. אַ שׁוּרָה פוּן נִיעדֶערִיגֶע בְּלָאוֶוע בּאֶרג הָאט זֶעךְ בַּאווִיזן אוֹיף דֶעם עֶנְטְפֶערְנְסְטן הָארִיזָאנְט. אוֹיף זֵייעֶרֶע זַייטן הָאט מֶען גִיזֶעהן אַ וַוייסֶע מַיילן וַוייטֶע שׁוּרָה פוּן וַוייסְן גֶעצֶעלְטן. אוֹיף דֶער בַּאזִים פִינֶעם בַּארג הָאט מֶען גִיקָאנט אִינטֶערְשֵׁיידן אַ טִינֶקעלן שָׁאטן גֶעמִישׁט מִיט לִיכטִיגֶערן פַארְבּן, אוּנד פָארְנְט פוּן דֶעם הָאט גֶעגְלַאנְצט אַ שְׁטְרוֹים פוּן אַ זִילבֶּערנֶעם, גִיבְּרָאכֶענֶעם, וֶועלְלן-אַרטִיגן לִיכט, וִויא אַ

שְׁמָאללֶער פְלוּסס בְּלִישְׁטשֶׁענְדִיק אוּנד שַׁיינֶענְדִיק מִיט אַ צֶעהן טוֹיזְנד בְּלֶענְדֶענְדִיקֶע וֶועלְלֶן אִין בַּאוֶועגוּנְג.

„זֶעה!“ הָאט אַזָאג גֶעטהָין דֶער קֶאנִיג, „דָאס אִיז דָאס לַאגֶער פוּן דִיא פְּלִישְׁתִּים! יֶענֶער טִינְקֶעלֶער טְהֵייל, אוֹיף דֶער זַייט פוּן דִיא גִיצֶעלְטֶן אוֹיף דֶער זַייט פִינֶעם בַּארג, אִיז אַ חֵלֶק פוּן גָלְיַת הַפְּלִישְׁתִּי'ס חַיִל וֶועלְכֶע זֶענֶען גִישְׁטַאנֶען אוּנְטֶער וַאפְּפֶן דִיא גַאנְצֶע נַאכט, לִיעֶגן זֵיי אַצְוּנְדֶערט אוּנד רִיהֶען זִיךְ אוֹיס אִימְבֶּעוַואפְנֶט. יֶענֶער שְׁטְרוֹים פוּן שַׁיינֶענְדִיק לִיכט וִויא בַּאוֶועגְטֶע וֶועלְלֶן פוּן אַ פְלוּסס, קוּמט פוּן זֵייעֶר פְּרָאנט פוּן צֶעהֶענֶער טוֹיזֶענְדֶער מַאן אִין וַאפְּפֶן, אוּנד דֶער צִיטֶערְנְדִיקֶער גְלַאנְץ רִיהְרְט אַהֶער פוּן דֶעם וִוידֶערשַׁיין פוּן דֶער זִין אוֹיף דִיא מִילְלִיאָנֶען פוּן שְׁפִּיעֶזְן, הֶעלְמֶס-קַאמֶען, שְׁוֶוערְד-טֶער, וַוארְפְשְׁפִּיעֶזן לַאנְצֶן, שִׁילְדֶן, קָארֶזְעטֶן, קִירַאסְסֶן אוּנד קָאפְּבַּאדֶעקוּנְג.!“

„עֶס אִיז אַ גְרוֹיסאַרטִיגֶער שוֹישְׁפִּיעל,“ הָאבּ אִיךְ גִיזָאגט, „זֵיי שַׁיינֶען גָאר אָן אַ מִסְפָּר!“ „עֶס אִיז נִיט פִינֶעם מִסְפָּר גִיווֶאנְדט אוֹיבּ יִשְׂרָאֵל זָאלל וֶוערן דֶער בַּאזִיעֶגְטֶער אָדֶער בַּאזִיעֶגֶער.“ הָאט דֶער קֶאנִיג גִיעֶנְטְפֶערט, אוּנד אַ שָׁאאטְן פוּן דֶעם רוּחַ רָעָה הָאט אַפְּלִיעָה גֶעטְהָין אִיבֶּער זַיין פָּנִים. „יֶענֶע מַחֲנֶה אִיז מְנַצֵּחַ, אוֹיבּ זִיא אִיז גְרוֹיס אָדֶער קְלֵיין אוֹיף וֶועלְכֶערְם צַד אִיז ה' צְבָאוֹת מִלְחָמָה הַאלְטֶנְדִיק.“ קֵיין כֹּחַ פוּן וַאפְּפֶן מָאג עֶס נָאךְ אַזוֹי שְׁטַארק זַיין, קֵיין מִסְפָּר רַב אוּנד וֶוען עֶס אִיז כְּחוֹל הַיָּם לָרוֹב אִיז נִיט אוֹם שְׁטַאנד אוּנז צוּ בַּארִיהְרֶן וֶוען גָאט אִיז מִיט אוּנְז, אוּנד זַיין פָּנִים אִיז פוּן אוּנז נִיט אַוֶועק גִיקֶעהרט אִין צָארְן.!“

דָאס צֶענְטְרוּם פוּן דֶעם פְּלֵיין אִיז גִיוֶוען לֵיידִיג, אַחוּץ דָאה אוּנד דָארט אִיז אַרוּם-גִילָאפְן אַ פַארלָאפֶענֶער פֶערְד פְּרֶעססְנְדִיק דָאס רַייכֶע פֶעטֶע גְרָאז, אָדֶער זִיךְ ווִילְד אַרוּם יָאגֶנְדִיק הִין אוּנד הֶער אִין דֶער לִיעבּן פְרַייהֵייט. אַ לֶאבּ הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהן אִין הִיפְשְׁן גַאללָאפּ אַוֶועקשְׁפְּרִינגן, מִסְתָּמָא אוֹיפְגִישְׁרָאקְן פוּן זַיין גִילֶעגֶער דוּרְךְ אוּנְזֶערֶע מַחֲנוֹת. דֶען גְרָאד אִין דֶער צַייט, אִיז דִיא עִבְרִישֶׁע מַחֲנֶה גִיוֶוען אִין פָאללְשְׁטֶאנְדִיגְן מַארְשׁ, אַרִיבֶּער דֶעם בַּארְג אוֹיף וֶועלְכְן מִיר זֶענֶען גִישְׁטַאנֶען אוּנד אַרָאפְּגֶעהֶנְדִיק אַרָאפּ צוּא אִין טְהָאל אַרַיין.

פוּן דֶער הוֹיךְ, אוֹיף וֶועלְכֶער מִיר זֶענֶען גִישְׁטַאנֶען הָאט מֶען נִיט נָאר גִיקָאנְט גִיט זֶעהן דִיא טִינְקֶל-בְּרָאוּנֶע מָאוֶוערְן פוּן בֵּית לֶחֶם: אַ פִינְף וֶוערְשְׁט גֶען מַעֲרָב, אֲפִילוּ צְוֶועלְף וֶוערְשְׁט גֶען צָפוֹן, ווִיא עֶס אִיז גִישְׁטַאנֶען יֶענֶער פִיערֶעקִיגֶער טְהוּרְם פוּן דֶער יְבוּסִי פֶעסְטוּנְג אַרָאפְּקוּקֶנְדִיק אִיבֶּער סַאלִימָא (שָׁלֵם) הָאט מֶען גִיקָאנְט זֶעהר גִיט אִינְטֶערשֵׁיידְן. גֶען מַעֲרָב זַייט, הָאט מֶען נָאךְ דוּנְקֶל גִיקָאנְט זֶעהן, דִיא וַוייטֶע אַיינְגֶעמָאוֶוערְטֶע שְׁטָאדט פוּן עֲזֵקָה אוּנד סוֹכָה, צְווִישְׁן וֶועלְכֶע הָאט זִיךְ אוֹיסגֶעשְׁטְרֶעקְט דִיא לִינִיֶע פוּן פְּלִישְׁתִּים זֵייעֶר צֶענְטְרוּם רִיהֶנְדִיק אוֹיף אַ שְׁטַארְקֶער פֶעסְטוּנְג אוֹיף דֶער זַייט פוּן אַ בַּארְג אוֹיף וֶועלְכְן, זֵייעֶר לֶעצְטֶער חֵלֶק אִיז גֶעוֶוען אָן גֶעשְׁפַּארְט.

קֶאנִיג שָׁאוּל הָאט אַצִינְד זַיין מַחֲנֶה אַרָאפְּגֶעפִיהְרְט אִין דֶעם טְהָאל „אֵלָה“ אִיבֶּער-לָאזֶנְדִיק אַ דְרִיטֶל פוּן זֵיי, זֵייעֶר לָאגֶער אוֹיפְצִישְׁלָאגְן אוֹיף דֶער בַּארְג-זַייט, הָאט דִיא

אִיבְּרִיגֶע מֶענְשֶׁן אוֹיסגֶעשְׁטֶעלְט אִין אַ סֵדֶר מִלְחָמָה אוֹיף דֶעם פְּלַיין . דֶער נָאךְ הָאט עֶר אַרִים גֶערִיטֶן דִיא גַאנְצֶע לִינְיֶע, זִיא גִיט אַרִימקֶקְנְדִיק אוּנד הָאט אוֹיסגֶעטֶהיילְט בַּאפוֹילֶע רֶעכְטְס אוּנד לִינְקס צוּא דִיא אָפִּיצִירֶע קַאפִּיטַאנֶע . גֶענֶערָאלֶע, אוּנד פֶעלְד-מַארשַׁאללֶע , וָואס זֵיי וֶועללֶן הָאבֶּן צוּא טְהִין אִין גֶעוִויסֶע פֶאללֶע .

דָאס פַּארטִיג, הָאט עֶר בַּאפוֹילְן, צֶעהֶן טוֹיזְנְד מֶענְשֶׁן זָאללֶן אָנהוֹיבְּן בַּאפֶעסְטִיגֶן דִיא פָּאזִיצְיָאן, מִיט דֶעם אוֹיסגְרָאבֶּן פוּן אַ טִיעפְן אוּנד אַ בְּרַייטֶן גְרָאבֶּן פוּן פָארְנְט אוּנד מִיט דֶעם אַרוֹים גֶעגְרָאבֶּענֶעם עֶרְד אוֹיף צִיוַוארְפִּ אַ שַׁאנְצֶע פַאר זַיין גֶעצֶעלְט אוּנד פַאר דָאס לָאגֶער אִיבֶּערהוֹיפְּט · כְּדֵי צוּא פַארְהִינדֶערן אַ פְּלִיצְלִיכֶן אִיבֶּערפַאלל, אוּנד אִים פַאלל פוּן אַנגְרִיף זָאללֶן דִיא רַייטוָואגְן נִיט קָאנֶען אַרִיבֶּער קִימֶען . דִיעזֶע מְלָאכָה אִיז נָאךְ פַּארטִיג גֶעוָוארן בִּיז פַארנַאכְט, דִיא בֶּערְג הָאט מֶען מְחַבֵּר גֶעוֶועזֶן פוּן בֵּיידֶע זַייטֶן , אִיז דִיא גַאנְצֶע מַחֲנֶה פוּן שָׁאוּלְן פָאלשְׁטֶאנְדִיג אַיינגֶעשְׁלָאסֶן גֶעוָוארן .

אַזוֹי וִויא דִיא פְּלִשְׁתִּים זֶענֶען גֶעוֶועזֶן אַסךְ מֶעהר אִין מִסְפָּר הָאט שָׁאוּל זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶן בֶּעסֶער אָפְּצִיוַוארְטֶן זֵייעֶר אַנגְרִיף, אוּנד טַאקִי אוֹיךְ אָפְּוַוארְטֶן נָאךְ צִיפְלוּס פוּן אַ זִיבֶּעצִיג טוֹיזְנְד מַאן מֵעֵבֶר לְיַרְדֵן, וָואס הָאבֶּן בַּאדַארפְט אָן קִימֶען מִיט אַבְנֵרְן . דֶענְסְטְמָאהלְט וֶועט עֶר הָאבְּן גְלַייךְ זַיין מִיט דֶעם פְּלִשְׁתִּי אִין צָאהל . דֶער אָרְמֶער קֶענִיג הָאט פַארגֶעסֶן זִיךְ בּוֹטֵחַ צוּא זַיין אִין זַיין גָאט, אֶקֶעגֶן וֶועלכֶן עֶר הָאט גֶעזִינְדִיגְט.—

אַזוֹי גֶעלָאגֶערְט אוּנד פַארשַׁאנצְט, הָאט שָׁאוּל הַמֶּלֶךְ אָפְּגֶעוַוארט דִיא אַנקוּנפְט פוּן מֶעהר טְרוּפְּן . אוֹיף דֶעם צְווייטֶן טָאג, הָאט אִיזְרִילִיד גֶעמוּזְט אַיילֶן גֶען יְרִיחוֹ דִיא טַאלֶענטֶע פוּן גָאלְד צוּא בְּרֶענגֶען, וֶועלכֶע עֶר הָאט דֶעם קֶענִיג גֶעלִיעהֶן . אִיךְ הָאבּ דֶער וַוייל מִיךְ בַּאשֶׁעפְטִיגְט אִין דֶער צְווִישֶׁן צַייט מִיט דֶער יַאגְד אוֹיפְן לֶעמְפֶּערְט אוּנד דֶעם טִיגֶער, אוּנד דֶער בַּיי הָאבֶּן מִיר דִיא יוּנגֶערֶע עִבְרִישֶׁע בְּנֵי חַיִל גִיטֶע דִיעֶנסְטֶע גֶעלַייסְטֶעט מִיטֶן פַייל אוּנד בוֹיגְן אוּנד מִיט וָוארְף שְׁפִּיזֶע אוּנד לַאנְצֶע :

אוֹיפְן פֶערְטְן טָאג, אַזוֹי וִויא אִיךְ מִיט דֶעם פְּרִינְצְן הָאבֶּן לַאנְגזַאם גֶערִיטֶן אוּנטֶען אַם פִיסס פוּן דֶעם בַּארְג פוּן יֶענֶער זַייט שַׁאנְצֶע, אַ מָאהל זִיךְ אַרִים קֶקְנְדִיק פַאר אַ חַיָה רָעָה אוּנד אַ מָאהל בַּאטְרַאכְטְנְדִיק דִיא אִימְטְהָאטִיגְקֵייט פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוֹיף אֵיין מָאהל הָאט אַ הֶערשְׁרָאקֶענֶער לֶעמְפֶּערְט זִיךְ צִילָאזְט לוֹיפְנְדִיק גְרָאד פַאר אוּנְז . דֶער פְּרִינְץ הָאט גֶעהַאט אַ לַיידְנְשַׁאפְט פַאר אַן אוֹיפְרֶעגוּנְג אוּנד אַ סַכָּנָה, הָאט עֶר זִיךְ מִן הַסְתָּם תֵּיכֶּף וּמִיַּד צִילָאזְט נָאךְ אִיהם, אוּנד אִיךְ בִּין בַּאלְד טַאקִי אוֹיס גֶעוַואקְסְן נֶעבֶּן אִיהם דִיא שֵׁאנֶע אוּנד ווִילדֶע חַיָה אִיז גֶעלָאפֶן אִין אַ גְלַייכֶער שׁוּרָה אִיבֶּער דֶעם פְּלַיין. מִיר זֶענֶען שׁוֹין גֶעוֶועזֶן אַגִיט שְׁטִיק וֶועגְס פוּן אוּנזֶער לָאגֶער אוּנד נָאהנְטֶער קִימֶענְדִיק דֶעם לָאגֶער פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, וָואס מִיר הָאבֶּן נַאטִירְלִיךְ נִיט בַּאמֶערְקְט . וֶוען מִיר הָאבֶּן פְּלִיצְם דֶער הֶערְט דֶעם קוֹל פוּן אַ שׁוֹפָר אוּנְז רִיעפְנְדִיק צוּרִיק, וָוארְם מֶען הָאט אוּנְז בַּאמֶערְקְט פוּן שָׁאוּלְס לָאגֶער אוּנד מֶען הָאט גִיזֶעהֶן אוּנזֶער סַכָּנָה , מִיר זֶענֶען אָבֶּער דָאה שׁוֹין גֶעוֶועזֶן אוֹיךְ נָאהנְט צוּם לֶעמְפֶּערְט, וֶועלכֶער הָאט שׁוֹין גֶעטְרָאגְן אַ גִיט גֶע-טְרָאפֶענֶע פַייל פוּן דֶעם פְּרִינְצְנְס בּוֹיגְן . „נָאךְ אַפָּאר אוֹיגְן בְּלִיקְן, אוּנד וֶוען מִיר וֶועללֶן

נִיט דֶער הַרגֶנֶען דֶען לֶעמְפֶּערְט,, הָאט דֶער פְּרִינְץ גֶעזָאגְט . „וֶועלְלֶן מִיר זִיךְ זָאפָּארְט אִים קֶעהרֶן צוּרִיק טַייטְנְדִיק צִין אוּנזֶער לָאגֶער . " –

וִויא עֶר הָאט אַזוֹי גֶערֶעדט הָאט עֶר דַארלַאנגְט אַוָוארְף זַיינֶע לַאנְצֶע מִיט אַ זָאלְכֶער גֶענוֹיאִיגְקֵייט אַזוֹי פִּינְקְט אוּנד אַזוֹי אַקוּרַאט, אַז עֶס הָאט גֶעטְרָאפֶן דִיא חַיָה צְוִוישֶן דִיא שוּלְטֶערְן אוּנד הָאט אִיהם אִיבֶּערגֶעקֶעהרְט אוֹיף דֶער עֶרְד . אִין דֶעם אוֹיגְן בְּלִיק פִּינֶעם לֶעמְפֶּערְטֶם פַאלל, הָאט זִיךְ מִיר אוֹיסגֶעדַאכְט וִויא אִיךְ הֶאר אַגֶעשְׁטַאמְפֶּערַאיי פוּן פֶּערְד . אוּנד זִיךְ אַרִים קִיקֶנְדִיק, הָאבּ אִיךְ דֶער זֶעהן אַ חֶבְרָה פְּלִשְׁתִּים-קַאוַואלֶערְיֶע אוּנד אוֹיף אַחַשְׁתְּרָנִים זִיךְ צוּא לָאזְנְדִיק אִין אַהַאלבּצִירְקֶל אוּנְז מְקַבֵּל פָּנִים צוּא זַיין . דִיא רַייטֶער, מִיט אַנגֶעלֶעגְטֶער לַאנְצֶע פְלִיעהֶן פָּשׁוּט אִיבֶּער דֶער עֶרְד מִיט דֶער שְׁנֶעללִיגְקֵייט פִינֶעם וִוינְד . דֶער פְּרִינְץ, וֶועלכֶער אִיז אַרִינְטֶער גֶעשְׁפְּרִינְגֶען אוּנד הָאט אַרוֹיסגֶעצוֹיגְן דִיא לַאנְצֶע פִּינֶעם טוֹיטְן לֶעמְפֶּערְט, הָאט מִיךְ דֶערהֶארט אִיהן וָוארְנֶענְדִיק הָאט עֶר דַארלַאנגְט אַקִיק אוּנד הָאט בַּאלד דֶער זֶעהן דִיא גְרוֹיסֶע סַכָּנָה, הָאט עֶר אַשְׁפְּרִינְג גֶעגֶעבְּן אִינֶעם זָאטְל אוּנד הָאט אַגִישְׁרֵיי גֶעטְהִין ! „לָאמִיר אַנטְלוֹיפֶן אַרבַּאצֶעס ! עֶס אִיז מַיינֶע נַארִישְׁקֵייט גֶעוֶועןְ, וֶועלכֶע הָאט דִיךְ גֶעבְּרַאכְט אִין אַזַא סַכָּנָה ! " ·

„זָארְג זִיךְ נִיט אַזוֹי שְׁטַארק פְּרִינְץ, פוּן מַיינֶעטְווֶעגְן," הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט . „אִיךְ הָאבּ גֶעהַאט אַ גְרוֹיס פַארגְנִיגְן פוּן דֶער יַאגְד אַזוֹי גִיט וִויא דִיא . זֵיי זֶענֶען צוּא פִּיעֶל פַאר אוּנְז, מִיר זָאללֶן זִיךְ נִיט פְּרִיוְון מִיט זֵיי מִלְחָמָה צוּא הַאלטְן ! מִיר מוּזְן זִיךְ פַארלָאזְן אוֹיף דֶער גִיכְקֵייט פוּן אוּנזֶערֶע פֶּערְד ! "

„צוּם לָאגֶער אַלְזָא פַאר אוּנזֶער לֶעבְּן אַרבַּאצֶעס ;" הָאט דֶער פְּרִינְץ אַגִישְׁרֵיי גֶעטְהִין, "זֵיי זֶענֶען גֶעוִויסס אִיבֶּער זֶעכְצִיג שְׁטִיק, אוּנד אִידַאמֶעאִישֶׁע רַייטֶער דֶערצִיא וֶועלכֶענְס פֶּערְד זֶענֶען פְלִינְק וִויא דִיא אָדלֶערְס ! "

דֶאה אִיז נִיט גֶעוֶועןְ קֵיין אֵיינְצִיגְן אוֹיגְן בְּלִיק צוּא פַארלִירְן . מִיר הָאבְּן דַארלַאנגְט אַגִישְׁרֵיי צוּא אוּנזֶערֶע פֶּערדֶעלַאךְ אוּנד אָפְּלָאזְנְדִיק דִיא צוֹים הָאבְּן מִיר זִיךְ צוּא לָאזְט צוּם לָאגֶער ! – צוּם גְלִיק זֶענֶען מִיר בֵּיידֶע גֶעוֶועןְ זֵייעֶר גִיט בַּארִיטְמְן . אַצִינְד אִיז עֶס גֶעוָוארְן אַ פַארְקֶעהרְטֶע שְׁפִּיעֶל . דִיא רוֹדְפִים נָאךְ דֶער חַיָה זֶענֶען אַצִינְד נִרְדָפִים אוֹיף זֵייעֶר הַיוּת גֶעוָוארְן ! – וִויא בַּאלְד יֶענֶע הָאבְּן דֶערזֶעהְן אַז מִיר הָאבְּן „קֶעהרְט" גֶעמַאכְט . הָאבְּן זֵיי דַארלַאנגְט אַ וִוילְד גֶעשְׁרֵיי אוּנד הָאבְּן אַ מְשׁוּגָע'נֶעם קְלָאפּ גֶעטְהִין מִיט זֵייעֶרֶע שְׁוֶועדֶערְ אוּנד שְׁפִּיעזְן אוֹיף זֵייעֶרֶע שִׁילְדֶער אוּנד הָאבְּן זִיךְ צוּא יָאגְט צִין אוּנְז . אוּנד יֶעדֶע מִינִיט זֶענֶען זֵיי רַק נֶעהֶנְטֶער אוּנד נֶאהֶנְטֶער גֶעקִימֶען . אַצִינְדֶערט הָאבְּן מִיר שׁוֹין גִיקָאנְט זֶעהן וָואס אִין אִינזֶער לָאגֶער טְהִיט זִיךְ ! אַגְרוֹיסֶע בַּאוֶועגוּנְג ! בַּאוַואפְנֶטֶע מֶאנֶער הָאבְּן זִיךְ אַרוֹיף גֶעחַאפְּט אוֹיף זֵייעֶרֶע פֶּערְד ! דִיא צוּג-בְּרִיק אִיבֶּערן גְרָאבְּן אִיז גֶעפַאללֶן . אוּנד אַ צְוַואנְצִיג בַּארִיטֶענֶע עִבְרִים הָאבְּן זִיךְ גֶעגֶעבְּן אַ זָאג אַ רִיבֶּער מִיט דֶעם קֶאנִיג זֶעלבְּסְט, וֶועלכֶער אִיז בַּאלְד גֶעוֶועןְ פוּן פָארְנְט ! אַוַדַאי אִיז עֶס גֶעוֶועןְ אַגִיטֶער צֵייבְּן פוּן הִילְף, אוּנזֶערֶע פַיינְד הָאבְּן אָבֶּער נָאר גֶעהַאט אַ פֶּערְטֶהלֶק וֶועג צוּא רַייטְן, פוּן דֶעם וֶועג, וָואס אוּנזֶערֶע פְרַיינְד הָאבְּן גֶעהַאט . יֶעדְן אוֹיגְן בְּלִיק

הָאבּ אִיךְ גֶעגְלויבּט אַז אָט פַאללן מִיר אִין זֵייעֶרע הֶאנְדט . פִּיעֶר פוּן זֵיי עֲמָלֵקִים. רַייטֶנְדִיק אוֹיף דְרָאמֶעדַארן, זֶענֶען שׁוֹין גֶעוֶועֶן פוּן אוּנְז נִיט וַוייטֶער פוּן אַ בּוֹיגְן־שָׁאסס, אוּנד זֵייעֶרֶע לַאנְגֶע דִינֶע פַיילן זֶענֶען שׁוֹין אוּנְז פַארבַּאיי גֶעפְלוֹיגְן ! .

פְּלִיצְם הָאבּ אִיךְ מִיךְ אִימגֶעקֶעהרְט אַקֶעגְן דֶעם שׂוֹנֵא, דֶערהַאלְטֶנְדִיק אַ לַאנְצֶע אוֹיף מַיין שִׁילְד, וֶועלכֶע אִיז אַרָאפּגֶעפַאללן צוּבְּרֶעקְלְט אוֹיף דֶער עֶרְד, פוּן דֶעם כֹּחַ פוּן דֶעם זֶעטְץ, אוּנד הָאבּ אַרָאפְּגֶעהַאקְט דֶעם קָאפּ פוּן דֶעם בַּארבַּאר מִיט מַיין דַאמַאסצֶענֶער שְׁוֶוערְד, אוּנד הָאבּ אוֹיפגֶעהַאלטן דֶען צְוֵייטֶן, נִיט נֶאהֶנְטֶער צוּא קִימֶען, אוּנטֶערדֶעסֶן הָאט עֶר אָבֶּער אַ וָוארף גֶעטְהִין זַיין גְלַאנְצֶנְדִיקֶן שְׁפִּיז אוֹיף דֶעם פְּרִינְצְן, וֶועלכֶער אִיז גֶעוֶועֶן גְרָאד בַּאשֶׁאפְּטִיגְט מִיט אַן אַנדֶערן גִבּוֹר, וָואס הָאט אִיהם שְׁטַארְק דֶער קִיטשֶׁעט מַיין בְּרַאוֶוער פְרַיינד וָואס הָאט אַצִינְד גֶעקֶעמפְפְט מִיטֶן שְׁוֶוערְד אִין דֶער הַאנְד הָאט נִיט גִיקָאנְט זֶעהן וִויא דֶער שְׁפִּיעז אִיז גֶעפְלוֹיגְן וֶועלכֶער הָאט דוּרךְ גֶעשְׁטָאכְן דָאס פְלֵייש פוּן זַיין אָרֶים . תֵּיכֶּף בִּין אִיךְ גֶעוֶועֶן נֶעבְּן אִיהם, שִׁיטְצֶנְדִיק פוּן אַשְׁרֶעקְלִיכֶן קְלָאפּ מִיט אַ קְרִיעֶגס־הַאק, וָואס וָואלְט אִיהם גֶעשְׁפַּאלטן דֶעם קָאפּ . נָאךְ אַ רֶגַע, אוּנד מִיר וָואלטֶן גֶעוֶועֶן אִיבֶּערגִיוָועאלְטִיגְט אוּנד דֶער הַרג׳ט, פוּן דֶעם בְּלִיטְץ שְׁנֶעללן צִיטְרֶעטֶען פוּן דִיא אִיבְּרִיגֶע פַיינד, וֶוען נִיט שָׁאוּל אַללֵיין, וָואלְט גְרָאד אִין יֶענֶעם מָאמֶענְט צִיא־גֶעטְרֶעטֶן ! אַללֵיין אַ קָאלָאסס, רַייטֶנְדִיק זַיין רִיעֶזִן־שְׁלַאכְט־פֶערְד וַוייסס וִויא שְׁנֶעע . פוּן זַיינֶע פַייעֶרִיגֶע אוֹיגְן הָאט גֶעשְׁפְּרִיצְט וִויא פַייעֶר אוּנד דֶער פָּנִים הָאט גֶעפְלַאקֶערְט מִיט אַ פַייעֶרִיקְן צָארן, וֶועהרֶנְד זַיינֶע שְׁטִימֶע הָאט גֶעבְּרִילְט וִויא אַלֶאבְּס אִין זַיין ווילְדסְטְן צָארן, אַללֵיין הָאט עֶר אָנגֶעגְרִיפֶן אוּנזֶערֶע פַיינְד, אוּנד הָאט דַארלַאנגְט אַ וויש מִיט זַיין מֶאכְטִיגֶן שְׁוֶוערְד אִין דֶער לִינְקְן הַאנְד אוּנד מִיט דֶער קִיפֶּערְנֶער קֵילֶע הָאט עֶר צִיגֶעקְלַאפְּט מִיט דֶער רֶעכְטֶן הַאנד אַז עֶס אִיז פְּלִיצְם לִיכְטִיג גֶעוָוארן פַאר אִיהם. וָוארְם דִיא אִיבְּרִיגְן פְּלִשְׁתִּים אַזַא מִין מַלְאַךְ הַמָּוֶת דֶערזֶעהנְדִיק הָאבֶּן גֶעהַאפְּט דִיא פִּיס אוֹיף דִיא פְּלֵייצֶעס, אִיבֶּערלָאזְנְדִיק אַטִיץ פוּן זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער מִיט פֶערְד אוּנד אַלֶעס בַּייס־סֶענְדִיק דָאס גְרָאז ׳ דֶעם קֶאנִיגְס בַּאלֵייטֶערְם הָאבֶּן זִיךְ אַצִינְדֶערְט צִיאלָאזְט נָאךְ דִיא אַנְטְלָאפֶענֶע . וֶועהרֶנְד דֶער קֶאנִיג זִיךְ אַרָאפּבּוֹיגֶנְדִיק פוּן זַיין זָאטְל הָאט אַרויסגֶעצוֹיגְן דֶעם שְׁפִּיעֶז פוּן זַיין זִינְס אָרִים,אִיהם מוֹילְד פָּארְהַאלטְנְדִיק פַר זַיינֶער רַעשְׁקִייט אוּנד קִיהנְקֵייט.

„זֵיי מִיר מוֹחֵל מַיין טְהַייעֶרֶער פָּאטֶער,“ הָאט עֶר גֶעזָאגְט . „אִיךְ וֵויים אַז אִיךְ בִּין שִׁילְדִיג זֵייט אִיךְ הָאבּ דַיין לֶעבּן אִין אַ סַכָּנָה גֶעבְּרַאכט אַזוֹי גִיט וִויא דָאס לֶעבּן פִּינֶעם פְּרִינְצְן אַרְבַּאצֶעס ! נָאר אִין דֶער הִיטְץ פוּן דֶער יַאגְד הָאבּ אִיךְ מִיךְ נִיט אַרִים גֶעקִיקְט אַז מִיר זֶענֶען גֶעוֶועֶן אַזוֹי נֶאהֶנְט צוּא דִיא פְּלִשְׁתִּים ! “

„עֶס אִיז גִיט, וָואס עֶס אִיז נִיט שְׁלֶעכְטֶער, מַיין בְּרַאוֶוער זִין,“ הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט, „פְּרִינְץ אַרְבַּאצֶעס, אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהן דִיא הִילְף וָואס דִיא הָאסְט גֶעגֶעבְּן מַיין זִין, עֶס אִיז גֶעוֶועֶן, צַייטִיג אוּנד קִינְצְלִיךְ אוֹיסגֶעפִיהרְט, מִיר וֶועלְן אַצִינְד צוּא רִיק רַייטֶן צוּם לָאגֶער, וָוארְם דִיא פְּלִשְׁתִּים קָאנֶען נִיט בַּאזִיעֶגְט ווערן פוּן אַ יוּנגֶל אִין דַיינֶע יָאהרֶן, מַיין בְּרַאוֶוער זִין ! “ דָאס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוֶועֶן צוּא יוֹנָתָן, וֶועלכֶער הָאט גֶעשֵׁיינְט,

אַזוֹי וִויא דִיא ווִינְד אַהֶרְט אִים גָאר נִיט . „אִיךְ הָאבּ גָאר גִיט רַאבַּאן גֶעדַאכְט, מַיין פָּאטֶער אוּנד קֶאנִיג צוּא בַּאקֶאמְפְּפֶן זַייעֶר אַרמֶעע .“ הָאט יוֹנָתָן גֶעעֶנְטְפֶעְרְט . „נָאר דִיא הָאסְט נִיט נוֹיטִיג אַזוֹי אֶנְגְסְטְלִיךְ צוּא זַיין אִיבֶּער מַיינֶער ווִינְד, עֶס אִיז אַקְלֵיינִיגְקֵייט. נָאר זֶעה אַהִין מִיר שַׁיינְט אַז אוּנזֶערֶע לַייט וֶוערן נָאךְ גֶעיָאגְט ! —

דָאס אִיז טַאקִי אַקוּרַאט אֱמֶת גֶעוֶועֶן דִיא יוּדִישֶׁע פַּארפָאלגֶער פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּן זִיךְ נִיט גִיט בַּארֶעכְנְט, נָאךְ אַ קְלֵיינֶער וַוייլֶע אַנטְלוֹיפְנְדִיק הָאבֶּן זַיי פְּלִיצִם גֶעמַאכְט „קֶעהרְט“ אוּנד הָאבֶּן דִיא עִבְרִים אַזוֹי וַוארְם מְקַבֵּל פָּנִים גֶעוֶועֶן אַז זַיי הָאבֶּן גֶעמוּזְט מַאכֶן קֶעהרְט אַהֵיים צוּרִיק . אַצִינְד הָאבֶּן וִויעדֶער דִיא פְּלִשְׁתִּים אַטָעוֹת גֶעהַאט, וָוארְם וִויא בַּאלְד שָׁאוּל הָאט וִויעדֶער נָאר אֵיין שְׁפְּרִינְג גֶעטְהִין פָארוֶוערְטְס מִיט דֶעם גֶעצוֹיגֶענֶעם שְׁוֶוערְד . הָאבֶּן זַיי זִיךְ וִויעדֶער אָפּגֶעטְרָאגְן . — עֶנדְלִיךְ הָאבֶּן מִיר וִויעדֶער דֶערגְרֵייכְט אִינְזֶער לָאגֶער אוּנד דֶעם פְּרִינְצִינְס שְׁוֶוערֶע ווִינְד אִיז תֵּיכֶף בַּאהַאנְדְלְט גֶעוָוארן פוּן מַיינֶעם זַייעֶר גֶעשִׁיקְטֶן אִינדַרַאִישֶׁן דָאקְטָאר :

דֶעם קֶאנִיגְס פְּלַאן זִיךְ אַ דָאה צוּא פַארשַׁאנְצְן אִיז גֶעוֶועֶן זַייעֶר גִיט אוֹיסגֶעדַאכְט, וָוארְם עֶר הָאט גֶעוָואלְט אַרוֹיסצִיעֶהן דֶעם רֹאשׁ הַצָּבָא פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים אַהֶערְצִיא . וִויא דִיא פָּאזִיצִיָאן אוֹיף דֶעם זַייט פִינֶעם בַּארְג אַסַךְ אַשְׁטַארְקֶערֶע אִיז, אַלְס זִיךְ צִיא לָאזְן גֶעהְן צוּם שׂוֹנֵא דוּרְךְ אַזַא וַוייטֶן פְּלַיין, אַקֶעגְן אַזוֹי פִיעל עֶלֶעפַאנְטֶן אוּנד רַייטְוָואגְן, דִיא הֶעלְפְטֶע פוּן דֶער יוּדִישֶׁער מַחֲנֶה מִיז פַארלָארן גֶעהְן, וֶוען דֶער קֶאנִיג זָאלל וֶועללֶן מַאכֶן דֶען אַנגְרִיף, אַזוֹי אָבֶּער הָאט עֶר זִיךְ פֶעסְט אַיין גֶעשְׁלָאסְסֶן אוּנד הָאט אָפְּגֶעוַוארְט רִיהִיג דֶעם פַיינד . וִויא גְרוֹיסס אִיז אַלְזָאה גֶעוֶועֶן שָׁאוּלְס פְרֵייד צוּא זֶעהן, אוֹיף מָארגְן נָאךְ דֶעם פְּרִינְצְנְס פַארוֹוינְדִינְג, דָאס גַאנְצֶע חַיִל פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים זִיךְ נָאהנְטֶער צוּרִיקְן . אַזוֹי אַז אַן שְׁטָאט, פוּן דֶעם פְרִיעהֶרִיגְן וַוייטֶן פְּלַיין וֶועלכֶער אִיז גֶעוֶוען צְווִישֶׁן דִיא בֵּיידֶע אַרמֶעעֶן, אִיז אַצִינדֶערְט נָאר גֶעוֶועֶן אַשְׁמָאל טָאלכֶען מִיט אַטַייכל אִין מִיטְן, וָואס הָאט מַפְרִיד גֶעוֶועֶן דִיא בֵּיידֶע מַחֲנוֹת . שָׁאוּל הָאט זִיךְ דְרִימְאוֹיךְ גֶעפְרֵייט, וַוייל עֶר הָאט גֶעהָאפְט אַז דֶער נֶאכְסְטֶער שְׁרַייט וֶועט זַיין, אַז דִיא פְּלִשְׁתִּים וֶועללֶן אִיהְם אָנגְרַייפֶן אִין זַיינֶע פַארשַׁאנְצִינגֶען, הָאט עֶר אִין זִינֶען גֶעהַאט, אַרָאפְּצִישִׁיטֶן אוֹיף דִיא בַּארבַּארְן דִיא גַאנְצֶע מַשָּׂ׳א פוּן דֶער עִבְרִישֶׁן מַחֲנֶה פוּן דִיא בֶּארְג אַרָאפּ . אוּנד אַזוֹי הָאט שָׁאוּל מִיט שֵׂכֶל אָפְּגֶעוַוארְט דֶעם פַיינְדְס אַנגְרִיף . פוּן בֵּיידֶע מַחֲנוֹת אִיז מֶען גֶעקִימֶען צוּא דֶעם טַייכל נָאךְ וַואסֶער, וַוייל בַּאיים וַואסֶער נֶעהמֶען פְּלֶעגְט מֶען זַיין אִימְבַּאוָואפְנְט, פְּלֶעגְן זִיךְ דִיא לַייטֶע אָפְט אַבִּיסל שְׁמִיעסְן, דִיא פְּלִשְׁתִּים וִויא דִיא עִבְרִים הָאבֶּן גֶעהַאלְטְן דָאס קְלָארֶע טַייכל מִיט זַיינֶעם בָּארְן, פוּן פִיעלֶע אוּנד גְלַאטֶע אוּנד שַׁארפֶע שְׁטֵיינְדֶעלַאךְ אַלְס נַאיטְרַאלְן גְרוּנְד . אַגְרוֹיסֶער הֶערְשׁ הָאט אִיהְן גִיקָאנְט אַרִיבֶּער שְׁפְּרִינְגֶען . —

אַ טָאג שְׁפֶּעטֶער, נָאךְ דֶעם וִויא דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּן זִיךְ גֶעלָאגֶערְט, אוֹיף דֶעם בַּארְג אַנטְקֶעגְן אוּנד אוֹיף דֶעם הַאלבֶּן טְהָאל „אֶפֶס-דָמִים“ הָאט זִיךְ שָׁאוּל הַמֶּלֶךְ פַאר שְׁלָאסְסֶן אִין זַיין גֶעצֶעלְט, אוּנד מֶען הָאט גֶעמִירמְלְט אַז דֶער „רוּחַ רָעָה“ הָאט אִיהְם

ווִיעדֶער בַּאפַאללֶן . דִיא בְּשׂוּרָה הָאט גֶעבְּרַאכְט דֶעם פְּרִינְצֶן חֵלֶב הַנּוֹטְפָתִי זַיין נוֹשֵׂא בֵּלִים. אִין מַיין פָּאווִילְיָאן אַרַיין, ווִיא דֶער פְּרִינְץ אִיז גֶעלֶעגֶן אוּנד הָאט גֶעפִּיפֶּערְט פוּן זַיין ווִינְד . — „טְרָאג עֶס נִיט אַרִים אִים לָאגֶער" הָאט עֶר עֶרנסט אַגִישְׁרַיי גֶעטְהִין , אַ נִיט, ווֶעט דִיא גַאנְצֶע אַרְמֶעע פַּארַאלִיזִירְט ווֶערן . ווֶער נָאךְ ווַייסְט עֶס פִינֶעם פָּאלְק ?"

"דֶער פְּרִינְץ אִישׁ בּוֹשֶׁת הָאט עֶס מִיר גֶעזָאגְט„ הָאט חֵלֶב גֶעעֶנְטְפֶערְט .

"גֶעה מַיין טְהַייעֶרֶער אַרבַּאצֶעס„ הָאט יוֹנָתָן גֶעבֶּעטֶן, "אוּנד זֶעה אוֹיב סְאִיז אֱמֶת ! מַיין פָאטֶער ווֶעט דִיךְ אַוַודַאי צִיא לָאזֶן . ווֶען עֶס אִיז מֶאגְלִיךְ הַאלְט עֶס בְּסוֹד, אִין אַ טָאג אָדֶער צְוַויי ווֶעט עֶס אֶפְשָׁר פָּאראִיבֶּערגֶעהְן! ווִיא אִימְגְלִיקְלִיךְ קִימְט עֶס גְרָאד אַצִינְד!"

זָאפָּארְט בִּין אִיךְ גֶעווֶען בַּאיים קֶאנִיגֶם גֶעצֶעלְט, זַיין אָבֶּער־קָאמֶערְהֶערר הָאט מִיךְ בַּאגֶעגְנֶט פַאר דֶער טְהִיר . „וואָס מַאכְט דֶער קֶאנִיג ? הָאבּ אִיךְ גֶעפְרֶעגְט אִיז עֶר חַס וְשָׁלוֹם קְרַאנְק ?"

דֶער אַלְטֶער טְרַייֶער דִיעגֶער הָאט טְרָאוֶעריג אַשָׁאקְל גֶעטְהִין מִיטֶן קָאפּ .

"דֶער רוּחַ רָעָה אִיז אוֹיפְן קֶאנִיג, אִיז גֶעווֶען זַיינֶע בַּאזָארגטֶע אַנְטְוָוארְט . „עֶס הָאט אִיהם בַּאפַאללֶן גֶעכְטֶן בַּאיי נַאכְט ! פְּלִיצִים זִיךְ אוֹיפחַאפְּנְדִיק פִינֶעם שְׁלָאף, הָאט עֶר אַחַאפּ גֶעטְהִין זַיין שְׁווֶערְד מִלְחָמָה צוּא הַאלְטֶן מִיט אַ נִיט גֶעזֶעהֶענֶעם פַיינְד ! דֶער־נָאךְ הָאט עֶר גֶעטְהִין אַוָוארְף אַוֶועק דָאס כְּלֵי זַיין, שְׁרַייֶענְדִיק אוֹיף אַ קוֹל וָואס ? זָאלל אִיךְ מִיט אַן אַייזֶערְנֶעם שְׁווֶערְדְט בַּאקֶאמְפְּפֶן אַ לִיפְּטִינֶע זַאךְ ? דֶער נָאךְ הָאט עֶר גֶעגֶעבְּן אַ פַאלל גֶעבְּן זַיין גֶעלֶעגֶער, אוּנד הָאט זִיךְ נָאךְ נִיט גֶערִיהְרְט פִינֶעם אָרְט, הַאלְטֶנְדִיק דִיא גַאנְצֶע צַייט דֶען פָּנִים בַּאגְרָאבְּן אִין דִיא הֶאנד, אַמָאהל הֶער אִיךְ אִיהן קְרֶעכְצֶנְדִיק נָאר נִיט ווִיא אִין שְׁמֶערְצְן זָאנְדֶערן ווִיא נָאךְ אַטוּיטְן ! "

אִיךְ הָאבּ מִיךְ שְׁטִילְלִינְקֶערְהֵייד אַרַיין גֶעחַאפְּט ! דֶער קֶאנִיג הָאט זִיךְ נִיט אִימְגֶע־קִיקְט, אִיךְ הָאבּ מִיךְ דֶערְוֶועגְט מַיינֶע הֶאנְד אַנִידֶער צוּא לֶעגֶן אוֹיף זַיין אַקְסֶל זַייעֶר זַאנְפְט, עֶר הָאט זִיךְ נִיט גֶערִיהְרְט ! הָאבּ צִין אִיהם גֶערֶעדט ווֶערטֶער פוּן זִימְפַּאטְהִיֶע אוּנד לִיעבֶּע ! עֶר אִיז גֶעבְּלִיבְּן שְׁטִילל . אִיךְ הָאבּ אָן גֶערִיפְן זַיינֶען הֶעלְדְן־נָאמֶען, זַיין קֶאנִיגְלִיכְן שְׁטָאלְץ, הָאבּ גֶעזָאגְט אַז זַיינֶע אַרְמֶעע וַוארְט אוֹיפְן מֶאכְטִיגְן פִיהְרֶער ! קֵיינֶע בַּאווֶעגוּנְג הָאט עֶר גֶעמַאכְט, אָבֶּער גְרוֹיסֶע אוּנד טִיעפֶע זִיפְצְן הָאבְּן פֶּארְרַאטְהֶן דִיא שְׁטַארְקֵייט פוּן זַיינֶער אִינֶווֶענִיגֶן בַּאווֶעגוּנְג . עֶנְדְלִיךְ הָאט עֶר פִינֶעם פָּנִים אַוֶועק גֶע־נִימֶען דִיא הֶאנְד אוּנד הָאט מִיר אַקִיק גֶעטְהִין אִין מַיין פָּנִים אַרַיין ! רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם ! גָאט דֶער גְנָאד אוּנד בַּארֶמְהֶערְצִיגְקֵייט ! וָואסס זָאלל אִיךְ אַייעֶרֶער מַאיֶעסְטָאט זָאגְן ? אִין מַיינֶעם לֶעבְּן הָאבּ אִיךְ נָאךְ נִיט אַזַא מִין פָּנִים גֶעזֶעהְן, בִּיז מַיין טוֹיט ווֶעט מִיךְ דֶער שְׁרֶעק נָאךְ יָאגְן . עֶס אִיז גֶעווֶען דֶער פָּנִים פוּן אַ טוֹיטְן מֶענְשְׁן גָאר גֶעשְׁטֶעמְפֶּלְט מִיט לֶעבֶּעדִיקֶע אוּנד אִימְאוֹיסְשְׁפְּרֶעכְלִיכֶע שְׁמֶערְצְן ! דִיא טִיעף אַיינְגֶעפַאללֶענֶע שְׁוַוארְצֶע אוֹיגְן הָאבְּן אַפְּנִים גֶעהַאט ווִיא צְווַיי טִיעפֶע טְרֶערְן־גְרֶעבֶּער, טִיעף, אַךְ אַזוֹי טִיעף אַז דִיא מֶענְשְׁלִיכֶע זִימְפַּאטְהִיֶע קָאן עֶס קוֹים דֶערְגְרִינְדְן, מִיר הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶערַאכְט אַז זַיי קִיקְן צוּא מִיר אַרוֹיס פוּן דִיא טִיעפְסְטֶן קְוָואלְלֶן פוּן אַן אֵייבִּיגְן גֵיהִנֹּם ! זַיין גְרוֹיסֶער

שְׁטֶערן אִיז גֶעוֶועזֶן גֶעקָארְטְשֶׁעט מִיט שְׁמֶערְצְנִס פַּאלְטְן, וָואס דֶער פֶערְצְוַוייפְלוּנְגְס אַקֶער הָאט אִין אִיהם אוֹיסְגֶעגְרָאבֶּן, דִיא אַיינְגֶעפַּאלֶּלֶענֶע אוּנד אַיינְגֶעצוֹיגֶענֶע בַּאקֶן זֶענֶען גֶעוֶוען עִמְקֵי הַבָּכָה · אוּנד אַרִים דֶעם מוֹיל אִיז גֶעוֶועזֶן יֶענֶער פַארְצְוַוייפֶעלְטֶער אוֹיסְדְרִיק, פוּן אֵיינֶעם, וָועלְכֶענְס תְּפִילּוֹת וֶוערן אוֹיף לְהַכְעִיס נִיט אָן גֶענִימֶען! דָאס אִיז גֶעוֶועזֶן אַפָּנִים פוּן אַרָאפְּגֶעפַאלֶענֶעם מַלְאַךְ בַּאקְלָאגְדִיק זַיין פַארלָארֶענֶעם טְהְרָאן, מִיט דֶעם בַּאוְויסְט זַיין אַז עֶר וֶועט עֶס קֵיין מָאהל נִיט מֶעהר וִויעדֶער בַּאקִימֶען — גֵיין, קֵיין מָאהל נִיט. אִין וֶועלְכֶן, הָאפְנוּנְג אִיז פָאלְשְׁטֶאנְדִיג טוֹיט, נָאר פַארְבִּיסֶענֶער כַּעַס בְּרֶענְט נָאךְ מִיט אַ טִינְקֶלֶער פְּלַאמֶע! אִיךְ הָאבּ נִיט גִיקָאנְט אַוָוארט רֶעדְן! מַיין הַאֶרֶץ אִיז גֶעוֶועזֶן פִילל מִיט טְרֶערן! אִיךְ הָאבּ בַּאמֶעהְלִיכֶן אוּנד שְׁטִילל צוּרִיק גֶעלֶעגְט זַיינֶע צְוַויי הֶאנְד אוֹיף זַיין פָּנִים, הַאלְטֶנְדִיק עֶס פַּאר אַ חֶסֶד אִיהם נִיט אִיבֶּערְצִישְׁלָאגְן זַיינֶען שְׁמֶערְצְלִיכֶן אוּנד שְׁרֶעקְלִיכֶן צוּשְׁטַאנְד.

אוּמְזִיסְט אִיז גֶעוֶועזֶן אִינְזֶער מִיה דֶעם קֶענִיגְס צוּשְׁטַאנְד צוּא בַּאהַאלְטְן פוּן דֶער מַחֲנֶה, דֶער סוֹד הָאט גֶעקְלִינְגֶען פוּן אֵיין עֶק בִּיז אִינֶעם אַנְדֶערְן, דִיא מַחֲנֶה הָאט פֶערְלָארְן אִיהר מוּטה. אַיעדֶעם בַּייז הָאט מֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּן נְבוּאוֹת צוּא זָאגְן. גַאנְצֶע קָאמְפַּאנִיֶען הָאבֶּן אִין דֶער נַאכְט דֶעזֶערְטִירְט. וַוייל יֶעדֶער הָאט גֶעגְלוֹיבְּט אַז גָאט אִיז נִיט מֶעהר מִיט שָׁאוּלְן. יְהוֹנָתָן, מִיט בְּרֶענֶענְדִיקֶן פִיבֶּער אִין זַיינֶע אָדֶערְן אוּנד נָאךְ זֶעהר שְׁוַואךְ פוּן זַיינֶער וְוינְד. הָאט זִיךְ אָנְגֶעטְהִין אַללֶע כּוֹחוֹת אַרִים רַייטֶענְדִיק צְוִוישֶׁן דֶער מַחֲנֶה אוּנד זַייא אִיבֶּערְרֶעדְנְדִיק אַז בַּאלד וֶועט דֶער קֶענִיג בֶּעססֶער וֶוערן אוּנד אַז גָאט וֶועט נָאךְ פַאר זַיי מִלְחָמָה הַאלְטְן. —

וִויא רִיהְרֶנְדִיק אִיז גֶעוֶועזֶן צוּא צִיזֶעהן, וִויא דֶער בְּלֵייכֶער, נָאךְ זֶעהר קְרַאנְקֶער פְּרִינְץ אַזוֹי פִיעל קוּרַאשְׁזֶע צוּא בַּאוַוייזֶן אִין אַזַא גֵייטִיגֶער שָׁעָה. צוּרִיקְקֶעהְרֶנְדִיק אִין מַיין גֶעצֶעלְט אִיז עֶר אִין אַ חֲלָשׁוּת גֶעפַאלְלֶן.

אַפָּאר טָאג נָאךְ דֶעם קֶענִיגְס קְרַאנְק וֶוערן, בִּין אִיךְ גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף אַ הוֹיכֶן פֶעלְזֶן בַּאוַואכְנְדִיק דִיא פְּלִשְׁתִּים, וֶועלְכֶע הָאבֶּן אִין דֶער נַאכְט גֶעבִּיטֶן זֵייעֶרֶע פָּאזִיצְיָאן. קִימֶענְדִיק נֶאהֶנְטֶער מִיט צְוַויי דְרִיטֶל פוּן זֵייעֶר אַרְמֶעע, כִּמְעַט אוֹיף אַ וֶוערְשְׁט נָאר וַוייט פוּן אוּנְזֶער לָאגֶער, אוּנד אֵיין דְרִיטֶל צוּרִיקְלָאזְנְדִיק אוֹיף אַ בַּאפֶעסְטִיגְטֶן בַּארְג אִין פַאלל פוּן אַ רִיקְטְרִיט. וִויא אִיךְ הָאבּ מִיר דָאה בַּאטְרַאכְט זֵייעֶר פְרָאנְט פוּן גֶעפַאנְצֶערְטֶע מֶענְשֶׁען. זֵייעֶרֶע בּוֹיגְנְ-שִׁיסֶערס, רַייט-וָואגְן, קַאוַואללֶערִיֶע, שְׁוֶוערד-מֶאנֶער, שְׁפִּיעֶזְמֶאנֶער, אוּנד בַּארִיטֶענֶע אִידַאמֶעאִישֶׁע טְרוּפֶּן, אוּנד אַ בַּאטַאלְיָאן פוּן גֶעדִינְגֶענֶע עֲמָלֵקִים אַכְט הִינְדֶערְט אַחַשְׁתְּרָנִים שְׁטַארְק, אַללֶע גִיט בַּאוַואפְנְט אוּנד גִיט. אָנְגֶעטְהִין. הָאבּ אִיךְ אוֹיף אֵיינְמָאהל דֶערזֶעהן אַ חֶבְרָה פוּן אַ זִיבֶּעצִיג מַאן פוּן עֲנָקִימְשֶׁער גְרוֹיסְקֵייט מִיט שְׁטָאהלֶענֶע פַאנְצֶער אוּנד בְּרָאנְזֶענֶע הֶעלְמֶס, אַרוֹיס מַארְשִׁירֶנְדִיק פוּן דֶער לִינִיע. זֵייעֶר פִיהְרֶער אִיז גִיוֶועזֶן אִין הוֹיכְקֵייט אַן אֶמֶת׳ר קָאלָאסס! גְרוֹיס אוּנד הוֹיךְ וִויא יֶענֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶן, אִיז עֶר נָאךְ מִיט אַקָאפּ אוּנד אַקסֶלֶען הֶעכֶער גֶעוֶועזֶן פוּן זֵיי, עֶר הָאט גֶעקָאנְט שְׁטֶעהְן נֶעבֶּן אַייעֶרֶער מַאיֶעסְטֶאטְס, וַוייסְן עֶלֶעפַאנְט אוּנד זַיין אָרִים אַנִיעדֶער

לֶעגן אוֹיף זַיין רִיקֶן, נִינוּס הָאט דֶערלַאנְגְט אַ גֶעשְׁרַייא פַאר שְׁרֶעק אִיהן דֶערזֶעהֶנְדִיק. דֶער פְּרִינץ אִישׁ בּוֹשֶׁת, אַ שְׁאנֶער בָּחוּר אוּנד אַיוּנגֶערֶער בְּרִידֶער פוּן יְהוֹנָתָן אִיז צוּגֶעקִימֶען אוּנד אִיהן זֶעהֶנְדִיק זִיךְ צוּא מִיר אָנגֶערִיפֶן:

„דָאס זֶענֶען דִיא בַּארִיהמְטֶע בְּנֵי עֲנָק! זֵיי זֶענֶען פוּן דֶער רַאססֶע רִיעֶזֶן, וֶועלכֶע יְהוֹשֻׁעַ הָאט פַארטְרִיבֶּן פוּן דֶעם לַאנד פוּן דִיא עֲנָקִים!“

אַ בַּאלד אִיז דֶער גַאנצֶער יוּדִישֶׁער לָאגֶער פִילל גֶעוֶועזֶן מִיט דֶעם גֶעשְׁרֵיי „דִיא עֲנָקִים דִיא עֲנָקִים!“ אִיךְ הָאבּ בַּאטְרַאכט זַייעֶר פֶעסְטֶן טְרִיט, אוּנד פוּן גַאנץ וַוייט הָאט מֶען שׁוֹין גֶעהֶערט דֶעם קְלַאנג פוּן דֶעם שְׁטָאהל אוּנד אַייזֶן פוּן זַייעֶרֶע כְּלֵי זַיִן, אֲפִילוּ דִיא עֶרד הָאט גֶעשַׁיינְט צוּא צִיטֶערְן אִינטֶער זַייעֶר טְרִיט. זַייעֶרֶע שִׁילְדֶער זֶענֶען גֶיוֶועזֶן וִויא גְרוֹיסֶע בְּרָאנְדזֶענֶע טִישֶׁן, אוּנד אַללֶע זַייעֶר וַואפֶן הָאבֶּן גֶעפַּאסט אִין לֶאנג אוּנד שְׁטַארְקַייט. אִיךְ הָאבּ שׁוֹין לַאנג גֶעהֶערט אַז עֶרגֶעץ אִין פַּאלֶעסְטִינָא זָאלל זִיךְ גֶעפִינֶע אַ שְׁטָאט מִיט גָאלֶע רִיעֶזֶן זְכָרִים וּנְקֵבוֹת, נָאר אַצִינד הָאבּ אִיךְ עֶטלִיכֶע פוּן זֵיי גִיזֶעהֶן, מֶענְשְׁלִיכֶע אוּנגֶעהַייעֶר, זֶעקס עֶלֶען, אָדֶער נַיין פִים הוֹיךְ, דָאס אִיז גֶעוֶועזֶן דִיא לַייבּגַארדֶע פוּן זַייעֶרֶן מַאכְטִיגֶן קֶאנִיג. גֶעשְׁפַּאנְט הָאבֶּען זַייא דְרַיי עֶלֶען אוֹיף אַ שְׁפַּאן, אוּנד גֶעבֶּן דֶעם טַייכל הָאבֶּען זַייא זִיךְ אָפּגֶעשְׁטֶעלט. זַייעֶר פִיהרֶער הָאט זֵיי אִיבֶּערגֶעלָאזְט אוּנד הָאט אַללֵיין אַוואנְסִירְט אַ בּוֹיגֶן־שָׁאסס פִינֶעם טַייכל. זַיין הוֹיךְ מִיט הֶעלְם אוּנד קַאם אִיז גֶעוֶועזֶן כִּמְעַט עֶלף פִיסס, אַ שׁוּפְּפֶנפַּאנצִיר פוּן בְּרָאנְדז, יֶעדֶע שׁוּפְּפֶע אַזוֹי בְּרֵייט וִויא אַמֶענְשְׁנְס הַאנד הָאט בַּאדֶעקְט זַיינֶען רִיעֶזֶן קֶערפֶּער, אוֹיף זַיינֶע פִיסס, בְּרָאנְדזֶענֶע בְּלֶעכֶן אוּנד אַ בְּרָאנְדזֶן שִׁילד הָאט עֶר גֶעהַאט צְוִוישֶׁן דִיא שׁוּלְטֶערְן. אַ שְׁטָאהלֶענֶער קִירַאסס הָאט בַּאדֶעקְט זַיינֶע רִיעֶזֶן בְּרוּסְט אוּנד אוֹיף זַיין דִיךְ הָאט גֶעהֶאנְגְט אַ גְרוֹים צְוֵוייִשְׁנַיידְנְדִיקֶעס שְׁוֶוערד אַ מַשָּׂא פַאר אֵיין מֶענְשֶׁען אוֹיפְצוּהֶעבֶּן. דֶער שְׁטֶעקֶן פוּן זַיין וַוארְפְשְׁפִּיעז אִיז גֶעוֶועזֶן וִויא אַ בַּאלְקֶן גְרוֹיסס אוּנד שְׁוֶוער. עֶר אִיז אַוַודָאי אַ יָאהר זִיבְּצִיג אַלט גֶעוֶועזֶן אוּנד צְוִוישֶׁן זַיינֶע דִיקֶע גְרָאבֶּע אוּנד שְׁוַוארְצֶע הָאאר פוּן בַּארד אוּנד לַאקֶן הָאבֶּן זִיךְ דוּרְכְגֶעוָואְרפֶן גְרָאוֶע. פַאר אִיהם אִיז גֶעגַאנגֶען אַ שְׁטַארְקֶער מַאן, מִיט גְרוֹים מִיה טְרָאגְנְדִיק זַיינֶען שְׁוֶוערֶן שִׁילד. זַיין קוֹל אִיז גֶעוֶועזֶן וִויא דֶעם טִיגֶערְס (הַזָּכָר) וֶוען עֶר בְּרִילְלְט טִיעֶפֶן צָארְן. גֶעבֶּן טַייכֶעלֶע קִימֶענְדִיק הָאט עֶר אַ גִישְׁרַייא גֶעטְהִין:

„אִיךְ בִּין דֶער פְּלִשְׁתִּי, אַ פְּרַייעֶר מַאן—אוּנד אִיהר זֶענְט קְנֶעכְט צוּ שָׁאוּלֶן. קְלוֹיבְּט אַייךְ אוֹיס אַ מֶענְשֶׁען פוּן אַייעֶר צַד מִיט מִיר מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶן הַרְג׳ט עֶר מִיךְ וֶועלְלֶן דִיא פְּלִשְׁתִּים קְנֶעכְט וֶוערְן צוּא שָׁאוּלֶן. הַרְגֶע אִיךְ אִיהְן זָאלט אִיהר אוּנְזֶערֶע קְנֶעכְט וֶוערֶן!“

אַזוֹי זָאגְנְדִיק אוֹיף אַ קוֹל אַז שָׁאוּל אִין זַיין גִיצֶעלְט הָאט עֶס אַוַודָאי גֶעמִיזְט אוֹיךְ הֶערֶן, הָאט עֶר אַרָאפְּגִיצוֹיגֶן זַיין אַייזֶערְנֶעם הַאנְדְשׁוּה אוּנד הָאט אִיהם דֶערלַאנְגְט אַוָוארף אַרִיבֶּער דֶעם טַייכל אַלס אַן אַרוֹיספָארדֶערוּנְג. דֶערבַּאיי אוֹיסְרִיפֶנְדִיק „אִיךְ טְרָאטְץ דִיא מַחֲנוֹת יִשְׂרָאֵל! שִׁיק מִיר אַ מֶענְשֶׁן, לָאז עֶר מִיט מִיר מִלְחָמָה הַאלְטֶן!“

דִיא אוֹיספָארדֶערוּנְג הָאט אָנגֶעפִיהלְט אַללֶע עִבְרִישֶׁע הֶערְצֶער מִיט טְרָאוֶוערְקַייט

אונד זָארג וָוארְם אִין דֶער גַאנְצֶן עִבְרִישֶׁן מַחֲנֶה הָאט זִיךְ נִיט גֶעפִינֶען קֵיין אֵיינְצִיגֶער מֶענשׁ וָואס הָאט גִיקָאנט זִיךְ מֶעסְטֶן מִיטֶן פְּלִשְׁתִּי אִין כֹּחַ. שָׁאוּל אִיז קְרַאנק אונד דֶער רוּחַ רָעָה פוּן גָאט אִיז אוֹיף אִיהם אונד יֶעדֶע קוּרַאשְׁזֶע, יֶעדֶער מוּטֹה אִיז גֶעזִינְקֶען אונד דִיא מַחֲנֶה הָאט זֵייעֶר הַארץ פֶערלָארֶן. —

„הָאט שָׁאוּל גֶעהֶערט דִיא אַרוֹיספָארְדֶערוּנג“ הָאבּ אִיךְ גֶעפְרֶעגט דֶען אַלְטֶן טְרַייֶען קַאמֶער-הֶערֶרן?

„גֶעוִויסס מַיין הֶערר“ הָאט עֶר גִיעֶנְטפֶערט. „עֶר רִיהְרְט זִיךְ נִיט פוּן זַיין זִיטץ, זַיין בְּרַאוֶוער גֶענֶערַאל וָועלכֶער אִיז נִיט לַאנג אָנְגֶעקִימֶען מִיט פַארשְׁטֶארְקוּנגֶען פוּן יָענֶער זַייט הַר־אֶפְרַיִם, אונד הָאט גִיבְּרַאכט מַחֲנוֹת פוּן אָשֵׁר, מְנַשֶּׁה אונד נַפְתָּלִי, הָאט אִיהם אִיבֶּערגֶחֲזֶר'ת וָוארט פַאר וָוארט דִיא אַרוֹיספָארְדֶערוּנג, אונד הָאט גִיזָאגט: „אָ קֶענִיג עֶרלוֹיבּ מִיר צוּא גֶעהֶן אונד צוּא בַּאקֶאמְפְּפֶן דֶען הִינְדְט פוּן אַ פְּלִשְׁתִּי! וֶוען אִיךְ וֶועל שְׁטַארְבֶּן, וֶועט מַיין בְּלִיט מִינדֶעסְטֶנס אָפְּמֶעקֶן דִיא שַׁאנד פַאר אוּנְזֶער אַרמֶעע!“ „נֵיין, אַבְנֵר,“ הָאט דֶער קֶענִיג גִיעֶנְטפֶערט, דִיא אוֹיגֶן נִיט אוֹיפְהֶעבֶּנְדִיק פוּן דֶער עֶרד. „דִיא בִּיסט נִיט גֶעקִימֶען אַהֶער גֶעהַרְגֶ'ט צוּ וֶוערֶן, דִיא מִיזט מְמַלֵּא זַיין מַיין אָרט, פַאר דֶער מַחֲנֶה. וֶוען עֶר הַרְגֶט דִיךְ וֶועלְלֶן זִיךְ דִיא עִבְרִים צוּלוֹיפֶן אַהֵיים אונד דִיא פְּלִשְׁתִּים וֶועלְלֶן אַיינְגֶעהמֶען דָאס גַאנְצֶע לַאנד. לָאז עֶר בִּילְלֶן, ווארְטֶער טְיֶען גָאר נִיט. אִין אוּנְזֶער פַאר־שַׁאנְצִינג זֶענֶען מִיר שְׁטַארק, דָאה וֶועט עֶר אוּנז נִיט אָנְגְרַייפֶן! גֶעה אונד לָאז מִיךְ אַלֵיין. רֶעד צוּם פָאלק, מַאךְ זֵיי קוּרַאשְׁז. אֶפְשֶׁר וֶועט גָאט רַחֲמָנוּת הָאבֶּן אונד וֶועט אוּנז נָאךְ גֶעבֶּן אַ יְשׁוּעָה!.“

אִיךְ הָאבּ דֶען אַבְנֵר צוּם עֶרְשְׁטֶן מָאהל גִיזֶעהֶן, אַייֶערֶע מַאיֶעסְטֶאט, אַרוֹיסגֶעהֶנְדִיק פוּן דֶעם קֶענִיגס פַּאווִילְיָאן, אונד אַריינְטְרֶעטֶנְדִיק אִין מַיין גִיצֶעלט דֶען פְּרִינְצֶן צוּ בַּאזִיכֶן, אַ פַיינֶער מַאן מִיט אַשְׁטָאלְצֶן בַּאנֶעהמֶען, אונד מִיט אַן עֶנְטְשְׁלָאסְסֶנְקַייט פוּן אַן אֶמֶתֶן גִבּוֹר חַיִל. אוֹיסגִיצַייכְנֶט בַּאוַואפְנֶט מִיט אַ הֶעלְם אַיינגִילֵייגט מִיט גָאלד, אַ פַּאנְצֶער הֶעמד פוּן גִילדֶענֶע קֵייטֶעלַאךְ, פִיססבַּאקְלֵיידוּנְג מִיט בְּלֶעכֶן פוּן בְּרָאנז אונד מִיט בְּרוּסט פַאנְצֶער. אִיךְ הָאבּ גֶעפִיהלט וִויא נֵייטִיג עֶר אִיז גְרַאד אַצִינד אַבִּיסל אוֹיפְצוּוָועקֶן דֶעם אַנְטְשְׁלָאפֶענֶעם קְרִיעֶגְסגַייסט פוּן דֶער מַחֲנֶה הָעִבְרִים. מֶעהר מָאהל הָאבּ אִיךְ גִיהֶערט שָׁאוּלֶן אוֹיסרִיפֶן, אֵיידֶער אַבְנֵר אִיז אָנְגֶעקִימֶען; „מִי יִתֵּן אַז אַבְנֵר זָאלל אָנקִימֶען! מִי יִתֵּן אַבְנֵר זָאלל שׁוֹין זַיין דָאה!“.

אוֹיף דֶער נַאכְט, גְרַאד וֶוען דֶער כֹּהֵן הָאט מַקְטִיר גִיוֶועזֶען קְטוֹרֶת אונד הָאט מִתְפַּלֵּל גִיוֶועזֶען פַאר גָאט, אִיז דֶער פְּלִשְׁתִּי ווִיעדֶער אָנְגֶעקִימֶען צוּם טַייכל אונד הָאט אִיבֶּערגֶחֲזֶר'ט דִיא זֶעלבֶּע אַרוֹיספָארדֶערוּנג. מַיין בְּלִיט הָאט גִיקָאכט עֶס הֶערְנְדִיק, ווִיא הָאט עֶס זִיךְ מִיר גֶעגְלִיסט אַרוֹיסצוּגֶעהֶן מִיט מַיינֶע פִינְף הִינדֶערְט אַססִירֶער זַיין מוֹיל צוּא פַאר־שְׁטָאפֶּן! נָאר עֶס וָואלט מִיר נִיט פִיעֶל גֶעהָאלפֶן. צִין אִיהם צִיא צִיא טְרֶעטֶן אִיז נִיט גֶעוֶוען מֶעגְלִיךְ, עֶפֶּעס נָאר מִיט שְׁטֵיינֶער, פוּן דֶער וַוייטֶן, מִיט אַ וָוארף מַאשִׁין וָואלְט מֶען אֶפְשֶׁר יָאה גִיקָאנְט עֶפֶּעס מַאכֶן. אַבְנֵר הָאט עֶס גִיט גֶעזֶעהֶן אַז אַן אֵיינְצִיגֶער

מֶענְשׁ הָאט מִיט דֶעם פְּלִשְׁתִּי נִיט גִיקָאנט שְׁטרַייטְן . אונד דְרוּמאוּיךְ הָאט עֶר גִיזָאגְט, אַז עֶר וָואלט נִיט עֶרלוֹיבְּט קֵיין שׁוּם יָחִיד צִין אִיהם אַרוֹיס צוּא גֶעהן . אִיהְן פְּלִיצִם צוּא אִיבֶּערְרַעשְׁן, אִיז עֶרשְׁטְנְס אַחֶרְפָּה פַאר אוּנְז, בַּאוַוייזְנְדִיק אִינזֶער שְׁוַאכְקֵייט, אונד צְוַוייטֶענְס אִיז עֶס גֶעגֶען אַלֶע גֶעזֶעצֶע פוּן מִלְחָמָה, וָוארְם אַן אַרוֹיספָּארדֶערֶער אוֹיף אַ דוּעֶל אִיז גֶעשִׁיצְט דוּרְךְ זַיין רֶעכְט אונד זַיינֶע פֶּערְזָאן אִיז הֵיילִיק, נָאר אֵיינֶער אַקֶעגְן אֵיינֶעם אִיז עֶרלוֹיבְּט . דְרוּמאוּיךְ לָאז דֶער הִינְט בִּילְלְן בִּיז עֶר וֶועט מִיעֶד וֶוערְן, אונד וֶועט אוּנְז זִיכֶן דָאה אָנְצִינְגְרַייפְן, דֶענְסְטְמָאהלְט וֶועלְלְן מִיר שׁוֹין עֶפֶּעס טְהִין קָאנֶען. דֶער בְּרַאוֶוער פְּרִינְץ הָאט זִיךְ גֶעדרֶעהט אונד גֶעקְנֵייטשְׁט פַאר שְׁמֶערְצְן, אַזוֹי קְרַאנְק וִויא עֶר אִיז גִיוֶועזְן, הֶערְנְדִיק דִיא לֶאסטֶערְנְדִיקֶע אַרוֹיס פָּארדֶערִינְג . — פֶּערְצִיג טֶעג הָאט דֶער רִיעז נִיט אוֹיפְגֶעהֶערט מָארגְנְס אונד אָבֶּענְדְס אַזוֹי צוּא לֶאסטֶערְן דִיא מַחֲנוֹת יִשְׂרָאֵל, דִיא גַאנְצֶע צַייט הָאט זִיךְ שָׁאוּל נִיט גֶערִיהרְט פוּן זַיין גֶעצֶעלְט . וֶוען דִיא צַייט פְּלֶעגְט קִימֶען, וֶוען דֶער פְּלִשְׁתִּי פְּלֶעגט אַרוֹיס שְׁרַייעֶן זַיינֶע אַרוֹיס פָּארדֶערִינְג, פְּלֶעגט שָׁאוּל בַּאגְרָאבְּן זַיין פָּנִים אִין זַיין מַאנְטְל אונד פְּלֶעגְט זָאגְן ! — „אַךְ אִיךְ בִּין פַארשָׁאלטְן— פַאר־שָׁאלטְן פוּן גָאט ! — דֶער בֶּן עֲנָק קִימְט מִיךְ צוּא שֶׁעלְטְן בַּאיי זַיין גָאט אונד אִיךְ בִּין אָנְמֶאכְטִיג אִיהְן עֶפֶּעס צוּא טְהִין ! — וֶוען וֶועט מַיין שְׁוֶוערֶעס לֶעבְּן אוֹיף הֶערְן ! בֶּעסֶער וָואלְט אִיךְ גֶעשְׁטָארבְּן דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְדְט פוּן דֶעם גָלְיָת הַפְּלִשְׁתִּי עֶהֶער נָאךְ לֵיינגֶער צוּא לֶעבְּן אִין אַזֶעלכֶע צָרוֹת ! נָאר דֶער קֶאנִיג דַארְף זִיךְ נִיט אִיבֶּערֶענְטְפֶערְן אִין [illegible]גֶע הֶאנְד, עֶר זָאל אוֹיף מִיר טְרֶעטְנְדִיק נָאךְ מֶעהר לֶאסטֶערְן מַיין פָאלְק ! נֵיין, אִיךְ מוּז לֶעבְּן — לֶעבְּן — וַוייטֶער לֶעבְּן אונד טְרָאגְן אונד דוּלְדְן גָאטְס אָן שִׁיקֶענֶעס, וִויא שְׁוֶוער עֶס אוֹיךְ אִיז ! —" אוֹיף דֶעם פֶערצִיגְסְטְן טָאג הָאט גָלְיָת הַפְּלִשְׁתִּי אַגִישְׁרֵיי גֶעטְהִין מִיט אַשְׁרֶעקְלִיכְן צָארְן ; —

„אָ שָׁאוּל בֶּן קִישׁ ! הָאסטֶע גָאר קֵיין מֶענְטְשׁ גִיט אוֹיפְצִיאהֶעבְּן מַיין הַאנְדְשׁוּה וָואס שְׁוַאוֶוערְט דָארְט שׁוֹין זַייט פֶערְצִיג טֶעג ? וִויא בִּיסְטֶע דִיא גֶעמַאלְ'טֶער עִבְרִי ? בַּאוַוייז דִיךְ ! אֶפְשָׁר ווילל׳ דַיין רוּחַ רָעָה אַבִּיסל מוּזִיק, וֶועל אִיךְ דִיר עֶפֶּעס פָּארשְׁפִּיעלְן מִיט מַיין שְׁוֶוערְד אוֹיף דַיין פַּאנְצֶער ! — קְלוֹיבּ דִיר אוֹיס אַ בֶּן חַיִל אונד שִׁיק אִיהְן צוּא מִיר ! קֶענְסְטֶע מִיךְ נִיט ? אִיךְ בִּין גָלְיָת דֶער קֶאנִיג פוּן גַת ! אִיךְ הָאבּ גֶעהַרְגְט חָפְנִי וּפִנְחָס דִיא קִינְדֶער פוּן אַייעֶרְן כֹּהֵן גָּדוֹל ! אִיךְ הָאבּ גֶעחַאפְּט דֶעם אָרוֹן פוּן אַייעֶר גָאט אונד הָאבּ אִיהם גֶעבְּרַאכְט אִין דֶעם טֶעמְפְּל פוּן מַיין גָאט ! קִים אַרוֹיס אונד הַרְגֶ׳ע דֶעם מֶענשְׁן, וֶועלכֶער הָאט דָאס אַלֶעס גֶעטְהִין. אונד זַיי זִיךְ נוֹקֵם פַאר דַיין גָאט אונד פַאר זַיין הֵיילִיקְטְהוּם וֶועלכֶע אִיךְ לֶאסטֶער ! " —

אָט דֶער חִירוּף וְגִידוּף, אַייעֶרֶע מַאיֶעסְטֶעט, הָאט אָן גֶעפִילְלְט דֶעם כּוֹס פוּן זַיינֶע לֶאסטֶערוּנְג בִּיז צוּם זִיךְ־אִיבֶּערגִיסְן . שָׁאוּל הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעחַאפְּט אוֹיף דִיא פִּיס, הָאט דֶער לַאנְגְט אַחַאפּ זַיין שְׁוֶוערְד אונד אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנגֶען פוּן זַיין גֶעצֶעלְט : —

„אִיז דָאה קֵיינֶער נִיט דָאה, אַ מֶענְשׁ מִיט וֶועמֶען אִיז גָאט, מִיךְ מַצִיל צוּא זַיין פוּן דִיא הֶאנְדְט פִינֶעם פְּלִשְׁתִּי ?" יוֹנָתָן, וֶועלכֶענְס קְרַאנְקֵייט הָאט לֵאנגֶער גֶעדָאוֶוערְט

װעגן זַיינֶע צָרוֹת, װֶעלכֶע עֶר הָאט גֶעפִיהלט פַאר זַיין פָאטֶער אונד זַיין פָאלְק, איז אַרוֹיסגֶעלָאפֶן צוא זַיין פָאטֶער. װֶעלכֶער איז גֶעשְׁטַאנֶען אָהנֶע קיין שוּם בַּאוַואפנוּנְג נָאר מִיט דֶעם גְרוֹיסְסֶן שְׁוֶוערְט זַיינֶעם. װִיא בַּאלְד דֶער קֶאנִיג הָאט דֶער זֶעהן זַיין זִין הָאט עֶר אַרָאפּגִילָאזְט דָס שְׁוֶוערְד, אונד פַאלֶנְדִיק אוֹיף יְהוֹנָתָנְס נַאקְן הָאט עֶר הֵייזֶערִיק גֶעחְלִיפֶּעט!

פִיהר מִיךְ צוּרִיק צוּא מַיין גֶעצֶעלְט! אִיךְ בִּין פַארשָׁאלטְן! נִיט פוּן מַיין הַאנְד װִילל זִיךְ גָאט נוֹקֵם זַיין פַאר זַיין כָּבוֹד! גֵיין! מַיינֶע מַעֲשִׂים זֶענֶען חֲטָאִים אִין זַיינֶע אוֹיגְן! יוֹנָתָן פִיהר מִיךְ צוּרִיק! — אִיךְ בִּין נִיט מְשׁוּגָע! אִיךְ בִּין נָאר טוֹיט! אִינוֶוענִיג גַאנְץ טוֹיט — מַיין נְשָׁמָה הַאלְט גָאט תָּפוּס אִין מַיין גוּף! אונד לָאזְט זִיא נִיט אַרוֹיס פְלִיעֶהן צוּא מַיינֶע אָבוֹת! — ״

עֶנדלִיךְ אִיז דֶער פְּרִינְץ מִיט פַארוֵוינְטֶע אוֹיגְן צוּרִיק גֶעקִימֶען אִין מַיין גֶעצֶעלְט, אונד הָאט מִיר אַלֶעס דֶער צֵאהלְט, װָאס דָארְט הָאט פַּאססִירְט מִיט זַיינֶעם פָאטֶער.

„אִיךְ הָאבּ מוֹרָא,״ הָאט עֶר מִיר גֶעזָאגְט אַז גָאט הָאט אוּנְז פַארלָאזְט אונד װִילל אוּנְז בַּאשְׁטְרָאפֶן דוּרְךְ אָט דִיא פְּלִישְׁתִּים. װֶען עֶר שִׁיקְט אוּנְז נִיט בַּאלד אַמִין יְשׁוּעָה װֶעט מָארגְן נָאךְ מִיטָאג קֵיין אֵיינְצִיגֶער יוּדִישֶׁער בָּארְד זִיךְ שָׁאקְלֶען אוֹיף אָט דִיא בֶּארְג, דִיא אַרמֶעע איז מוּטְהלָאז, אֶרגֶערְלִיךְ אונד רֶעבֶּעללִיש. דִיא גֶענֶערָאלֶע פוּן דָן וְנַפְתָּלִי, הָאבֶן שוֹין גֶעזָאגְט צוּא אַבְנֵר אַז זֵיי װִילְלן אַהֵיים גֶעהן װָארְם גָאט אִיז נִיט מִיט זַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל! אָ מַיין טְהַייעֶרֶער פְּרִינְץ אַרבַּאצֶעס װָאס זָאללֶן מִיר טְהִין?״ — „טָאמֶער זָאללֶן מִיר דִיא פְּלִישְׁתִּים אַנגְרַייפֶן? אַנדְערְס װֵייסס אִיךְ נִיט װָאס צוּא זָאגן״. הָאבּ אִיךְ מִיךְ אוּנגֶעטשְׁלָאססֶן אָן גֶערִיפֶן. — „אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ אַזוֹי גֶעדַאכְט, אונד אַבְנֵר װָאס מוּז יוֹצֵא זַיין אִי פַארְן קֶאנִיג אִי פַארְן פָאלְק הָאט צוּזַאממֶן גֶערִיפֶן אַן אַסִיפָה פוּן אַללֶע גֶע־נֶערָאללֶע פוּן יֶעדֶן שֵׁבֶט, אונד הָאט פָארגֶעשְׁלָאגְן אַ מִלְחָמָה! נָאר אַ מוֹרָא אִיז גֶעפַאללֶן אִיבֶּער דֶער מַחֲנֶה, זֵיי װֶעללֶן נִיט גֶעהן צִין אַמִלְחָמָה בִּיז דֶער קֶאנִיג װֶעט זֵיי נִיט אַלֵיין פִיהרֶן. אָבֶּער אַךְ! עֶר אִיז נִיט דֶער אֵייגֶענֶער. אַ טוֹיטֶער אִיז עֶר װֶעהרֶנְד עֶר שַׁיינְט צוּא לֶעבְּן, װִיא עֶר אַלֵיין הָאט מִיר אָט עֶרְשְׁט גֶעזָאגְט!״

״פַאר װָאס שִׁיקְסְטֶע נִיט נָאךְ דָוִדן,״ הָאבּ אִיךְ גֶעפְרֶעגְט ״נָאךְ אַמָאהל צוּא פְּרִיוְון דֶעם כֹּחַ פוּן זַיין מוּזִיק?״ ״אִיךְ הָאבּ שוֹין אָפְט דַארִיבֶּער גֶעדַאכְט,״ הָאט דֶער פְּרִינְץ טְרָאוֶועריג גֶעעֶנטְפֶערְט, ״עֶר אִיז אָבֶּער בַּאיי שְׁמוּאֵלְן אִין רָמָה, אונד װֶען מַיין פָאטֶער װֶערְט גֶעװָאהר אַז עֶר קִימְט פוּן שְׁמוּאֵל װֶעט שְׁרֶעקְלִיךְ זַיין.״

„דֶער קֶאנִיג װֶעט אִיהְן אַצִינְד גָאהר נִיט מֶעהר דֶערקֶענֶען״ הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט, „עֶס אִיז שוֹין אִיבֶּער צְוֵויי יָאהר אַז עֶר הָאט אִיהְן נִיט גֶעזֶעהן, אונד דִיא אַלֵיין הָאסְט מִיר גֶעזָאגְט אַז פִינֶעם יוּנגְל אִיז אַצִינְד אַ מַאן גִיוָוארְן, הוֹיךְ אונד שְׁטַארְק מִיט אַ בָּארְד. שִׁיק נָאךְ אִיהם אַלְס נָאךְ אַפְרֶעמְדְן הַארפְנִיסְטְן״ —

„אֶפְשֶׁר װֶעט דֶער קֶאנִיג אִיהם נִיט דֶער קֶענֶען״ הָאט דֶער פְּרִינְץ גִיעֶנטְפֶערְט שְׁטַארְק פַארטְרַאכְט. װֶעהרֶנְד מִיר הָאבֶן נָאךְ גֶערֶעדט, אִיז מַיין נִינוּם פְּלִיצְם אַרַיין גִילָאפֶן מִיט דֶער בְּשׂוֹרָה; אַז דֶער קֶאנִיג אִיז װִיעדֶער גֶעזִינְד אונד בַּאיי זִינֶען! װֶעלכֶעס אִיז

אַקוּרַאט גֶעוֶועזן אֶמֶת. אוּנד וָואס פַאר אַפְרֵייד אִיז פְּלִיצְם אַרַיין גֶעקִימֶען אוּנד בַּאלֶעבְּט דָאס גַאנְצֶע יוּדִישֶׁע חַיִל. עֶס אִיז שְׁוֶוער צוּא בַּאשְׁרַייבְּן, אַללֶע פְּנִימֶער הָאבְּן גֶעגְלַאנְצְט, מֶען הָאט זִיךְ גֶערִיהְרְט, מֶען הָאט נַייֶע הָאפנוּנְג בַּאקִימֶען! שָׁאוּל הָאט אַ מִיסְטֶער גֶעטְהִין זַיין חַיִל, אַללֶע הָאבְּן גֶעזֶעהן שָׁאוּל אִיז ווִיעדֶער דֶער פְרִיעֶהרִיגֶער גִבּוֹר הַחַיִל. וֶוען שָׁאוּל הָאט אָבֶער גֶעזֶעהן אוֹיף דֶער נַאכְט, וֶוען דֶער פְּלִשְׁתִּי אִיז גֶעקִימֶען מִיט זַיינֶער אַרוֹיספָאדֶערִינְג, אַז דִיא הֶערְצֶער פוּן זַיין מַחֲנֶה זֶענֶען נָאךְ אַלְץ דֶער שְׁרָאקְן הָאט עֶר גֶעלָאזְט אוֹיסְרִיפְן אִין דֶער מַחֲנֶה., אַז יֶענֶער בֶּן יִשְׂרָאֵל, וָואס וֶועט הַרגְנֶען דֶען פְּלִשְׁתִּי זָאלל גִימַאכְט וֶוערן דֶער רַייכְסְטֶע מַאן אִין דֶעם קֶעניגְרַייךְ, זָאלל בַּאקִימֶען דִיא פְּרִינְצֶעססִן מִיכַל פַאר אַ ווַייבּ. אוּנד זַיין מִשְׁפָּחָה זָאללְן וֶוערן פְּרִינְצְן אִין דֶעם לַאנְד. —

אָט דֶער אוֹיסְרִיף פִינֶעם קֶאנִיג בַּאווַייזְט גַאנְץ קְלָאר ווִיא דֶער אִימְגְלִיקְלִיכֶער מָאנַארְךְ הָאט פָאללשְׁטַאנְדִיג שׁוֹין פַארְגֶעססְן זִיךְ צוּא פַארלָאזְן אוֹיף זַיין גָאט, זִיבֶּענְדִיק מִיטְטְל מִיט אַ טְהַייֶערן שְׂכַר דֶערְפַאר צוּא צָאהלְן אַנשְׁמָאט צוּם נָבִיא צוּא שִׁיקְן, אוּנד זַיין גָאט צוּא פְרֶעגְן אָדֶער מִיט דֶעם כֹּהֵן זִיךְ צוּא בַּארָאטהְן, אַזוֹי אִיז דָאס גֶעזֶעץ פוּן זַיין לַאנְד. שָׁאוּל הָאט אָבֶער אַזוֹי גֶעטְהִין אַלְס אוֹיבּ קֵיין גָאט אִיז גָאהר נִיטָא, אַ שְׁטַארְקְן מֶענְשְׁן אַגִבּוֹר הָאט עֶר נָאר גֶעזִיכְט, מָאג עֶר זַיין, וֶוער עֶר ווִילל זִיךְ ווִילל עֶר אִיהם מַקְרִיב זַיין זַיינֶע עֶדֶעלֶע אוּנד שֵׁאנֶע טָאכְטֶער, אִיהם אַסַךְ גֶעלְד גֶעבְּן, פַאר אַן עוֹשֶׁר אוּנד אַ פְרַייֶען מַאן מַאכְן אוּנד גָאט וֶוערְט נִיט גֶעפְרֶעגְט! דָאס אִיז גֶעווִיסס אַשְׁטְרָאף פוּן גָאט אַזַא מְשׁוּגַעַת מִצַד אֶחָד, וּמִצַד שֵׁנִי אִיז אֶפְשֶׁר גֶעלֶעגְן אִין גָאטְס פְּלַאן אַז אַגֶעווִיסְסֶער מֶענְשׁ, וָואס אִיז וֶוערְטה גִיוֶועען אָט דֶעם שְׂכַר זָאלל עֶס בַּאקִימֶען? אֶפְשֶׁר זָאל זַיין גֶאטְלִיכֶער כֹּחַ בַּאוִויזְן וֶוערן צוּא דִיא פְּלִשְׁתִּים דוּרְךְ יֶענֶען מֶענְשְׁן? —

וֶועהרֶנְד דֶער עִבְרִישֶׁע מָאנַארְךְ הָאט אוּמְזִיסְט גֶעזִיכְט צְווִישְׁן דִיא שׁוּרוֹת פוּן דִיא שִׁבְטֵי יִשְׂרָאֵל אַ גִבּוֹר, וֶועלכֶער וָואלט קָאנֶען הַרגְ׳נֶען דֶען פְּלִשְׁתִּי, הָאט זִיךְ גֶענֶעהֶערְט דֶעם לָאגֶער, אָן זַיין ווִיססְן אַ מַאן וֶועלכֶער אִיז גְרֵייט גִיוֶועען אוֹיף צוּא נֶעהמֶען דִיא אַרוֹיס פָאדֶערִינְג פִינֶעם פְּלִשְׁתִּי, אוֹיפְצִיהֶעבְּן זַיין הַאנְדשׁוּה, אוּנד אִיהן צוּא בַּאקֶאמְפְן אִים נָאמֶען פוּן דֶעם אַללמֶאכְטִיגְן, אַללווַייזְן אוּנד אַללגִיטִיגְן גָאט דֶעם גָאט פוּן דִיא עִבְרִים — אַ מַאן אִיז קִימֶענְדִיק נֶאהנְטֶער אוּנד נֶאהנְטֶער, וֶועלכֶענְס כֹּחַ אִיז וֶוערְטה דָאס עֲשִׁירוּת, וֶועלכֶענְס הַארְץ אִיז וֶוערְטה אַ פְּרִינְצֶעססִן ווִיא מִיכַל אוּנד וֶועלכְנְס קָאפּ אִיז וֶוערְטה נָאךְ מֶעהר! — נָאר אַייֶערֶע מַאיֶעסְטֶאט, וֶועללְן מִיר מוֹחֵל זַיין, וֶוען אִיךְ לֶעג אָפּ דִיא וַוייטֶערֶע דֶערצֵאהלוּנְג פוּן דֶעם וָואס עֶס הָאט פַּאססִירְט אוֹיף מַיין נֶעכְסְטְן בְּרִיוו:

אַייֶערֶער מַאיֶעסְטֶאטס טְרַייֶעסְטֶער אַרְבַּאצֶעס.

---

## אכטער בריוו

אַרבַּאצֶעס צוּם קֶאנִיג

שָׁאוּל הַמֶלֶךְ׳ס לָאגֶער.

אַייֶערֶע מַאיֶעסְטָאט. — אִין מַיין לֶעצְטְן בְּרִיוו, הָאבּ אִיךְ אַווִינְק גִיגֶעבְּן, אַז עֶס הָאט

זִיךְ עֶמִיצֶער גֶעפִינֶען וָואס הָאט גִיהַאט דִיא קוּרַאשְׁז זִיךְ צוּא שְׁטֶעלְלֶן אֶקעגֶן דֶעם רִיעֶזֶן, זִיךְ נוֹקֵם צוּא זַיין פַאר דֶעם כָּבוֹד פוּן זַיין גָאט אוּנד זַיין פָאלק. אָ קֶענִיג! עֶס אִיז נִיט אִין אַייעֶר כֹּחַ אַייךְ דֶען מֶענְשֶׁן פָארצוּשְׁטֶעלְלֶן וִויא עֶר זֶעהט אוֹיס, הָאטשׁ אִיךְ הָאבּ אָפּט דֶערמָאהנְט אִין מַיין בְּרִיוו זַיין נָאמֶען, אוּנד הָאטשׁ עֶר אִיז טַאקִי דִיא הוֹיבְּט פֶּערזָאן פוּן מַיינֶע אַללֶע בְּרִיוו כִּמְעַט, אַייעֶרֶע מַאיֶעסטֶעט וֶועלְלֶן זִיךְ נָאךְ דֶערמָאהנֶען, אַז מִיר הָאבֶּן צוּרִיקגִילָאזט דֶעם יוּנְגֶן דָוִד אִין דֶער שׁוּלֶע פוּן דִיא בְּנֵי הַנְּבִיאִים אִין רָמָה, וֶוען עֶר הָאט אָבֶּער גִיהֶערְט אַז זַיינֶע דְרַייא עֶלְצְטֶע בְּרִידֶער זֶענֶען אִין דֶער מִלְחָמָה גִיגַאנְגֶען אוּנד אֵיין בְּרִידֶער אִיז קְרַאנק פוּן דִיא וְוינְדֶען פוּן אַ הִינְגֶערִיקֶן וָואלף, הָאט עֶר גֶעפְוֶעלְט בַּאיים זֶועהֶער צוּא בַּאזִיכֶן זַיינֶע עֶלְטֶערְן, אוּנד אֶפְשַׁר דַארְפֶן זֵיי אִיהן גְרַאד אַצִינד. דֶער נָבִיא הָאט גִיבֶּענְשְׁט דֶען טְרַייֶען זִין פַארן גֶעהן.—דָוִד הָאט גֶעמוּזְט וִויעֶדֶער דִיא עֶטְלִיכֶע שָׁאף אָפְּהִיטֶן, וֶוען נָאךְ עֶטְלִיכֶע טָאג זַייֶענְדִיק אִין דֶערהֵיים, אִיז צִין אִיהם גִיקִימֶען דֶער אַלְטֶער יִשַׁי אוּנד הָאט צִין אִיהם אַזוֹי גִיזָאגְט: „עֶס פַארְלַאנְגְט מַיין הַארְץ צוּ הֶערְן וָואס דַיינֶע בְּרִידֶער מַאכֶן אִין שָׁאוּלס לָאגֶער! נֶעהם זְשֶׁע דֶען קְלֵיינֶען צְוֵויי רֶעדֶערִיגֶן וָואגֶן וָואס אִיז בַּאלָאדֶן מִיט פְּרָאוְוִיזִיאָנֶען פַאר זֵיי אוּנד אַפָּאר מַתָּנוֹת פַאר זֵייעֶר שַׂר-אֶלֶף יוֹאָב בֶּן צְרוּיָה, מַיין עֶבֶד כְּנַעֲנִי וֶועט אָנְטְרַייבֶּן, אוּנד גֶעה צוּ שָׁאוּלס לָאגֶער אִין דֶעם עֵמֶק־אֵלָה אוּנד זֶעה וָואס דַיינֶע בְּרִידֶער מַאכֶן! נֶעהם אוֹיךְ פוּן זֵיי אַ קְוִויטוּנג אִיבֶּער דִי זַאכֶן, נָאר פוּן יוֹאָבֶן נִיט, וָוארְם אִיהם גִיעב אִיךְ אַ מַתָּנָה. הִיט זִיךְ מַיין זִין אָפּ פוּן אַללֶעם בֵּייזֶן. אוּנד וֶוען דִיא וֶועסְט גֶעפִינֶען דִיא מִלְחָמָה רַעשְׁט זִיךְ, נֶעהם דָארְט קַיין חֵלֶק נִיט אוּנד מִישׁ זִיךְ נִיט אַרַיין, וָוארְם דִיא בִּיסְט גִיהֵיילִיגְט צוּא גָאט, אוּנד דַיין לֶעבֶּן אִיז נִיט אִין דַיינֶע הֶאנְדְט."— דֶעם נֶאכְסְטֶן מָארְגֶן פַאר טָאג אִיז דָוִד אַוֶועקְגִיפָארְן צוּם עִבְרִישֶׁן לָאגֶער. אִיבֶּער דִיא בֶּערְג אִיז עֶס גִיוֶועןן אַן אַכְצֶעהן וֶוערְשְׁט גֶען מַעֲרָב צוּ, עֶנְדְלִיךְ הָאט עֶר פוּן דֶערוַוייטֶן דֶערזֶעהן דֶעם גְלַאנְץ פוּן דִיא עִבְרִישֶׁע כְּלֵי זַיין אִין דֶער זִין, אוּנד דֶער הֵשֶׁק פִינֶעם גִבּוֹר'ס הַארְץ הָאט אִיהם אִין דֶער גִיךְ גִיבְּרַאכְט נָאךְ נֶאהנְטֶער אוֹיף אַן אָרְט וָואהּ עֶר הָאט גִיקָאנְט זֶעהן דִיא לָאגֶערְס פוּן בֵּיידֶע מַחֲנוֹת. דָאס אִיז גִיוֶוען אַ הֶערְלִיכֶער אָנְבְּלִיק פַאר זַיין בְּרַאוֶון הַארְצֶן, אוּנד הָאט זִיךְ אַבִּיסְל אַנִידֶערגִישְׁטֶעלְט אָנְצִיקִיקֶן דֶעם שְׂדֵה־מִלְחָמָה אוֹיף אֵיינְמָאהל דֶערזֶעהט עֶר בֵּיידֶע אַרְמֶעעֶן בַּאוֶועגֶן אֵיינס אֶקֶעגֶן דֶער אַנְדֶערְן. עֶר הֶערְט דֶען קְלַאפּ פוּן דִיא שִׁילְדֶן, דֶען קְלַאנְג פוּן שְׁוֶוערְדֶער אוּנד שְׁפִּיעזֶן אֶקֶעגֶן דֶעם שְׁטָאהל אַייזֶן אוּנד בְּרָאנְדְז, דֶען שַׁאַל פוּן טְרָאמְפֶּעטֶן אוּנד דָאס גִישְׁרַייא פוּן אַ הַתְחָלָה צִין אַ מִלְחָמָה; אָבֶּער נָאךְ אַ קְלֵיינֶער וַוייל, הָאבֶּן זִיךְ בֵּיידֶע מַחֲנוֹת צוּרִיקגֶעצוֹיגֶן צוּא זֵייעֶרֶע פְרִיעֶרְדִיגֶן פָּאזִיצִיאָן, אָבֶּער אִין אַ סֵדֶר מִלְחָמָה.

דֶער יוּנְגֶער שָׁאפֶער נָאהֶערְט זִיךְ דֶער עִבְרִישֶׁן אַרְמֶעע, עֶר שְׁטֶעהט שׁוֹין פַאר דֶער שַׁאנְצֶע אוּנד וֵוייסס נִיט וִויא אַרִים אַרַיינצוּקִימֶען, אַ שׁוֹמֵר וַוייזְט אִיהם וִויא זַיינֶע בְּרִידֶער שְׁטֶעהֶן אוּנְטֶער יוֹאָב, עֶר קִימְט עֶר בַּאגְרִיסְט דִיא בְּרִידֶער, עֶרְשְׁט קִיקֶן זֵייא אִיהן אָן עֶרְגֶערְלִיךְ, כִּמְעַט זַיין שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם מִיט שְׁטִילשְׁוַוייגֶן בַּאעֶנְטְפֶערְנְדִיק, וֶוען עֶר הָאט זֵייא אָבֶּער גִיזָאגְט פַאר וָואס עֶר אִיז גֶעקִימֶען אוּנד וָואס עֶר הָאט פַאר זֵיי גִיבְּרַאכְט הָאט עֶס

מִסְתָּמָא זַיי הֲנָאָה גֶעטְהִין. אַזוֹי וִויא זַיי שְׁמִיעֶסְסֶן דָאה וֶועגֶן דֶעם פָּאטֶער וֶועגֶן דֶערְהֵיים אוּנד וֶועגֶן דִיא שָׁאף, פְּלִיצִם הָאט דָוִד דֶערְהֶערְט אַמִין מְשׁוּנֶה קוֹל, עֶפֶּעס אַמֶענְשְׁנִס מַאקִי נָאר אַ מִין רֶעוֶועְן אוּנד בְּרִילְלֶן וִויא פוּן אַ לֶאבּ וֶועהְרֶנד דִיא יוּדִישֶׁע זָאלְדַאטֶן אַרִים אִיהֶם הָאבֶּן אַפָּנִים אַזוֹי וִויא זַייעֶרֶע פְּיַאטֶעס.קִיצְלֶען זַיי נָאר צוּם אַנְטְלוֹיפֶן! וֶועהְרֶנד דֶער ווִילד שְׁטְרֶענְגֶער אָפִּיצִיר יוֹאָב יָאגְט זִיךְ אַרִים מִיטֶן שְׁפִּיעֶז אִין דֶער הַאנד, שְׁוֶוארְנְדִיק בַּאיִים אָרוֹן פוּן גָאט אַז עֶר וֶועט דֶערְהַרְגֶענֶען אַיֶעדֶן וָואס וֶועט זִיךְ נָאר פְּרִיוֶון צוּ אַנְטְלוֹיפֶן. —

דָוִד הָאט זִיךְ אַרִימְגֶעקִיקְט אוּנד הָאט דֶערְזֶעהֶן דֶעם רִיעֶזֶן גָלְיָת דֶעם פְּלִישְׁתִּי פוּן גַת אוּנד הָאט גִיהֶערְט זַיין חֵירוּף וְגִידוּף, הָאט גִיהֶערְט וִויא עֶר שְׁרַייט אַזוֹי שׁוֹין פֶערְצִיג טָאג אַז שָׁאוּל זָאלל אִיהֶם עֶמֶעצֶן אַרוֹיסְשִׁיקֶן צוּם צְוֵויי־קַאמְפְּף! וֶוען דֶער יוּנְגֶער שָׁאפֶער הָאט דָאס דֶערְהֶערְט הָאט עֶר אַפְּרֶעג גֶעטְהִין דִיא יֶענִיגֶען וֶועלְכֶע זֶענֶען גְרַאד גִישְׁטַאנֶען אַרִים אִיהֶם: ״וֶוער אִיז דָאס אַזוֹינְס אָט דֶער בֶּן עֲנָקִים וָואס מֶען עֶרְלוֹיבְּט אִיהֶם אַזוֹי צוּ בַּאשִׁימְפְּפֶן דֶעם קֶענִיג אוּנד זַיינֶע צְבָאוֹת?״ אוּנד אִיךְ הֶער אַז עֶר טְהִיט אַזוֹי שׁוֹין זַייט פֶערְצִיג טָאג?

„אֱמֶת״ הָאט זִיךְ אֵיינֶער אָנְגֶערִיפֶן, „אוּנד דֶער קֶענִיג הָאט גִילָאזְט פְּרָאקְלַאמִירֶן אַז עֶר וֶועט יֶענֶעם רַייךְ מַאכֶן וֶועלְכֶער וֶועט אִיהֶן מַצִיל זַיין פִינֶעם פְּלִישְׁתִּי אוּנד וֶועט אִיהֶם גֶעבֶּן דִיא פְּרִינְצֶעסְסֶן מִיכַל פַאר אַ וַוייבּ, אוּנד זַיינֶע גַאנְצֶע פַאמִילְיֶע זָאלְלֶן וֶוערֶן פְּרִינְצֶן אִין דֶעם לַאנד.

„הָאט דֶער קֶענִיג אַזוֹי גִיזָאגְט״ הָאט דָוִד אִיבֶּערַעשְׁת אַגִישְׁרַייא גֶעטְהִין „אוּנד מִיכַל זָאלל זַיין יֶענֶעמְס וַוייבּ?״ —

„אַקוּרַאט אַזוֹי״ הָאבֶּן אַ צֶעהֶן קוֹלוֹת אוֹיף אֵיינְמָאהְל גִיעֶנְטְפֶערְט חִידוּשְׁנְדִיק, וָואס עֶס קָאן דֶעם יוּנְגֶען שָׁאפֶער אַזוֹי אִינְטֶערֶעסְסִירֶן דָאס דֶער הַרְגֶען פוּן אַרִיז, אוּנד פַאר אַכַּלָּה צוּא הָאבֶּן דִיא שֶׁאנְסְטֶע פְּרִינְצֶעסְסֶן פִינֶעם לַאנד.

יוֹאָב אִיז אַצִינְד צוּגֶעקִימֶען אוּנד דַאנְקֶענְדִיג דָוִד פַאר דֶער מַתָּנָה הָאט עֶר זִיךְ צִין אִיהֶם אַזוֹי אָנְגֶערִיפֶן:

„יוּנְגֶער מַאן, אַז דִיא וֶועסְט אַהֵיים קִימֶען צוּ דַיין פַאטֶער יִשַׁי, דֶערְצֶעהְל אִיהֶם נִיט אַז דִיא הָאסְט גִיזֶעהֶן וִויא דִיא עִבְרִישֶׁע מַחֲנֶה הָאט זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶן פַאר אֵיין מֶענְשֶׁן חָאטְש עֶר אִיז אַרִיעֶז. נָאר עֶס אִיז נִיט דָאס וָואס אוּנְז קְוֶועלְט, אַחְמַארֶע לִיעֶגְט אוֹיף אוּנְז, גָאט הָאט דֶערְשְׁרָאקֶן אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער, מִיר וֵוייסְסֶן אַז גָאט אִיז נִיט מִיט אוּנְזֶערֶן קֶענִיג, אוּנד מִיר זֶענֶען דְרוּמְאוֹיךְ אַ מַחֲנֶה פוּן שְׁוַואכֶע וַוייבֶּער! דֶער פִינְצְטֶערֶער שָׁאטֶן פוּן גָאטְס שְׁטְרָאפְנְדִיקֶער הַאנד אִיז אוֹיף אוּנְז גֶעפַאלְלֶן!״.

„וָואס מַאכְט דֶער קֶענִיג?״ הָאט דָוִד אַפְּרֶעג גֶעטְהִין „הָאט עֶר אוֹיךְ פַרְלָארֶן זַיין מוּטְה?״

„זַייט פֶערְצִיג טָאג אִיז עֶר גִיוֶוען קְרַאנְק עֶרְשְׁט נֶעכְטֶן אוּנד הַיינְט אִיז עֶר ווִידֶער גֶעזִינְט, נָאר וָואס הֶעלְפְט עֶס אוּנְז, עֶר קִימְט אַרוֹיס שְׁטֶעהְלְט דִיא אַרְמֶעע אִין אַ סֵדֶר מִלְחָמָה אוּנד קָאמַאנְדִירְט, נָאר נִיט „פָארְוֶוערְטְס״ זָאנְדֶערְן „צוּרִיק״ מִיר וֵוייסְסֶן שׁוֹין גָאר נִיט וָואס צוּא טְהִין! דֶער מֶלֶךְ פְרֶעגְט קֵיין כֹּהֵן נִיט! קֵיין קָרְבָּן בְּרֶענְט אוֹיפְן אַלְטַאר! אַן אוּמְגְלִיק הָאט אוּנְז גֶעטְרָאפֶן!״.

, אונד װער עס הַרְגֶ'ט דען פְּלִישְׁתִּי זָאלל בַּאקִימֶען דעם קֶענִיגס טָאכטֶער פַאר אַ װייבּ ?" הָאט דער לִיבּלִיכֶער שֶׁאפֶער גֶעפרֶעגט דיא לַייטֶע, װֶעהרֶנד דער קוֹל פִּינֶעם רִיעֶזן הָאט גֶעדִינֶערט אִין דער לוּפְט .

„וָאס הָאט עס צוּ דִיר דִיא עזוּת פָּנִים אֵיינֶער ?" הָאט מִיט כַּעַס אַגִישְׁרֵיי גֶעטהִין דער עלְטֶערֶער בְּרִידֶער אֱלִיאָב מִיט אָנגֶעצִינדֶעטֶע אוֹיגן, „וָאס ? דִיא בִּיסט אֶפְשָׁר אַהֶער גֶעקִימֶען זִיךְ מִיט אִיהם צוּ שְׁלָאגן, דִיא יוּנגל וָאס דִיא בִּיסט ? אוֹיף װֶעמֶען הָאסְטִי בֶּעסֶער אִיבֶּערגִילָאזט דִיא שָׁאף אִין דער מִדְבָּר ? אִיךְ קֶען דַיין גַדְלוּת ! דִיא בִּיסט אַהֶער גִקִימֶען נָאר דִיא מִלְחָמָה צוּזֶעהן, וִויא גֶערן דִיא הָאסט דען בֶּן חַיִל צוּשְׁפִּילְלֶן ! גֶעה בֶּעססֶער אַהֵיים צוּרִיק מִלְחָמָה צוּא הַאלְטן מִיט דִיא װֶעלף, אוּנד דִיא קַאנִינכֶען (שְׁפַנִים) נָאכְצוּיָאגן ! וָאס הָאט עס צוּא דִיר נַאָוהנִיקֶער בָּחוּר, דעם קֶענִיגס שָׂכָר ?"

„דערשְׁרֶעקקְסְטֶע זִיךְ גָאר נִיט". הָאט זִיךְ אָנגֶערִיפן אֲבִינָדָב מִיט אַ גֶעלָאכְטֶערל, „פַאר דעם קוֹל פִּינֶעם עֲנָק ? גֶעה, בּוּרשׁ, פַאר דִיר פַּאסט בֶּעססֶער אַ פַּאסטוּךְ צוּ זַיין אַלס זִיךְ צוּ שְׁלָאגן מִיט אַן עֲנָק ! אוּנד דָאךְ בְּרִידֶער, דעם מְזִינִיקס װָארטֶער הָאבּן אַ רֵיחַ פוּן אַ פַּארלַאנגֶען זִיךְ צוּא פְּרִיוון צוּא גִיוִינֶען דִיא שֵׁיינֶע פְּרִינצֶעסְסִן פַאר אַ וַוייבּ !".

"אוּנד וִויל אוּנז מַאבּן פְּרִינְצִן" הָאט שַׁמָּה גִיזָאגט אוּנד אַללֶע בְּרִידֶער הָאבּן זִיךְ צוּלַאכְט.

דָוִד אָבֶּער הָאט זִיךְ אַקֶערגֶעטְהִין צוּ יוֹאָבן זָאגְנדִיק: „װֶען קַיין אַנדֶערֶער אִיז נִיטָא זִיךְ צוּשְׁלָאגן מִיטן מְחָרֵף וּמְגַדֵף אוּנזֶער גָאט אוּנד דִי מַחֲנוֹת פוּן יִשְׂרָאֵל, וִויל אִיךְ אַגֶעה טְהִין !"

„דִיא ?" הָאט יוֹאָב אוֹיסגֶערִיפן אִיהן גִיט בַּאטרַאכְטנְדִיק, װֶעהרֶנד אַללֶע אַרִים אִיהן הָאבּן זִיךְ גִיט צִילַאכט זֶעהנְדִיק אַז עֶר אִיז אַזוֹי יוּנג אָן קַיין שוּם כְּלֵי זַיין נִיט אַנדֶערְשׁ עֶר אִיז מְשׁוּגָע הָאבּן זֵיי זִיךְ אַוַדַאי גִיטרַאכט . „אִיךְ הָאבּ מוֹרָא גָלְיָת װעט אוֹיף דִיר גָאר נִיט װֶעלְלן קִיקן, מַיין בְּרַאװֶער יוּנג ! װֶען דִיא וָאלְסט הָאטשׁ אַזוֹי הוֹיךְ גִיוֶעזן וִויא דַיין הַארץ אִיז גְרוֹיס ! קוּרַאשׁז הָאסְטִי גֶענִיג פַאר פִּינף גָלְיָת'ן."— דערוַוייל הָאט עֶמֶעצֶער אִין דערגִיךְ אָפּגִיבּרַאכט דעם קֶענִיג, אַז אַיונגֶער שֶׁאפֶער וִויל זִיךְ שְׁלָאגן מִיטן עֲנָק, אוּנד הָאט עֶפֶּעס גָאר קַיין מוֹרָא נִיט, פִילל מִיט מוּטה אוּנד קוּרַאשׁז .—

„בְּרֶענְגט אִיהן אַהֶער אִין דר גִי. !" הָאט שָׁאוּל אַגִישְׁרֵיי גֶעטְהִין מִיט הַאלְבֶּער פְרֵייד !.

דער קֶענִיג הָאט גְרַאד אוּמגִישְׁפַּאצִירט אִין זַיינֶעם פַּאוִוילְלִיָאן מִיט לַאנְגן שְׁפַּאנֶען. אִיבֶּערלֶעגֶענדִיק ,וָאס עֶר הָאט צוּא טְהִין אִין אַזַא שְׁוֶוערֶער צַייט, װֶען יוֹאָב אִיז אַפִּיר גֶעטרֶעטן מִיט דָוִדן פַארן קֶענִיג .

„אִיז דָאס דער יוּנגֶער מֶענשׁ ?" הָאט שָׁאוּל מִיט אַשְׁפָּאטִיגן קִיק אַפרֶעג גֶעטְהִין, פַאר וָאס לַאכְסְטֶע פוּן מִיר, אַהֶער צִיא אַזַא יוּנְגל מִיר צִיא צוּפִיהרן !"

„אָ קֶענִיג, לָאז קַיין מֶענשׁ נִיט פַארלִירן זַיין מוּטה װֶעגן דעם פְּלִישְׁתִּי ." הָאט דָוִד גִיעֶנְטפֶערט, װֶעלכֶער בַּאלד הָאט אַיינגִיזֶעהן אַז שָׁאוּל הָאט אִיהן נִיט דערקֶענט. „דַיין קְנֶעכט װעט גֶעהן אוּנד מִלְחָמָה הַאלְטן מִיט דעם לֶאסטֶערֶער פוּן דִי מַחֲנוֹת יִשְׂרָאֵל אוּנד זֵייעֶר קֶענִיג !"

דַיינֶע װָארטֶער זֶענֶען זֶעהר בְּרַאװ יוּנגֶער מֶענשׁ; אָבֶּער דִיא װֶעסט נִיט זַיין אִים־שְׁטַאנד זִיךְ מִיט אִיהם צוּא שְׁלָאגן," הָאט דער קֶענִיג גִיעֶנְטפֶערט זֶעהר פְרֵיינְדלִיךְ אוּנד

ייִנגע שְׁפְּרַאכֶע איז גיוואָרן אַסַךְ וֵוייכֶער עֶפֶּעס אַזוֹי ווִיא פַאצוֹיבֶּערט פִינֶעם קוֹל פִינֶעם יוּנְגֶן מֶענְשֶׁן.״ דִיא בִּיסט נָאךְ זֶעהר יוּנג אוּנד אָט דֶער גָלְיַת הַגִתִּי איז אַ בֶּן חַיִל פוּן קִינְדְהַייט אָן. ווַיא בַּאלד דִיא קָאמְסְט נָאר נֶעבּן אִיהן וֶועט עֶר דִיךְ אַחַאפּ טְהִין אוּנד אַ שְׁלֵיידֶער טְהִין אִין דֶער לוּפְט אַזוֹי ווַיא אַווִילדֶער בִּיפַאלָאקְס הַאפּט אוֹיף דִיא הֶערְנֶער דִי אַנגֶעזִילָאפֶּע וָואס קְרֵייצְט אִיהם דֶעם וֶועג אוּנד וַוארְפְט זִיא אִין דֶער לִיפְט ווִיא אַשְׁפָּאנְדִיל!״

דַארוֹיף הָאט דָוִד גִיעֶנְטפֶערְט חָאטְשׁ מִיט עֲנָוות אָבֶּער דָאךְ פֶעסְט אוּנד עֶנְטְשְׁלָאסֶ־ הֶען;– ,,דַיין קְנֶעכְט הָאט בַּאוַואכְט דֶעם פַאטֶערס שָׁאף, אִיז דָארְט גֶעקִימֶען אַ לֶעבּ אוּנד אַבֶּער, דֶער בֶּער הָאט גֶענִימֶען אַ לֶעמֶעלֶע פוּן דֶער מְשֶׁערֶעדֶע בִּין אִיךְ אִיהם נָאכְגִילָאפֶן אוּנד הָאבּ אִיהם דֶערְהַרְגֶעט אוּנד מַצִיל גִיוֶועֶן דָאס לֶעמֶעלֶע פוּן זַיינֶע טַאצֶן. אוּנד וֶוען דֶער לֵאבּ אִיז גֶעקִימֶען הָאבּ אִיךְ אִיהם אוֹיךְ אַגִיכֶן עֶק גִימַאכְט. בֵּיידֶע הָאט דַיין קְנֶעכְט דֶערְהַרְגֶעט דֶען בֶּער אוּנד דֶען לֵאבּ, אוּנד אָ קֶענִיג וֶוען דֶער עָרֵל אִיז אֲפִילוּ ווִיא אֵיינֶער פוּן דִיא חַיוֹת וָואס זְשֶׁע אִיז? הָאט עֶר נִיט מְחָרֵף וּמְגַדֵף גִיוֶועֶן דֶעם לֶעבֶּעדִיקֶן גָאט?!״

דֶער קֶענִיג אוּנד אַללֶע אַרִים אִיהם הָאבֶּן זִיךְ שְׁטַארְק פַארְווִינְדֶערְט אִיבֶּער דִיא אִימֶערשְׁרָאקֶנְקַייט פִינֶעם יוּנְגֶען מֶענְשֶׁן.

,,יוּנגֶער מַאן דִיא הָאסְט אַלֶעבֶּן הַארֶץ–אָבֶּער דֶען פְּלִשְׁתִּי קָאנְסְטֶע דָאךְ נִיט דֶער הַרְגֶ׳נֶען,״ הָאט שָׁאוּל גִיזָאגְט:

הָאט דָוִד גִיעֶנְטפֶערְט;– ,,דֶער גָאט וָואס עֶר הָאט מִיךְ מַצִיל גִיוֶועֶן פוּן דֶער לַאפֶּע פִינֶעם בֶּער אוּנד פוּן דִיא קְלָאוֶוען פִינֶעם לֶעבּ, עֶר וֶועט מִיךְ מַצִיל זַיין פִינֶעם פְּלִשְׁתִּי, לָאז דֶער קֶענִיג מִיר בַּאפוֹילְן צִין אִיהם צוּא גֶעהן!״.

,,גֶעה, אוּנד לָאז גָאט מִיט דִיר זַיין, וָוארם פוּן מִיר אוּנד מַיין פָאלְק הָאט זִיךְ דִיא שְׁכִינָה אָפְּגֶעטְהִין,״ הָאט שָׁאוּל אַזָאג גֶעטְהִין מִיט אַזִיפְץ. דֶער קֶענִיג הָאט אַצִינד גֶענִימֶען דֶען יוּנְגֶן שֶׁעפֶּער אִין זַיין אֵיינֶענֶעם חֶדֶר אַרַיין אוּנד הָאט בַּאפוֹילֶן דֶען נוֹשֵׂא כֵּלִים זַייגֶעם, דָוִדְן מִיט דִיא קֶענִיגְלִיכֶע וַואפְן צִיא בַּאוַואפְנֶען!.

יוֹאָב וֶועלכֶער הָאט זִיךְ דָאהּ פֶערלִיעֶבְּט אִין דָוִדְס קוֹרַאשְׁז, הָאט זִיךְ בֶּעאַיילְט אוּנד הָאט גִיבְּרַאכְט דֶעם קֶענִיגְס הֶעלְם פוּן בְּרָאנְדְז, עֶר אִיז אָבֶּער גִיוֶועֶן פִינְקְט צְווֵיי מָאהל אַזוֹי גְרוֹיס פַאר דָוִדְס קָאפֶּעלֶע. הָאט אִיהם אָנגֶעטְהִין דֶעם קֶענִיגְס וַואפְּן־רָאק פוּן שׁוּפְּן אוּנד הָאט אִיהם אוֹיף זַיין דִיךְ אוֹיפְגִיהַאנְגֶען דֶעם קֶענִיגְס שְׁוֶוערְד. דָאס אִיז אָבֶּער אַלֶעס פִילל צוּ גְרוֹיס גִיוֶועֶן פַאר אִיהם. הָאט מֶען אִין דֶער גִיךְ גִיבְּרַאכְט אַ וַואפְן־אַנְצוּג פוּן יְהוֹנָתָן, וָואס אִיז דָאה גִיוֶועֶן אוֹיפְגִיהַיינְגְט אִינֶעם קֶענִיגְס וַואפְן־צִימֶער. אוּנד דָוִד הָאט זִיךְ גֶעמוּזְט דָאס אַללֶעס אָן מֶעסְטִין, וָוארם דֶער קֶענִיג הָאט אַזוֹי גִיוָואלְט, עֶר אִיז אֲפִילוּ דֶערבַּאוּי גִישְׁטַאנֶען אוּנד אַלְלֵיין מִיט זַיינֶע אֵייגֶענֶע הֶענד גִיהָאלְפֶן צוּא צוּשְׁפִּילְלִין אוּנד צוּ צוּא קְנָאפֶּלֶען, אוּנד דָאךְ הָאט זִיךְ דָוִד נִיט גִיקָאנְט מִיט לַייכְטִיגְקַייט בַּאוֶועגְן, הָאט עֶר זִיךְ אַ קֶעהר גֶעטְהִין צוּם קֶענִיג אוּנד הָאט מִיט גְרוֹיס רֶעסְפֶּעקְט צִין אִיהם אַזוֹי גִיזָאגְט: –

,,מֶעג עֶס דֶעם קֶענִיג מַיינֶעם הֶערְרְן גִיפֶעלְלֶן מִיךְ לָאזֶן דִיא זַאכֶענֶעסְן אוֹיסְצוּטְהִין, אִיךְ בִּין דֶער מִיט נִיט גִיוָואינְט גִיוָוארְן, אִיךְ וֶועל בַּאגֶעגֶענֶען דֶען פְּלִשְׁתִּי מִיט מַיינֶע אֵייגֶענֶע

וַאפְּפֶן !" דֶער קֶאֶנִיג הָאט הֶערצוּא מַסְכִּים גִיוֶוען אוּנד דָוִד הָאט אַלֶּע וַואפְּפֶן־שְׁטִיק אַ־נִידֶערגִילֵייגְט, דֶערנָאךְ הָאט עֶר אַזָאג גֶעטְהִין צוּם קֶאֶנִיג : — מִיט דֶעם קֶאֶנִיגס עֶרלוֹיבְּנִיס וֶועלל אִיךְ אַצִינדֶערט גֶעהן !" —

אַצִינד הָאט עֶס אָנגִיהֵייבְּן צוּא רַעשְׁן אִים עִבְרִישְׁן לָאגֶער ! אַ יוּנגֶער שָׁאֶפֶער הָאט זִיךְ פָּארגִישְׁטֶעלט פַאר שָׁאוּלְן אִין גִיצֶעלט וָואס וִוילל מִלְחָמָה הַאלְטְן מִיטְן עֲנָק ! דִי בְּשׂוּרָה אִיז עֶרְשְׁט אִין מַיין גִיצֶעלט אָנגֶעקוּמֶען שׁוֹין נָאכְדֶעם, וֶוען דָוִד הָאט פַארְלָאזְט דֶעם קֶאֶנִיגס גִיצֶעלט אוּנד וִויא עֶר הָאט זִיךְ אָנגִיהֵייבְּן אַרָאפְּצוּלָאזֶן דֶעם בַּארג אַרָאפּ צוּם טַייכְל צוּא. דֶער פְּרִינְץ וֶועלכֶער אִיז נָאךְ נִיט גַאנץ גֶעזִינט גִיוֶוען הָאט גְרַאד גִישְׁלָאפְן אַבִּיסל זִיךְ צוּ שְׁטַארְקְן, וֶוען נִינוּס הָאט מִיר גִיבְּרַאכְט דִיא בְּשׂוּרָה ; דֶער פְּרִינְץ הָאט זִיךְ אוֹיפְגִיחַאפְּט פִּינֶעם שְׁלָאף אוּנד מִיר לוֹיפְן אַרוֹיס פִּינֶעם גִיצֶעלט אַקִיק צוּא גֶעבְּן אוֹיף דֶעם פַּאסְטִיךְ וָואס גֶעהט זִיךְ שְׁלָאגְן מִיטְן עֲנָק. וֶוען פְּלִיצִים הָאט יוֹנָתָן גִיגֶעבְּן אַגִישְׁרֵייא וִויא נִיט מִיט זַיין קוֹל. —

„סְ'אִיז דָאךְ דָוִד ! עֶס אִיז מַיין טְהַייעֶרֶער לִיעֶבֶּער פְּרַיינד ! אִיז עֶר דֶען מְשׁוּגָע גִיוָוארְן ? לָאמִיךְ צִין אִיהם לוֹיפְן אוּנד אִיהן אָפְּהַאלְטְן פוּן דֶעם דֶערוֶועגֶענֶעס !" אִיבֶּערוֶואלְטִיגְט מִיט שְׁמֶערץ אוּנד פֶּערְוִוינְדֶערוּנג זֶעהנְדִיק דֶען יוּנְגְן עִבְרִי שְׁפַּאנֶענְדִיק פָארוֶוארְטְס מִיט אַקוּרַאשׁ אָהנֶע גְלַייכְן, אִימגֶעדוּלְדִיג אָנצוּהֵייבְּן דֶעם אוּמגְלַייכְן קַאמְפְּף.

„לוֹיף" הָאט עֶר אַזָאג גֶעטְהִין צוּ זַיין נוֹשֵׂא כֵּלִים אוּנד צְווִינג אִים עֶר זָאל זִיךְ צוּרִיקקֶערן !.

„אִיךְ וֶועל עֶס טְהִין !" הָאבּ אִיךְ גֶעגֶנְטְפֶערְט, זֶעהנְדִיק אַז קֵיינֶער בַּאוֶועגְט זִיךְ נִיט וֶועהרֶנְד אַלֶּע בַּאוַואכְן מִיט דֶר גְרֶעסְטְן אוֹיפְגֶערֶעגְטְקֵייט דֶען שְׁאָנֶען אוּנד יוּגֶענְדְלִיכְן הֶערָא.

„נֵיין, שְׁטֶעה, אַרְבַּאצֶעס !" הָאט עֶר עֶפֶּעס רוּהִיגֶער אַזָאג גֶעטְהִין. „אִיךְ הָאבּ גָאר נִיט פַארגֶעסְן אַז עֶר אִיז פוּן גָאט גִיזַאלְבְּט, אוּנד זַיינֶע פֶּערְזָאן אִיז הֵיילִיק ! דֶער עָרֵל וֶועט נִיט אִימשְׁטַאנד זַיין צוּ בַּאשֶׁאדִיגְן דֶען מְשִׁיחַ ה' ! נָאר טְהִיא אַקִיק וָואס טְהִיט עֶר דָארְט ? !"

דָוִד אִיז גְרָאד אָן גֶעקוּמֶען אוֹיפְן אָרְט פוּן דֶעם אַייזֶערְנֶעם הַאנְדְשׁוּה, וֶועלכְן עֶרְשְׁט אוֹיפְהֶעבְּנְדִיק הָאט עֶר דַארלַאנגְט וִויעדֶער אַוָּוארְף אוֹיף דֶער עֶרְד מִיט שְׁפָּאט אוּנד הָאט אִיהם גִיטְרֶעטְן מִיט דִיא פִּיסס. דֶער פְּלִשְׁתִּי, וֶועלכֶער הָאט דָאס אַלֶּעס גִיזֶעהן הָאט זִיךְ אָן גֶעצִינְדְן פַאר כַּעַס. — דָוִד אִיז אַצִינד צוּא גֶעקוּמֶען צוּם טַייכְל. אָן בֵּייגֶענְדִיק הָאט עֶר זִיךְ אוֹיסגֶעקְלוֹיבְּן עֶטְלִיכֶע שַׁארְפֶע אוּנד שְׁוֶוערֶע שְׁטֵיינְדְלַאךְ, אוּנד הָאט זֵיי אַרַיין גֶעלֶעקְט אִין דֶעם „יַלְקוּט הָרוֹעִים" וָואס אִיז אַרָאפְּגֶעהַאנגֶען פוּן זַיינֶעם גַארְטְל. — אַצִינְד אִיז עֶר אַרִיבֶּערגֶעגַאנְגֶען אִיבֶּערן טַייכְל אוּנד גֶעהמֶענְדִיק אַשְׁלַיידֶער (אַ וָוארְפַאלְקֶע) אַרוֹיס פוּן דֶער שֶׁאפֶערְס־טַאשֶׁע הָאט עֶר נָאךְ גִיכֶער אַגֶעה גֶעטְהִין פָארוֶוארְטְס וֶועהרְנְד דֶער עֲנָק הָאט זִיךְ לַאנְגְזַאם אוּנד שְׁוֶוער אַהֶער גֶעשְׁפַּאנְט אוּנד זַיין נוֹשֵׂא כֵּלִים פַאר אִיהם.

„צִיא וָואס בִּיסְטִי אַהֶער גֶעקוּמֶען יוּנגְל ?" הָאט גָלְיָת אַגִישְׁרֵיי גֶעטְהִין מִיט ווִילְדְן צָארְן „לַאכְט מִיךְ אוֹיס שָׁאוּל מִיר צוּא שִׁיקְן אַשְׁלִיחוּת דוּרְךְ דִיר ! גֶעה אוּנד זָאג שָׁאוּלְן אַז דֶר אָדוֹן פוּן גַת רֶעדְט נָאר מִיט בְּנֵי חַיִל אִין פָאללְן וַואפְּפְן.אוּנד נִיט מִיט נַאקְטֶע יוּנְגְלַאךְ"

„אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען צוּא דִיר נִיט פַאר שָׁאוּלְן, פוּן מַיין פַארגְנִיגְן וֶועגְן, דִיא בַּארִיהמְטֶער אוּנד לָאסְטֶערֶער דִיא פוּן יִשְׂרָאֵל ! "

„בַּאים גָאט עַשְׁתָּרוֹת, וָואס אַהִינְט בִּין אִיךְ, וָואס דִיא קִימְסְט צוּא מִיר מִיט אַ שְׁטֶעקֶן ?״ הָאט דֶער פְּלִשְׁתִּי אַדִינֶער גֶעטְהִין. „זָאל דִיךְ דִיא קְלָלָה פוּן דָגוֹן אוּנד בַּעַל טְרֶעפֶן! אִיךְ פַארלַאנְג אַ מַאן זָאלל זִיךְ קִימֶען שְׁלָאגֶן מִיט מִיר, אוּנד שָׁאוּל שִׁיקְט מִיר אֵיינֶעם, וָואס פַּאסְט זִיךְ מֶעהר צוּא טַאנְצֶן מִיט וַוייבֶּער, אוּנד נִיט מִיט גָלְיָתְן צוּא רֶעדֶן אֲפִילוּ! אַקְלָלָה זָאלל אוֹיף דַיין קָאפּ קִימֶען פוּן מַיינֶע גֶאטֶער!״

דָוִד אִימֶערשְׁרָאקֶן אוּנד קַאלְט בְּלִיטִיג, אִיז זִיךְ וַוייטֶער גֶעטְרֶעטֶן, וֶועהרֶנְד דֶער עָנָק הָאט זִיךְ גָאר פְּלִיצִם אַנִיעדֶער גֶעזֶעצְט אוֹיף אַשְׁטֵיין אוּנד מִיט שְׁפָּאט אוּנד גִילֶאכְטֶער הָאט עֶר אַגִישְׁרֵיי גֶעטְהִין; —

„אַ נוּא קִים נָאר אַהֶער צוּא מִיר נֶאהֶנְטֶער, וֶועלל אִיךְ פוּן דִיר מַאכֶן אַמָאהלְצַייט פַאר דִיא פֶאגְל אִין דֶער לִיפְט, אוּנד פַאר דִיא חַיּוֹת פִינֶעם פֶעלְד! אִין מַיינֶער הַאנְד וֶועסְטוּ זַיין וִויא אַ לַאם אִין דֶער קְלָאוּ פוּן אַ לֶאב!״

דַארוֹיף הָאט דָוִד גֶעעֶנטפֶערְט מִיט אַקְלָארֶער שְׁטִימֶע; — דִיא קִימְסְט צוּא מִיר מִיט אַשְׁוֶוערְד, מִיט אַ שְׁפִּיעז אוּנד מִיט אַ שִׁילְד, אִיךְ קִים אָבֶּער צוּא דִיר אִינֶעם נָאמֶען פוּן ה׳ צְבָאוֹת, דֶער גָאט פוּן דִיא מַחֲנוֹת יִשְׂרָאֵל, וָואס דִיא הָאסְט גֶעלֶאסְטֶערְט! הַיינְטִיגֶן טָאג וֶועט דִיךְ גָאט אִיבֶּערגֶעבֶּן אִין מַיינֶע הֶאנְדְט, אִיךְ וֶועלל דִיךְ דֶער הַרְגִ׳נֶען אוּנד וֶועלל דַיין קָאפּ פוּן דִיר אַרָאפּ שְׁנַיידֶן! דַיין פֶּגֶר אוּנד דִיא פְּגָרִים פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים וֶועלל אִיךְ הַיינְט גֶעבֶּן צוּא דִיא פֶאגְל פוּן דֶער לִיפְט אוּנד צוּא דִיא חַיּוֹת פִינֶעם פֶעלְד, כְּדֵי אַז דִיא וֶועלְט זָאלל וִויסֶען אַז עֶס אִיז דָאה אַגָאט אִיבֶּער דִיא מַחֲנוֹת יִשְׂרָאֵל. אוּנד אַללֶע פְּלִשְׁתִּים אוּנד אַללֶע עִבְרִים וֶועללֶן הַיינְטִיגֶן טָאג וִויסֶען אַז גָאט קָאן מַצִּיל זַיין אָהְן אַ שְׁוֶוערְד אוּנד אָהְן אַשְׁפִּיעז. וָוארְם דִיא הָאסְט גֶעלֶאסְטֶערְט גָאט, אוּנד עֶר אִיז זִיךְ נוֹקֵם אִין דִיר!״ אָט דִיא וֶוארְטֶער הָאבֶּן דֶען רִיעזֶן אַזוֹי אִין כַּעַס אַרַיין גֶעבְּרַאכְט, אַז עֶר הָאט זִיךְ דַארלַאנְגְט אַהֶעבּ אוֹיף אוּנד הָאט אָן גֶעהוֹיבְּן צוּא שְׁפַּאנֶען צוּא דָוִדן צוּא. דֶענְסְטְמָאהלְט הָאבֶּן מִיר אַללֶע אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּא צִיטֶערן פַאר דֶעם לֶעבֶּן פִינֶעם יוּנְגֶן שֵׁאפֶער. אוּנד וֶועהרֶנְד אַ טוֹיזֶנְד קוֹלוֹת הָאט מֶען גִיקָאנְט הֶערֶן שְׁרַייעֶנְדִיק, „גָלְיָת וֶועט אִיהם דֶער הַרְגִ׳נֶען, אַנדֶערֶע, עֶר וֶועט אַוַודַאי אַנטלוֹיפֶן פַארֶן רִיעזֶן„ הָאט דָוִד דֶערוַוייל פָארוֶוארְטְס גִישְׁפַּאנְט אַקֶעגֶן גָלְיָתְן וֶוען דָוִד אִיז גֶעקִימֶען אִין אַן עֶנְטְפֶערנוּנְג פוּן אַ הַאלבֶן בּוֹיגֶן־שׁוּסס, הָאט עֶר זִיךְ אַנִיעדֶערגֶעשְׁטֶעלט, הָאט דִיא הַאנְד אַרַיין גֶעלֶעגְט אִין דֶעם יַלְקוּט, אוּנד הָאט פוּן דָארְט אַרוֹיסגֶענִימֶען אַ שְׁוֶוער אוּנד שַׁארְף שְׁטֵיינְדל אוּנד אַיינְפַּאסְנְדִיק עֶס אִין דֶעם שְׁלַיידֶער, הָאט עֶר דַארלַאנְגְט אַוָוארְף. דָאס שְׁטֵיינְדל עֶפֶּעס נָאר וִויא גֶעטְרָאגֶן פוּן אַן אִיבֶּערנַאטִירלִיכֶן כֹּחַ, הָאט דֶעם עָנָק דַארלַאנְגְט אַקְלַאפּ אוּנד אַשְׁנִיט אַרַיין אַקוּרַאט אִים שְׁטֶערן אִיבֶּער דִיא גְרוֹיסֶן גְלָאטְצִיגֶן אוֹיגֶן, אוּנד מִיט אַשְׁרֶעקְלִיךְ גֶעשְׁרֵיי, גֶעהֶערְט צוּגְלַייךְ, פוּן בֵּיידֶע מַחֲנוֹת אִיז דֶער עָנָק גֶעפַאללֶן אוֹיף דֶער עֶרְד מִיטֶן פָּנִים אַרָאפּ צוּא דָוִדן צוּא. אוּנד אַ פְרֵיידֶן גֶעשְׁרֵיי, וָואס הָאט כִּמְעַט דִיא הִימְל צוּרִיסֶען הָאט זִיךְ אַרוֹיס גֶערִיסֶען פוּן דֶער עִבְרִישֶׁן מַחֲנֶה!

דָוִד, קֵיין שְׁוֶוערְד נִיט הָאבֶּנְדִיק, אִיז שְׁנֶעל צוּא גֶעלוֹיפֶן צוּם עָנָק אוּנד אַרוֹיסצִיעֶהֶנְדִיק

דָאס גְרוֹיסֶע שְׁוֶוערְד פִינֶעם קָאלָאססאלֶן שֵׁידְל, וֶועהְנדִיק אַז ער אִיז נָאר בַּאטֵייבְּט, הָאט עֶר דִיא שְׁוֶוערְד אַבֵיין גֶערִיקְט אִין זַיין גוּף אוֹיף אַן אָפֶּענֶער שְׁטֶעלֶע פִינֶעם שִׁילְד אוּנד אִיהם עֶנדְלִיךְ דֶערהַרגֶענְדִיק. דֶער נָאךְ הָאט עֶר אִיהן אָפּ גֶעשְׁנִיטְן דֶעם קָאפּ אוּנד הָאט עֶס גֶעהַאלְטן אַז בֵּיידֶע מַחֲנוֹת הָאבְּן עֶס גִיקָאנְט זֶעהְן. גָלְיָת נוֹשֵׂא כֵּלִים אַוֶועק וַוארְפְנְדִיק דֶען שְׁוֶוערֶן שִׁילְד אִיז דֶער עֶרְשְׁטֶער גִיוֶוען צוּא אַנְטְלוֹיפְן, דִיא אַנְדֶערֶע עֲנָקִים זֶעהְנְדִיק דֶען נוֹשֵׂא כֵּלִים לוֹיפְן הָאבְּן זֵייא זִיךְ אוֹיךְ צוּוָאגְט, דִיא מַחֲנֶה פְּלִשְׁתִּים אָן קִיקֶענְדִיק וִויא עֲנָקִים יָאגְן זֶעךְ דֶערשְׁרָאקֶענֶערהֵייט הָאט אַשְׁרֶעקְלִיכֶער שְׁרֶעק זֵיי אַללֶע אָן גִיטַאפְּט, אוּנד אַוֶועק וַוארפְנְדִיק דִיא גֶעצֶעלְטְן מִיט דִיא וַואפְן מִיט אַללֶעם וָואס זֵיי הָאבְּן דָארְט גֶעהַאט הָאבְּן זֵיי זִיךְ צוּא לָאזְט אַוֶועק לוֹיפְנְדִיק פַאר זֵייעֶר לֶעבְּן. אוּנד מִיט דֶער זֶעלבְּן גִיכְקֵייט וָואס מוֹרָא אוּנד שְׁרֶעק הָאט דִיא פְּלִשְׁתִּים אָן גֶעטְרִיבְּן צוּם אַנטְלוֹיפְן הָאט נָאךְ אַשְׁטַארְקֶערֶע גִיכְקֵייט פוּן נְקָמָה אוּנד זִיכֶערְקֵייט, פוּן גֶעוִוין אוּנד הֶערְשַׁאפְט בַּאזֶעצְט דִיא מַחֲנֶה הָעִבְרִים, אוּנד וֶוער עֶס הָאט גֶעהַאט אַפָּאר פִּיס אִיז גֶעלָאפְן, אוּנד וֶוער סְהָאט גִיהַאט אַפֶּערְד הָאט גַאלָאפִּירט, אוּנד וֶוער סְהָאט גֶעהַאט אַכְּלִי זַיין הָאט גֶע-הַרְגֶ'ט אוּנד נָאךְ גֶעיָאגְט אוּנד גֶעיַרְשֶׁת דָאס עֲשִׁירוּת פִינֶעם לָאגֶער. אַחוּץ דֶעם קֶאנִיגְס לֵייבּ גַארדֶע, וֶועלכֶע לָאזְט אִיהם קֵיין מָאהל נִיט אַללֵיין אוּנד אַחוּץ מַיינֶע אַסְסִירֶער אִיז דָאס עִבְרִישֶׁע לָאגֶער גַאנְץ לֵיידִיג גֶעבְּלִיבְּן. אִין צַייט פוּן אֵיין שְׁטוּנדֶע הָאט מֶען שׁוֹין קֵיין מֶענְשְׁן נִיט גֶעזֶעהְן נִיט פוּן דִיא נִרְדָפִים נִיט פוּן דִיא רוֹדְפִים. נָאר דִיא טוֹיטֶע, וֶועלכֶע זֶענֶען גֶעלֶעגְן דָאה אֵיינֶער דָארְט אַ הוֹיפְן, הָאבְּן בַּאוִויזְן דֶען אָרְט, וִויא דִיא מִלְחָמָה הָאט אִיהר שְׁפִּיעֶל גֶעטְרִיבְּן. — וֶוען דָוִד אִיז אַרָאפּ גֶעגַאנְגֶען פִינֶעם בַּארְג אַקֶעגְן דֶען פְּלִשְׁתִּי הָאט שָׁאוּל אַפְרֶעג גֶעטְהִין זַיין גֶענֶערַאל אַבְנֵר. וֶוער דֶער יוּנגֶער מֶענְשׁ אִיז, אוּנד וֶוער זַיין פָאטֶער אִיז. וֶועלכֶער אִיז אַזוֹי מִיטהִיג אוּנד גָאט שַׁיינְט מִיט אִיהם צוּא זַיין? הָאט אַבְנֵר גֶעעֶנְטְפֶערט, „בַּאיי דַיין לֶעבְּן קֶאנִיג אִיךְ ווייס נִיט!"

„פְרֶעג זִיךְ נָאךְ וֶועמֶעס זִין אִיז דֶער יוּנגֶערמַאנְטשִׁיק," הָאט דֶער קֶאנִיג בַּאפוֹילְן. —

נָאךְ דֶעם טוֹיט פִינֶעם עֲנָק הָאט אַבְנֵר גֶעפִינֶען דֶען הֶערָא אִין מַיין פַּאוִוילְלִיָאן, וִויא אַהִין יְהוֹנָתָן (פַארְגֶעסְנְדִיק זַיין ווִינְד.) יוֹאָב אוּנד אִיךְ הָאבְּן אִיהן גֶעבְּרַאכְט, וָוארְם מִיר זֶענֶען אִיהם שְׁנֶעלל אַקֶעגְן גֶעגַאנְגֶען, וֶוען עֶר אִיז צוּרִיק גֶעקֶעהְרְט מִיט גָלְיָת'עס קָאפּ אִין אֵיין הַאנְד אוּנד מִיט זַיין שְׁוֶוערְדְט אִין דֶער אַנדֶערְן. דֶער פְּרִינְץ הָאט אִיהְן אַרִים גֶענִימֶען אוּנד גֶעקִישְׁט אוּנד הָאט גֶעוֵויינְט פַאר פְרֵייד אוּנד אִיבֶּערַעשׁוּנְג, אוּנד הָאט אִיהם וִויעדֶער אוּנד וִויעדֶער צוּא זַיין הַארְץ גֶעדְרִיקְט! אֱלִיאָב מִיט אֲבִינָדָב זַיינֶע צְוֵויי נָאךְ מֶעהר שְׁטָאלְצֶע בְּרִידֶער זֶענֶען אוֹיךְ מִיט גֶעקִימֶען. אוּנד בֵּיידֶע הָאבְּן נָאךְ גֶעטְרָאגְן דֶעם עֲנָקְס קָאפּ, וֶועהרְנְד שַׁמָּה הָאט נָאךְ גֶעשְׁלֶעפְּט דֶען רִיעזְנְס שְׁוֶוערְד! — אַזוֹי וִויא דֶער פְּלֵיין אִיז רֵיין גֶעוָוארְן פוּן מֶענְשְׁן הָאבּ אִיךְ אַוֶועק גֶעשִׁיקְט אֵיינִיגֶע מַיינֶע אוּנד עֶטְלִיכֶע יְהוֹנָתָן'ס זָאלְדַאטְן, אוֹיסצִיא טְהִין דֶעם עֲנָק אוּנד צוּא בְּרֶענְגְן אִין מַיין גֶע-צֶעלְט אַרַיין. — פִיעֶר מֶענְשְׁן הָאבְּן גֶעמוּזְט טְרָאגְן זַיינֶען וַואפְפְן-רָאק, דְרַיי מֶענְשְׁן דֶען גְרוֹיסְן שְׁפִּיעֶז, צְוֵויי זַיינֶען הֶעלְם, וֶועהרְנְד זַיין שׁוּלְטֶערפַּאנְצֶער אוּנד שִׁיעלְד אִיז גֶע-

װען אַשװערע מַשָׂא פַאר דְרַײ מֶענשן צוא שְׁלֶעפּן ! אָט אַזאַ מִין רִיעֶז איז דָאס גֶעװעזן, װעלכֶער איז גֶעהַרגֶ׳ט גִיװארן פון אַזאַן אִימֶערשְׁרָאקֶענֶעם יונגן מַאן! װָאס פַאר אַגֶאטְלִיכֶער גִבּוֹר ! אין אַשׁוּר װָאלְט מֶען אִיהן בַּאלְד פַארֶערכֶנט צְװִישן אונזֶערֶע גֶאטֶער ! אונד דָאךְ װיא בֶּעשֵׁײדן איז עֶר נָאךְ אַזאַ גְרױסֶען נִצָחוֹן ! עֶר אִיז פָּשׁוּט רױט גֶעװָארן פַאר בּוּשָׁה װיא אַ מֵײדל, װען אִיךְ הָאבּ אִיהן גֶעלױבְּט .

דֶער פַאלל פִינֶעם פְּלִישְׁתִּי הָאט דֶען קֶענִיג שְׁטַארְק אִיבֶּערְרַאשְׁט .

"נַארן מִיךְ מַײנֶע אױגְן נִיט אָפּ ?„ הָאט עֶר אױסגֶערִיפן "אִיז דֶער רֶענְק גֶעפַאללֶן ?„

"גֶעפַאללֶן, אָ קֶענִיג,אונד דֶען יונגלִינגְס פִיסס שְׁטֶעהן אױף זַײנֶעם נַאקֶן !„ הָאבּן זִיךְ אַהִינדֶערְט קוֹלוֹת אױף אַײן מָאהל אָן גֶערִיפן . „װֶעה עֶר שְׁנַײדְט אִיהם אָפּ דֶען קָאפּ !"

דֶער קֶענִיג הָאט עֶס גֶעזֶעהן, אֶמֶת ! אונד װָאללְט גֶעװיסס אַנִידֶער גֶעפַאללֶן צוא דֶער עֶרְד פַאר אױף גֶערֶעגְטֶקייט, װען זַײן נוֹשֵׂא כֵּלִים װָאלט אִיהן נִיט אױף גֶעחַאפְּט .

„גָאט הַאלְט נָאךְ פַאר אוּנז מִלְחָמָה" הָאט עֶר אַמִירְמֶל גֶעטְהִין . „אונד אִיךְ בִּין נָאךְ נִיט אױף תָּמִיד פון אִיהם אַװעק גֶעװָארפּן ! "

שְׁטַארְק אױפגֶערֶעגְט הָאט עֶר זִיךְ גֶעלָאזט פִיהרן אִין גֶעצֶעלְט אַרַײן . אונד נָאךְ אַקְלֵײנֶעם אָפְּרִיה הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט נָאךְ אַבְנֵר אַז עֶר זָאלל אִיהם בְּרֶענגֶען דֶען יונגְן זִיגֶער . אונד מִיט דֶעם קָאפּ פִינֶעם פְּלִישְׁתִּי אִין זַײן הַאנְד אִיז דָוִד אַרַײן גֶעטְרֶעטן צִין אִיהם אִין גֶעצֶעלט אַרַײן .

„װֶעמֶעס זִין בִּיסְטֶע יונגֶער מַאן ? „ הָאט דֶער קֶענִיג אָפְּרֶעג גֶעטְהִין דָוִדן, װֶעהרֶנְד עֶר הָאט פַאר קֶענִיגְס פִּיס דֶען בְּלִיטִיגן קָאפּ פִינֶעם רֶענְק אַנִידֶער גֶעלֶעגְט .

„אִיךְ בִּין דֶער זִין פון דַײן קְנֶעכְט יִשַׁי בֵּית הַלַּחְמִי" הָאט בֶּעשֵׁײדן גֶעעֶנְטְפֶערט דֶער מְנַצֵּחַ . עֶרשְׁט, דֶענְסְטמָאהלְט הָאט שָׁאוּל זִיךְ גוּט צוּגֶעקוּקְט צוא דֶעם יונגנסַאנְס פָּנִים אונד הָאבּנְדִיק אִין אִיהם דֶערקֶענְט זַײנֶען בַּארִיהמְטן אונד גֶעשִׁיקְטן הַארפִיסְטן , הָאט עֶר אִיהם אױסגִישְׁטֶעקְט זַײנֶע הֶאנְד, דָוִד הָאט זִיא קְנִיעֶנדִיק בְּכָבוֹד גֶעקִישְׁט, אונד הָאט גֶעזָאגְט ; — „אֲדוֹנִי הַמֶּלֶךְ זָאלל לַאנג לֶעבּן אונד בַּאגְלִיקְן אִין זַײן קֶענִיגְרַײךְ, אונד לָאז דֶער רוּחַ ה' פון חָכְמָה וּגְבוּרָה רִיהן אױף דִיר . אַז דִיא זָאלְסְט תָּמִיד טְרִיוּמְפִירן אִיבֶּער דַײנֶע פַײנְד, װיא דִיא טְרִיוּמְפִירְסְט אִיבֶּער דִיא פְּלִשְׁתִּים הַײנְטִיגן טָאג ! "

„װָאס ? הָאט זִיךְ דֶער קֶענִיג אָן גֶערִיפן , דִיא גִיעבְּסְט גָאר מִיר דֶעם כָּבוֹד פון דֶעם נִצָחוֹן ? נֵײן, דַײנֶער הַאנְד אִיז כָּל יִשְׂרָאֵל שִׁילְדִיג דֶען כָּבוֹד פַאר דֶעם הַײנְטִיגן נִצָחוֹן . שְׁטֶעה אױף ! אַללֶע זָאללן דִיר כָּבוֹד אָן טְהִין ! " — אַזױ װיא דָוִד אִיז אױפגֶעשְׁטַאנֶען אִיז פְּרִינְץ יְהוֹנָתָן צִין אִיהם צוא גֶעלָאפן אונד אִיהן הַאלזְנְדִיק אונד קִישְׁנְדִיק הָאט עֶר אִיהם גֶערִיפן "מַײן בְּרִידֶער„ אונד הָאט צִין אִיהם גֶעזָאגְט ! — „אִיךְ הָאבּ דִיךְ לִיעֶב דָוִד , אִיךְ הָאבּ דִיךְ לִיעֶב װיא מַײנֶע אֵײגֶענֶע נְשָׁמָה ! דִיא הָאסְט מַצִיל גֶעװֶען מַײן פָאטֶער ! פון דֶער יֶעצְטִיגן שְׁטוּנדֶע אָן װֶעללן מִיר נִיט מֶעהר צוא שֵׁײדְט זַײן ! "

„נֵײן, הָאט עֶר דֶען גֶעװָאלט װיעדֶער צוּרִיק קֶעהרן צוא זַײן פָאטֶער ? " הָאט דֶער פַארגְנִיגְטֶער קֶענִיג אַזָאג גֶעטְהִין. אִיךְ הֵײסס עֶס נִיט, פון הַײנְט אָן, יונגֶער מַאן, זָאללְסְטֶע

מִיר זַיין אַזִין אונד וָואהנֶען מִיט מִיר!״ „זָאג עֶס צוּא דֶעם קֶאנִיג, דָוִד זָאג עֶס צוּא!״ הָאט דֶער פְּרִינְץ גֶעפָאדֶערְט זֶעהנדִיק אַז עֶר צָאגֶערְט. „פוּן דַיינֶעטוֶועגן, מַיין גֶעלִיעבְטֶער פְּרִינְץ!״ הָאט עֶר עֶנדְלִיךְ גֶעעֶנטפֶערט „וֶועל אִיךְ בְּלַייבֶן מִיט דֶעם קֶאנִיג.״ „אַזוֹי וֶועלֶען מִיר פוּן הַיינְט אָן אֵיינְס!״ הָאט יוֹנָתָן אוֹיסגֶערִיפֶן. „מַיין פָאטֶער וֶועט צְווִישֶׁן אוּנְז בֵּיידֶען קֵיינֶען אוּנְטֶער שִׁיעד נִיט מַאכֶן, עֶס־זַיי־דֶען דִיךְ מֶעהר צוּא עֶהרֶן, דִיךְ מֶעהר לִיעבּ צוּא הָאבֶּן. אוּנד אַלְס אַ צֵייכֶן פוּן אוּנְזֶער בְּרִית אַהֲבָה וְאַחֲוָה גֶעם פוּן מִיר אָט אָ דָאס קְלֵייד, וָואס אִיךְ וִוילל טַאקִי אוֹיף דִיר אָן טְהִין!״

דָאה הָאבּ אִיךְ יוֹנָתָן אַבִּיסל צוּא גֶעהָאלפֶן פוּן זִיךְ אַרָאפּ צוּא נֶעהמֶען אוּנד אוֹיף דָוִדן אָן צוּא טְהִין דָאס שֶׁאנֶע קִינְסטְלִיךְ אוֹיסגֶעשְׁטִיקְטֶע קְלֵייד, וֶועלכֶעס דִיא פְּרִינְצֶעססִין הָאט מִיט אֵייגֶענֶע הָאנְדְט גֶעאַרבֶּעט, יְהוֹנָתָן הָאט אַרִיעף גֶעטְהִין זַיין נוֹשֵׂא כֵּלִים חֵלֶף אוּנד הָאט אִיהם גֶעהֵייססֶן בְּרֶענגֶן זַיין דַאמַאסְקוּס שְׁוֶוערְדט, זַיינֶען טַייעֶרן בּוֹיגֶן פוּן צֶעדֶער הָאלְץ אַיינגֶעלֶעגְט מִיט זִילְבֶּער אוּנד זַיינֶעם גִילְדְנֶעם גַארטְל אוּנד זַיין יַארמָאלְקֶעלֶע פוּן שַׁארלַאךְ־זַייד אוּנד מִיט נָאדל אַרבֵּייט קִינסְטִיג אוֹיסגֶענֶעהְט אִין פַארשִׁיעדֶענֶע פַארבֶּן (אַללֶע דִיעזֶע זַאכֶן זֶענֶען גֶעוֶוען גֶעשֶׁענְקֶע פוּן פְרַיינְד אוּנד פוּן שֶׁאנְקֵייטֶן פוּן דֶעם זַאנפְטֶערן מִין, חַבְרוּתוֹת פוּן זַיין שְׁוֶועסטֶער.) דָאס אַללֶעם הָאט עֶר אָן גֶעטְהִין זַיין פְרַיינְד. דֶער אִיבֶּערבַּייט הָאט זֵייעֶר גֶעפַּאסְט פַאר דֶעם יוּנגֶן שָׁאפֶער! שׁוֹין פוּן נַאטוּר אוֹיס הָאבְּנְדִיק אַ פְּרִינְצְלִיכֶע גֶעשְׁטַאלט, הָאטְשׁ אִין אַ בְּלָאוֶון קִיטְל, אַ פַאסטִיךְ׳ס קְלֵייד, זֶעהְט עֶר אַ צִינְדֶערְט אוֹיס וִויא אַן אֶמֶתְדִיקֶער פְּרִינְץ! וִויא יְהוֹנָתָן קָאן זִיךְ גָאר נִיט אוֹיף אִיהם זַאט אָן קִיקֶן! מִיט שְׁמָאלְצֶער פְרֵייד אוּנד בַּאוִוינְדְרִינְג עֶסְט עֶר אִיהם אוֹיף מִיט דִיא אוֹיגְן, וֶועהרֶנְד שָׁאוּל הָאט אוֹיסגֶערִיפֶן, זֶעהֶנְדִיק דָוִדן אַזוֹי אוֹיסגֶעפִּיצְט, וָוארטֶער, וָואס זֵייעֶר בַּאדֵייטִינְג, הָאט עֶר נָאר בִּנְבוּאָה גֶעזָאגְט אֶבֶּער וִויא וַוייט אֱמֶת זֵיי זֶענֶען הָאט עֶר דֶענְסְט־מָאהלְט נָאךְ נִיט פַארשְׁטַאנֶען. עֶר הָאט זִיךְ אַזוֹי אָן גֶערִיפֶן; —

„קִיקְט נָאר מִיר אָן דֶעם יוּנגְן בֵּית־הַלַחְמִי! זֶעהְט עֶר נִיט אוֹיס אַזוֹי וִויא עֶר אִיז גֶעבּוֹירְן גֶעוָואהרֶן צוּא זִיצְן אוֹיף אַ כִּסֵא מְלוּכָה?! יוּנגֶער מַאן דִיא וֶוערְסְט הַיינְטִיגְן טָאג דֶער רֹאשׁ פוּן מַיינֶער גַארדֶע! דִיא זָאלְסְט נָאר אַבנֵרן הָאבֶן אִיבֶּער דִיר אוּנד יוֹאָב זָאלל דִיר גֶעהָארכְן! דַיין פָאטֶער זָאלל אַפְּרִינְץ וֶוערן אִין יִשְׂרָאֵל! דַיינֶע בְּרִידֶער אֲדוֹנִים אִין דֶעם לַאנְד! אוּנד אִין מַיין שַׁאטְץ זָאלל דִיר גֶעהֶארן צֶעהן טַאלֶענטֶע זִילְבֶּער אוּנד פִינֶעף גָאלְד, פַאר דַיין אוּנד זֵייעֶר אִינְטֶערהַאלט! אָט אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גִיזָאגְט, אוּנד אָט אַזוֹי זָאלל עֶס בְּלַייבֶן. אוּנד דִיא זָאללסְט וָואהִינֶען מִיט מִיר אִין מַיין אֵייגֶענֶעם פַּאלַאטְץ, אוּנד זָאללסְט שְׁטֶעהן פַאר מַיין טְהרָאן!״ —

## חברון. געזאנדטנס לאגער

אַייעֶרֶער מַאיֶעסְטֶאט, בִּיז צוּם שְׁלוּסס פוּן דָוִד׳ס נִצָחוֹן אִיבֶּער גָלְיָתָן הָאבּ אִיךְ נָאךְ גֶעשְׁרִיעבֶן יֶענֶעם אוֹיף דֶער נַאכְט פוּן דֶעם אַזוֹי בַּארִיהמְטֶן טָאג, וֶועהרֶנְד מַיין אַרְבֵּייט הָאט מִיר בַּאשְׁטֶאנְדִיק גֶעקְלִינגֶען אִין דִיא אוֹיעֶרֶן דֶער קְלַאנְג פוּן דִיא שׁוֹפָרוֹת אוּנד

חֲצוֹצְרוֹת פון דיא צוּריק קֶעהרענְדִיקֶע עִבְרִים. בַּאלַאדֶן מִיט שָׁלָל . אונד זִינְגֶענְדִיק שִׁירֵי נִצָּחוֹן . דיא הוֹיפְּט אַרְמֶעע אִיז אוֹיף מָארגֶן עֶרשְׁט נָאךְ מִיטָאג אָן גֶעקִימֶען, אונד בִּיז אוֹיף דֶער נַאכְט הָאבֶּן זִיךְ גֶעזַאמֶלְט דיא נָאךְ־יָאגֶערס, אַללֶע קִימֶענְדִיק מִיט גֶעזַאנְג אונד שְׁפִּיעל פון פְרֵייד אונד נִצָּחוֹן אונד בַּאלָאדֶן אונד אָן גֶעשְׁטָאפְּט מִיט דֶעם עֲשִׁירוֹת פִינֶעם שׂוֹנֵא.-דיא חַיוֹת פון דֶער וִויסְטֶע, דֶער וָואלְף, דֶער לִינְקס, דֶער שָׁוַעל אונד דֶער ווִילדֶער הִינְדְט . אונד דיא עוֹפוֹת, נְבֵלוֹת-פְרֶעסֶער, דֶער אָדְלֶער, דֶער גַייֶער אונד דֶער וָואלְטוּר זֶענֶען שוֹין גֶעוֶוען פַארזַאמֶלְט אִין מַחֲנוֹת, דיא חַיוֹת אונד אִין גַאנְצֶע וָואלְקֶנְס דיא עוֹפוֹת , אונד אַזוֹי עֶרנְסְט אונד אַזוֹי פַאר טְרַאכְט זֶענֶען זֵיי גֶעוֶוען אִין זֵייעֶר גֶעשֶׁעפְט, אַז זֵייא הָאבֶּן זִיךְ אֲפִילוּ נִיט אִימְגֶעקִיקְט אוֹיף דיא צוּרִיק קֶעהרֶענְדִיקֶע מְנַצְּחִים, וֶוען זֵיי זֶענֶען אֲפִילוּ גָאר גֶעבֶּן זֵיי פַארבַּאיגֶענַאנְגֶען . אִיךְ בִּין גֶעוֶוען אַבֶּעלֶען צוּא זֶעהֶן וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ מִיט דֶעם עֲנָק, הָאב אִיךְ בַּאמֶערְקְט וויא אַפָּאר גְרִימִיגֶע וֶועלְף עֶססֶן זִיךְ זָאט פון דיא פִּיסֶס, אַפָּאר גְרוֹיסֶע אונד צָארְנִיגֶע אָדְלֶערס הָאבֶּנְדִיק גְרָאד אוֹיפְגֶעהַאקְט דֶעם בּוֹיךְ הָאט אֵיינֶער אַהַאפּ גֶעטְהִין דיא לֶעבֶּער אונד דֶער אַנדֶערֶער הָאט אַרִיסֶס גֶעטְהִין דיא מִילְץ וֶועהרֶנְד אַ לִינְקְס הָאט זִיךְ דֶער וַוייל אִינְטֶערגֶעגַנְבֵת אונד אַרִיסֶס גֶעטְהִין אַ קִישְׁקֶע , אונד הָאט גֶעוָואלְט אַנְטְלוֹיפֶן הָאט זִיךְ דיא קִישְׁקֶע זַיינֶע ווַייט גֶעצוֹיגְן, הָאבֶּן דֶער ווַייל עֶטְלִיכֶע שְׁטַארְקֶערֶע חַיוֹת צוּא גֶעשְׁפְּרִינְגֶן אונד אַפָּאר שְׁרֵיינְדִיקֶע גַייֶער הָאבֶּן זִיךְ אוֹיף דֶער זֶעלְבֶּע קִישְׁקֶע זִיךְ אַלָאז אַרָאפּ גֶעטְהִין, אִיז דָאה גִיוָוארֶן אַ גֶעצַאנְק צְווִישֶׁן דיא לוּפְט אונד עֶרְד בַּאוָואהִינֶער , דֶער בִּילֶלט, דֶער וָואיֶעט , דֶער קְרֵיישְׁט, דֶער קְרַאצְט , דֶער בַּייסְסְט, דֶער פִּיקְט אונד דֶער רַייסְט, אַ שְׁרֶעקְלִיכְקֵייט נִיט צוּם פַארגְלֵייכֶן, מִיט אָפְּשֵׁיי הָאב אִיךְ מִיךְ אַוֶועק גֶעקֶעהרְט פון דֶער מִיאוּסֶן סְצֶענֶע, וויא זִיא אִיז בּוּכְשְׁטֶעבְלִיךְ דֶער-פִּילְלטְגֶעוָוארֶן וויא דָוִד הָאט גָלְיָתָן נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט . —

עֶרשְׁט אוֹיף דֶעם דְרִיטֶן טָאג הָאבֶּן דיא עִבְרִים זִיךְ צוּרִיק גֶעקֶעהרְט פון דֶר רְדִיפָה, זֵייא הָאבֶּן דיא פְּלִשְׁתִּים בִּיז גֶען עֶקְרוֹן אונד גַת פַארפָאלְגְט . פִּיעלֶע הָאבֶּן זֵיי דֶער-הַרְג'ט, אוֹיפְגֶעהַאפְט אַללֶע זֵייעֶרֶע גֶעצֶעלְטֶן, פִּיעלֶע אוֹצְרוֹת זֵייעֶרֶע, פָּרָשִׁים, אונד מֶרְכָּבוֹת, פִּיעלֶע שְׁבוּיִם גִימַאכְט, אונד אַסַךְ שָׁלָל. שָׁאוּל הָאט דיא מְנַצְּחִים עֶמְפְּפַאנְגֶען מִיט גְרוֹיס כָּבוֹד, אונד הָאט גֶעהֵייסֶן, נָאךְ אַקְלֵיינֶעם אָפְּרִיה זִיךְ גְרֵייט צוּא מַאכֶן צוּרִיק צִיקֶעהרֶן גֶען חֶבְרוֹן מִיט אַ טְרִיוּמְפְף מַארְשׁ.-וויא שָׁאן אִיז עֶס גִיוֶוען צוּא בַּאטְרַאכְטֶן דֶעם אָנְבְּלִיק פון דיא עִבְרִישֶׁע מְנַצְּחִים זִיךְ שְׁלֶאנְגֶעלֶנְדִיק צְווִישֶׁן דיא טִינְקֶעלֶן בֶּארג! אַוַודַאי פִינֶעף שְׁטוּנְדֶן הָאט גִידָאוֶוערְט זֵייעֶר אַרִיבֶּער גֶעהֶן דֶען בַּארְג,אוֹיף וֶועלְכֶן אִיךְ בִּין גִישְׁטַאנֶען זֵיי בַּא-וַואכְנְדִיק, פון אַלֶע גַארְנִיזָאנֶען,אַרִימְגֶעמָאוֶוערְטֶע שְׁטֶאדְט, צִיטַאדֶעלֶן אונד אָפֶענֶע שְׁטֶאדְט זֶענֶען מֶאנֶער, ווַייבֶּער אונד קִינְדֶער אַרוֹיס גֶעקִימֶען צִיא בַּאוִוילְקָאמֶענֶען דֶען קָאנִיגְלִיכֶן זִיעגֶער אונד זַיין מַחֲנֶה . בְּתוּלוֹת, מִיט פַּייקְלַאךְ אונד טַאנְצֶנְדִיק בְּחֵן'עִיוִודִיקֶע עִבְרִישֶׁע טֶאנְץ , הָאבֶּן בַּאגְרִיסְט דֶעם רִיקְקֶעהר פון דיא גִבּוֹרֵי יִשְׂרָאֵל, אונד זֵיי זֶענֶען אוּנְז אַשְׁטִיק וֶועגְס פָארָאוֹיס גֶעגַאנְגֶען מִיט טְרִיוּמְפְף גֶעזַאנְג :

אַזוֹי וויא מִיר הָאבֶּן אוּנְז גֶענֶאהֶרְט דיא שַׁעֲרֵי חֶבְרוֹן' אִיז דֶער פְּרִינְץ יוֹנָתָן אונד

דָוִד גֶערִיטְן נֶעבְּן שָׁאוּלְס זַייט, וִויא אִיךְ הָאבּ גֶעהַאט דֶען כָּבוֹד צוּא הַייטְן. דֶער קֶענִיג הָאט אוֹיסגֶעזֶעהְן נָאךְ עֶדעלֶער אוּנד מַאיֶעסְטֶעטִישֶׁער, וְוִיא תָּמִיד. זַיין עֶדעלֶער פָּנִים הָאט אִין גַאנְצְן פַארלָארן יֶענֶע מֶעלַאנכָאלִישֶׁע טְרָאֶוערִיגְקַייט, אוּנד הָאט מֶעהר גִיהַאט דֶעם אוֹיסדְרִיק פוּן אַ גַדְלוּת, וֶועהרֶנְד זַיינֶע פַיינֶע אוֹיגְן הָאבּן גֶעשַׁיינְט מִיט פַארגְנִיגְן. עֶר הָאט הֲנָאָה גֶעהַאט פִינֶעם גְלִיק פוּן זַיין פָאלְק אוּנד הָאט זִיךְ הַיינְט אִין גַאנְצְן אִיבֶּער גִיגֶעבּן דֶער אוֹיפרֶעגוּנְג פוּן דֶער גְלָארַרַייכְן שְׁטוּנדֶע, פַאר זִיךְ אוּנד זַיין פָאלְק. דָוִד מִיט זַיינֶער גֶעוָואהנְלִיכְן בֶּעשַׁיידֶנְקַייט, הָאט זִיךְ גֶערִיטְן נֶעבְּן זַיין פְרַיינְד, זִיךְ מִיט אִיהם אַנגֶענֶעהם אִינְטֶערהַאלְטַנדִיק אוּנד הָאט אַפָּנִים גָאהר פַארגֶעססְן, וָואס פַאר אַמִין גְבוּרָה עֶר הָאט עֶרשְׁט פַאר אַפָּאר טָאג צִי פְרִיעהֶער אוֹיסגֶעוִוירְקְט. אַמָאהל פְלֶעגְט עֶר זִיךְ אַקֶעהר טְהִין צוּא יֶענֶער זַייט, וִויא זַיין אוּנד דֶעם קֶענִיגְס נָאמֶען, פְלֶעגְט אִין אֵיינֶעם דֶערמַאהְנְט וֶוערן פוּן דֶער בַּאגְלִיקוּוִינְשְׁנְדִיקֶער מֶענגֶע, אוּנד אַ שַׁאמְרוֹיטְקַייט פְלֶעגְט זִיךְ טְהִין אַגִים אִיבֶּער זַיינֶע שֶׁאנֶען פָּנִים אוּנד זַיינֶע רוֹיזְנְדִיקֶע לִיפְּן פְלֶעגְן זִיךְ אַבִּיסֶעלֶע פַארצִיעֶהן צִין אַזִים שְׁמֵייכֶעלֶע. ווי דִיא לַייטֶע הָאבּן זִיךְ גֶעשְׁטִיפְּט, אוּנד גֶערִיקְט אוּנד גֶעדְרָאנגְט! יֶעדֶער הָאט גִיוָואלט הַאפְּן חַאטְשׁ אֵיין קִיק פִינֶעם גוֹאֵל יִשְׂרָאֵל! ווי מִיר זֶענֶען שׁוֹין אָן גֶעקִימֶען אִינְטֶער דִי טְהִירֶמְס פוּן חֶבְרוֹן זֶענֶען צְוֵויי קָאמְפַּאנְיֶען פוּן בְּתוּלוֹת אַרוֹיס פוּן דֶעם פָארְטַאל. אֵיין קָאמְפַּאנְיֶע בְּתוּלוֹת גֶעפִיהרְט פוּן דֶעם קֶענִיגְס שֶׁאנֶער טָאכְטֶער פְּרִינְצֶעססִן מִיכַל אוּנד דִיא אַנדֶערֶע קָאמְפַּאנְיֶע בְּתוּלוֹת גֶעפִיהרט פוּן אַדָארַא דִיא שֶׁאנֶע "פְּרִינְצֶעססִן פוּן תַּדְמוֹר", וֶוען עֶס אִיז מִיר עֶרלוֹיבְּט, זִיא אַזוֹי אָן צִיא רִיפְן.

וִויא זַיי זֶענֶען נָאהנְטֶער אָנגֶעקִימֶען, הָאבּן זַיי גֶעשְׁפִּיֶעלְט אוֹיף קְלֵיינֶע פַּייקְלַאךְ, הַארְפְן אוּנד צִימְבְּלֶען אוּנד נָאךְ אַנדֶערֶע אִינְסְטְרוּמֶענְטְן אוּנד הָאבּן גֶעזוּנגֶען אַ שִׁיר נִצָחוֹן. שָׁאוּלְס אוֹיגְן הָאבּן פָּשׁוּט גִיבְּלִיצְט מִיט פְרֵייד אוּנד פֶערגְנִיגְן, עֶס הֶערְנְדִיק, וֶועהרֶנְד דָוִד הָאט אוֹיךְ גֶעקִיקְט אוֹיף דֶעם לֶיעבְּלִיכְן אָנבְּלִיק מִיט אִימְגֶעוֶואהנְלִיכְן אִינְטֶערֶעסס. אֵיידֶער מִיר זֶענֶען נָאךְ צוּא זַיי אָנגֶעקִימֶען הָאבּן זִיךְ דִיא צְוֵוייא קָאמְפַּאנְיֶען בְּתוּלוֹת אוֹיסגִישְׁטֶעלְט אוֹיף בֵּיידֶע זַייטְן פוּן דֶעם וֶועג, וֶועהרְנְד אַנדֶערֶע מֵיידַלַאךְ הָאבּן צוּשִׁיט אוּנד צוּשְׁפְּרֵייט בְּלוּמֶען אוֹיף דֶעם וֶועג ווִיא דֶער קֶענִיג הָאט בַּאדַארְפְט דוּרְכְרַייטְן.

„זֶעהסְטֶע דָארְט מַיין שְׁוֶועסְטֶער מִיכַל, מַיין טְהַייעֶרֶער דָוִד!" הָאט דֶער פְּרִינְץ אַזָאג גֶעטְהִין, אִיךְ הָאבּ עֶס דַייטְלִיךְ גֶעהֶערְט. „זִיא ווֵייסס עֶס נָאךְ נִיט אַז זִיא גֶעהֶערְט דִיר, גֶעוִוינֶען דוּרךְ דַיין גְבוּרָה! וָואס? וֶוערְסְט גָאר מְבוּיָשׁ? דַארְפְסְט נִיט אַזוֹי רוֹיט וֶוערן, דִיא הָאסְט צִין אִיהר אַפָּאלְשְׁטֶאנדִיק רֶעכְט, אוּנד אִיךְ וֶועלל זַיין דֶער עֶרשְׁטֶער אַייךְ מַזָל טוֹב אָפְּצוּגֶעבְּן וֶוען מִיר וֶועלן אָנקִימֶען צוּם פַּאלַאץ! הֶער! זַיי הֵייבְּן אָן צוּזִינְגְן!"

וֶוען מִיר זֶענֶען צוּגֶערִיטְן צוּא דֶער דָאפֶּלְטְן שׁוּרָה פוּן דִיא בְּתוּלוֹת, הָאבְּן מִיר גֶעקָאנְט גִיט הֶערן וָואס זַיי זִינגֶען. אוּנד מִיכַל הָאט פִירגֶעזוּנגֶען מִיט אִיהר קָאהר אוּנד אַדָארַא אִיהר קָאהר, אוּנד דֶער שְׁטַייגֶער פוּן דִיא גֶעזַאנגֶע אִיז גִיוֶוען צוּא בַּאלוֹיבְּן אוּנד צוּא בַּאזִינגֶען דִיא גְבוּרוֹת פוּן שָׁאוּל אוּנד דָוִד. נָאר אַזוֹי ווִיא דִיא קָאהְרֶע הָאבּן זִיךְ גֶעלָאזְט זִינגֶען, „שָׁאוּל בַּאֲלָפָיו וְדָוִד בְּרִבְבוֹתָיו" הָאבּ אִיךְ בַּאמֶערְקְט ווִיא דֶעם קֶענִיגְס פָּנִים

האט זיך שטארק פארחמארעט אונד מיט אן אימפערגעניגדיקן אונד א זעהר פארדריסליך קול האט ער זיך אקעהר געטהין צוא אבנרן, וועלכער איז געבן איהם טאקי געריטן, אונד האט צין איהם אזאג געטהין: „דורן געבן זייא צעהן טויזנד וועהרנד מיר ווארפן זיי צוא נאר טויזנד. וואס פעהלט איהם נאך מעהר וויא דיא מלוכה?".

פון אט דעם אויגנבליק אן האט ער געריטן שטילשווייגנדיק ווייטער אונד האט זיך אפילו ניט ארים געקיקט אויף דיא זקני העדה וועלכע זענען איהם אנטקעגן געקימען. א וואלקן האט שוין וויעדער באצויגן זיינען גייסט אונד אין זיין פאלאטץ אנקימענדיק אונד דורן דערזעהנדיק האט ער איהם נאך ציגעווארפן אקיק פון טיעפסטן האסס אונד אומבאגרענעצטער אייפערזוכט. דודס גרויסקייט איבער דעם נצחון פון דיא פלשתים איז געוועזן וויא א שארפער פייל אין זיין הארצן אונד אין זיין משוגעת האט ער ניט געדאכט אין דעם טובת הכלל אזוי פיעל וויא אין דעם, אז אנאנדערער זאלל העכער שטעהן פון איהם. — בלילה ההוא נדדה שנת המלך. שאול האט אין יענער נאכט קיין אויג ניט צוא געמאכט. מיט לאנגן אונד שנעללן שריטן האט ער מעלאנכאליש אין זיין חדר ארים געשפאנט, אונד מיט קיינעם האט ער ניט געוואלט אווארט רעדין. אויפמארגן באיי זינן־אויפגאנג האב איך איהם בעזוכט, אויף דעם ערנסטן פארלאנגען פון יהונתן. וועלכער האט געזאגט אז דיא ראשי העדה וועלן זיך האבן באלד געזאמלט מיט דיא כהנים דעם מלך מקבל פנים זיין. אונד איך זאלל באיי איהם פועלן זיי צולאזן פאר זיך צוא קימען. דער שומר הפתח האט ניט געצאגערט מיך אריין צולאזן, זאגנדיק „ער איז מתנבא מיין העררפרינץ". — אזוי איז עס טאקי געוועזן; וויא איך בין אריינגעקימען האט ער געהאלטן אין רעדן פאר פייער אונד פאר וואססער גלייך אין דער לופט אריין מיט א קול, וועלכער איז געוועזן אויסגעמישט פון כעס אונד צרות. „ער האט מיך באצווינגען! — א נעטץ האט ער אויסגעשפרייט פאר מיינע פיסס. ער האט מיין כח געשוואכט. — ער האט מיין כבוד אין דרעק שטויב געווארפן. — האט מיך מבייש געשטעלט בפני כל עם ועדה. — מיין כבוד האט ער אנאנדערן אפגיגעבן. — מיינע שונאים האבן געהערט פון מיין צרה. — וויא זייא האבן זיך נאר דעריבער געפרייט! — איך בין אגעשלאגענער מענש! — מיט דעם ריטה פון זיין צארן האט ער מיך געשמיסן. — אין דער פינצטערקייט האט ער מיך געפיהרט. — דאס ליכט האט ער מיר ניט געוואלט געבן. — זיין כעס הייגט איבער מיר אגאנצן טאג. — ער האט מיך שטארק איינגעשלאסן איך קען מיך גאר ניט ריהרן. — פעסט האט ער מיך פערשמידט אין קייטן. — זיינע אויערן האט ער פערשלאסן פאר מיין געשרייא. — ער האט מיך גימאכט צין א ציעל צוא דיא פיילן פון זיין כעס. — זיינע פיילן האבן דורכגעלעכערט מיין נשמה! אללע מענשן שפעטן אונד לאכן פון מיר. — מען מאכט ליעדלאך פון מיין אומגליק. — מיין כח אונד מיינע האפנונג זענען פערלארן! — איך שריי אונד קלאג פאר מיין גאט. — איך האב געזינדיגט מאטע זיסער אונד דיא ביסט ניט מוחל. — דיא הרגעסט דיא שלאגסט אונד האסט קיין רחמנות ניט! דיא האסט זיך באקליידט פון קאפ ביז דיא פיס מיט צארן. — דיא האסט זיך ארימגעוויקלט מיט א וואלקן. — מיין תפלה זאלל ניט קענען זיך

דוּרכשְׁלָאגן.–אַללֶעס קְרִימְט זִיךְ מִיר נָאךְ, אַללֶעס לַאכְט אונד שְׁפֶּעט אונד מַאכט חוֹזֶק פוּן מִיר.–אִיךְ קֶען מִיךְ נִיט וַוייזן אִין דִיא גַאסְסן! אִין אַללֶע וִוינְקֶעלַאךְ אונד עֶקן רֶעדט מֶען נָאר פוּן מִיר: „גָאט הָאט אִיהם גֶעוִויסס אַוֶועקגֶעוָוארְפן.–זָאלל זַיין נָאמֶען אויסגֶעמֶעקְט וֶוערן.–זָאל זַיין נַחֲלָה וִירוּשָׁה אָנְקִימֶען צִין אַן אַנדֶערן.–זַיין הויז זָאל בַּאוָואהנֶען אַפְרֶעמֶדֶר!“

„יְחִי הַמֶּלֶךְ לְעוֹלָם!“ הָאבּ אִיךְ מִיךְ אָנגֶערִיפְן, אִיהם אִיבֶּערשְׁלָאגְדִיק זַיין קְלָאג אִין אַווִילד קוֹל.

דֶער קֶאנִיג הָאט זִיךְ פְּלִיצִם אַקֶעהר גִיטְהִין צוּא מִיר זָאגְדִיק: „בִּיסְטִי עס פְּרִינְץ פוּן אַשׁוּר? וָואס בַּאגֶעהרְסְטֶע פוּן מִיר?“

„דִיא זְקֵנִים אונד רָאשֵׁי הָעֵדָה פוּן חֶבְרוֹן אונד פוּן אַנדֶערֶע שְׁטֶאדט וִוינְשׁן דִיר כָּבוֹד אָפצוּגֶעבּן!“

„וִויא אִיז דֶער שֶׁאפֶּער יִשַׁי'ס זִין?“ הָאט עֶר ווִילד אַגֶעשְׁרֵייא גֶעטְהִין.

„עֶר אִיז מִיט דֶעם פְּרִינְצן יְהוֹנָתָן!“

„אַזוֹי! מִיט מַיין זִין? אַיי, אַיי,“ הָאט עֶר פֶּערבִּיסן אַזָאג גֶעטְהִין. „נֵיין, נֵיין! הַיינט גִיבּ אִיךְ נִיט קַיין אַוודִיֶענְץ!! אִיךְ בִּין קְרַאנק! ווִיא אִיז דֶער הַארְפן שְׁפִּילֶער?“

„מֵיינט אַייֶערֶע מַאיֶעסטֶאט דֶען עֶרְשְׁטן קאַפֶּעלמֵייסטֶער? הָאבּ אִיךְ אַפְרֶעג גֶעטְהִין.

„נֵיין, דָוִד, וֶועלכֶער הָאט שׁוֹין פְרִיֶער אַמָאהל גֶעשְׁפִּילט, וֶוען מֶען הָאט מִיךְ גֶעהאַלְטן פַאר אַמְשׁוּגֶענֶעם“.

„אִיךְ וֶועל אִיהם בַּאלד אַהֶער שִׁיקן צִין אַייֶער מַאיֶעסטֶאט“ הָאבּ אִיךְ גִיעֶנְטפֶערט.

„זַיי אַזוֹי גִיט – דִיא וֶועסט מִיר אַגְרוֹיסְסֶע טוֹבָה טְהִין בֶּן אַשׁוּר, וֶוען דִיא וֶועסט אִיהם אַהֶער שִׁיקן מִיט זַיין הַארְפֶע! הֶערְסְטֶע מַיין הֶערר פוּן אַשׁוּר“ אונד דֶער קֶאנִיג אִיז צוּ מִיר צוּגִיגַאנגֶען אונד הָאט מִיר אִין אוֹיֶער אַיינגֶערוֹימְט אַ סוֹד עֶפֶּעס מִיט אַ מִין פְרֶעמֶדאַרְטִיגן מִיעֶנֶע „זָאג אִיהם נִיט אַז אִיךְ הָאבּ נָאךְ אִיהם גֶעשִׁיקט! דָאס יוּנגֶערְמַאנְטְשִׁיקל אִיז שׁוֹין בַּאיי זִיךְ גְרוֹלְדִיק גֶענִיג. אונד נֶעהם זִיךְ אִין אַכט, אַז יוֹנָתָן זָאלל מִיט אִיהם נִיט קִימֶען! הֵייסס אִיהם נָאר עֶר זָאלל בְּרֶענגֶען זַיינֶע הַארְפֶע מִיר עֶפֶּעס פָארצוּשְׁפִּיֶעלן!“.

אִיךְ הָאבּ דֶעם קֶאנִיג אוֹיפמֶערְקזַאם אִין פָּנִים גֶעקִיקט וָוארם זַיין מַאנִיֶער אונד זַיין טָאן הָאט מִיר עֶפֶּעס אַזוֹי פְרֶעמד גֶעקְלִינגֶען. נָאר פְּלִיצִם הָאט עֶר זִיךְ אִין דֶערגִיךְ אַזוֹי שֵׁכֶלְדִיג פַארשְׁטָעלט, אַזוֹי ווִיא אֵיינֶער מֵיינט גָאר קַיין שׁוּם חָכְמוֹת נִיט. אונד דָאךְ אִיז דָאס גֶעוֶוען דִיא עָרְמָה פוּן אַמְשׁוּגָענֶעם. חָאטשׁ עֶס הָאט זִיךְ מִיר צוּעֶרְשְׁט אויסגֶעוִויזן, וִויא עֶפֶּעס אַשְׁרֶעקְלִיכֶע מַחֲשָׁבָה אִיז פַארשְׁטֶעקט אִין זַיינֶע דִיבּוּרִים, הָאט עֶר דָאךְ פֶערשְׁטַאנֶען זִיךְ פַאר מִיר אַזוֹי קִינְצִיג צוּא פַארשְׁטֶעלְלן אַז אִיךְ הָאבּ דֶערנָאךְ גֶעמֵיינְט אַז עֶס אִיז גָאר נִיט. אונד אֶפְשָׁר בִּין אִיךְ אַצִינד אוֹיךְ אִימגֶערֶעכט, אָ קֶאנִיג בֶּעלוֹּס! אַפִילוּ נָאכדֶעם וָואס עֶס הָאט פַּאססִירט, דַארְף אִיךְ אִיהם מְלַמֵד זַיין לְכַף זְכוּת, זַיין עוּבְדָא אִיז אֶפְשָׁר נִיט גִיוֶוען אַזוֹי אִיבֶּערגֶעלֵייגט, נָאר אַ פְּלִיצִימְדִיקֶער אַיינפַאל גָאר, נָאר אִיךְ הָאבּ מוֹרָא אַז עֶס אִיז דָאךְ גִיוֶוען מִיט בַּארַאכט. אִיךְ הָאבּ דֶען קֶאנִיג גִיפָאלְגט אונד דָוִד אִיז בַּאלד צִין אִים גֶעקִימֶען. נִיט עֶר אונד נִיט יְהוֹנָתָן הָאבּן גִיהֶערט דֶעם קֶאנִיגס בַּאמֶערקוּנְג צוּא אַבְנֵר אִי-

בֶּער דֶעם גִיזַאנג פוּן דִיא בְּתוּלוֹת, לָכֵן הָאבְּן זֵיי נִיט גֶעפִיהלְט קֵיין שוּם חָשַׁד אוֹיפְן קֶאֶ-
נִיג . אִיךְ בִּין גֶעקִימֶען מִיט דָוִדן, אוּנד יְהוֹנָתָן אִיז אוֹיךְ נָאכגִיגַאנגֶען . מִיר זֶענֶען גִישְׁטַא-
נֶען אִין דֶעם אַנְטְרֶעֶ, וֶועהרְנד דָוִד הָאט גֶעשְׁפִּיעֶלט . דֶער קֶאֶנִיג אִיז גִיזֶעסְן אוֹיף זַיין
שְׁטִיהל, דֶען פָּנִים אָנגִילֶעהנְט אוֹיף זַיין לִינְקֶער הַאנד. עֶר הָאט נִיט אוֹיפְגֶעהוֹיבְּן זַיינֶע
אוֹיגְן וֶוען דָוִד אִיז אַרַיינגִיגַאנגֶען . — דָוִד הָאט אָנגֶעהוֹיבְּן צוּא שְׁפִּיעֶלן אַן עֶדֶעלן אוּנד
אַ גְרוֹיסאַרטִיגְן מִזְמוֹר וָואס אִיז צוּגַאנְגֶען אִין אַיֶעדְן אֵבֶר פוּן אוּנז הֶערְנדִיק. אוֹיפאֵיינמָאהל
פְּלִיצִים הָאט זִיךְ דֶער קֶאֶנִיג אוֹיפְגֶעחַאפְּט אוֹיף דִיא פִיס אוּנד הָאט אַוָוארף גֶעטְהִין זַיין
שְׁפִּיעז וֶועלְכְן עֶר הָאט בִּיז אַצִינד גִיהַאלְטְן פֶערשְׁטֶעקְט עֶרְגֶעץ, מִיט גְרוֹיס כֹּחַ גְלַייךְ גֶע-
צִיֶעלט אוֹיף דֶעם הַארץ פוּן דָוִדן . דֶער פְּרִינץ אוּנד אִיךְ הָאבְּן בֵּיידֶע דֶערלַאנְגְט אַגִישְׁרֵיי
אִין אֵיין אָטְהִים פוּן שְׁרֶעק אוּנד עֶרשְׁטוֹנֶען . דָוִד אָבֶּער, וֶועלכֶער הָאט זַיינֶע אוֹיגְן נִיט
אַרָאפְּגִילָאזט פוּן דֶעם קֶאֶנִיגס בַּאוֶועגוּנְגֶען, הָאט גֶעזֶעהן דִיא עוּבְדָא אוּנד גְרַאד אִין דֶעם
נֵייטִיגְן אוֹיגְנבְּלִיק הָאט עֶר גִיגֶעבְּן אַשְׁפְּרִינג. אוֹיף דֶער זַייט אוּנד אַן שְׁטָאט אִיהם צוּטְרֶעפְן
הָאט זִיךְ דֶער שְׁפִּיעז בַּאגְרָאבְּן אִין דֶער וַואנד אוּנד דָאס שְׁטֶעקל פִינֶעם שְׁפִּיעז הָאט גֶע-
צִיטֶערט וְויא אַבְּלֶאטֶעל פוּן דֶעם כֹּחַ פִינֶעם וָוארף .

דֶער פְּרִינץ אוּנד אִיךְ הָאבְּן זִיךְ אַוָוארף גֶעטְהִין צוּ דָוִדן אוּנד דֶער פְּרִינץ הָאט אִיהן אַחַאפּ גֶעטְהִין אִין זַיינֶע אָרִים, אוּנד הָאט אַגָאס גֶעטְהִין מִיט טְרֶערן ;— „גָאט הָאט דִיךְ מַצִיל גִיוֶוען" הָאט עֶר צִין אִיהם גִיזָאגְט. „נָאר דִיא מִיזט מַיין פַאטֶער דָאס מוֹחֵל זַיין !".

„עֶס אִיז גָאר נִיט" הָאט דֶער יוּנְגֶער מַאן גִיעֶנְטפֶערט מִיט אַגֶעלֶעכטֶערל .

מִיר הָאבְּן אִיהם פוּן דַאנֶען אַוֶועקגִיצוֹיגְן. אוּנד פִין אָט דֶעם אוֹיגְנבְּלִיק אָן, הָאט דֶער קֶאֶנִיג דָאס גָאר נִיט מֶעהר פַארהוֹילְן אַז זַיין קִנְאָה אוּנד זַיין הַאסס אַקֶעגְן דָוִדן הָאט קֵיינֶע גְרֶענְצְן נִיט. עֶר הָאט גִיזֶעהן אַז דֶער גַייסט פוּן גָאט אִיז אוֹיף אִיהם . אַזוֹי הָאט מִיר אַבְנֵר דֶערצֵיילְט, אוּנד הָאט אַפָּנִים אִין אִיהם שוֹין גִיזֶעהן דֶען קִינְפְטִיגְן מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל. מֶערְקְוִוירְדִיג אִיז דָאס, אַז נָאכְן וָוארף פִינֶעם שְׁפִּיעז הָאט דֶער קֶאֶנִיג גִישַׁיינְט ווידֶער פָאלְלְשְׁטֶאנדִיק גֶע-זִינד צוּא זַיין. עֶר הָאט מְקַבֵּל גִיוֶוען דִיא דֶעפּוּטַאצְיָאן פוּן דִיא זְקֵנִים אוּנד רָאשֵׁי הָעֵדָה מִיט זַיינֶער נַאטִירְלִיכְן הֶעפְלִיכַקֵייט. דָאס פָאלק אָבֶּער הָאט נָאר גִירֶעדט פִין דָוִדן, אוּנד אַללֶע טוֹיזְנְדְטֶערס וְועלכֶע זֶענֶען גֶעקִימֶען צוּא בַּאגְלִיקוִוינְשְן שָׁאוּלן, הָאבְּן זִיךְ צוּעֶרְשְׁט נִיט נָאךְ גִיפְרֶעגְט נָאךְ דֶעם קֶאֶנִיג, זָאנדֶערן נָאךְ דָוִדן דֶען מְנַצֵּחַ פִינֶעם מֶאכְטִיגְן פְּלִישְׁתִּי פוּן גַת ! מִסְתָּמָא אִיז עֶס אַללֶעס אָנגֶעקִימֶען צִיא שָׁאוּלס אוֹיֶערן אוּנד הָאט נָאךְ שְׁטַארק פֶערְגְרֶע-סֶערְט זַיין הַאסס אַקֶעגְן אִיהם. דָוִדס בַּאנֶעהמֶען אִיז אָבֶּער גִיוֶוען מִיט שֵׂכֶל אוּנד פֶער-שְׁטַאנד. שָׁאוּל הָאט בַּאיי אִיהם צוּגֶענִימֶען דֶען אוֹיבֶּער-בַּאפוֹיל אִיבֶּער זַיין לַייבּ-גַארְדֶע , אוּנד הָאט אִיהם נָאר גִימַאכְט פַאר אַ שַׂר אֶלֶף, עֶר וָואלְט דָאס אִיהם אוֹיךְ נִיט גֶעגֶעבְּן , וֶוען עֶר וָואלְט קֵיין מוֹרָא נִיט גִיהַאט פַארְן פָאלְק אוּנד נָאךְ מֶעהר פַאר דֶער אַרְמֶעע וָואס אִיז פָּשׁוּט אוֹיסגִיגַאנגֶען נָאךְ דָוִדן. אַקְלֵיינִיגְקֵייט אַזַא גִבּוֹר חַיִל צְווִישְן זִיךְ צוּ הָאבְּן ? וֶועל-כֶעס מִילְלִיטֶאר וָואלְט אִיהם נִיט פַארגָאטֶערְט ?— דָוִד הָאט זִיךְ טַאקִי בֶּאֱמֶת גֶעפְּרִיוְוט יֶעדְן שְׁבָח פוּן זִיךְ אָפְּצוּקֶעהרְן אוּנד עֶס פַארוֶוענְדן אוֹיף דֶעם קֶאֶנִיג . נֶאר, וָואס מֶעהר דָוִד הָאט

קְלִיעג גֶעהַאנְדֶלְט אונד הָאט זִיךְ גִיהִיט דֶעם קֶענִיג אַ סִיבָּה צוּא גֶעבּן אִין אִיהם אַ חֵטְא צוּ גֶעפִינֶען אַזוֹי מֶעהר אִיז גֶעוַואקְסֶן שָׁאוּל'ס קִנְאָה וְשִׂנְאָה אַקֶעגֶען אִיהם. וִויא אָפְט פַארבְּלֶענְדֶעט דֶער עֶגאָאִיזְמוּס דִי אוֹיגֶען אֲפִילוּ פוּן אַ בְּרִיָּה אוּנד פוּן אַ חָכָם ! אַ מֶענְשׁ וֶועלכֶער גְלוֹיבְּט אַז זַיין שֵׁם זַיין גְרוֹיסַקַייט אִיז אַנְגֶעגְרִיפֶען הַאנְדֶלְט אָפְט מִיט מֶעהר ווִילְדְקַייט אוּנד אָפְט אַסַךְ נַארִישֶׁער אַלְס. וֶוען זַיין גוּף, אֲפִילוּ וֶוען זַיין לֶעבֶּן אִיז אַנְגֶעגְרִיפֶען ! אַמָאהל אִיז דֶער מֶענְשׁ אַסַךְ מֶעהר גִבּוֹר דֶעם טוֹיט אִין פָּנִים צוּא קִיקֶן, אַלְס זִיךְ צוּא זֶעהֶן אַרָאפּ גִיזֶעצְט פוּן אַ הוֹיבֶער שְׁטוּפֶע וֶועלכֶע, אַן אַנְדֶערֶער מֶעהר וֶוערְטְה אִיז צוּא בַּאשְׁטַייגֶען !. —

לָאגֶער, דָרוֹם זַייט פוּן חֶבְרוֹן .

אַייעֶרֶע מַאיֶעסְטֶאט וֶועלֶן זִיךְ אַוַודַאי פְרֵייעֶן צוּהֶערֶן אַז דֶער נִצָחוֹן אִיבֶּער דֶער מַחֲנֶה פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאט פַאר מִיר גִיאֶפְנֶט דֶען וֶועג גֶען מִצְרַיִם. אוּנד אִיךְ הָאבּ שׁוֹין גְמַאכְט אַ קִירְצֶן מַארשׁ וָוארם גֶעכְטֶן הָאבּ אִיךְ אוֹיפְגִיבְּרָאכֶן מַיינֶע לַאנגֶע לָאגֶערִינְג אִין אֵלוֹן מַמְרֵא אוּנד פַּאסִירֶנְדִיק אַרִים חֶבְרוֹן הָאבּ אִיךְ אוֹיפְגִישְׁלָאגֶן מַיין לָאגֶער אַפָּאר פַּרְסָאוֹת ווַייטֶער גֶען דָרוֹם.

דָאס הָאבּ אִיךְ דֶרוּמְאוֹיךְ גֶעטְהִין כְּדֵי אָפְּצוּוַוארְטֶן אַ קָאמְפַּאנְיֶע פוּן עִבְרִישֶׁע סוֹחֲרִים וֶועלכֶע ווִינְשֶׁן זִיךְ צוּ בַּאדִינֶען מִיט דֶער גִילֶעגֶנְהַייט פוּן מַיינֶער שְׁטַארְקֶן קַארַאוַואנֶע, גֶעהֶנְ־דִיג מִיט אוּנז גֶען עֶגִיפְּטֶן מִיט זֵייעֶרֶע סְחוֹרוֹת, אוּנד פוּן דָארְט צוּ בְּרֶענְגֶן אַהֵיים דִיא פְּרָאָ־דוּקְטֶן פוּן דֶעם נִיל־לַאנְד. קֶענִיג שָׁאוּל הָאט תָּמִיד בַּאפֶערְדֶערְט דֶעם הַאנְדֶל מִיט פְרֶעמְדֶע נַאצְיָאנֶען, נָאר דִי מִלְחָמוֹת פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּן אוֹיף אַקִירְצֶער צַייט אִיבֶּערְגִישְׁלָאגֶן דֶען פְרַייעֶן פַארְקֶער. אַדַאנק דֶעם יוּנְגֶן גִבּוֹר הַחַיִל דָוִד פוּן בֵּית לֶחֶם פַאר דֶער יֶעצְטִיגֶן זִיכֶערְקַייט צוּרַייזֶן ווִיהִין מֶען ווִיל. אוֹיף דֶעם פְּרִינְץ יְהוֹנָתָנ'ס בַּקָשָׁה הָאבּ אִיךְ מַסְכִּים גֶוֶועזֶן אַז דִי עִבְרִישֶׁע סוֹחֲרִים מֶאגֶן מִיט אוּנז גֶעהֶן גֶען עֶגִיפְּטֶן אוּנד מִיט אוּנז צוּרִיקְקִימֶען. מָארְגֶן וֶועט אַלֶעס גֶרֵייט זַיין, אוּנד אִיךְ ווֵייס אַז עֶס וֶועט גִיפֶאלֶן אַייעֶרֶער מַאיֶעסְטֶאט צוּזֶעהֶן אַז אִיךְ טְהוּא אַלֶעס וָואס אִיז נָאר אִין מַיין כֹּחַ צוּ קוּלְטִיווִירֶן פְרַיינְדְלִיכֶע בַּאצִיהוּנְגֶען מִיט דֶעם מֶערְקווִירְדִיגֶן פָאלְק בְּנֵי יִשְׂרָאֵל . — אַזוֹי ווִיא אִיךְ הָאבּ הַיינְט אוֹיפֶערְנַאכְט צַייט ווִיל אִיךְ עֶס בַּאנִיצֶען אַייעֶרֶע מַאיֶעסְטֶאט צוּ בֶּעשְׁרַייבֶּן אַ זֶעהר אִינְטֶערֶעסַאנְטֶע ווִיזִיטֶע וֶועלכֶע אִיךְ הָאבּ גִימַאכְט אַ דְרַייטָאג צוּרִיק צוּ דִיא קְבָרִים פוּן דִיא פִיער קֶענִיגְלִיכֶע פַּאטְרִיַארְכֶן אַבְרָהָם, יִצְחָק, יַעֲקֹב וְיוֹסֵף, דִיא אָבוֹת אוּנד דִיא בַּאגְרִינְדֶער פוּן דֶער עִבְרִישֶׁן נַאצְיָאן. — פְּרִינְץ יְהוֹנָתָן אוּנ דָוִד הָאבֶּן מִיךְ בַּאלֵייט, אָדֶער בֶּעסֶער גִיזָאגְט אִיךְ בִּין גִינַאנְגֶען מִיט זֵיי אוֹיף דֶעם פְּרִינְצֶנ'ס אַיינְלַאדוּנְג. אוֹיף פֶערְד רַייטֶנְדִיק הָאבֶּן מִיר גִירַייזְט אַקוּרְצֶע צַייט אִיבֶּער דֶעם אֵלוֹן מַמְרֵא בִּיז מִיר זֶענֶען אָנְגֶעקִימֶען צִין אַ פֶעלְזֶנְדִיקֶער הָאהֶע, גִיבְּרָאכֶן אוּנד מַאלֶערִישׁ פוּן אָנְבְּלִיק, אוּנד אֵיינִיגֶע טְהֵיילֶע דֶערְפוּן טְהִירְמֶען זִיךְ אִין מַאיֶעסְטֶאטִישֶׁער גְרוֹיסְקַייט. פַּאר אָט דֶעם פֶעלְזֶן אִיז גֶוֶוען אַ נִידֶערִיגֶערֶער פֶעלְזֶן פַאר וֶועלְכֶן אִיז גִיוֶוען אַ מַאסִיוֶועס שְׁטֵיינֶערְנֶעס הוֹיז מִיט וֶואנְדְט פוּן עֶטְלִיכֶע פִים דִיק. דֶער כָּבוֹד פוּן גְרוֹיס זִקְנָה אִיז דַארוֹיף גִילֶעגֶען אוּנד הָאט אַפָּנִים גִיהַאט אַזוֹי ווִיא מֶען הָאט עֶס אוֹיסְגִיבָּאוֶועט לְאוֹרֶךְ יָמִים אוּנד נִיט פַאר שֵׁיינְקַייט אוּנד רִיכְטִיגֶער פְּרָאפָּארְצְיָאנֶען. עֶס אִיז גִיוֶוען עֶרְנְסְט, אַלְט, מַאסִיו אוּנד בְּכָבוֹדִיק. פַאר דֶעם שְׁטֵיינֶערְנֶעם טוֹיעֶר זֶענֶען גִיוַואקְסֶן פִיער מַאיֶעסְטֶאטִישֶׁע טֵייטֶל־בּוֹימֶער, אַיֶעדֶע מְקוּדָשׁ צִין אַפַּאטְרִיַארְךְ.

דֶער וֶועג צוּם אַיינגַאנג אִיז גִיוֶועןְ בְּרֵייט אוּנד גִיט אוֹיסגִיטְרֶעטֶען פוּן דִיא טוֹיזֶענדֶער פִיסֶם וֶועלכֶע קִימֶען בַּאשְׁטֶענְדִיג אַהֶער צוּ בֶּעזוּכֶן דֶעם הֵיילִיקֶן אָרט. וָוארוּם מֶען בַּאטְרַאכְט עֶס דָאה פַאר אַחַרְפָּה אוּנד בּוּשָׁה פַאר אַ דֶערוואַקְסֶענֶעם עִבְרִי וֶועלכֶער זָאל הָאבֶּען אָפְּגִילֶעבְּט אַיאָהר דְרַייסִיג אוּנד זָאל נָאךְ נִיט אֲפִילוּ אֵיינְמָאל גִיוֶוען הָאבֶּען בַּאזוּכְט דִיא קִבְרֵי אָבוֹת פוּן זַיינֶע אָבוֹת דִיא מוֹסְדֵי הַדָּת וְהַלְאוֹם. אִיךְ הָאבּ דָארְט גִיפִינֶען עֶטלִיכֶע אַלְטֶע מֶענְשֶׁן, יוּנְגֶע לַייט אוּנד בְּתוּלוֹת אַרִים דֶען פָּארְטַאל וֶועלכֶע הָאבֶּען מִיט שְׁטִילֶער רֶעוֶוערֶענְץ גֶעקִיקְט אוֹיפְן טוֹיֶער וָוארוּם קֵיינֶעם אִיז עֶס נִיט גִיוֶוען עֶרלוֹיבְּט אַרַיינְצוּגֶעהֶן אָן דֶעם רְשׁוּת פִינֶעם קֶאנִיג אָדֶער כֹּהֵן גָדוֹל. – מִיר זֶענֶען אַרָאפּגִישְׁפְּרִינגֶען פוּן אוּנזֶערֶע פֶערְד וֶועלכֶע דֶעם פְּרִינְצְנְס וַואפְּןטְרָאגֶער הָאט אִין זַיין הַאנד גֶענִימֶען אוּנד הָאבֶּען אוּנז גֶענָאהֶערְט דֶעם אַרַיינגַאנג. אַן אַלְטֶער מַאן מִיט וַוייסְן לַאנְגְן בָּארד אוּנד פִין אַן עֶדֶעלְן אוֹיסְזֶעהְן הָאט אוּנז גִיאֶפְנְט דֶעם טוֹיֶער אוּנד וְוִיא עֶס שַׁיינְט קֶאנְט דָאס גַאנְצֶע יוּדִישֶׁע פָאלק זַייעֶרְן לִיעבְּנְסוּוִירְדִיגְן פְּרִינְצן, וָוארוּם וְוִיא אַהִין אִיךְ הָאבּ דִיא עֶהְרֶע גִיהַאט אִיהְן צוּ בַּאלֵייטְן, הָאבּ אִיךְ גִיזֶעהְן וְוִיא מֶען הָאט אִים בַּאהַאנְדֶלְט וְוִיא אַן אַלְטְן בַּאקַאנְטְן, צְווִישְׁן דִי לֶעבֶּעדִיקֶע נִיט מֶעהר וְוִיא צְווִישְׁן דִי טוֹיטֶע. אַ לֵוִי אִיז גִיוֶוען אוּנזֶער פִיהְרֶער, זַיינֶע אַרְבֶּעט אִיז אוֹיךְ גִיוֶוען דֶעם נֵר תָּמִיד וָואס בְּרֶענְט אִיבֶּער אַ יֶעדְנס קֶבֶר אִין אָרְדְנוּנְג צוּ הַאלְטְן, עֶר הָאט אוּנז גִיגֶעבְּן מְאוֹרוֹת (פַאקֶעלְן) אִין דִי הַאנד אוּנד מִיר הָאבְּן זִיךְ גִילָאזְט גֶעהְן.–דִי פַּאסַאשֶׁע אִיז גִיוֶוען פַאר עֶטלִיכֶע אֵיילְן קִינְסְטְלִיךְ גִימַאכְט אַיינְגִישְׁלָאסְן מִיט שְׁטֵיינֶערְנֶע וֶואנְדְט, נָאר בַּאלד זֶענֶען מִיר אַרַיינְגֶעקִימֶען אִין דֶעם אַיינְגַאנג פוּן אַ נַאטִירְלִיכֶער מְעָרָה וֶועלכֶע אִיז נִיט גִיוֶוען רֶעגְלְמֶעסִיג אוּנד זִיךְ בַּאמֶאלַאכְן אַרָאפְּלָאזְנְדִיג. דִי אוֹיבֶּערְפְלֶאכֶע פוּן דִי וֶואנְדְט פוּן דֶר מְעָרָה אִיז שְׁוַוארְץ גִיוֶוען פוּן דֶעם תְּמִידִיקְן רוֹיךְ פוּן דִי אִימְצֶאהְלִיגְן פַאקֶעלְן וֶועלכֶע זֶענֶען פַארְבְּרֶענְט גִיוָוארְן אִין אַ חֶשְׁבּוֹן פוּן אַ טוֹיזְנְד יָאר. וָוארוּם אַבְרָהָם אִיז דָארְט גִילֶעגְן בַּאגְרָאבְּן עֶפֶּעס וֶוייִנִיגֶער וְוִיא נַיין הִינְדֶערְט יָאר, יִצְחָק אַהִינְדֶערְט יָאהר שְׁפֶּעטֶער, יַעֲקֹב אַ דְרַייסִיג יָאר שְׁפֶּעטֶער. יוֹסֵף׳ס בֵּיינֶער זֶענֶען דָאךְ אוֹיפְגִיהַאלְטְן גִיוֶוען אִין עֶגִיפְּטְן אוּנד אִין דֶער מִדְבָּר אַ הִינְדֶערְט אוּנד נַאנְצִיג יָאר, זֶענֶען עֶרְשְׁט אַהֶערְצוּ גֶעקִימֶען אַ יָאר פִיעֶר הִינְדֶערְט אוּנד נַיינְצִיג צוּרִיק. בַּאיי אוּנז אִין אַשּׁוּר וָואלְט מֶען גֶערִיפְן אָט דֶעם הֵיילִיקְן אָרט: „דָאס הוֹיז פוּן דִי גָאטֶער פִינֶעם לַאנד“ נָאר דִיא עִבְרִים טְרַייא צוּ זַייעֶר פְּרִינְצִיפּ רִיעֶפְן דָאס אֵיינְפַאךְ „קִבְרֵי אָבוֹת“ אָדֶער נָאךְ אֵיינְפַאכֶער גָאר „מְעָרַת הַמַּכְפֵּלָה“.– וָוארוּם בֶּאֱמֶתְן דִיא גוּפִים אָן נְשָׁמוֹת הָאבְּן דָאךְ קֵיין וֶוערְטֶה נִיט מֶעהר וְוִיא דֶער שְׁטָאף מִיט וֶועלְכְן עֶר מִישְׁט זִיךְ אוֹיס, עֶס אִיז נָאר דֶער אָרט וֶועלכֶער פַארְבִּינְדְט אַמָאלֶעדִיגֶע מִיט יֶעצְטִיגְן אוּמְשְׁטַאנְדְן. דֶער אֶמֶתְדִיקֶער גִישִׁיכְטְלִיכֶער אָרט קְנִיפְּט אָן דָאס פְּרָאסְטֶע קֵייטֶעלֶע פוּן דֶער אִימְאִינְטֶערֶעסַאנְטֶער צַייט; וַוייל זִיא אִיז גֶעגְנְוֶוארְטִיגֶער אִין דֶער דִיקֶער, גָאלְדֶענֶען, מִיט בְּרִילְלִיאַנְטְן בַּאזֶעצְטְן קֵייט, פוּן דֶער וִוינְדֶערְבַּארְסְטְן, גְרוֹיסְאַרְטִיגְסְטְן, אוּנד הֵיילִיגְסְטְן צַייט, וַוייל זִיא אִיז לֶאנְגְסְט פַארְגַאנְגֶען. – וְוִיא מֶערְקְוִוירְדִיג אִיז מִיר גִיוָוארְן אוֹיפְן הַארְצְן אָט אַזוֹי לַאנְגְזָאם גֶעהֶנְדִיק אוּנד הֶערְנְדִיק דֶעם עֶכָא פוּן מַיינֶע אֵייגֶענֶע טְרִיט קְלִינְגֶענְדִיק אוּנְטֶער דֶעם טוֹיזְנְטֶער פוּן יָארְן אַלְטְן פֶעלְזְן. אִיךְ הָאבּ גִיפִיהֶלְט וְוִיא דֶער גַייסְט פוּן עֶווִיגֶער אַלְטַקַייט וִויקְלְט אַרִים מַיינֶע זֶעלֶע. עֶהְרְפוּרְכְט אוּנד שְׁרֶעקְן הָאט אָנְגֶעפִילְט מַיין גַייסְט בַּאיי דֶעם גִידַאנְקְן אַז אִיךְ קִים נֶאהֶנְטֶער צוּ דֶעם „לֶעצְטְן אוֹיסְרִיה“ פוּן דִי מֶעכְטִיגֶע טוֹיטֶע! יֶענֶע פַּאטְרִיאַרְכְן וֶועלכֶע הָאבְּן מִיט דֶער עֶווִיגְן אוּנד אֶמֶתְדִיקְן גָאטְהַייט פַארְקֶערְט! דִיא יְסוֹדוֹת פוּן אַמֶאכְטִיגֶער אוּנד אַ גִיבֶּענְשְׁטֶער נַאצְיָאן! דִי עַמּוּדִים פוּן אַ רֵיינֶעם לִיכְט־הֶעלְן גְלוֹיבְּן. דִיא פַּארְטִילִיגֶער פוּן דֶער פִיעֶל־גָאטֶערַיי אוּנד דִי עֶרְהַאלְטֶער פוּן אַ גְלוֹיבְּן אִין אַן אֵיינִיגְן גָאט בָּרוּךְ הוּא וּבָרוּךְ שְׁמוֹ! – עֶנְדְלִיךְ זֶענֶען מִיר אָנְגֶעקִימֶען אִין אַ קַאמֶער אִינֶעם פֶעלְזְן. עֶס אִיז גִיוֶוען בְּרֵייט אוּנד גְרוֹיס, דִיא פַאקֶעלְן הָאבְּן נִיט

גִיגְרֵייכְט צוּ בֶּעלַייכְטֶן דִי גַאנְצֶע גְרוֹיס פִינֶעם אָרוּן, נָאר אוֹיף דֶעם עֶק פִינֶעם צִימֶער הָאבֶּן מִיר גִיזֶעהֶן אַן אֵיינְצִיגֶע לַאמְפֶּע הֵיינְגֶענְדִיק אוֹיף בְּרָאנְדְזֶענֶע קֵייטַלאךְ פוּן דֶער סְטֶעלְיֶע. מִיר הָאבֶּן אוֹיסְגֶעטְהִין אוּנְזֶערֶע שִׁיךְ פַאר דֶער הֵיילִיַקייט פִינֶעם אָרְט אוּנד מִיט גְרוֹיסֶער רֶעוֶוערֶענְץ זֶענֶען מִיר נֶאהֶנְטֶער גִיטְרֶעטֶען. דִיא שְׁטִילְקַייט פִינֶעם אָרְט אִיז גִיוֶען טִיעף אוּנד עֶהְרְפוּרְכְטְסְפָאלל וִויא אוֹיס מוֹרָא אַ קֶענִיג אָדֶער אַ מֶעכְטִיגֶן לֶאבּ נִיט אוֹיפְצוּוֶעקֶן. קֵיינֶער פוּן אוּנז הָאט קַיין וָוארט נִיט גִירֶעט. דֶער פִיהְרֶער הָאט אוּנז עֶרְשְׁט גִיבְּרַאכְט צִין אַ קֶבֶר לִינְקְס, אָדֶער גֶען מַעֲרִיב פִינֶעם אַיינְגַאנְג פוּן אוּנְגֶעפֶאהר זִיבֶּן פִיסס לַאנְג פוּן טִינֶקֶעלֶן פַארְפִירְשְׁטֵיין, אוּנד נֶעבֶּן דֶעם, נָאךְ אֵיינֶער פוּן עֶפֶּעס קְלֵיינֶערִין מָאס, אוֹיבֶּן הָאט אַ לַאמְפֶּא אַרָאפְּגֶעגָאסְסֶן אַ רוּהִיג אוּנד זַאנְפְטֶעס לִיכְט. —

„וֶוער שְׁלָאפְט דָאה?“ הָאבּ אִיךְ דֶען פְּרִינְץ גֶעפְרֶעגְט, וֶועלכֶער הָאט דֶען אָרְט שׁוֹין אֶפְּטֶערְס בַּאזִיכְט. — „דָאס אִיז “יִצְחָק׳ס „קֶבֶר,“ הָאט עֶר עֶרְנְסט גֶעעֶנְטְפֶערְט. „עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּן אִין דֶעם שֶׁאנֶען אַלְטֶער פוּן אֵיין הִינְדֶערְט אוּנד אַכְצִיג יָאהר. דִיא וֶועהְסְט זַיין נָאמֶען אוֹיסְגֶעגְרָאבֶּן דָאה אוֹיבֶּן אִין אַלְטֶע כַּאלְדֶאִישֶׁע אוֹתִיוֹת. דֶער אַנְדֶערֶער קֶבֶר גֶען צָפוֹן גֶעהֶארְט דֶער צִדְקַת „רִבְקָה“ זַיין וַוייבּ. דָאה רִיעֶהן זֵיי שׁוֹין אַן עֶרֶךְ פוּן אַ זִיבֶּן הִינְדֶערְט אוּנד פִינְפְצִיק יָאהר. זֵייעֶרֶע גוּפִים זֶענֶען אַיינְגֶעשְׁלָאסְסֶן אִין שְׁטֵיינֶערְנֶע אַרוֹנוֹת אוּנד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען וִויעדֶער אַרַיין גֶעלֶעגְט אִין דִיא קְבָרִים“ פוּן דָארְטֶן זֶענֶען מִיר וַוייטֶער גֶעגַאנְגֶען גֶען מַעֲרִיב צִיא אוּנד דוּרְךְ אַן אֶפְנוּנְג, אִין אַ דִיקֶער וַואנְדְט וֶועלכֶעס הָאט גֶעפִיהְרְט אִין אַ גֶערוֹימִיגֶן אוּנד הוֹיכֶן רוּם, הָאבֶּן אוּנז צְוֵויי לָאמְפֶּן עֶנְטְדֶעקְט, חָאטְשׁ נָאר שְׁוַואךְ, צְוֵויי רִיעזִיגֶע קְבָרִים אִינְטֶער זֵיי. מִיר זֶענֶען צוּא גֶעגַאנְגֶען מִיט עֶהרְפוּרְכְט צוּא דֶעם עֶרְשְׁטֶן וֶועלכֶער אִיז גִיוֶען פוּן אַ טִינְקֶעלֶן שְׁטֵיין פִינֶעף פִיסס הוֹיךְ אוּנד צְוֶועלְף לַאנְג. וִויא אַ קֶבֶר פוּן אַן עֲנָק. אוּנד דַאנֶעבֶּן אִיז גִיוֶען אַ קֶבֶר פוּן גְלַייכֶער גְרוֹיסְסְקַייט.

„דָאס,“ הָאט דֶער פְּרִינְץ זִיךְ אָן גֶערִיפֶן, הֶאפְלִיךְ מִיר מִיטְטְהֵיילֶנְדִיק יֶעדֶע אִינְפָארְמַאצִיָאן וֶועלכֶע אִיךְ הָאבּ נָאהר פוּן אִיהם בַּאגֶעהְרְט. אִיז דֶער מָאזָאלֶעאוּם, פוּן דֶעם מֶאכְטִיגֶן פַּאטְרִיַארךְ „אַבְרָהָם אָבִינוּ“ דֶער קֶענִיג פוּן אִינְזֶערֶער רַאססֶע! “שָׂרָה„ זַיינֶע פְרוֹי אוּנְזֶערֶע מִיטְטֶער לִיעגְט נֶעבֶּן אִיהן, אוּנד דָאה שְׁלָאפֶן זֵיי שׁוֹין אִימְגֶעשְׁטֶערְט אוּנְגֶעפֶאהר אַ נַיין הִינְדֶערְט יָאהר. אוּנד דָאה וֶועט עֶר אַזוֹי לַאנְג שְׁלָאפֶן, אַזוֹי הָאבֶּן מִיר עֶס בְּקַבָּלָה, בִּיז אֵיינֶער וֶועט אוֹיף שְׁטֶעהֶן, מִיוֹצְאֵי חֲלָצָיו, וָואס וֶועט קֶענִיג וֶוערֶן אוֹיף דֶער גַאנְצֶר וֶועלט, אוּנד וֶועט אַהֶער קִימֶען צִי דֶעם אַלְטֶן פָאטֶער אַבְרָהָם, אוּנד וֶועט אִיהם הֵייסֶסן אוֹיפְשְׁטֶעהֶן אוּנד גֶעהֶן, אוּנד וֶוען, דֶער אַלְטֶער אַבְרָהָם וֶועט דֶר הֶערֶן זַיין קוֹל וֶועט עֶר אוֹיף שְׁטֶעהֶן פוּן דֶעם טוֹיטֶן שְׁלָאף, אוּנד וֶועט מְקַבֵּל זַיין פוּן זַיין זִין דֶעם שֵׁבֶט מְלוּכָה אוּנד דִי קְרוֹין פוּן אַלֶע מְלוּכוֹת פוּן דֶער וֶועלְט, אוּנד וֶועט אִיבֶּער זֵיי רֶעגִירֶן בִּיז עֶבִּיג.“

„אוּנד גְלוֹיבּסְטֶע אָ פְּרִינְץ,“ הָאבּ אִיךְ אַפְרֶעג גֶעטְהִין, „אִין דֶער קַבָּלָה?“

„אִיךְ וֵייס נִיט, אַרְבַּאצֶעס,“ הָאט דֶער פְּרִינְץ גֶעעֶנְטְפֶערְט. „אִיךְ הָאבּ דִיר שׁוֹין אֵיין מָאהל גִיזָאגְט אַז מִיר זֶענֶען אַ נַאצִיָאן פוּן גָאלֶע סוֹדוֹת אוּנד וִוינְדֶערלִיכֶע זַאכֶן, אוּנד מִיר זֶענֶען בְּלוֹיז אִינְסְטְרוּמֶענְטֶן אִין דֶר הַאנְדְט פוּן דֶעם גְרוֹיסְסֶן קִינְסְטְלֶער, דֶען בּוֹרֵא הַכֹּל, עֶר אַרְבֵּייט מִיט אוּנְז עֶפֶּעס אַ מִין פְלַאן אוֹיס, פַאר זַיין כָּבוֹד אוּנד פַאר דֶער וֶועלְטְס טוֹבָה!“

אַצִינְד בִּין אִיךְ עֶטְלִיכֶע אוֹיגֶנְבְּלִיקֶע אַזוֹי גִישְׁטַאנֶן אִין טִיפֶער בַּאטְרַאכְטוּנְג בַּאיִם קֶבֶר פוּן דֶעם מֶאכְטִיגֶן, אוּנד אַפָאטֶער פוּן אַמֶאכְטִיגֶן פָאלְק. אוּנד דֶערְנָאךְ זֶענֶען מִיר נָאךְ גִיגַאנְגֶן אִינְזֶערְן פִירֶער קְוֶוער אִיבֶּער דֶר הֵייל צִין אַן אָרְט וִויא נָאךְ צְוֵויי קְבָרִים זֶענֶען גִישְׁטַאנֶען, בֵּיידֶע נָאךְ גְרֶעסְסֶער וִוי אַבְרָהָם׳ס אוּנד פִיעֶל קִינְסְטְלִיכֶר אוֹיסְגֶעאַרְבֵּייט אִין טְהַייעֶרֶן מִירְמֶלְשְׁטֵיין.

„דָאה לִיעגְט יַעֲקֹב אִישׁ תָּם דֶר פַּאטְרִיַארךְ פוּן אוּנְזֶער פָאלְק אוּנד דֶר פָאטֶער פוּן צְוֶועלְף

נַאצְיָאנֶען,הָאט דֶער פְּרִינְץ צוּא מִיר גְיָזאגְט. דָוִד הָאט אוֹיף דֶעם קֶבֶר מִיט דֶערֶזעלְבְּן יִרְאַת הַכָּבוֹד גֶעקִיקְט וְוִיא אוֹיף דִיא אַנדֶערֶע,אוּנד זַיין אָנבְּלִיק הָט עֶפֶּעס קְלָארֶער אוּנד רֵיינֶער גֶע־שַׁיינְט אִין דֶער שְׁכֵנוּת פוּן דִיא מֶאכְטִינֶע טוֹיטֶע פוּן זַיין רַאססֶע. עֶר הָאט אֶפְשֶׁר אֵיין מָאהל אָדֶער צְוֵויי מָאהל אַוָוארט אוֹיסגֶערֶעדט, אַ וָוארְט פוּן טִיעֶפֶן גֶעפִיל אוּנד פוּן גְרוֹיסֶער זֶעלֶן־בַּאוֶועגוּנְג, עֶר אִיז אוֹיךְ דָאס עֶרשְׁטֶע מָאהל אַהֶער גֶעקִימֶען צוּ דֶעם אָרְט אַזוֹי הוֹיךְ גֶעעֶהרט פוּן זַיינֶער נַאצְיָאן .

„אוּנד דָאס אִיז לֵאָה'ס קֶבֶר“ הָאט דֶר פְּרִינְץ אִיבֶּער גִישְׁלָאגְן דָאס עֶהרפוּרְכְטפָאללֶעס שְׁוַוייגְן, דִי מִיטֶער פוּן אַ הַאלבֶּער נַאצְיָאן, דִי מִיטֶער פוּן דִי בַּארִיהמְטֶעסְטְן שְׁבָטִים. דִי מִיטֶער וֶועלכֶע גָאט הָאט אַזוֹי גִיט בַּאלָאהנְט פַר אִיהר קְרֶאנקוּנְג, זֶעהנדִיק אַז יַעֲקֹב הָאט מֶעהר זִיךְ גֶענֵייגְט דֶר שֶׁאנְקֵייט פוּן רָחֵלְן וֶועהרֶנְד אִין לֵאָהס הַארְץ הָט אַשְׁטַארֶקֶערֶע פְלַאמֶע פוּן לִיעבֶּע גֶעבְּרֶענט צִי דֶעם מַאן, וֶועלכֶען זִיא הָאט בַּאקִימֶען נָאר דוּרְךְ אַן עָרמֶהלֶע פוּן אִיהר פָאטֶער . גִיקְרֶאנט מִיט זֶעקְס קִינְדֶער, הָאט זִיא אוֹיךְ זוֹכֶה גִיוֶועןְ צוּא דֶעם עֶהרֶן גִילֶאגֶער אוֹיף דֶר עֶבִּיג־קֵייט ! – מִיר זֶענֶען דָאה נָאךְ אַבִּיסל אַזוֹי גִישְׁטַאנֶען אוּנד גֶעשְׁמִיעֶסט דֶר נָאךְ הָאבּ אִיךְ דֶען פְּרִינְצן אַפרֶעג גֶעטְהִין ; – „זֶענֶען אוֹיךְ וֶועלכֶע פוּן דִיא צְוֶואלף שְׁבָטִים דָאה בַּאגְרָאבְן ? “

„נֵיין, קֵיינֶער נִיט פוּן זֵיי !“ הָט עֶר מִיר גִיעֶנְטְפֶערט, „זֵיי זֶענֶען אַללֶע גֶעבְּלִיבְן לִיגֶען אִין אֶרֶץ גוֹשֶׁן, אוֹיסֶער דֶעם פַאלל, וֶוען מִיר וָואללטן דֶער ־קַבָּלָה גְלוֹיבְן שֶׁענְקֶען, הָאבְן מִיר אַ טְרַאדִיצְיָאן אַז יוֹסֵף הָאט אַהֶער אַרִיבֶּער גִישִׁיקְט דִיא צְוֵויי אַיינְגֶעפַּאלְמסְטֶע בְּרִידֶער, יְהוּדָה וּבִנְיָמִין. אוּנד זָאללן זִיךְ גֶעפִינֶען דָאה אִין דֶר מְעָרַת הַמַּכְפֵּלָה . אִין אַ וַוייטֶערן עֶק פוּן דֶער מַעֲרָה גֶעפִינֶען זִיךְ טַאקִי נָאךְ פִינֶעף אַנדֶערֶע קְבָרִים, זָאגְט מֶען אַז צְוֵויי זָאללן גִיהֶארן יְהוּדָה וּבִנְיָמִינֶען. צְוֵויי גִיהֶארן דֶר פַאמִילְיֶע פוּן עֶפְרוֹן הַחִתִּי, פוּן וֶועמֶן אַבְרָהָם הָט דִי הֶאל גִיקוֹיפְט פַר פִיעֶר הִינדֶערט שֶׁקֶל (אַן עֶרֶךְ פוּן פֶערצִיג רוּבֶּל.) אוּנד אֵיין קֶבֶר זָאל גֶעהֶארן דֶעם עֶרשְׁטְן קֶאנִיג פוּן כְּנַעַן „חֵת“ וֶועלכֶר הָט גִילֶעבְּט אַ טוֹיזֶנְד יָאהר צוּרִיק. – עֶנדְלִיךְ זֶענֶען מִיר לַאנְג־זַאם אַרוֹיס גֶעקִימֶען פוּן דֶעם מֶערקְוִוירְדִיגן אוּנד עֶרנְסְט הֵיילִיקְן אָרְט, הָאבְן זִיךְ אוֹיפגִיזֶעצְט אוֹיף אוּנזֶערֶע פֶערְד אוּנד גֶערִיטְן גֶען חֶבְרוֹן וֶועלכֶעס הֵייסְט נָאךְ בִּיז אוֹיף הַיינְטִיגְן טָאג , דֶר „מִגְדָל אַוְרַאאַם“ בַּאיי דִי כְּנַעֲנִים. דָאה הָאט אַ מָאל דֶר אַלטֶער פַּאטְרִיַארְךְ גֶעוָואהְנְט, אוּנד הָאט גִיהַאלטְן אִינטֶערטֶאנִיג אַסךְ (פִינֶעף ,) מַלְכֵי הַגּוֹיִם, אוּנד עֶר אִיז גְוֶוען אַמֶלֶךְ אִיבֶּער זֵיי . אִין שָׁלֵם, אַ זֶעכְצהְן וֶוערשְׁט פוּן דַאנֶען הָאט דֶענְסטְמָאהלְט רֶעגִירט אַ מַלְכִּי־צֶדֶק אַ קֶאנִיג , וֶועלכְן אַבְרָהָם הָאט מַעֲשֵׂר גִיגֶעבְן, אוּנד הָאט אִיהם זֵייעֶר הוֹיךְ גִיעֶהרט אַלְס אַ פְרַיינְד אוּנד בַּעַל בְּרִית . – אָט אָ דָם דֶר מַאהְנְט מִיךְ טַאקִי ווִיעדֶער אִין אַן אַנדֶערֶער ווִיזִיטֶע, וֶועלכֶע אִיךְ הָאבּ גִימַאכט צִי יֶענֶער שְׁטָאט, וֶועלכֶע אִיז גִיוֶוען דִי הוֹיפְּט שְׁטָאדט פוּן דֶעם לַאנד צִיא דֶר צַייט וֶוען אַבְרָהָם הָאט רֶעגִירט אִין חֶבְרוֹן, אוּנד הֶאבּ נָאךְ אַייעֶרֶער מַאיֶעסְטֶאט נִיט בַּא־רִיכְטֶעט דַארִיבֶּער. – אִיךְ הָאבּ שׁוֹין פְרִיעהֶער גֶעשְׁרִיבְן פוּן דֶעם מֶערקְוִוירדִיגן טְהוּרְם פוּן דִי יְבוּסִים, וֶועלכֶר בַּאדֶעקְט אַ פֶעלזִנְדִיקֶע הוֹיךְ,זִידְלִיךְ פוּן שָׁלֵם, אוּנד מֶען רִיעפְט עֶס גֶעוֶואהנְלִיךְ יְבוּס־שָׁלֵם . אִין דֶר שְׁטָאדט שָׁלֵם, גֶעפִינט זִיךְ אַוַואפְן־הוֹיז (בֵּית־נֶשֶׁק) אָדֶער ווִי מֶען רִיעפְט עֶס בַּאיי אוּנְז אַ קְרִיעגס־טֶעמְפֶּל (מִקְדַּשׁ מִלְחָמָה .) אִין וֶועלכֶען, דִי עִבְרִים לֶעגְן אַרַיין אַללֶע

וַואפְּן אונד קְרִיעֶגֶערִישֶׁע .עֶנְיָנִים וֶועלכֶע .זֵיי פַּר חַאפּן מִיט דֶעם שָׁלָל פִּינֶעם שׂוֹנֵא . אִין נִינְוֵה וָואלטן מִיר עֶס אָן גֶערִיפן אַ טֶעמפְּל גִיהַייליקְט צוּם „קְרִיעֶגס-גָאט״ נָאר דִי יוּדֶן הַאלְטן נִיט פוּן .קֵיין אַנדֶערן גָאט אַלס דֶעם אֵיינֶען גָאט, וֶועלכֶער רֶעגִירְט, קָאנְטְרָאלִירְט אוּנד מַאכְט אוּנד שַׁאפְּט אוּנד אִיז אַ מְכַלְכֵּל (אוּנטֶערהַאלְט) אַללֶעס דִינְג. וֶועלכֶער קוּיקְלְט דֶען דִינְנֶער, אוּנד פְּלְיַאסְקֶעט מִיטְן בְּלִיטְץ, וֶועלכֶר לָאזְט אַרוֹיס דֶען שְׁטוּרֶם וָואס בַּייטשְׁט דִי .יַמִים, וֶועלכֶר הַאלְט פַּר .זֵיי מִלְחָמָה, וֶועלכֶער מַאכְט צַייטִיג .זֵייעֶרֶע תְּבוּאוֹת אוּנד פֵּירוֹת, וֶועלכֶער שִׁיקְט אַרוֹיס דִי זִין לְבָנָה אוּנד שְׁטֶערן צִיעֶרשַׁיינֶען אוּנד אִינטֶער צִיגֶעהן צִי בַּאשְׁטִימְטֶע צַייטְן, אוּנד וֶועלכֶער הָאט נִיט נָאר גִישַׁאפְן דִי הֶאכְסְטן בֶּארְג פוּן דֶר וֶועלְט אֲפִילוּ דִי קְלֶענסְטן שְׁטֵיינְדֶעלַאךְ אִין דִי קְלֵיינִיטְשְׁקֶע טַייכֶעלַאךְ הָאבן זַיינֶע הֶאנדְט גִימַאכְט. וֶיעלכֶער הָאט גֶעשַׁאפְן דִיא לִיבְּלִיכְן לִילִיעֶן פִּינֶעם טְהָאל (שׁוֹשַׁנּוֹת הָעֲמָקִים) אוּנד דִי רוֹיז אוּנד דֶעם .דָארן ; .דִיא .פְלִיעֶג אוּנד דֶעם אָדלֶער הָאט .עֶר גֶעשַׁאפְן, אַללֶעס וָוס .עֶס עֶקְזִיסְטִירְט אוֹיף דֶר גַאנְצְן וֶועלט גִיזֶעהֶענֶעס אוּנד אִים גִיזֶעהֶענֶעס הָאט אָט דֶר .אֵיינִיגֶער .עִבְרִישֶׁער גָאט גֶעשַׁאפְן,פוּן דֶר גְרֶעסטְן גְרוֹיסְקֵייט בִּיז צוּא דֶר קְלֵיינסְטְן קְלֵיינִיגְקֵייט ! אָט אַזַא מִין אַחְדוּת פוּן דֶר .עִבְרִישְׁן גֶאטְלִיכְקֵייט, דוּרְךְ נֶעהמְט אוּנד דוּרְךְ וֶועבְט .זֵייעֶרֶע רֶעלִיגִיאָזֶע גֶעפִּיהלֶע!אֵיין מָאהל בִּין אִיךְ מִיטְן פְּרִינְצְן שְׁפַּאצִיר נְדִיק עֶפֶּעס אַרַיין אִין אַזַא מִין שְׁמֶיעֶס ; אִיךְ הָאבּ גִיזָאגְט אַז אִין אַססִירִיעֶן הָאבן מִיר אַ הֶאכֶערן בַּאגְרִיף פוּן דֶר גָאטהֵייט, מִיר קָאנֶען זִיךְ נִיט דֶעוְקֶען,דִיא גָאטהֵייט אַזוֹי נִיעדֶערִיג אַרָאפּ צוּא לָאזְן,אוּנד צוּא גְלוֹיבְן אַז דֶר אַללְמֶעכְטִיגֶער אוּנד גְרוֹיסֶער גָאט וֶועט זִיךְ גָאר אָפְּגֶעבְן צוּא שַׁאפְן אַזֶעלכֶע נַארָעשְׁקֵייטְן ווי אַבְּלִימֶעלֶע אָדֶער אַ זִינגֶענְדִיק פֵגֶעלֶע. הָט .עֶר מִיר דַארוֹיף גִיעֶנטְפֶערְט: – „פַאר אַ גָאט וֶועלכן מִיר הַאלְטן פַאר אַן עֶבִּיגְן אוּנד פוּן אוּנֶענדלִיכֶער גְרוֹיסקֵייט פַּר אִיהם עֶקְזִיסְטִירְט נִיט יֶענֶער אוּנטֶערשִׁיעֶד פוּן קלֵיין אוּנד גְרוֹיסס, רֵיין אוּנד אִימְרֵיין. עֶדֶעל אוּנד נִיעדֶערִיק, וִויא פַּר אוּנְז שְׁוַואכֶע אוּנד קִירְץ-זִיכְטִיגֶע מֶענשְׁן . אוּנד וֶוען מִיר אִיז עֶרלוֹיבְט אַ מָשָׁל צוּ גֶעבְן, וָואללט אִיךְ גִיזָאגְט ; , וָוס גְרֶאבֶּער אוּנד אַיינפַּאכֶער אַבַּעל מְלָאכָה אִיז, אַזוֹי גְרֶאבֶּער אוּנד אַיינפַאכֶער אִיז זַיין וֶוערְק . דֶר אַנפַאנגֶער מַאכְט אַגְרוֹיסֶע אַגְרָאבֶּע, מִיט וֶוענִיג קוּנסְט אָנגֶעפַּארטִיגְטֶע אוּגד אִימשֶׁאנֶע אַרבֵּייט.דֶר מַייסְטֶער אָבֶער דֶר קִינסְטלֶער אַרבֶּעט.קִינסְטִיג, פַיין, עֶדֶעל שֶׁאן אוּנד אַזוֹי בֶּרְיֶהשׁדִיק אַז מֶען דַארְף עֶרשְׁט שְׁטוּדִירְן אוּנד זִיכן אוּנד פָארשְׁן וִויא דָס אִיז אֵייגֶענטְלִיךְ גִימַאכְט גִיוָוארן׳ – אַגרוֹיסֶער בַּארְג הָאט גְקָאנְט עֶנטשְׁטֶעהן פוּן אַן עֶרְדצִיטֶערנֶעס וָוען אוֹיף אַן אָרְט אִיז אַסַךְ עֶרְד צוּזַאמְמֶן גִיפַאללְן אֵיינְס אוֹיפְן אַנדֶערן אִיז גִיוָוארן אַבַּארג. וֶועהרֶנְד דִי צַארְטֶע לִילְיֶע בַּאזִיצְט אוּנאוֹיסשְׁפְּרֶאכְלִיכֶע שֶׁאנְקֵייטְן, אִיהרֶע צַארטֶע וַוייססֶע בְּלֶאטֶעלַאךְ, דֶר אַרָאמַאטִישֶׁער גֶערוּךְ, וָוס אִיז אַפָּנִים .קִינסְטלִיךְ פַּרשְׁלָאססן אִין פַיינֶע קְלֵיינֶע כֵּלִימלַאךְ, אוּנד דִי שֶׁאנֶע פָארְם, אַ פָאלְקָאמֶענֶע מַייסְטֶר-אַרְבֵּייט, אוּנד וָואס זָאלל אִיךְ שׁוֹין זָאגְן אוֹיף דֶר אוּנֶענדְלִיךְ גְרוֹיססן קוּנסְט וֶועלכֶע לִיעגְט אִין דֶער שֶׁאפּפוּנְג פוּן דִי זִינְג פֵיגֶעלַאךְ ? אוּנד אַזוֹי זֶעהסטֶע מַיין לִיעבֶּער פְּרִינְץ אַז דֶער גְרוֹיססֶער בַּארְג אִיז גָאר נִיט אַזוֹי פִיעל קִינסטְסִיגֶער גִימַאכְט וִויא דִיא בְּלוּמֶע !״ דַארוֹיף הָאט .עֶר מִיךְ אַפְרֶעג גֶעטְהִין ! – „וֶוער שְׁזֶע מַיינְסְטֶע הָט דִי בְּלוּמֶען גֶעשַׁאפְן.?״נָאךְ אַייעֶרן אָרִיעֶנטַאלִישְׁן גְלוֹיבְן? ״הָאבּ אִיךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט . „מִיר גְלוֹיבְן אַז עֶס אִיז דָאה אַהֶעכְסְטֶע אוּנד אַן עֶרשְׁטֶע

אורזאך פון אללע זאכן ! דס, איז ניט געשאפן געווארן ! ווארם ווען עס וואלט געוועזן א צייט . אין וועלכער קיין גאט האט ניט עקזיסטירט, וואלט גאר קיין גאט ניט געוועזן דרומאויך גלויבן מיר אזוי וויא עס איז נאר געוויסם אז א גאט עקזיסטירט, מוזן מיר זאגן אונד גלויבן אז דר גאט האט תמיד עקזיסטירט . אן אנהויבם אונד אן ענדע . מיר גלויבן אז ער האט געשאפן דען הימכל אונד דיא ערד, אונד אז ער וואוינט אין דר זינן, וועלכע מירפארעהרן אלס זיין טעמפל, טהראן, אונד זיכטבארע געגענווארטיגקייט פון דעם אייבערשטן . דרומאויך איז פייער אונזער רמז פון גאט . — מיר גלויבן אז ער האט געשאפן דען מענשן, ווייל מיר זענען בעלי שכל אונד בעלי תבונה, זענען מיר אויך בני אלקים די שאפפונג פון זיינע האנדט. מיר לייקענען אבער אז ער זאל זיך האבן אראפגילאזט אזוי וייט ניעדעריק, צוא באשאפן די אן נשמהדיקע חיות אונד ניעדריגע זאכן: אז ער האט טאקי גישאפן די אונגעהייער הויכע בערג, אבער דיביימער אונד די פלאנצן הט ער איבערגילאזט אין די האנד פון קלענערע געטער . אז ער האט געשאפן דען שרעקליך גרויסן אקעיאן, אבער ניט די קוועלן אונד קליינע טייכע־לאך, דרומאויך האבן מיר אגאטהייט פר יעדער קוועלע, אונד פר אלע קליינגקייטן!" — דר פרינץ האט מיך אויסגיהארט מיט דער גראסטן געדולד אונד האט מיך גיבעטן אז איך זאל דאך אביסל בעסער שטודירן די ביכער פון די הייליקע סודות פון זייער „אחדות-האלהות" סיסטעם . איך האב אידם מבטיח גיוועזן עס צוא טהין, אייערער מאיעסטעט, אונד אויב איך וועל מיך געפינען איבערגעצייגט אז עס איז באמת טאקי נאר דאה איין גאט, אונד די פיגל גאמעראיי איז טאקי נאר א נאריש קינדער שפיעל, וועל איך אפילו אן אויגן בליק ניט צא־גערן, חרטה צוא האבן אויף יענע פאלשע מיינונגען, וועלכע איך האב גערעט ביז אהער , אונד וועל מיט גרויסער פרייד אן נעהמען די נייע מיינונג פון אן אלקים אחד . אונד ווען עס איז אמת אז עס איז דאה אויף דר גאנצן וועלט נאר אן אלקים אחד . קאן איך עס מיר גאר ניט אנדערש בשום אופן ניט דענקען, אז דר אלקים אחד איז ניט קיין אנדערער, וויא דער אלהי העברים. וויא זייא באהויפטן אז צט דיא מיזכטיגע גאטהייט פיהרט אונד רעגירט זיי , באשטראפט אונד באצאהלט גיטם . אונד דער וואנדערליבער טהוער פון אללע גרויסע אונד אימבאשרייבליכן זאכן . צווייא אזעלכע מעכטיגע געטער קאנען בשום אופן ניט עקזיסטירן . וועי עמיעסט מעהר אוודאי ניט . לכן איז באיי מיר פעסט געבליבן אין מיינע מחשבות בא־שלאסן . אז וויא באלד איך איבערצייג מיך אז עס איז נאר איין גאט דאה אויף דער וועלט, איז עס געוויסם קיין אנדערער וויא דער אלהי העברים ה' אחד ! —

צוריקקימענדיק אויף מיין וויזיטע אין שלם מיז איך אן הויבן פון דודם צוריק קימען גען חברון, יהונתן האט דענסטמאהלט דודן אויף מערקזאם גימאכט, אז די זיעגעס־טראפעען וועלכע ער האט גיוואונען פון דיא פלישתים זאלן געבראכט ווערן צוא יענער וואפן־זאמלונג, דעם טעמפל אין שלם, וועלכן דער פרינץ ריעפט ירושלם . אמאהל מארגנס האבן מיר אהין געריטן. דודם דריי ברידער העלפנדיק צוא טראגן דען קאפ אונד שווערד פון גלית . אנדערע טראגנדיק דען וואפן ראק, דען בראנדזענעם העלם, דיא פיסם שילדער, דיא הויזן פון שטאהלענע קייטלאך פראכטפאלל גיארבייט אונד ביעגזאם ווי שניערלאך . ווייהרנד מיר

הָאבּן פַּאסִירְט דֶען טִיעפֶן טהָאל זֶענֶען דִיא אַנְשֵׁי יְבוּס גִישְׁטַאנֶען אוֹיף דִי צִינֶען פוּן זַייעֶרֶע מָאוֶוערְן צוּא בַּאטְרַאכְטֶען דִי טְרָאפֶּען, וֶועלכֶע מִיר הָאבּן גֶעפִירְט צוּם וַאאפֶן טֶעמְפְּל. –

וֶוען דָוִד הָאט אַבִּיסל בַּאטְרַאכְט דִיא אַלְטֶע פַיינְד פוּן זַיינֶער נַאצְיָאן נָאךְ נִיט בַּאזִיעגְט חָאטְשׁ וָואיֶנֶענְדִיק אִין שָׁלוֹם מִיט דִיא עִבְרִים, הָאט עֶר זִיךְ אָנגֶערִיפֶן: עֶס וֶועט נָאךְ קִימֶען דֶער טָאג וֶוען אַבְרַאוָוער עִבְרִישֶׁער קֶענִיג וֶועט אַוֶועקְטְרַייבֶן יֶענֶע אָדלֶערְס פוּן זַייעֶר פֶעלְזֶען אוּנד וֶועט דָארְט אוֹיפשְׁטֶעלֶן דִיא פָאן פוּן ה׳ צְבָאוֹת! אָט אַדָאם שָׁלֵם אוּנד נִיט חֶבְרוֹן הָאט בַּאדַארְפט וֶוערן דִיא רֶעזִידֶענְץ פוּן דֶער מְלוּכָה! –

זַיינֶע וָוארְטֶער הָאבּן גִיקְלִינְגֶען וִויא אַנְבוּאָה! זַיינֶע אוֹיגֶן זֶענֶען גִיוֶוען קְלָאר אוּנד הָאבּן גֶעבְּלִיצְט מִיט יֶענֶעם פַּאטְרִיָאטִישֶׁן פַייעֶר וֶועלכֶע הָאט פוּן אִיהם אַרוֹיסגִיפְלַאמְט אִין יֶענֶע אוֹיגְנ-בְּלִיקֶן, וֶוען דֶער רוּחַ ה׳״, וִויא יְהוֹנָתָן רִיפְט עֶס, הָאט אִיהם בַּאזֶועלְט אוּנד זַיין קוֹל הָאט עֶפֶּעס אַזוֹי וִוינְדֶערְבַּאר גִיקְלִינְגֶען אַז מִיר הָאבּן גֶעפִיהלְט בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה עֶס מִיז זַיין אֱמֶת! אַךְ אַייעֶרֶע מַאיֶעסְטֶעט עֶס אִיז גָאר נִיט גִיוֶוען אִיהם אֶהנְלִיךְ נִיט זַיינֶע גִיוֶואהְנְלִיכֶע עֲנָווֹת! וֶוען, אַייעֶרֶע מַאיֶעסְטֶעט דִיא נְבוּאָה וֶועט אַמָאל מְקוּיָם וֶוערן הָאבּ אִיךְ גֶעפִיהלְט אַז דָאס וֶועט גִישֶׁעהֶן דִירךְ זַיין אָרִים וֶוען עֶר וֶועט קֶענִיג וֶוערן!–אוּנד–הֶער אִיךְ אַייעֶרֶע מַאיֶעסְטֶעט צוּ זִיךְ זֶעלְבְּסְט זָאגְנְדִיק; „אוּנד גְלוֹיבְּט מַיין אַרְבַּאצֶעס אִין אַלֶע נְבוּאוֹת וָואס עֶר הֶערְט אִיבֶּער דֶער צוּקוּנְפְט פוּן דֶעם יוּנְגֶן דָוִדן?" – יָאה אִיךְ גְלוֹיבּ, וֶועל אִיךְ עֶנְטְפֶערְן אַייעֶרֶע מַאיֶעסְטֶעט. עֶר אִיז נָאךְ זֶעהר יוּנג. שָׁאוּל מֶעג נָאךְ לֶעבֶּן פִיֶעלֶע יָארְן. אָבֶּער וֶוען מִיר וֶועלְן בַּאוַואכְן זַיינֶע קַארְיֶערֶע, וֶועלְן מִיר גִיוִויס זֶעהן אָדֶער הֶערְן, דָאס הֵייסְט וֶוען מִיר וֶועלְן לֶעבֶּן, פוּן דָוִד אַלְס פוּן דֶעם קֶענִיג אִיבֶּער דִי עִבְרִים! אוּנד אוֹיבּ אַזוֹי וֶועט עֶר אַוַודְאַי אבּן יְרוּשָׁלַיִם דִי הוֹיפְּטשְׁטָאט פוּן זַיין מְלוּכָה. וֶוען עֶר וֶוערְט מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל מִיט זַיינֶער בְּרַאווקַייט, חָכְמָה גְבוּרָה אוּנד מִיט דֶעם חֵן וָואס עֶר הָאט בַּייא גָאט, וֶועט עֶר זַיינֶע נַאצְיָאן אוֹיפְהֶעבְּן אוֹיף דֶען עֶרְשְׁטֶן פְּלַאטְץ צְווִישֶׁן דִיא קְרִיגֶערִישֶׁע אוּנד מֶאכְטִיגֶע מְלוּכוֹת! מִיר הָאבּן צוּעֶרְשְׁט אַרִימגֶערִיטֶן דֶעם שְׁטַיילְן. פֶעלְזֶן פוּן דֶעם הַר צִיוֹן וֶועלכֶער אִיז אִין דִיא הַאנְט פוּן דִי אַנְשֵׁי יְבוּס, דֶערְנָאךְ הָאבּן מִיר פַּאסִירְט דִיא בַּאזִיס פוּן אַ בַּארג „מוֹרִיָה" גֶערִיפֶן, אָדֶער דִי יִיטזֶעהנְדִיקֶע שְׁפִּיצֶע". אוֹיף וֶועלכֶער אִיז גִיבָּאוֶועט דֶער גְרֶעסְטֶער טְהֵייל פוּן דֶער שְׁטָאט נַר דָא אִיז אוֹיךְ גִישְׁטַאנֶען דֶער וַאפֶן-טֶעמְפְּל. מַאן הָאט אוּנז אַרַיינגִילָאזְט אוֹיף דֶער נָארד זַייט דוּרךְ אַ שְׁטַארְקֶן טוֹיעֶר גִיט בַּאוַואכְט אוּנד אַ טוֹיזֶנְד בְּנֵי חַיִל הָאבּן אוּנז בַּאגְרִיסְט, וֶועלכֶע בְּנֵי חַיִל הָאבּן גִיהַאלְטֶן דִיא פֶעסְטִינג אַקֶעגֶן פְּלִשְׁתִּים אוּנד אַקֶעגֶן דִיא אַנְשֵׁי יְבוּס. דֶער וַאפֶן טֶעמְפְּל אִיז גִיוֶוען אַשְׁטַארק גִיבָּאוֶועטֶער בִּנְיָן פוּן כְּנַעֲנִישֶׁער אַרְהִיטֶעקְטוּר, אַמָאל גִיוֶוען אַבַּעַל טֶעמְפְּל, אוּנד דֶערְנָאךְ דֶער פַּאלַאץ פוּן יֶענֶעם קֶענִיג וֶועלכֶן יְהוֹשֻׁעַ הָאט דֶער הַרְגֶעט אַיינֶעמֶענְדִיק דִיא שְׁטָאט. דָוִדס טְרָאפֶּען הָאט דֶער אָפִיצִיר מְקַבֵּל גִיוֶוען מִיט גְרוֹיס כָּבוֹד, וֶועהְרֶנד דָוִדס בְּרִידֶער הָאבּן זִיךְ גִיהַאלְטֶן אִין אֵיין בַּארִימֶען אַז זֵיי זֶענֶען דִי בְּרִידֶער פוּן דֶעם גְרוֹיסֶן הֶעְרָא. הָאבּ אִיךְ בַּאיי מִיר אִין הַארְצֶן גִידַאכְט וִויא אָפְט מַאכְט זִיךְ עֶס אִים לֶעבֶּן אַז דָאס וָואס מֶען פֶערַאכְטֶעט אָפְט אַלְס אַ זַאךְ וָואס הָאט גָאר קֵיין שׁוּם וֶוערְטה נִיט ווערט שְׁפֶּעטֶער אַ גֶעגֶענשְׁטַאנְד פוּן דֶער הֶעכְסְטֶן אַכְטוּנג! נָאר דָוִד הָאט זִיךְ וֶועניג גִיקֶעהרְט

פריער, ווען זיינע ברידער האבן אים פארשפאטעט, אונד נאך ווענינגער האט אים אצינד באגערירט זייער חניפה. ער האט גיהאנדלט נאך זיינר העכערן באשטימונג. — איך האב, אייערער מאיעסטעט גישריבן אלאנגן בריוו מיט אלע אינפארמאציאנען אונד באשרייבונגען פון דעם דאזיגן לאנד אונד זיין מערקווירדיג פאלק, אונד איך בין ניט פויל גיוועזן אללעס ארויסצושרייבן וואס מיר האט נאר גישיינט אז עס וועט פאר אייערער מאיעסטעט האבן אן אינטערעסע. מיין כוונה איז גיוועזן בשעת מיין בריוו שרייבן צו אילוסטרירן דיא פערגאנגענהייט אונד דיא געגענווארט פון דער עברישן געשיכטע, אונד צוא באשרייבן זייערע זיטטן (מדות) זייערע מנהגים אונד זייערע מעלות אלס א נאציאן!. —

מארגן הייב איך אן מיין מארש געגן עגיפטן, נאך א דריי מאנאטליכן אויפנהאלט אין יודישן לאנד. איך האף אין עגיפטן צו זיין אין א צוואנציג טאג, באקוועמער מארשע. איך גראד אויף דעם זעלביגן וועג אויף וועלכן א טויזנד יאר צוריק איז גיוואנדערט אברהם, יעקב אונד זייערע קינדער בשעת דען גרויסן הינגער, יוסף ווען ער איז גיגאנגען מקבר צו זיין דעם פאטער. עס איז דרימאויך א העכסט אינטערעסאנטער וועג. מארגן גאנץ פריה ווען מיין קאראוואנע וועט שוין זיין אין באוועגונג וועל איך מיך אהאפ טהון רייטנדיק אין חברון א אונד וועל מיין אפשיעד נעמען פינעם קאניג, פון דעם עדעלן פרינצן וועלכן איך האב שטארק ליעב באקימען, פון דעם מוטהיגן אונד וינדערפאללן דוד, וועלכן איך האב קוים ווען ליעב, פינעם גבור חיל אבנר שאולס הויפטקאמאנדיר, פון דעם עהרזיכטיגן אונד ווילד יואב, וועלכער שיינט אזוי פאססנדיק פאר אבן חיל אז כאיז גאר קיין חידוש ניט אז ער אזוי גיך געשטיעגן צין א שר אלף. אונד דאן פון דער ליעבנסווירדיגער פרינצעסן מיכל ענדליך פון דער ליבליכער אדארא איזרילידס טאכטער. — אויף מיינער רייזע וועל איך וויט שרייבן ווען איך וועל נאר האבן א גילעגנהייט אפצושיקן דען בריוו מיט א קאראוואנ וועלכע וועט אונז באגעגענען, אניט וועל איך ערשט מיינע בריוו אפשיקן פון עגיפטן, ווען האף איך אין העריגיך מיין שליחות אויסצווירקן מיט דעם בעסמן רעזולטאט, אונד ווען שיהות ניט מאכן היכף ומיד צוריק צוקימען מיט דעם קאסטבארן שאטץ וועלכן אייערע מאיעסטאט שיינען אזוי באגיערינג צו זיין צו באזיצן, מיט דער תפלה אז גאט זאל באוואכן אייערע מאיעסטאט פון יעדער צרה אייך זאל אייערער מאיעסטאטס רעגירונג בענשן כמו בעסטע ברכות, פערבלייב איך וויא תמיד אייערער מאיעסטאטס

געהארכזאמסטער דיענער ארבאצעס. —

ענדע פינעם אכטן בריוו, אונד ענדע פון דעם ערשטן חלק פינעם ספר תפי ישראל. דאס גאנצע וועט האלטן, 24 בריוו, אין דרייא חלקים. —

